# בלז - ספר זכרון

# בעלז - יזכור־בוך

וְאִם לֹא תִשְׁמָעוּהָ,
בְּמִסְתָּרִים תִּבְכֶּה נַפְשִׁי...

(ירמיהו י״ג, 17)

# התוכן - אינהאלט



## חסידות — חסידיזם



## כלכלה — חברה — תרבות
## עקאָנאָמיק — געזעלשאַפט — קולטור

## זכרונות — הווי — פולקלור
## זכרונות — שטייגער — פאָלקלאָר

## אישים ודמויות
## פערזענלעכקייטן און געשטאַלטן



## בימי השואה
## אין די טעג פון חורבן

# מיין שטעטעלע בעלז

מוזיק: **אלכסנדר אָלשאַנעצקי**

דערציייל מיר אַלטער, דערציייל געשווינד,
ווייל איך וויל וויסן אַלעס אַצינד:
ווי זעט אויס דאָס שטיבל, וואָס האָט אַמאָל געגלאַנצט,
צי בליט נאָך דאָסביימעלע, וואָס איך האָב פאַרפלאַנצט?
דאָס שטיבל איז אַלט,
פאַרוואַקסן מיט מאָך און גראָז;
דער אַלטער דאַך צעפאַלט,
דאָס פענצטער — אָן גלאָז.
דער גאַניק איז קרום,
צעבויגן די ווענט,
דו וואָלסט דאָס אויף זיכער
מער נישט דערקענט...

רעפריין:

בעלז, מיין שטעטעלע בעלז,
מיין היימעלע, ווו איך האָב מיינע קינדערשע יאָרן פאַרבראַכט;
בעלז, מיין שטעטעלע בעלז,
אין אָרעמען שטיבעלע מיט אַלע קינדערלעך דאָרט געלאַכט.

יעדן שבת פלעג איך לויפן
מיט דער תחינה גלייך;
זיצן אונטער דעם גרינעם ביימעלע
און לייענען ביי דעם טייך.

בעלז, מיין שטעטעלע בעלז,
מיין היימעלע, ווו איך האָב געהאַט שיינע חלומות אַ סך.

*Radio Music Popular Series*

# Mein Shtetele Belz

Lyrics by
JACOB JACOBS

Music by
AL. OLSHANETZKY

No 419
Piano

Moderato
INTRO:

*f*

VOICE

Der tzeil mir alt-er, Der tzeilmir ge-schvind, Weil ich wil vis-sen Al-es a tzind___ Wie sait ous dus

shtü-bel,__ Wus hot a mul ge glantzt,____ Tzu blit, Noch dus beim-e-le, Wus ich hob far-

flantzt;__ Dus shtu-bel is alt Far vax-en mit moch un grus____ Der alt-er' dach tzu-

Falt Der fens-ter ohn a glus, Der gan-ig is krim Tzu boi-gen die

vent Du volst dus shoin mer Gur nit der kent Der gan-ig is

*cresc.*

krim Tzu boi-gen die vent Du volst dus shoin mer Gur nit der

*rit*

Moderato

REFRAIN

kent: Belz Mein shtet-e-le belz Mein heim-e-le

Moderato

REFRAIN (2nd time 8va)

*p-ff*

wu ich hob mein-e kind-ersh-e yohr-en far bracht

Belz ___ Mein shte-e-le belz ___ In or-im-en shtib-e-le mit al-le

kin-der-lach dort ge-lacht ___ Ye-den sha-bes fleg ich loi-fen dort

*rall.*

mit der t'chi-ne gleich, Tzu sitz-en un-ter dem green-en boim-e-le lei-nen bei-dem

*rall.*

*a tempo*

teich Belz ___ Mein shtet-e-le belz ___ Mein heim-e-le

*a tempo*

1 2

wu ch'ob ge hat die shoin-e cha-loi-mes a sach. ___ sach. ___

*ff*

# עם הופעת הספר

נוהג עתיק-ימים קיים בישראל לומר „קדיש" ביום הזכרון להורים ובנים, אחים ואחיות שזיבקו חיים. כלום ניתן לומר „קדיש" למיליונים שנורו ונטבחו, נשרפו ונחנקו בכל מיני מיתות משונות שאף לא בראן השטן? וקהילות ישראל למאות ולאלפים שהוכחדו והושמדו באירופה המנואצת ונמחו מעל פני האדמה, וביניהן עיירתנו **בלז**, קהילה מעטירה בת כשמונה מאות שנה — כלום יש מצבה שניתן להקימה לזכרון? מצבת אבן שיני הזמן תכרסמנה, ואילו מצבה בדפי ספר יש בה כדי לשַמר ולו במעט מן המעט מרוחה של הקהילה, ממעלליה ומעשיה ולהנציחם לדורות, למען ידעו בנינו ובני בנינו את כור מחצבתם ואת המעינות מהם ינקו אבותיהם ואבות אבותיהם „תעצומות נפש... בטחון, אורך רוח וכוח ברזל... לעלות על המוקד... וב„אחד" למות מות קדושים" (ח. נ. ביאליק).

קטנה בשטחה ומצומצמת באוכלוסייתה היתה בלז היהודית בימינו, אך בתולדות ימיה הארוכים (ראשוני יהודיה השתקעו בה במאה ה-13), נמנתה עירנו עם הקהילות המעטירות והחשובות ביותר בגליציה ופולין, ולא עוד אלא גם בדורות האחרונים, למן העשור השני למאה הקודמת ועד ליום המר והנמהר של פרוץ מלחמת העולם השנייה היתה בלז לתלפיות ולמרכז רוחני לאלפים ולרבבות — חסידי ארבעת האדמו"רים לבית רוקח — ר' שלום ור' יהושע, ר' ישכר דוב ור' אהר'לה, זכר צדיקים לברכה, שאצלו מרוחם על עירנו ועשוה למוקד של תורה וחסידות, שהקרינה אמונה ובטחון, מסירות נפש ואהבת ישראל למאות קהילות במזרח אירופה ובתפוצות אחרות.

אומנם גדולתה של בלז והמוניטין שיצאו לה בעולם היהודי באו לה מכוחה של אדמו"ריה והיותה מרכז גדול של חסידות, אך חביבה ויקרה לנו עיירתנו גם בזכות עצמה, בזכות יהודיה לכל שכבותיהם: למדנים ופשוטי-עם, אנשי עבודה ועמל, תינוקות דבית רבן וצעיריה המופלאים; יקרה לנו עיירתנו בזכות מפלגותיה ותנועות הנוער החלוציות שלה, בזכות היותה שוקקת חיי רוח ותרבות, בזכות עסיסיותה העממית ופעלתנותה הציבורית, בזכות שורשיותה ואווירתה היהודית, אותה ספגנו עם חלב

אמנו; יקרה וחביבה היא לנו בזכות היותה עיר מולדתנו, בה ראינו לראשונה את אור היום, בה גדלנו והתחנכנו ועוצבנו כאנשים יהודים.

לא סוגה בשושנים היתה דרכה של בלז היהודית בשמונה מאות שנות קיומה. תלאות ופורעניות רבות פקדוה בתקופות שונות בתולדותיה; צוררים רבים קמו עליה, מימי גזירות ת״ח, דרך פלישת השוודים ועד לפולין המחודשת שאיבה לוהטת גם של פולנים, גם של אוקראינים אפפוה. הרבה סבלה עירנו במלחמת העולם הראשונה כאשר גייסות הצאר הציתו את בתיה והפכו את רוב משכנותיה לעיי חרבות. אך שבע נפלה ותקום, ובכוח חיותה וברוח התוססת שפעמה בקרבה הקימה אחרי כל פורענות את הריסותיה, חבשה את פצעיה והוסיפה לרקום את אגדת בלז המופלאה. רק בשואה האיומה שהביא על עמנו רב הצוררים ימ״ש לא יכלה לעמוד בפני מבול הדמים שהציף את בית ישראל באירופה וקהילתנו רבת התהילה נפלה והוכרעה יחד עם אלפי קהילות ישראל.

כל השנים, מאז תקומת מדינת ישראל, בהאסף בארץ שרידי קהילתנו, לא שקטה נפשנו ולא חדלנו מלחתור להציל מתהום הנשיה את תולדות יהודי עירנו, ובייחוד של הדורות האחרונים ולהציב יד ושם לקהילה המפוארת שנשאה מאות בשנים בגאווה את השם **בלז** ולהנציח את זכר יקירינו שניספו בשואה, מי מידי הנאצים ועוזריהם המקומיים, ומי מרעב ומקור וממחלות בערבות רוסיה.

במשך למעלה מעשרים שנה לקטנו רשימות, זכרונות, תעודות ודברי הערכה, דובבנו עשרות אנשים מבני עירנו, ואם כי רב החסר על הנאסף, מגלם בכל זאת ספר הזכרון הזה את דמות קהילתנו **בלז** בשנים כתיקנן ואת שעבר על בני עירנו שניספו בימי האימים ועל השרידים שניצלו ונפשם היתה להם לפליטה.

והיה ספר זה לנחמה פורתא — לדור שנולד, גדל וחי בבלז, וראה אותה בגדולתה ובחורבנה, ולעדות ולתעודה לבנינו ולבני בנינו שאך שמעו עליה מפי הוריהם וקרובים לדורות עולם.

## המערכת

**אלעזר אדלר, חיים הולצמן ז״ל, פרץ זייפרט,**
**מאיר רוטר, יוסף רובין**

## הועדה להוצאת הספר

**צבי ביטרמן, משה הדרי, אריה פרידר,**
**שרה מילשטיין, יצחק רבהון, ישראל רייס**

# פאָרוואָרט

זייט לאַנגע יאָרן איז איינגעפירט ביי יידן צו זאָגן „קדיש" אין טאָג פון יאָרצייט נאָך פאַרשטאָרבענע עלטערן און קינדער, ברידער און שוועסטער און אַנדערע נאָענטע. וואָס פאַר אַ „קדיש" קען מען זאָגן נאָך מיליאָנען דערשאָסענע און געשאָכטענע, פאַרברענטע און דערשטיקטע אין גאַז-קאַמערן און געטויטע דורך אלערליי מיתות משונות, וואָס אַפילו דער שטן אַליין איז זיי נישט געווען בכוח אויסצוטראַכטן?

און נאָך אַן אור-אַלטער מנהג איז איינגעפירט ביי יידן — **שטעלן** אַ מצבה נאָך די פאַרשטאָרבענע. וואָס פאַר אַ מצבה קען מען שטעלן די הונדערטער און טויזנטער יידישע קהילות, וואָס זענען אָפּגעמעקט און אויסגעריסן געוואָרן מיטן וואָרצל אין דער נאַציפיצירטער אייראָפּע, צווישן זיי די קהילה קדושה **בעלז**, איינע פון די עלטסטע יידישע קהילות אין פוילן, וואָס האָט אין איר לאַנגיעריקער עקזיסטענץ פאַרשריבן וווּנ-דערבאַרע בלעטער אין דער געשיכטע פון פוילישן און גאַליצישן יידנטום? אַ מצבה פון שטיין צעבריקלט דער צאָן פון דער צייט, אַ מצבה פאַרשריבן אויף די בלעטער פון אַ ספר, פאַרמאָגט דעם כוח אָפּצוהיטן און אויפהאַלטן, ווען נישט אינגאַנצן איז לפּחות אַ טייל פונעם גייסט פון דער קהילה, פון אירע מעשים און איבערלעבונגען, זיי פאַראייביקן אויף דורות, כדי אונדזערע קינדער און קינדס-קינדער, זאָלן, ווען זיי וועלן בלעטערן דאָס דאָזיקע בוך, זיך באַקענען מיט זייער אָפּשטאַם, מיט די שפּרודלדיקע לעבנס-קוואַלן, פון וועלכע עס האָבן געשעפּט די גייסטיקע יניקה זייערע עלטערן און אור-עלטערן און אָנגעזאַמלט כוח בייצושטיין גזירות און פּורעניות און שעפּטשענדיק שמע ישראל גיין אויף קידוש השם.

קליין אין שטח און באַגרענעצט אין איר באַפעלקערונג איז געווען דאָס יידישע בעלז אין אונדזערע טעג. אָבער אין איר לאַנגן געשיכטלעכן וועג (די ערשטע יידן האָבן זיך באַזעצט אין בעלז אין 13טן יאָרהונדערט),

האָט זיך אונדזער שטאָט געצײלט צװישן די װיכטיקסטע און באַרימטסטע קהילות אין גאַליציע און פּױלן. און נישט נאָר אין דער װײטער פאַרגאַנגענהײט איז בעלז געװען אַ גרױסע און װיכטיקע יידישע קהילה, נאָר אױך אין די לעצטע דורות, זײט דעם צװײטן צענדליק פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט ביז צום ביטערן און טראַגישן טאָג פונעם אױסברוך פון דער צװײטער װעלט-מלחמה, איז בעלז געװען אַ לײכט-טורעם און גײסטיקער צענטער פאַר צענדליקער טױזנטער חסידים פון אַלע עקן פון גאַליציע און אַנדערע געביטן פון דער געװעזענער עסטרײכיש-אונגאַרישער אימפּעריע, װאָס פלעגן רעגלמעסיק פאָרן קײן בעלז צו די פיר באַרימטע רביים לבית רוקח — ר׳ שלום און ר׳ יהושיעלע, ר׳ ישכר דוב און ר׳ אהר׳לע, זכר צדיקים לברכה, װאָס האָבן באַלױכטן מיט זײער גײסטיקער פערזענלעכקײט אונדזער שטעטל און עס פאַרװאַנדלט אין אַ צענטער פון תורה און חסידות, װאָס האָבן פאַרפלאַנצט אמונה און בטחון, מסירות נפש און אהבת ישראל אין צענדליקער טױזנטער יידישע הערצער און אין הונדערטער קהילות אין אײראָפּע און אין אַנדערע קאָנטינענטן.

אַװדאי איז בעלז גרױס און באַקאַנט געװאָרן אין דער יידישער װעלט אַדאַנק אירע רביים און אַלס דער גרעסטער חסידישער צענטער אין גאַליציע, אָבער פאַר אונדז בעלזער, איז דאָס שטעטל ליב און טײער אױך אין איר אײגענעם זכות, אין זכות פון אירע יידן פון אַלע שיכטן, לומדים און „עמך״, אינטעליגענץ און האַרעפּאַשניקעס; אין זכות פון אירע תינוקות דבית רבן (חדר-ײנגלעך) און איר װוּנדערבאַרער יוגנט; טײער איז אונדז אונדזער שטעטל אין זכות פון אירע פּאַרטײען און חלוצישע יוגנט-אָרגאַניזאַציעס, פון איר ברױזנדיק גײסטיק און קולטור לעבן; אין זכות פון איר פּאָלקסטימלעכקײט און געזעשאַפטלעכן אַקטיװיזם, אין זכות פון איר טיפער יידישער װאָרצלדיקײט און אַטמאָספער װאָס מיר האָבן אײנגעזױגן מיט דער מאַמעס מילך; טײער און ליב איז אונדז בעלז װײל עס איז אונדזער געבױרן-שטעטל, װײל אין איר האָבן מיר צום ערשטן מאָל געזען דאָס טאָג-ליכט, װײל דאָרט זענען מיר געװאַקסן און זיך דערצױגן און זיך פאָרמירט אַלס מענטשן און יידן.

נישט מיט רױזן איז געװען אױסגעשפּרײט דער װעג פון דער יידישער בעלז אין פאַרלױף פון איר כמעט 800-יאָריקער עקזיסטענץ. ביטערע טעג

פון אומגליק און פורעניות האָט זי איבערגעלעבט אין די יאָרן פון איר געשיכטע. פיל שונאים זענען אויפגעשטאַנען אויף איר, זייט די גזירות ת״ח דורך די שוועדישע אינוואַזיעס ביז צו די טעג פון דער באַנייטער פוילן, איז זי געווען אַרומגערינגלט פון ברענענדיקער שנאה סיי פון די פוילישע, סיי פון די אוקראַינישע שכנים. שווער איז אונדזער שטעטל געטראָפן געוואָרן בעת דער ערשטער וועלט-מלחמה, ווען די צאַרישע קאָזאַקן האָבן זי אונטערגעצונדן און דער רוב יידישע הייזער זענען פאַרברענט און חרוב געוואָרן. און דאָך האָט זי מיט איר געזונטן לעבנס-חוש גובר געווען אַלע פורעניותן, צוריק אויפגעבויט אירע צעשטערטע און פאַרברענטע הייזער, פאַרבאַנדאַזשירט אירע ווונדן און ווייטער געוועבט די ווונדער-לעגענדע **בעלז**. נאָר אין גרעסטן פון אַלע חורבנות וואָס האָט געטראָפן אונדזער פאָלק אין אייראָפּע, איז צוזאַמען מיטן רוב אייראָפּעאישן יידנטום אויך דערטרונקען געוואָרן אין בלוט די קהילה קדושה בעלז.

זייט דעם אויפקום פון מדינת ישראל, ביי יעדער געלעגנהייט, וואָס די לעבנגעבליבענע פון אונדזער קהילה זענען זיך צוזאַמענגעקומען, האָבן מיר נישט אויפגעהערט צו זוכן וועגן ווי אַפּצוראַטעווען פון פאַרגעסנקייט די געשיכטע פון אונדזער שטעטל, בעיקר פון די לעצטע דורות, און אויפשטעלן אַ מאָנומענט דער באַרימטער קהילה וואָס אין פאַרלויף פון הונדערטער יאָרן האָט זי געטראָגן מיט שטאָלץ דעם נאָמען בעלז, און פאַראייביקן דעם אָנדענק פון אונדזערע ליבע און נאָענטע, וואָס זענען אומגעקומען אין די טעג פון גרויסן חורבן, ווער פון די רוצחישע הענט פון די נאַציס און זייערע מיטהעלפער, ווער פון הונגער און קעלט און פאַרשידענע קראַנקהייטן אין די אומענדלעכע רוסישע סטעפּעס.

העכער צוואַנציק יאָר האָבן מיר געזאַמלט, צונויפגעקליבן זכרונות, מאמרים, אָפּשאַצונגען, אינטערוויואירט צענדליקער לאַנדסלייט, און אויב דער מאַטעריאַל, וואָס מיר האָבן אויפגעזאַמלט שעפּט ווייט נישט אויס די געשיכטע און דאָס לעבן פון דער בעלזער קהילה, שאַפט דאָך דאָס דאָזיקע יזכור-בוך אַ געטרייַ בילד פון דער יידישער בעלז פאַר די לעצטע דורות ביז צום צווייטן וועלט-קריג, און דערציילט וועגן דעם ביטערן גורל וואָס האָט געטראָפן אונדזערע ברידער און שוועסטער וואָס זענען

אומגעקומען אין די שרעקלעכע פאַרניכטונגס־טעג, און דעם דערנער־וועג וואָס עס האָבן דורכגעמאַכט די געראַטעוועטע ביז זיי האָבן דער־גרייכט די ברעגעס פון ארץ-ישראל.

זאָל דאָס דאָזיקע יזכור-בוך זיין אַ טיילווייזע טרייסט פאַר דעם דור וואָס איז געבוירן, דערצויגן געוואָרן און געלעבט אין בעלז, און געזען אונדזער שטעטל אין איר גרויסקייט און אין איר חורבן, און אַן עדות און אַ מקור פון וויסן פאַר אונדזערע קינדער און קינדס-קינדער וואָס האָבן וועגן איר נאָר געהערט דערציילן פון זייערע עלטערן און נאָענטע.

## רעדאַקציע

**אלעזר אַדלער, חיים האַלצמאַן ז״ל, פרץ זייפערט,**
**מאיר ראָטער, יוסף רובין**

## יזכור־בוך קאָמיטעט

**צבי ביטערמאַן, משה הדרי, אריה פרידער,**
**שרה מילשטיין, יצחק רעבהון, ישראל רייס**

**חיים הולצמן**
גבעתיים

# לתולדותיה של בלז

## מראשיתה ועד סוף המאה ה-18

בלז נחשבת לאחד הישובים העתיקים ביותר בגליציה ובפולין בכללה. לפי ההיסטוריון הפולני בולסלב סוקאלסקי הגיעו הגותים לגליציה בדרכם מהויסלה העליונה בסוף המאה השנייה לספירה, כבשו חלקים גדולים מאדמותיה והתיישבו בה. חלק מהם, הגותים המערביים, יישבו את האיזור של נהר בוג העליון, שקיבל את השם צ׳רבינסקי. קו צ׳רבינסקי נמשך מהבוג ועד לנהר סאן. במאה השלישית והרביעית הקימו באיזור ישובים מבוצרים, שהכפר צ׳רבינה (בקרבת הרובישוב) שימש להם כמרכז. באותה עת ייסדו, במרחק מילין אחדים מצ׳רבינסקי, על שפת הנהר סולוקיה את בלז. כאן המקום להעיר כי לראשונה נקרא הישוב בשם בילז — BILZ (ברותנית אתר בהיר שבורא בתוך יערות עבותים־חשוכים).

בסוף המאה הרביעית, עם פלישת ההונים לאירופה, גורשו הגותים מגליציה. לפי הכרוניקות התייחסו הגותים לאוכלוסיה המקומית — הסלובנים — בשרירות. עדות לכך משמשת העובדה שכותב הרשומות משבח את ההונים על יחסם הטוב אל האוכלוסיה המקומית. מכלל הן אתה שומע לאו.

לאחר תבוסת ההונים באמצע המאה החמישית נהיו הסלובנים שקיבלו את הנצרות במאה השביעית, לשליטי איזור צ׳רבינסקי עם בלז כמרכז הקו כולו (מהבוג ועד לסאן). הסלובנים החזיקו בשלטון עד שנת 1019, השנה בה נכבש האיזור ע״י המלך הפולני בולסלב כרוברי, שלטון שנמשך עד לשנת 1462.

את ה„זכות המגדבורגית" (המקנה שלטון פנימי למחוזות, נפות, ערים וכפרים) הרחיבו הפולנים גם על גליציה, ובלז שהיתה עיר מחוז הוענק לה הזכות הזאת זמן רב לפני סוקאל הסמוכה, שקיבלה אותה רק בשנת 1424.

בלז (כולל הישובים הכפופים לה) סבלה הרבה (ואף נחרבה פעמים אחדות) מהפלישות והכיבושים שפקדו את גליציה ואת פולין מסוף המאה ה־15 ועד לחלוקתה של פולין בשלהי המאה ה־18. בשנת 1497 נכנסו לעיר צלבנים שבאו לעזרתו של מלך פולין, יאן אולבריכט, נגד הטורקים וקרבות ניטשו בתוך העיר. בשנים 1499—1548 סבלה מפלישות הטטרים, ומ־1648 ועד 1655 מפלישות קוזקים בראשותו של חמלניצקי והטטרים שותפיהם.

בספר הדמעות לד״ר שמעון ברנפלד, כרך שלישי, הוצאת אשכול, ברלין

תרפ"ו (1926) כתוב בעמוד ק"ו על בלז: „בשנת ת"ח נהרגו כשתי מאות בעלי־בתים ומלבד זה ברחו למקום הזה משאר ארצות יותר מאלף בעלי־בתים ונמלטו לנפשם במקום הזה, כי היתה העיר חזקה מאוד".

ובספר „צוק העתים", נדפס בקראקא שנת ת"י (1650) כתוב: „בעלז היתה עיר המבצרים, לא יכלו ללכוד הצרים וניצלו בחסד יוצר הרים ומתו רק מחמת רעב וצמא".

עוד לא התאוששה העיר מפרעות הקוזקים וקפצה עליה מלחמת פולין־שוודיה (1657—60). מאה שנה לאחר מכן נכבשה שנית ע"י השוודים בראשותו של שטינבוק. בשנים 1661—66 סבלה מהסכסוכים שפרצו בין הנסיכים לובומירסקי ואוסצ'יסקי. בשנת 1737, עם פרוץ מרד הקוזקים השני, סבלה העיר וסביבתה מקרבות בין הפולנים והקוזקים, ובשנת 1769 נפלה קרבן למלחמה בין הפולנים והמוסקוביטים (הרוסים). עם החלוקה הראשונה של פולין וסיפוחה של גליציה לקיסרות האוסטרית, ביטלו השלטונות האוסטריים את בכורתה של בלז כעיר מחוז והחליפו אותה בז'ולקבה.

✶

גם מבחינה יהודית נמנית בלז עם הישובים העתיקים בגליציה. מניחים שהיהודים הראשונים התיישבו בה במאה ה־13, בהיותה העיר העתיקה ביותר בקו צ'רבינסקי (יצויין שמן המאה ה־13 ועד למאה ה־15 היתה בלז בירה של דוכסות רוסית, ומשנת 1462 הוכרזה כוויבודסטבו — פלך). לאורך כל השנים האלה חיו בבלז יהודים על סמך „זכות האזרחות המגדבורגית". המסמך הראשון בו מוזכרים יהודי בלז הוא משנת 1517. בשנת 1550 חיו בעיר כ־200 יהודים. האוכלוסיה היהודית התרכזה בעיקר מסביב ל„רינק" — כיכר השוק, בצפונה של העיר, והרחובות שהובילו לזמיאצ'ק (זאמיטשעק) ולמקום שהוקמה במאה הקודמת תחנת הרכבת. היהודים התפרנסו בעיקר ממסחר (חנויות וקניית התוצרת החקלאית של איכרי הסביבה). בפקודה מיום 15.1.1557 גזר המלך זיגמונט אוגוסט על היהודים לא לסחור באלכוהול, בקבעו קנס של 200 זהובים עבור כל מקרה של הפרת הגזירה.

כנאמר, סבלה העיר ובראש וראשונה היהודים מפלישת הקוזקים (1648). והשוודים החריבוה ב־1660. (בתעודות הלידה של הכנסיה הקתולית בבלז רשום כי בשנת 1660 רצחו השוודים 60 ילדים יהודיים). לאחר פלישת הקוזקים והשוודים נתרוששה העיר עד כדי כך, שאוכלוסיה לא יכלו לשלם את המסים המינימליים. נוכח מצב זה נחתם הסכם בין העיריה לבין ה„סינגוגה" (בית־הכנסת, כנראה שהכוונה לקהילה היהודית), על פיו מוענקים ליהודים שיווי־זכויות, רשות לסחור, לגור ולבנות בעיר כולה, כולל פרבריה. ולא עוד אלא אפילו האיסור להחזיק בתי־מרזח נשכח, וכל הענינים הפנימיים הנוגעים לחיי היהודים כפופים לשיפוטו של בית־דין מטעם הקהילה. תמורת הזכויות האלה מקבלים עליהם האוכלוסין היהודים לשאת בעול ההוצאות של העיר.

(פרט חשוב שכדאי לציינו הוא שבשנת 1770 הילווה היהודי אייזיק יוזפוביץ 986 זהובים לעיריה כדי לשלם את הקונטריבוציה שהמוסקוביטים הטילו על העיר, ובזכות זו הוחכרה לו למשך 10 שנים הכפר פרוסינוב, הסמוך לבלז. צויין שבעל האחוזה היהודי הכניס שיפורים חשובים לתוך הכפר).

✶

עד לראשית המאה ה־19 אין הספרים מדוייקים ביחס לגודל האוכלוסיה היהודית בבלז (להלן נראה שלפי השיבותה של בלז בין קהילות פולין והמסים השונים ששילמה, צריכה היתה להיות אוכלוסייתה גדולה למדי). המקור הראשון, בו ניתן מספר היהודים בבלז הוא הדו״ח של הכומר שיארטצ׳ונסקי לשנת 1829, בו נאמר שהאוכלוסיה הכללית בבלז מגיעה ל־2400 נפש, מהם 460 יהודים. לפי היפוליט סטופניצקי חיו בבלז 2000 נפש. (כנראה שהוא מתייחס לאוכלוסיה הנוצרית בלבד). מעניין שהמחבר סוקאלסקי מתרעם על כך שבמשך 50 שנה גדלה האוכלוסיה הנוצרית ב־500 נפש בלבד בעוד והאוכלוסיה היהודית גדלה פי חמישה. (יש להניח שהגידול הרב של האוכלוסיה היהודית בבלז במחצית הראשונה של המאה ה־19 באה לאחר הכתרתו של ר׳ שלום רוקח לרב ואדמו״ר בבלז, שהפך את העיירה לאחד המרכזים הגדולים של חסידות פולין, וחסידים רבים באו להשתקע בבלז, כדי לחיות במחיצתו של רבם הנערץ). בהקשר זה מן הראוי להביא את הנתונים הבאים על גידול האוכלוסיה היהודית בבלז משנת השלושים של המאה הי״ט ועד לסופה.

1829 (לפי הדו״ח של הכומר שיארטצ׳ונסקי) — 2000 נוצרים; 460 יהודים, סך־הכל 2460 נפש.

1859 (ר׳ שלום רוקח הוכתר בבלז בשנת 1817) — 1710 נוצרים, 1783 יהודים, סך־הכל 3494 נפש.

1880 (תקופת האדמו״רות של ר׳ יהושע רוקח) — 1991 נוצרים; 2137 יהודים — סך־הכל 4128 נפש.

1890 (תקופת האדמו״רות של ר׳ יהושע רוקח) — 2134 נוצרים; 2826 יהודים — סך־הכל 4960 נפש.

(כל הנתונים על ראשיתה של בלז סופקו בנדיבותו של ההיסטוריון ליהדות פולין, פרופ׳ רפאל מהלר).

✶

לא רק כללית היתה בלז במאות ה־16, 17, ו־18 אחת הערים החשובות בפולין ומרכז עירוני לחבל צ׳רבינסקי כולו, אלא גם מבחינה יהודית נמנתה עם הקהילות הגדולות של פולין. ניתן לומר שבלז היתה אחת מעשר הקהילות הגליליות החשובות ביותר בפולין, כגון: קראקא, פוזנא, לובלין, פשמישל, טיקטין,




בלז במאות השבע-עשרה והשמונה-עשרה עד לביטול ועד ארבע ארצות בשנת 1764

בעלז אין 17־טן און 18־טן יאָרהונדערט

ריישא, ונגרוב, צוזמיר ולבוב. דבר זה אנו לומדים משיעורי מס הגולגולת שהקהילות הגליליות חויבו לשלם לשלטונות.

המספרים החלקיים המובאים בזה מעמידים את בלז במקום נכבד מאוד בין קהילות פולין החשובות:

בשנת תכ"ז (1667) שילמו:

| | |
|---|---|
| קראקא | 26,340 זה' |
| פוזנא | 1,600 זה' |
| צוזמיר | 8,460 זה' |
| פשמישל | 7,220 זה' |
| טיקטין | 1,520 זה' |
| בלז (בתעודות של ועד ארבע ארצות מופיע גליל חלמא־בלז (נראה שהיוו גליל אחד) | 8,100 זה' |

בראשית המאה ה־18 פרץ סכסוך בין הגליל חלמא־בלז לבין גליל זמושץ' בקשר לפרעון חוב, ששניהם היו חייבים לאציל אולינסקי בסכום של 2000 פל. (פלורין). ועד ארבע ארצות פסק שגליל חלמא־בלז יפרע שני שלישים מן החוב, וזמושץ' שליש אחד (הפסק הוצא בהתוועדות בחודש תשרי תע"ג (1713) ביריד בירוסלב).

והנה המספרים של מס הגולגולת לשנת 1714:

| | |
|---|---|
| קראקא (העיר) | 2,281 זה' |
| פוזנא (העיר) | 4,276 זה' |
| לובלין | 8,566 זה' |
| גליל קראקא־צוזמיר | 37,800 זה' |
| גליל פוזנא־קאליש | 21,922 זה' |
| גליל חלמא־בלז | 19,740 זה' |
| גליל פשמישל | 12,321 זה' |
| קהל טיקטין | 11,321 זה' |
| העיר ריישא | 8,676 זה' |
| קהל ווינגרוב | 3,727 זה' |

בשנת 1717 שוב מופיע גליל חלמא־בלז בין משלמי הסכומים הגדולים ביותר מס לגולגולת. בעוד שגליל קראקא־צוזמיר, שילם 27,875 זה', פוזנא־קאליש — 18,598 זה', שילם גליל חלמא־בלז — 18,857. כלומר, הוא נמנה על שלושת הגלילות המשלמים את הסכומים הגבוהים ביותר מבין 19 גלילות שחויבו לשלם

מס גולגולת. התמונה דומה שנה לאחר מכן בשנת 1718. גם בשנה זו תופס הגליל חלמא־בלז את המקום השלישי בסכום של 19,913 זה׳ לעומת פוזנא־קאליש — 24,196 זה׳, וקראקא־צוזמיר — 28,353 זה׳.

התמונה אינה משתנית 20 שנה לאכר מכן: בעוד יהודי גליל לובלין משלמים 11,717 פל׳, קראקא־צוזמיר — 30,060 פל׳, ופוזנא־קאליש — 32,316, משלמים יהודי הגליל חלמא־בלז — 20,234 פל׳ (המקום השלישי).

בשנת 1753 משלמים: הגליל קראקא־צוזמיר — 36,433 פלר׳; גליל פוזנא־קאליש — 10,000 פל׳; חלמא־בלז — 13,023 פל׳, ויהודי פשמישל — 9,073. על אף הירידה בסכום המסים מוסיף לתפוס הגליל חלמא־בלז את המקום השלישי בגודל התשלומים.

בשנת 1756 משלמים: קראקא־צוזמיר — 32,629 פל׳; פוזנא־קאליש — 11,363 פל׳; לובלין — 21,016; חלמא־בלז — 7,479 פל׳ (בלז במקום הרביעי).

המספרים הנ״ל מעידים שבין עשרים הקהילות הגליליות החשובות ביותר בפולין במאה ה־17 וה־18 תפסה בלז (יחד עם חלמא) מבחינת גודל האוכלוסיה המקום השלישי והרביעי.

על גודל האוכלוסיה היהודית בגליל בלז־חלמא נמצאים בידינו רק הנתונים משנת פירוק ועד ארבע ארצות (1764). לפי הנתונים הללו חיו אז בגליל חלמא־בלז 21,499 יהודים, לעומת 47,294 בגליל קראקא־צוזמיר; 25,538 בגליל לובלין; 14,667 בפשמישל. אנו מוציאים מכלל עימות זה גלילות גדולים שמופיעים בשמות כלליים, כגון: פולין גדול — 58,836; רוסיה — 95,413; וולין־קיוב — 73,451 ופודוליה — 38,648). בכל אופן מן המספרים שהבאנו עד כה מסתבר שגם מבחינת גודל האוכלוסיה היהודית, גם מבחינת חשיבותה הכלכלית, היתה בלז עיר ואם בישראל במאות הנ״ל ונמנתה על המרכזים החשובים של יהודי פולין.

מתוך רשימה אחרת על האוכלוסיה היהודית בפולין במחציתה של המאה ה־18 מופיעה בלז עם אוכלוסיה יהודית של 16,442 נפש, חלמא (המופיעה תמיד צמודה לבלז) עם 9,787 נפש; קראקא 18,670 נפש, צוזמיר — 42,972 נפש, לובלין — 20,107 נפש, פוזנא — 19,913 נפש (המדובר בווייבודות). שוב אנו רואים שבאותה תקופה השתוותה כמעט האוכלוסיה היהודית בבלז לערים ואמהות בישראל כקראקא, לובלין ופוזנא.

למספרים אלה יש להוסיף יונקים שלא נספרו ומספר נפשות שהוסתרו מטעמים שונים מפני הספירה.



ולא רק מפאת גודל האוכלוסיה וחשיבותה הכלכלית נמנתה בלז עם הקהילות הגדולות והחשובות בפולין, אלא גם מבחינה ציבורית ורוחנית היתה בלז עיר ואם בישראל ורבניה ופרנסיה היו בין המפורסמים ובעלי ההשפעה ביהדות פולין ולקחו חבל בהרבה מאורעות חשובים שנגעו לכלל הישוב היהודי וקשריו עם השלטונות הפולניים.

בשנת ת״ן (1690), בעת מושב הסיים שנתקיים בורשה, היו נוכחים נציגי „ועד ארבע ארצות״, ובמקום הראשון מופיע שמו של ר׳ צבי הירש בר׳ שמשון מייזליש מבעלזא, ולצדו ר׳ משה יהודה בר׳ אשר מקראקא, ר׳ שלמה זלמן בר יעקב, ר׳ דוד בר׳ יצחק מולאציסלאו, ר׳ שמואל בר׳ יצחק מלבוב ור׳ אלחנן מבעלזא (בלז היתה מיוצגת איפוא ע״י שני נציגים). הענין היה מסירת כתב מודעה למרשלק (יו״ר) של הסיים בדבר תשלום המסים של גליל רוסיה (הכוונה לגליציה) לפי התעריף של שנת 1661.

שנה אחרי כן, בתנ״א, (1691), ב„יריד״ שהתקיים בירוסלב (בדרך כלל היו מתכנסים פרנסי הקהילות ב„ירידים״ לדון באירועים חשובים ולקבלת החלטות) ביום ט״ז בחשוון, הוחלט להקצות שלושת אלפים זהובים לקהילת טיקטין שפרצה בה שריפה גדולה ואוכלוסייתה נתרוששה, ועל ההחלטה חתומים ר׳ צבי הירש בר׳ שמשון מייזליש מבלזא, ר׳ אברהם הלוי מקראקא, ר׳ ישעיהו הכהן שפירא מפוזנא, ר׳ יהודה ברמ״ק מלובלין ור׳ יעקב משה מליסא. וכן על מסמכים ותעודות רבים הנוגעים בכל מיני ענינים ומאורעות מופיעים שמותיהם של רבני בלז ופרנסיה יחד עם גדולי הרבנים והפרנסים של הקהילות החשובות ביותר של יהודי פולין.

*

גדולתה והשיבותה של בלז באה לידי ביטוי גם, ובעיקר, תודות לגדולי התורה שישבו בה על כס הרבנות, ביניהם הפוסקים ובעלי ההלכה המפורסמים ביותר בפולין, ובראש וראשונה ר׳ יהושע הכהן פלק (פאלק) (1614—1550) בעל הסמ״ע, ור׳ יואל סירקיש (1640—1561) בעל הב״ח. ר׳ יהושע פלק, רב ופוסק, לפני התמנותו לראש ישיבה בלבוב ישב על כסא הרבנות בבלז. חיבורו הגדול הוא (על שמו הוא גם נקרא, הסמ״ע — ספר מאירת עינים), שהוא החלק החשוב ביותר של פירושו „בית ישראל״ לשולחן ערוך — חושן משפט. הוא גם חיבר את הספר „דרישה ופרישה״, ספר מראה מקומות לכל הטורים של השולחן ערוך; קונטרס סמ״ע על רבית, וכן חידושי תורה ושאלות ותשובות לרוב. על מצבתו בבית העלמין בלבוב חקוק בין השאר: „פ״ט ריש מתיבתא אמונת אומץ, הגאון החסיד, המוכתר בד׳ הכתרים — בכתר תורה, כהונה, מלכות וכתר שם טוב... ובסוף: נפטר בש״ק, י״ט ניסן שע״ד לפ״ק. לפני שהיה בלבוב היה רב בבלז, בערך בשנת ש״מ.״

על בן דורו, ר׳ יואל סירקיש ושם משפחתו היה יפה ונקרא סירקיש ע״ש אמו, מן הראוי להרחיב את הדיבור בגין האגדה (שיש לה גרעין מוצק של אמת) שהתהלכה בפי בני בלז עוד בימינו. הוא מפורסם ע״ש ספרו „בית חדש״, פירוש על 4 טורי שולחן ערוך, בו מתח ביקורת חריפה על פירושו של ר׳ יוסף קארו על הטור. היה רב וראש ישיבה בקהילות שונות בפולין וליטא, ביניהן בלז וקראקא, בה כיהן לאחר עזיבתו את בלז. בין היתר חיבר שו״ת (שאלות ותשובות), בהן אצור חומר רב־ערך על אורח חייהם של היהודים בפולין, והגהות על הש״ס והרא״ש ועוד.

כהונתו של הב"ח כרב בבלז ועזיבתו את העיר אחר סכסוך קשה עם פרנסי העיר, קשורות בעקיפין באדמו"ר הראשון של בלז, ר' שלום רוקח, וזה סיפור המעשה. כידוע, היו מימיה של בלז לא טובים. במשך דורות ייחסו את הדבר לקללה שקילל הב"ח את העיר שמימיה יובאשו ושעצמות מתיה יושלכו מקברותיהם. ואכן מימיה של בלז לא היו טעימים (רק לאחר מלחמת העולם השנייה נתגלה פשר התופעה הזאת: בסביבת העיירה נתגלו מעיינות נפט...), וכן נתקיימה הקללה השניה. לפני כ־120 שנה ציוו השלטונות לסלול כביש בבלז דווקא במקום שנמצא שם בית־הקברות היהודי הישן. תוך כדי העבודה הושלכו עצמות המתים מקברותיהם. האדמו"ר ר' שלום ציווה על יהודי העיירה לאסוף את העצמות ועד לקבורתן מחדש הניחון ב„עזרת הנשים" שבבית־הכנסת. לאחר המעשה שיסופר להלן, קברון מחדש וגידרו את התלים בחומת אבן. (אני זוכר את בית־הקברות הישן הזה על החומה שמסביבו. בזמני הוא נמצא קרוב למרכז העיר, בעוד שבית הקברות „החדש" נמצא „הרחק" — לפי מושגי תושבי בלז, בעיבורה. התלים שבבית הקברות הישן שימשו בימי ילדותי לנערים מקום להחליק מהם בחורף על מגלשיים — המדובר בנערים גויים, כמובן).

והנה, בעת שהאנשים עסקו בהעברת העצמות, באו וסיפרו לרבי שהעצמות מתנועעות. קשרו את הדבר עם הקללה שקילל לפני מאתיים שנה הב"ח את יהודי בלז על העוול הגדול שעשו לו פרנסיה, וזה המעשה: ר' יואל סירקיש, בשבתו על כיסא הרבנות בבלז, חי בדחקות ובעוני. אך מצבו החומרי הקשה לא מנע ממנו לישב יומם ולילה על התורה והעבודה, ובמשך כל הלילה לא כבה הנר על שולחנו, כי עד לאור הבוקר עסק בתורה. לילה אחד כלה הנר ולא היה לו נר אחר להדליקו והב"ח ישב בחושך ולמד בעל פה. באותו לילה כרעה אשה אחת ללדת, ובבית לא היה נר. נזכרו שהרב לומד במשך כל הלילה והנר דולק בביתו עד אור הבוקר. והנה, בבוא האנשים לבית הרב, מצאוהו שרוי בחושך וחשבו שהוא ישן. הדבר היה בליל יום חמישי, אור ליום ששי. למחרת בבוקר, נתאספו בעלי־הבתים עם ראש הקהל בבית־המדרש ודרשו מר' יואל סירקיש הסבר על המעשה שהיה. לשוא התנצל הרב כי אותו לילה היה ער ולמד, אלא מחוסר נר ישב ולמד בחושך. פרנסי העיר לא קיבלו את הסברו, או העמידו פנים שאינם מאמינים לדבריו והחליטו לפטר את ר' יואל סירקיש ממשרתו (אין ספק שלא זאת היתה הסיבה האמיתית לסילוקו מכס הרבנות, אלא יש להניח שמזמן היה הרב מסוכסך עם ראשי הקהל, ואם יש גרעין של אמת בסיפור הנר עצמו, הרי שימש הוא רק אמתלה להיפטר ממנו). משהחליטו לסלקו ממשרתו שלחו באותו יום, שהיה ערב שבת, בשעת בין הערביים, לפני הדלקת הנרות, מכתב פיטורין לב"ח ע"י השמש. ואילו השמש שלא ערב לבו להביא לרב את מכתב הפיטורין בערב שבת בין הערביים ולצער את הב"ח בשבת, עיכב אצלו את המכתב ורק במוצאי שבת, אחרי הבדלה, בא אל הרב, מסר לו את המכתב ואף התנצל על אשר אנוס הוא להיות מבשר רע. הב"ח קרא את מכתב הפיטורין בנוכחותו של השמש. ולמקרא העלילה שהעלילו

עליו, לא עצר ברוחו וקילל את יהודי בלז שאחרי מותם לא ימצאו עצמותיהם מנוחה בקברותיהם וכי מימי בלז יובאשו. הב״ח נתקבל לרב ולראש ישיבה בקראקא, שם חי עד סוף ימיו. ואילו מאתיים שנה לאחר מכן נתקיימה קללתו ועצמות בעלי־הבתים שפיטרוהו בערב שבת והלבינו את פניו הושלכו מקברותיהם.

לפי סיפור המעשה שמע ר׳ שלום אז בפעם הראשונה את אשר עוללו פרנסי בלז לאחד הגאונים הגדולים של בית ישראל, נטל את מקלו והלך לבית־הכנסת ונזף בעצמות בזו הלשון: „הייתם עזי־פנים בחייכם, ועתה רוצים אתם להיות עזי־פנים גם לאחר מותכם! הסו!״ אז נשתתקו העצמות.

תהיה התייחסותנו לעצם הסיפור ככל אשר תהיה, אך הגרעין ההיסטורי שבו שעליו אין עוררין, הוא שהב״ח כיהן בראשית המאה ה־17 כרב בבלז, ובעטיו של סכסוך עם פרנסי העיר עזב את העיר ברוגז רב.

מלבד שני הגאונים והפוסקים (בעל הסמ״ע והב״ח) הנמנים על אדירי התורה וההלכה בפולין כולה ומחוצה לה, ישבו על כיסא הרבנות בבלז רבנים גדולים, בעלי שם, ביניהם: הגאון ר׳ אברהם בר׳ נפתלי שור, מחבר ספר „תורת־חיים״ וס׳ „צאן קדשים״ על סדר קדשים. אביו הגאון מוה״ר נפתלי הירש שור היה רבו של הב״ח; הגאון ר׳ זעליג, שביריד בירוסלב, בשנת 1656, חתם על תעודה חשובה יחד עם עוד שלושים רבנים, ביניהם ר׳ מרדכי יפה, בעל „הלבושים״, בעל הסמ״ע, המהרש״א, המהר״ם מלובלין, ר׳ אפרים לונצ׳יץ בעל „עוללות אפרים״ ור׳ ישעיה הורביץ בעל השל״ה; אשר בן הקצין בר׳ יצחק, שבשנת 1677 חתם יחד עם מנהיגי ועד ארבע ארצות על כרוז בענין פדיון שבויים: ר׳ צבי הירש בר׳ שמשון מייזליש (הוזכר פעמיים למעלה) היה פרנס של ועד ארבע ארצות וחבר הועד העליון שלו. בשנת 1678 נתן ועד ארבע ארצות את הסכמתו להדפסת התנ״ך ובין חתימות ראשי הועד מופיעה גם חתימתו. ר׳ צבי הירש מייזליש היה אדם פעיל מאוד והשפעתו היתה רבה בועד ארבע הארצות ומסמכים רבים של אותו מוסד עליון של יהודי פולין נושאים את חתימתו; ר׳ זכריה מנדל בן המאור הגדול ר׳ אריה לייב, מחבר הספר „באר היטב״, כיהן כרב בבלז, אך בניגוד לרוב הרבנים היה עשיר ובעל נכסים. גם תעודות ופסקי־דין שונים של ועד ארבע ארצות נושאים את חתימתו. אב״ד בבלז היה ר׳ אשר בן ר׳ צבי הירש קלוזנר (אח״כ אב״ד דלובלין), שהיה ראש הועד של ארבע ארצות; כן ישב על כיסא הרבנות בבלז הרב משה הכהן, מחבר הספרים „קרן אור״ ו„מראה כהן״ בשאלות ותשובות ודרושים וחידושים רביב. ואחרון אחרון, ר׳ אהרן קצנלבויגן, הידוע בשם ר׳ אהרן משיח, שהיה גאון ואדיר בתורה, חסיד של החוזה מלובלין, שגר בבלז, אך סרב לקבל את משרת הרבנות, כמסופר להלן בפרק על „חסידות בלז״.

קצר המצע מלהשתרע כדי למנות את כל הרבנים הגדולים שישבו על כס

הרבנות בבלז, ורק אלה ששמותיהם יצאו למוניטין הרחק מעבר לקהילתנו הזכרנו ברשימה זו.



מן המסופר לעיל מסתבר שבמאות ה־16, 17 וה־18 נמנתה בלז עם הקהילות הגדולות והחשובות בפולין ומקומה היה ניכר בתולדותיה של יהדות מפוארת זו. במאה ה־18, עם ביטולו של ועד ארבע ארצות וחלוקתה של פולין, ירדה קרנה של בלז גם בגודל אוכלוסייתה היהודית, גם במקומה בין קהילות פולין וגליציה, והיתה לעיירה קטנה, כפופה מבחינה אדמיניסטרטיבית לסוקאל שכנתה (שהיתה ראש נפה).

הד אחרון מגדולתה של בלז במאות הקודמות, בהיות עוד סוקאל כפופה לה, אנו מוצאים בסיפור הבא בימי כהונתו של האדמו״ר השני ר׳ יהושע רוקח זצ״ל.

בשנת תרנ״א (1891) שהה ר׳ יהושע בסוקאל בברית מילה של נכדו. במשך שנים רבות התנהל ויכוח בין בלז וסוקאל מי צריך להיות כפוף למי. שהרי בזמנו היתה סוקאל אחת מתשע עיירות שהיו כפופות לבלז, שהיתה ראש גליל. בלז לא רצתה לוותר על בכורתה (המדובר בענינים פנים־יהודיים, שהרי השלטונות קבעו מזמן את כפיפותה של בלז לסוקאל), וסוקאל, בגלל אוכלוסייתה, שהיתה הרבה יותר גדולה מאוכלוסייתה של בלז, סרבה להיות כפופה לה. בהיות האדמו״ר ר׳ יהושע בסוקאל החליטו ללכת לדין תורה אליו. שמע הרבי טענות הצדדים ופסק: יספרו כמה ש״סים ישנם בסוקאל וכמה סידורים בבלז. הלכו וספרו ומצאו בסוקאל יותר ש״סים מאשר סידוריב בבלז. (נמצא שסוקאל עדיפה). על פסק־דינו של האדמו״ר לא ערער איש והמחלוקת בין שתי העיירות השכנות פסקה.

קרנה של בלז עלתה שוב עם הכתרתו של ר׳ שלום רוקח זצ״ל לרבה של בלז, שאחרי פטירתו של החוזה מלובלין היה גם לאדמו״ר, והפך את בלז למרכז החסידות הגדול והחשוב ביותר בגליציה ובכל הקיסרות האוסטרו־הונגרית, גדולה שנמשכה גם בפולין המחודשת אחרי מלחמת העולם הראשונה, כאשר היא וגור בפולין הקונגרסאית היוו את שני המרכזים החסידיים הגדולים והחשובים ביותר בעולם.

**חיים האַלצמאַן**
גבעתיים

# צו דער געשיכטע פון בעלז

## פון איר אַנטשטייונג ביז צום סוף 18טן יאָרהונדערט

בעלז רעכנט זיך אַלס איינער פון די עלטסטע ישובים אין גאַליציע און פוילן. לויטן פוילישן היסטאָריקער באַלעסלאַוו סאָקאָלסקי, האָבן די גאַטן קומענדיק פון דער אויבערשטער ווייסל אינוואַדירט גאַליציע צום סוף פון 2טן יאָרהונדערט. שוין דעמאָלט האָבן זיי פאַרנומען גרויסע שטחים און זיך אויף זיי באַזעצט. אַ טייל פון זיי, די מערב־גאָטן (וועסט־גאָטן), האָבן באַזעצט די געגנט פון אויבערשטן בוג, וואָס האָט באַקומען דעם נאָמען **טשערווינסקי**. דער טשערווינסקי־פּאַס האָט זיך געצויגן פונעם בוג ביז צום סאַן. אין 3טן און 4טן יאָרהונדערט האָבן זיי געגרינדעט אין דער געגנט באַפעסטיקטע ישובים מיטן דאָרף טשערווינאַ נעבן הרוביעשאָוו אַלס צענטער. אין דער זעלבער צייט האָבן זיי געגרינדעט, אייניקע מייל פון טשערווינסק אויף די ברעגן פון דעם טייך סאָלאָקיאַ, דעם ישוב בעלז. דער אור־נאָמען פון דעם ישוב איז נישט געווען בעלז, נאָר בילז, וואָס באַטייט אויף רוטעניש אַ קלאָר פּלאַץ אין אַן אויסגעקאָרטשעטן וואַלד.

צום סוף 4טן יאָרהונדערט, אינוואַדירנדיק אייראָפּע, האָבן די הונען פאַר־טריבן די גאָטן פון גאַליציע. לויט אַלע כראָניקעס האָבן זיך די גאָטן באַצויגן פיינטלעך צו דער אויטאָכטאָנישער סלאַווענישער באַפעלקערונג. אַלס עדות דינט דער פאַקט, וואָס דער כראָניקער פון יענער צייט לויבט די הונען פאַר זייער פריינטלעכער באַציאונג צו דער אָרטיקער באַפעלקערונג. „מכלל הן אתה שומע לאו".

נאָך דער מפּלה וואָס די הונען האָבן געליטן אינדערמיט פון 5טן יאָרהונ־דערט, זענען די סלאַווענער געוואָרן די הערשער פון דעם טשערווינסקי־פּאַס, דינענדיק בעלז אַלס צענטער פאַר דער גאַנצער געגנט — פונעם בוג ביז צום סאַן. אין 7טן יאָרהונדערט האָבן זיי אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן. די סלאַווענער האָבן אָנגעהאַלטן די הערשאַפט אין טשערווינסקי־פּאַס ביזן יאָר 1019. אין יענעם יאָר איז די געגנט דעראָבערט געוואָרן דורכן פוילישן קעניג באָלעסלאַוו כראַברי. די פוילישע הערשאַפט האָט אָנגעהאַלטן ביזן יאָר 1462.

די „מאַגדעבורגער פּריווילעגיע" (וואָס טיילט צו אינערלעכע הערשאַפט

וואָיעוואָדסטוועס, פּאָוויאַטן, מאַגיסטראַטן פון שטעט און דערפער) האָבן די פּאָ־ליאַקן אויסגעברייטערט אויך אויף גאַליציע. זייענדיק אַ קרייז־שטאָט האָט בעלז באַקומען די פּריווילעגיע אין יאָר 1424, פיל פריער ווי די שכנותדיקע סאָקאָל.

בעלז (צוזאַמען מיט די ישובים וואָס זענען פון איר געווען אָפּהענגיק) האָט פיל געליטן פון אינוואַזיעס און אָקופּאַציעס (אָן אָפּטע דערשיינונג אין גאַליציע און פּוילן פון 15טן יאָרהונדערט ביז דער פּוילישער צעטיילונג אין לעצטן דריטל פון 18טן יאָרהונדערט) און איז אייניקע מאָל אויך צעשטערט געוואָרן. אין יאָר 1497 איז די שטאָט פאַרנומען געוואָרן דורך די קרייצציגלער, וועלכע זענען גע־קומען העלפן דעם פּוילישן קעניג יאַן אולבריכט קעגן די טערקן און אין שטאָט גופא זענען פאָרגעקומען שלאַכטן צווישן די קעמפנדיקע צדדים. אין די יאָרן 1548־1499 איז די שטאָט אייניקע מאָל דעראָבערט געוואָרן דורך די טאָטערן. פון 1648 ביז 1665 האָט זי געליטן פון כמעלניצקיס קאָזאַקן און זייערע שותפים די טאָטערן.

אין „ספר הדמעות" פון ד"ר שמעון בערנפעלד, דריטער באַנד, אשכול פאַר־לאַג, בערלין, דערשינען אין יאָר תרפ"ו (1926), ווערט דערציילט וועגן בעלז:

„אין יאָר ת"ח (1648) זענען דערהרגעט געוואָרן קרוב צו 200 באַלעבאַטים, אַחוץ דעם זענען אַנטלאָפן פון אַנדערע לענדער קיין בעלז מער פון טויזנט באַ־לעבאַטים און זיך דאָ געראַטעוועט, ווייל די שטאָט איז געווען שטאַרק באַפעס־טיקט".

און אין ספר „צוק העתים", געדרוקט אין קראָקאָ אין יאָר ת"י (1650) ווערט דערציילט: „בעלז איז געווען אַ פעסטונג־שטאָט, די באַלאַגערער האָבן זי נישט געקענט גובר זיין, און די איינוווינער זענען ניצול געוואָרן אין זכות פון בורא, און די וואָס זענען געשטאָרבן זענען אומגעקומען פון הונגער און דורשט".

נאָך נישט האָבנדיק גקומען צו זיך פון די קאָזאַקן־אָנפאַלן, איז די שטאָט פונדאַסניי געפאַלן אַ קרבן בעת דער שוועדיש־פּוילישער מלחמה (1660־1657). 100 יאָר שפּעטער איז בעלז צום צווייטן מאָל אָקופּירט געוואָרן דורך די שוועדן, אונטער שטיינבאָקס אָנפירונג. אין די יאָרן 1666־1661 האָט די שטאָט געליטן פון די סיכסוכים וואָס זענען אויסגעבראָכן צווישן די פירסטן לובאָמירסקי און אוסעטשיסקי. אין יאָר 1737, בעתן צווייטן קאָזאַקן־רעוואָלט, האָט די שטאָט ווי־דער געליטן פון די קאַמפן צווישן די פּאָליאַקן און די קאָזאַקן, און אין יאָר 1769 האָבן זיך אין בעלז און אומגעגנט אָפּגעשפּילט די קאַמפן צווישן די פּאָליאַקן און מאָסקאָוויטער (רוסן). נאָך דער ערשטער צעטיילונג פון פּוילן (1772) איז גאַ־ליציע איבערגעגאַנגען אין רשות פון עסטרייך. די עסטרייכישע באַהערדן האָבן צוגענומען ביי בעלז דעם סטאַטוס פון אַ קרייז־שטאָט און אים איבערגעגעבן זשאָלקווע.

*

היסטאָריש רעכנט זיך בעלז אַלס איינע פון די עלטסטע יידישע ישובים אין גאַליציע. עס איז אָנגענומען, אַז אין 13טן יאָרהונדערט האָבן זיך יידן באַזעצט אין בעלז, זייענדיק די עלטסטע שטאָט אין טשערווינסקי־פּאָס (זאָל ביי דער געלעגהייט פאַרצייכנט ווערן, אַז פונעם 13טן ביזן 15טן יאָרהונדערט איז בעלז געווען די הויפּט־שטאָט פון אַ רוסיש פירסטנטום, און אין 1462 איז זי באַשטימט געוואָרן אַלס וואָיעוואודסטוואָ). אין לויף פון די אַלע יאָרן האָבן יידן געלעבט אין בעלז אויפן סמך פון דער „מאַגדעבורגער בירגער־פּריווילעגיע". דער ערשטער אָפיציעלער דאָקומענט, ווו עס ווערן דערמאָנט בעלזער יידן, שטאַמט פון יאָר 1517. אין יאָר 1550 האָבן אין בעלז געוווינט 200 יידן בערך. די יידישע איינוווינערשאַפט האָט זיך קאָנצענטרירט בעיקר אַרום „רינעק" — מאַרק־פּלאַץ אין צפונדעקן טייל פון דער שטאָט, אין די גאַסן וואָס פירן צום זאַמיעטשעק און דאָרט ווו עס איז אין פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט אויפגעבויט געוואָרן די באַנסטאַציע. אין יענע יאָרן האָבן די בעלזער יידן געצויגן חיונה בעיקר פון האַנדל (געשעפטן און אויפקויפערס פון אַגריקולטור־פּראָדוקטן ביי די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער). אין אַ געזעץ אַרויסגעגעבן דעם 15.1.1557 דורכן קעניג זיגמונד אויגוסט, ווערט יידן פאַרבאָטן צו האַנדלען מיט אַלקאָהאָל, באַשטימענדיק אַ שטראָף פון 200 גילדן פאַר עובר זיין דעם געזעץ.

ווי שוין דערמאָנט, האָט בעלז, איבערהויפּט די יידישע באַפעלקערונג, פיל געליטן פון די קאָזאַקישע אָנפאַלן (1648) און פון די שוועדן, וואָס האָבן חרוב געמאַכט די שטאָט אין יאָר 1660 (אין געבוירן־מעטריקעס, אַרויסגעגעבן אין דער בעלזער קאַטוילישער קירכע, ווערט אָנגעגבן, אַז אין יאָר 1660 האָבן די שוועדן דערמאָרדעט 60 יידישע קינדער). נאָך די קאָזאַקישע און שוועדישע אינוואַזיעס איז די שטאָט זייער פאַראָרעמט געוואָרן און די באַפעלקערונג איז נישט געווען ביכולת צו באַצאָלן די מינימאַלסטע שטייערן. אין אָנבליק פון דעם מצב האָט דער מאַגיסטראַט געשלאָסן אַ הסכם מיט דער „סינאַגאָגע" (וואָס דינט זיכער אַלס סינאָנים פאַר דער יידישער קהילה) ,לויט וועלכן די בעלזער יידן באַקומען גלייכע רעכט, דערלויבעניש צו האַנדלען, וווינען און בויען אין אַלע טיילן פון שטאָט, אַריינגערעכנט די פּאָלוואַרקן. אַפילו דער פאַרבאָט צו האַלטן שענקען איז פאַרזען געוואָרן, און וואָס שייך די אינערלעכע פּירונעגן זענען די יידן אונטערוואָרפן דער אויסשליסלעכער יוריסדיקציע פון בית־דין באַשטימט דורך דער קהילה. אַלס פּרייז פאַר די אַלע רעכטן פאַרפליכטעט זיך די יידישע איינוואוינערשאַפט צו דעקן אַלע הוצאות פונעם בעלזער מאַגיסטראַט.

(אַ וויכטיקע דאַטע וואָס איז כדאַי צו פאַרצייכענען איז דער פאַקט, אַז אין יאָר 1770, האָט דער ייד אייזיק יוזעפאָוויטש געליען דעם מאַגיסטראַט 986 גילדן אויף צו באַצאָלן די קאָנטריבוציע וואָס די מאָסקאָוויטער האָבן אַרויפגעלייגט אויף דער שטאָט. אַלס פאַרגיטיקונג פאַר דעם זשעסט האָט ער באַקומען אין

ארענדע דאָס דאָרף פרוסיאַנאָוו אויף צען יאָר. עס ווערט אויך אונטערגעשטראָכן אַז דער יידישער גוטבאַזיצער האָט איינגעפירט פיל פאַרבעסערונגען אין דאָרף).

✶

ביז צום אָנהייב 19טן יאָרהונדערט זענען נישט פאַראַן קיין גענויע דאַטן וועגן דער גרויס פון דער בעלזער יידישער איינוואוינערשאַפט (שפּעטער וועלן מיר זען, אַז לויט דער וויכטיקייט פון דער בעלזער קהילה און דעם פּלאַץ וואָס זי האָט פאַרנומען צווישן די וויכטיקסטע קהילות אין פּוילן און די שטייערן וואָס זי האָט געצאָלט, האָט זי געדאַרפט האָבן אַ גרויסע יידישע באַפעלקערונג). דער ערשטער מקור, ווו עס ווערט אָנגעגעבן די צאָל יידן אין בעלז, איז דער באַריכט פון דעם גלח שאַרטשאַנסקי, פון יאָר 1829. לויט דעם דאָזיקן באַריכט האָבן אין דעם דערמאָנטן יאָר געלעבט אין בעלז 2,400 נפשות, פ״ן זיי 460 יידן. לויט היפּאָליט סטופּניצקי האָבן אין יענער צייט געלעבט אין בעלז 2,000 נפשות (ווייזט אויס, אַז ער באַציט זיך נאָר צו דער קריסטלעכער באַפעלקערונג). דער אויטאָר סאָקאָלסקי באַקלאָגט זיך, אַז אין משך פון 50 יאָר איז די קריסטלעכע באַפעלקערונג אין בעלז געוואַקסן נאָר מיט 500 נפשות, בעת דער וווקס פון דער יידישער איינוואוינערשאַפט איז אין דעם צייט־אָפּשניט פאַרפינפאַכט געוואָרן. עס לייגט זיך אויפן שכל, אַז דער גרויסער וווקס פון דער יידישער איינוואוינער־שאַפט אין בעלז אין דער ערשטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט האָט זיך אָנ־געפאַנגען נאָכדעם ווי ר׳ שלום רוקח איז געוואָרן רב און „רבי״ אין בעלז, פאַר־וואַנדלענדיק דאָס שטעטל אין איינעם פון די וויכטיקסטע חסידישע צענטערס אין גאַליציע, און פיל חסידים פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך האָבן זיך באַזעצט אין בעלז, כדי צו זיין נאָענט צום „רבין״. אין שייכות מיט דעם איז כדאי צו ברענגען פאָלגנדיקע דאַטן וועגן דעם וווקס פון דער בעלזער יידישער איינוווי־נערשאַפט פון די דרייסיקער יאָרן ביז צום סוף פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט:

1829 (לויטן באַריכט פון גלח שאַרטשאַנסקי) — 2,000 קריסטן; 460 יידן.

1859 (ר׳ שלום רוקח איז געוואָרן רב אין בעלז אין יאָר 1817) — 1710 קריסטן; 1,783 יידן. סך־הכל: 3,494 איינוואוינער.

1880 (אויפן כסא הרבנות איז געזעסן זייט 1855 ר׳ יהושע רוקח) — 1,991 קריסטן; 2,137 יידן. סך־הכל: 4,128 איינוואוינער.

1890 (ר׳ יהושע רוקח איז נפטר געוואָרן אין 1894) — 2,134 קריסטן; 2,826 יידן. סך־הכל: 4,960 איינוואוינער.

✶

(אַלע דאַטן ביז צו דעם אָפּשניט זענען צוגעשטעלט געוואָרן דורכן היסטאָריקער פון פּוילישן יידנטום פּראָפ. רפאל מאַהלער, וועמען מיר דריקן אויס ביי דער געלעגנהייט אונדזער טיפסטן דאַנק).

אינעם 16טן, 17טן און 18טן יאָרהונדערט איז בעלז אַלס שטאָטישער צענטער פאַרן גאַנצן טשערווינסקי־פּאַס, געווען נישט נאָר איינע פון די וויכטיקסטע שטעט אין פּוילן, נאָר אויך פון ייִדישן קוק־ווינקל האָט זי זיך גערעכנט אַלס איינע פון די גרויסע קהילות אין פּוילן און גאַליציע. מיר וועלן בכלל נישט איבערטרייבן אויב מיר וועלן זאָגן, אַז אין משך פון די אויבנדערמאָנטע 300 יאָר איז בעלז געווען איינע פון די 10 וויכטיקסטע קהילות פון פּוילישן ייִדנטום, שטייענדיק אין דער ריי פון אַזעלכע קהילות ווי קראָקע, פּויזן, לובלין, פּשעמישל, טיקטין, ריישע, ווענגראָוו, צוזמיר און לעמבערג. וואָס שייך דער גרויס פון איר ייִדישער איינ־וווינערשאַפט (אַנדערע אַספּעקטן, בעיקר פון געזעלשאַפטלך־קולטורלן כאַראַקטער וועלן געבראַכט ווערן ווייטער) קען דינען אַלס אינדיקאַטאָר די סכומים וואָס די קרייז־קהילות האָבן באַצאָלט אַלס קאָפּ־שטייער די באַהערדן.

לויט די ציפערן וואָס מיר ברענגען ווייטער איז בעלז ממש געשטאַנען אויפן 3טן און 4טן פּלאַץ פון די גרויסע קהילות.

אין יאָר 1667 האָבן פאָלגנדיקע קהילות באַצאָלט קאָפּ־שטייער:

| | | |
|---|---|---|
| קראָקע | 26,340 | גילדן |
| פּויזן | 1,600 | " |
| צוזמיר | 8,460 | " |
| פּשעמישל | 7,220 | " |
| טיקטין | 1,520 | " |

(אין די דאָקומענטן פון ועד ארבע ארצות פיגורירט בעלז צוזאַמען מיט כעלם, ווייזט אויס, אַז זיי האָבן געבילדעט איין קרייז)

| | | |
|---|---|---|
| בעלז־כעלם | 8,100 | גילדן |

אין אָנפאַנג 18טן יאָרהונדערט איז אויסגעבראָכן אַ סכסוך צווישן קרייז כעלם־בעלז און קרייז זאַמאָשטש וועגן אַ חוב וואָס ביידע קרייזן זענען שולדיק געווען דעם שלאַכטשיץ אולינסקי אויף אַ סכום פון 2,000 פלאָרין. דער ענין איז געבראַכט געוואָרן פאַרן ועד ארבע ארצות וואָס האָט געפּסקנט, אַז דער קרייז כעלם־בעלז דאַרף צאָלן צוויי דריטל פונעם חוב און זאַמאָשטש איין דריטל (אַ באַווייז, אַז די באַפעלקערונג פון כעלם־בעלז איז געווען צוויי מאָל אַזוי גרויס ווי די פון זאַמאָשטש). דער פּסק איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן אויפן צוזאַמענטרעף פון ועד ארבע ארצות בעתן יאַריד אין יאַראָסלאַוו אין חודש תשרי תע"ג — 1713.

און אָט זענען די סכומים פונעם קאָפּ־שטייער אין יאָר 1714:

| | | |
|---|---|---|
| קראָקע (די שטאָט) | 2,281 | גילדן |
| פויזן (די שטאָט) | 4,276 | " |
| לובלין | 8,566 | " |
| קרייז קראָקע־צוזמיר | 37,800 | " |
| קרייז פויזן־קאַליש | 21,922 | " |
| קרייז כעלם־בעלז | 19,740 | " |
| קרייז פשעמישל | 12,321 | " |
| קהל טיקטין | 11,321 | " |
| ריישע (שטאָט) | 8,676 | " |
| קהל וועגגראָוו | 3,727 | " |

אויך אין יאָר 1717 פיגורירט דער קרייז כעלם־בעלז צווישן די גרעסטע שטייער־צאָלער און פאַרנעמט דאָס צווייטע פלאַץ צווישן 19 קרייז־קהילות, וואָס האָבן געדאַרפט צאָלן קאָפּ־שטייער. אויפן ערשטן פלאַץ שטייט קראָקע־צוזמיר מיט אַ סכום פון 27,857 גילדן; כעלם־בעלז — 18,857 גילדן; פויזן־קאַליש — 18,598. אַ יאָר שפּעטער, אין 1718, פאַרנעמט דער קרייז כעלם־בעלז דאָס דריטע פלאַץ מיט אַ סכום פון 19,913 גילדן, נאָך פויזן־קאַליש וואָס האָט געדאַרפט צאָלן 24,196 גילדן און קראָקע־צוזמיר 28,353 גילדן.

די פּראָפּאָרץ ענדערט זיך נישט אין משך פון די קומענדיקע 20 יאָר. אין יאָר 1737 צאָלט דער קרייז לובלין 11,717 פלאָרין; קראָקע־צוזמיר 30,060 פל.; פויזן־קאַליש — 32,316 פל. און כעלם־בעלז — 20,234 פלאָרין. כעלם־בעלז שטייט אויפן דריטן פלאַץ.

אין יאָר 1753 צאָלן: קראָקע־צוזמיר — 36,433 פלאָרין; פויזן־קאַליש — 10,000 פלאָרין; כעלם־בעלז — 13,023 פלאָרין און פשעמישל — 9073. אמת, די סכומים זענען פיל קלענערע (אַחוץ קראָקע־צוזמיר), אָבער כעלם־בעלז שטייט אויפן דריטן פלאַץ.

אין יאָר 1756 צאָלן: קראָקע־צוזמיר — 32,629 פלאָרין; פויזן־קאַליש — 11,363; לובלין — 21,016; כעלם־בעלז — 7,479. מיר ווייסן נישט די סיבות וואָס האָבן גורם געווען, אַז די קרייזן פויזן־קאַליש און כעלם־בעלז זאָלן צאָלן קלענערע סכומים קאָפּ־שטייער. עס בלייבט אָבער דער פאַקט, אַז בעלז צוזאַמען מיט כעלם האַלטן אָן די גאַנצע צייט דאָס דריטע אָדער פערטע פלאַץ פונעם קאָפּ־שטייער, וואָס זאָגט עדות אויף דער גרויס פון דער ידישער איינוווינערשאַפט.

גענויע ציפערן וועגן דער צאָל ידישע איינוווינער אין בעלז ווי אין די אַנדערע קרייז־קהילות, זענען פאַראַן נאָר פונעם יאָר וואָס די פוילישע רעגירונג האָט אויפגעלייזט דעם ועד ארבע ארצות (1764). אין דערמאָנטן יאָר האָבן גע־

לעבט אין קרייז כעלם־בעלז 21,499 יידן; אין קרייז קראָקע־צוזמיר — 47,294 יידן, אין לובלינער קרייז — 25,538 און אין פשעמישל — 14,667 יידן. די דאָזיקע ציפערן באַציִען זיך דירעקט צו דער צאָל יידן אין די קרייז־קהילות, און דער קרייז כעלם־בעלז שטייט אויפן דריטן פּלאַץ.

אויס אַן אַנדערער ציילונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן אין דער מיט פון 18טן יאָרהונדערט פיגורירט בעלז מיט אַ יידישער באַפעלקערונג פון 16,442 נפשות; כעלם (דאָס מאָל פיגורירט זי באַזונדער) מיט 9,787 יידן, קראָקע — 18,670 יידן; צוזמיר — 42,972; לובלין — 20,107; פּויזן — 19,913.

פון דער ציילונג ווייזט זיך אַרויס, אַז די יידישע איינוווינערשאַפט אין בעלז (אָן כעלם), שטייט נאָענט צו אַזעלכע וויכטיקע קהילות ווי קראָקע, לובלין און פּויזן (די גרויסע צאָל איינוווינער אין צוזמיר באַציט זיך, ווייזט אויס, צו דער גאַנצער וואָיעוואָדע).

אין די דאָזיקע ציפערן גייען נישט אַריין קיין זויג־קינדער און אַ צאָל יידן וואָס צוליב פאַרשידענע טעמים זענען נישט אָנגעגעבן אין דער ציילונג.

*

נישט נאָר צוליב דער גרויס פון איר באַפעלקערונג און עקאָנאָמישער חשיבות האָט זיך בעלז גערעכנט צווישן די גרויסע און וויכטיקע קהילות אין פוילן, נאָר אויך און בעיקר צוליב אירע באַרימטע רבנים און פרנסים וואָס האָבן אַקטיוו אָנטיילגענומען אין די וויכטיקסטע געשעענישן פונעם יידישן קיבוץ אין פוילן, סיי אין אינערלעכן לעבן, סיי אין די באַציאונגען מיט דער הערשנדיקער מאַכט.

אין יאָר ת״ן (1690) בעת דער סיים־סעסיע אין וואַרשע, האָט אַ דעלע־גאַציע פונעם ועד ארבע ארצות פּרעזענטירט אַ מודעה דעם סיים־מאַרשאַלעק (פּאַרזיצער) וועגן דעם שטייער־אָפּצאָל פון די יידישע קהילות אין גאַליציע. אין שפּיץ פון דער דעלעגאַציע איז געשטאַנען ר׳ צבי הירש בר׳ שמשון מייזליש פון בעלז, די אַנדערע מיטגלידער זענען געווען ר׳ משה יהודה בר׳ אשר פון קראָקע, ר׳ שלמה זלמן בר׳ יעקב, ר׳ דוד בר׳ יצחק פון וויאַציסלאַוו, ר׳ שמואל בר׳ יצחק פון לעמבערג און ר׳ אלחנן פון בעלז. (אינטערעסאַנט, אַז בעלז האָט געהאַט צוויי פאַרטרעטער אין דער דעלעגאַציע).

אַ יאָר שפּעטער (1691) האָבן די פרנסים פון די קהילות, בשעתן יריד אין יאַראָסלאַוו (אין משך פון לאַנגע יאָרן איז געווען אָנגענומען אַז די פרנסים פון ועד ארבע ארצות פלעגן אָפּהאַלטן זייערע זיצונגען אויף די גרויסע ירידים), באַשטימט אויף דער זיצונג, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דעם 16טן טאָג אין חודש חשון, העלפן מיט 3,000 גילדן דער טיקטינער קהילה, וואָס איז נאָך אַ גרויסער שריפה שטאַרק פאַראָרעמט געוואָרן. דעם באַשלוס האָבן אָנגענומען און אונטערגעשריבן ר׳ צבי הירש בר׳ שמשון מייזליש פון בעלז, אברהם הלוי פון

קראָקע, ר׳ ישעיהו הכהן שאַפּיראָ פון פּויזן, ר׳ יהודה ברמ״ק פון לובלין און ר׳ יעקב משה פון ליסאָ (אויפן ערשטן פּלאַץ פיגורירט ר׳ צבי הירש מייזליש). עס איז כמעט נישט געווען קיין וויכטיקע געשעעניש אָדער באַשלוס אין פּוילישן יידנטום אין די דערמאָנטע יאָרהונדערטער, אין וועלכע עס זאָלן נישט געווען אָנטייל נעמען די בעלזער רבנים און פּרנסים, פאַרנעמענדיק אַ בכבודיק פּלאַץ צווישן די רבנים און פּרנסים פון די גרעסטע און וויכטיקסטע קהילות אין פּוילן.

✶

עס איז אויסער יעדן ספק, אַז די באַרימטע גאונים און גדולי התורה, וואָס האָבן פאַרנומען דעם בעלזער כסא הרבנות, האָבן פיל בייגעטראָגן צו דער חשיבות פון דער שטאָט אַלס איינע פון די וויכטיקסטע קהילות אין גאַליציע און פּוילן. די גרעסטע און באַרימטסטע פון זיי זענען ר׳ יהושע הכהן פאַלק (1614־1550), דער בעל הסמ״ע, און ר׳ יואל סירקיש (1640־1561) דער בעל הב״ח. ר׳ יהושע פאַלק, דער מחבר פונעם סמ״ע (ספר מאירת עינים), דער וויכטיקסטער טייל פון זיין חיבור „בית־ישראל״ אויפן שולחן ערוך — חושן משפּט (אין דער רבנישער וועלט איז ער בעיקר באַקאַנט אונטערן נאָמען דער סמ״ע), איז איידער ער איז געוואָרן רב און ראש ישיבה אין לעמבערג, געווען רב אין בעלז. די חשיבות וואָס ער און אַנדערע האָבן צוגעשריבן דעם פאַקט, וואָס ער איז געזעסן אויפן בעלזער כסא הרבנות, איז געקומען צום אויסדרוק אויף זיין מצבה, אויף וועלכער צווישן פיל אַנדערע שבחים, וואָס ווערן אויסגערעכנט, ווערט אונטערשטראָכן דער פאַקט, אַז פאַר זיין אויסגעוויילט ווערן אַלס רב אין לעמבערג, איז ער געווען רב אין בעלז.

וועגן צווייטן גרויסן גאון און פּוסק וואָס איז געזעסן אויפן בעלזער כסא הרבנות — ר׳ יואל סירקיש (זיין פאַמיליע־נאָמען איז געווען יפה און ער האָט זיך גערופן סירקיש אויף זיין מוטערס נאָמען סערל אָדער סערקע), איז כדאַי זיך ברייטער אָפּצושטעלן צוליב דער לעגענדע, וואָס איז אַרומגעגאַנגען אין בעלז ביז אונדזערע טעג, וואָס איז אָן ספק געבויט אויף אַ היסטאָרישן פאַקט (וועלכן מיר ברענגען ווייטער). ר׳ יואל סירקיש איז באַרימט דורך זיין חיבור „בית חדש״ (ב״ח), וואָס איז אַ פּירוש אויף די 4 טורים פונעם שולחן ערוך, ווו ער קריטיקירט שאַרף ר׳ יוסף קאַראָס פּירוש (בית יוסף) אויף די טורים (אויך ער איז אין דער רבניש־פּוסקישער וועלט באַקאַנט מער אונטערן נאָמען ב״ח ווי ר׳ יואל סירקיש). ער איז געווען רב און ראש ישיבה אין פאַרשידענע קהילות אין פּוילן און ליטע, צווישן זיי בעלז און קראָקע (אין דער לעצטער האָט ער פאַרנומען דעם כסא הרבנות ביז צו זיין פּטירה). אַחוץ דעם „בית חדש״ האָט ער אויך אָנגעשריבן אַ חיבור שאלות ותשובות, וואָס אַנטהאַלט זייער ווערטפולן מאַטעריאַל וועגן דעם לעבנסשטייגער פון די פּוילישע יידן.

צו אַ בור און עם הארץ. אין דער נשמה פון יעדן ייד, פלעג ער זאָגן, איז פאַראַן אַ ניצוץ אלוקי (אַ געטלעכער פונק). כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין באַציונג צו פאָלקס־מענטשן איז פאָלגענדער עפיזאָד: אין בראָד האָט געלעבט אַ שניידער, וואָס פלעג אויף ימים נוראים פאָרן קיין בעלז. יעדעס יאָר, אין דער נאַכט פון יום כיפור, פלעג ר׳ שלום מלמד זכות זיין אויף יידן. ווי ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער, פלעג ער זוכן צווישן פשוטן פאָלק און עמי הארצים יידן, וואָס ער זאָל זיי קענען ברענגען אַלס ביישפּיל פאַרן רבונו של עולם, ווען ער משפט אין די ימים נוראים זיין פאָלק ישראל, כדי צוררייסן די בייזע גזרות, וואָס זענען נגזר געוואָרן אויף יידן. איין יאָר, יום כיפור באַנאַכט, האָט ר׳ שלום געפילט אַ גרויסן קיטרוג אויף יידן. האָט ער צוגערופן דעם בראָדער שניידער און אים געבעטן ער זאָל אים דערקלערן דעם פירוש אין סליחות „אם עווינו ענו בנו?״ נישט טראַכטנדיק קיין סך האָט אים דער שניידער געזאָגט זיין פירוש: ביי מיר, האָט געזאָגט דער שניידער, איז דער פירוש אַ גאַנץ פשוטער: „אם עווינו — אפילו מיר האָבן געזינדיקט פאַר דיר, אנו בניך״, זענען מיר אַלץ דיינע קינדער. אַזוי ווי דער שניידער האָט נישט געקענט קיין פירוש המילות און איז געווען אַביסל שטומפּיק אויף דער עברי, האָט ער פאַרביטן דאָס וואָרט „ענו״, וואָס שרייבט זיך מיט אַן עין, און וואָס באַדייט ענטפער אונדז, אויף „אנו״ מיט אַן אַלף, וואָס באַדייט מיר און דער פירוש איז ביי אים אַרויסגעקומען גלאַט און שאַרף. דווקא דער פירוש פון דעם דאָזיקן פאָלקס־ייד איז געפעלן ר׳ שלומ׳ען, און פון דאַן אָן פלעג ער אַ יעדן יום כיפור אויף דער נאַכט אויסרופן: „רבונו של עולם, אף שחטאנו ועווינו לפניך, אנו בניך״ (אפילו מיר האָבן געזינדיקט קעגן דיר — און פאַרפעלשט דיינע וועגן, — זענען מיר דאָך דיינע קינדער).

ר׳ שלום האָט ליב געהאַט ס׳אָרעמע פאָלק און זיך פאַר אים געזאָרגט: ער האָט משפיע געווען אויף זיינע רייכע חסידים זיי זאָלן זיך באַציען מענטשלעך צו זייערע אָנגעשטעלטע און אַרבעטער און זיי נישט צו פיל אויסנוצן. אין בראָד זענען געווען רייכע סוחרים וואָס זענען געווען ר׳ שלומ׳ס חסידים. עס איז געקומען אַ שלעכט יאָר, זיי האָבן פאַרלוירן דאָס פאַרמעגן און פאַראָרעמט געוואָרן. דאַקעגן זענען זייערע פריערדיקע משרתים רייך געוואָרן. די נעכטיקע גבירים זענען געקומען קיין בעלז און געבעטן ביי ר׳ שלומ׳ען אַן עצה און, אַז ער זאָל פאַר זיי מתפלל זיין השי״ת זאָל זיי אומקערן דאָס פאַרמעגן. ר׳ שלום האָט זיי געזאָגט: איר ווייסט פאַרוואָס איר זייט געוואָרן יורדים? ווייל איר האָט אַרויפגעלייגט שווערע אַרבעטן אויף אייערע משרתים. צי געדענקט איר נישט דעם פסוק „כי לי בני ישראל עבדים ולא עבדים לעבדים,״ (גאָט זאָגט: יידן זענען מיינע קנעכט און נישט קיין קנעכט צו אַנדערע קנעכט).

און נישט נאָר ר׳ שלום אַליין האָט זיך באַצויגן מיט דרך ארץ און יראת הכבוד צום פשוטן פאָלק, נאָר ער האָט אויך אויפגעפאָדערט זיינע חסידים די למדנים צו רעספּעקטירן פאָלקס־מענטשן, אַפילו די וואָס האָבן געהערט צו די

אָרעמסטע און נידעריקסטע שיכטן. און נישט מיט מוסר זאָגן האָט ער געווירקט, נאָר מיט שאַפן אַ מענטשלעך־פריינטלעכע אַטמאָספערע אַרום זיי דינענדיק תמיד אַליין אַלס ביישפּיל.

ביי דער געלעגנהייט איז זיך כדאי אָפּצושטעלן אויף אַ שטריך אין בעלזער חסידות, וואָס שטאַמט פון ר׳ שלומ׳ען און זיינע נאָכפאָלגער האָבן אים אויפ־געהאַלטן און פאַרפעסטיקט. ווי באַקאַנט איז בעלזער חסידות געווען קנאיש אין לבוש, אין חינוך, אין געזעלשאַפטלעכע ענינים א.ד.גל. אויף די געביטן האָט בעלז נישט געוווּסט קיין פּשרות, נאָר אויף איין געביט פלעג בעלז זיין געניגט מקל צו זיין און גיין אויף פּשרות — אין דיני ממונות (געלט־ענינים). ווען עס האָט זיך געהאַנדלט, אַז אַ ייד זאָל חלילה ליידן אַ געלט שאָדן, האָבן די בעלזער רבנים און דיינים תמיד געזוכט אַ וועג אויסמיידן ווי מעגלעך אַז יידן (לרוב אָרעמעלייט) זאָלן האָבן געלט־פאַרלוסטן.

## זיינע לעצטע יאָרן

די לעצטע יאָרן איז שלום פיל געפּרוּווט געוואָרן און אויף זיין לעבן האָט אָראָפּגענידערט אַ וואָלקן פון צער און טרויער. צוערשט האָט ער פאַרלוירן דאָס ליכט פון די אויגן. דאָך האָט ער בלינדערהייט אָנגעפירט מיט צענדליקער טויזנטער חסידים גלייך ווי פריער. די חסידים פלעגן זאָגן: ר׳ שלום זעט נאָר נישט מיט זיינע פיזישע אויגן אָבער מיט זיינע גייסטיקע אויגן זעט ער ווייט... דער גרעסטער קלאַפּ אין זיין לעבן איז געווען דער טויט פון זיין פרוי, די רביצין מלכה׳לע. ווי שוין דערציילט, איז מלכה׳לע אויסער דעם וואָס זי איז אים געווען אַ געטרייע פרוי, איז זי פאַר אים אויך געווען אַ וויכטיקער גייסטיקער אָנשפּאַר. זי האָט אים אין דער יוגנט געהאָלפן אַריינגיין אין פּרדס פון חסידות און געווען מיט אים בדעה אחת ווען מען האָט געדאַרפט פאַרבאָרגן פאַר איר פאָטער דעם מתנגד זיין נטיה צו חסידיזם. זי האָט אים געמוטיקט צו פאָרן קיין לובלין, און ווען זיי זענען אַרויס פון איר פאָטערס קעסט און ר׳ שלום האָט אָנגעווווירן זיין נדן אין מסחר, האָט זי פאַרקויפט איר צירונג, כדי ער זאָל קענען ווייטער זיצן און לערנען און נישט דאַרפן זאָרגן פאַר פּרנסה. און ווען ער איז געוואָרן בעלזער רב, און עס האָבן אָנגעהויבן פאָרן קיין בעלז טויזנטער חסידים, פלעג ער תמיד זי שואל עצה זיין און גאָרנישט געטאָן נישט הערנדיק פריער איר מיינונג. עס איז באַרימט זיין באַפּליגלט וואָרט אויפן פּסוק „ומלכי צדק מלך שלם" (בראשית) „אז מלכה איז אַ צדקת איז שלום אַ מלך".

ר׳ שלום האָט פיל געטרויערט אויף מלכה׳לעס טויט און זיך נישט געקענט טרייסטן ביז צום לעצטן טאָג פון זיין לעבן. חסידים דערציילן, אַז אין איינעם אַ טאָג ווען עס האָט אים באַזוכט זיין מקורב און תלמיד ר׳ שלום קאַמינקער, האָט ר׳ שלום אויסגעבראָכן אין אַ גרויס געוויין. ווען זיין תלמיד האָט אים געפרעגט די סיבה פון דעם דאָזיקן געוויין, האָט אים דער רבי געענטפערט: „איך

טענה צום רבונו של עולם, ריבון כל העולמים, דו ווייסט דאָך ווען איך וואָלט געקענט אויפהויבן מיין מלכה׳לען פון דער ערד, וואָלט נישט געווען קיין כוח אין דער וועלט וואָס וואָלט מיך דערפון אָפּגעהאַלטן. און דו הערשער פון דער וועלט, וואָס קיין שום זאַך איז פאַר דיר נישט אוממעגלעך, וואָס דו רופסט זיך דער מאַן פון דער כנסת ישראל, און אונדז, דאָס ידישע פאָלק רופסטו אשת נעורים, און אָט ליגט דיין אשת נעורים אויף דער ערד, ווי ס׳שטייט געשריבן ,,כי שוה לעפר נפשנו״, ווי קענסטו זיך איינהאַלטן און זי נישט אויפהויבן? אויף דעם האָט מיר השם יתברך געענטפערט: ,,ווען איך וואָלט געווען אַזוי צופרידן פון דער כנסת ישראל, ווי דו ביסט געווען צופרידן פון דיין מלכה׳לען, וואָלט איך זי זיכער אויפגעהויבן...״ און דער אַלטער צדיק האָט צוגעגעבן מיט טרערן אין די אויגן: ,,אויף דעם וויין איך טאַקע, אויף דעם ענטפער וואָס הקדוש ברוך הוא האָט מיר געגעבן״.

נאָך מלכה׳לעס טויט איז ר׳ שלום אַלס מער אָפּגעשוואַכט געוואָרן, און אייניקע יאָר נאָך איר פּטירה, חודש אלול תרט״ו (1855) איז ער קראַנק געוואָרן, און כ״ז אלול, 2 טעג פאַר ראש השנה, איז ר׳ שלום נפטר געוואָרן אין עלטער פון 76 יאָר.

# דער אדמו״ר ר׳ יהושע רוקח

**זיין קינדהייט**

ר׳ שלום און מלכה׳לע האָבן געהאַט פינף זין און צוויי טעכטער. ר׳ יהושע אָדער ווי מען האָט אים גערופן ר׳ שיעלע, איז געווען דער יינגסטער פון די זין. דאָס האָט נישט געשטערט, אַז ר׳ שולם זאָל אים באַשטימען אַלס זיין יורש, ד.ה. אַלס בעלזער רב און אדמו״ר פון די צענדליקער טויזנטער בעלזער חסידים.

לויט חסידים דערציילן האָט ר׳ שלום באַשטימט ר׳ יהושעלען אַלס זיין גייסטיקן יורש זייענדיק נאָך אַ קינד. פון זיינע פינף זין, האָט זיך ר׳ יהושעלע תמיד געפינען אין זיין מחיצה, און ער האָט זיך פּערזענלעך אָפּגעגעבן מיט זיין דערציונג מער ווי די פון די אַנדערע קינדער.

כאַראַקטעריסטיש פאַר ר׳ יהושעלעס שאַרפזיניקייט אַלס קינד איז פאָלגענדער חסידישער סיפור: זייענדיק בערך אַ יאָר זעקס, האָט ער איינמאָל געפרעגט דעם פאָטער: ,,אַ יעדן טאָג אינדערפרי זאָגן מיר: אלוקי, נשמה שנתת בי טהורה היא (גאָט, די נשמה וואָס האָסט מיר געגעבן איז ריין). ווער זאָגט דאָס: די נשמה אָדער דער גוף? די נשמה זאָגט עס זיכער נישט, ווייל מיר זאָגן דאָך ,,נשמה שנתת בי״, הייסט עס, אַז דער גוף זאָגט עס. אויב אַזוי וווּנדערט מיך, דער גוף איז דאָך געמאַכט פון פּראָסטן חומר, ווי קען פּראָסטער חומר האָבן פאַרשטאַנד צו לויבן דעם רבונו של עולם?״ אויף דער דאָזיקער שאַרפער פראַגע האָט אים

דער פאָטער געענטפערט: „מיין טייער קינד, אויב דער מענטש גייט אין גאָטס וועגן, ער היט אָפּ זיינע מצוות און לערנט תורה, דערגרייכט דער גוף אַזאַ מדרגה, אַז ער ווערט אויסגעלייטערט און ער האָט וויסן צו לויבן זיין באַשעפער". אין אַלגעמיין פלעג ר' יהושע ליב האָבן צו פרעגן שאלות און פלעג זוכן אַריינצו־דרינגען אין תוך פון די ענינים. שוין פון דער יוגנט־אָן האָט ער אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקן ווילן און תקיפות. די דאָזיקע איינגנשאַפטן האָבן באַוויגן ר' שלומען אים צו באַשטימען אַלס זיין יורש אויף דער בעלזער כסא הרבנות.

ווען ר' שלום איז נפטר געוואָרן, איז ר' יהושע אַלט געווען 30 יאָר, און לויטן פאָטערס צוואה איז ער גלייך געקרוינט געוואָרן אַלס בעלזער רב. באַלד האָט ער זיך אַרויסגעוויזן אַלס מנהיג פון פאַרנעם און ער האָט געפירט דאָס רבנות און דאָס בעלזער הסידות מיט תקיפות וביד רמה. זייענדיק אַ גרויסער למדן און בקי אין ש"ס און פוסקים, זענען אים אויך נישט געווען פרעמד די וועלטלעכע ענינים און ער האָט אַרויסגעוויזן אַ ספּעציעלע וואַכזאַמקייט צו געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען, וואָס זענען דעמאָלט געווען אַקטועל אין יידישן לעבן אין גאַליציע און אין די אַנדערע לענדער פון דער האַבסבורגער מאָנאַרכיע. אין משך פון אַ קורצער צייט איז אונטער זיין פירערשאַפט בעלז געוואָרן דער גרעסטער און וויכטיקסטער חסידישער צענטער אין גאַליציע און אין גאַנץ עסטרייך־אונגאַרן.

### ר' יהושע — פירער און קעמפער פון רעליגיעזן יידנטום

באַגאַבט מיט אַן אָרגאַניזאַטאָרישן טאַלאַנט און קאָמפּסלוסט, און שטייענדיק אין שפּיץ פון צענדליקער טויזנטער חסידים און פון רעליגיעזן יידנטום אין אַלגעמיין אין גאַליציע, איז ר' יהושע געווען פון די ערשטע וואָס האָט דערקלערט אַ שאַרפע מלחמה די משכילים אין גאַליציע און אין די אַנדערע לענדער פון דער עסטרייכישער אימפּעריע. מען דאַרף געדענקען, אַז אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט, האָט די השכלה־באַוועגונג אָפּגעהאַלטן באַדייטנדע נצחונות אין די יידישע קהילות אין עסטרייך־אונגאַרן, נצחונות וואָס די חסידים און סתם פרומע יידן האָבן אין זיי געזען אַ גרויסע געפאַר פאַר דער גאַנצקייט פונעם יידישן לעבן און שטייגער. אין די 60־ער און 70־ער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט האָבן זיך באַוויזן די ערשטע טיפע שפּאַלטן אין די געטאָ־מויערן נישט נאָר אין די ראַנד־געביטן פון דער יידישער עסטרייך (ווין, אונגאַרן, בעמען, מערן און בוקאָווינע), נאָר אויך אין גאַליציע, וואָס איז פון תמיד אָן געווען די פעסטונג פון רעליגיעזן יידנטום אין עסטרייך. די שפּאַלטן וואָס האָבן זיך געמערט אין פאַרשידענע קרייזן פון טראַדיציאָנעלן יידנטום, האָבן באַוויגן ר' יהושען זיך שטעלן אין שפּיץ פון רעליגיעזן יידנטום און דערקלערן אַן אָפענע מלחמה די משכילים, וואָס לויט זיין טיפער איבערצייגונג און גלויבן האָבן זיי זיך געשטעלט אַלס ציל אונטערצוגראָבן די יסודות פון יידישקייט.

זייענדיק דורכאויס קאָנסערוואַטיוו אין ענינים פון דת און יידישן לעבנס־

שטייגער, האָט דאָך ר׳ יהושע פאַרשטאַנען אַז אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט, קען מען מער נישט פירן קיין מלחמה קעגן די משכילים מיט די אַלטע אָנגענומענע שיטות, נאָר מען דאַרף צופּאַסן די קאַמפּס־מעטאָדן צו די שיטות מיט וועלכע די משכילים האָבן זיך באַנוצט קעגן חסידים און רעליגיעזן יידנטום. ער האָט דערפאַר באַשלאָסן צו פירן דעם קאַמף קעגן די משכילים מיט זייערע אייגענע מעטאָדן. פאַר דעם צוועק האָט ער באַשטימט צוויי וועגן: 1) אויפשטעלן אַ שטאַרקע רעליגיעזע אָרגאַניזאַציע; 2) גרינדן אַ רעליגיעזע צייטונג אַלס קעגנגעוויכט דער צייטונג וואָס עס האָבן אַרויסגעגעבן די משכילים.

צו פאַרשטיין דעם גרונט און אינהאַלט פון דעם דאָזיקן קאַמף, דאַרף מען זיך אָפּשטעלן, לפּחות בקיצור, וועגן דעם „קולטור־קאַמף״, וואָס איז אין יענער צייט אָנגעגאַנגען אין גאַליציע. די גרויסע שטעט, און אין דער ערשטער ריי לעמבערג, זענען געווען די השכלה־צענטערן, וואָס האָבן געגעבן דעם טאָן פאַר דער גאַנצער פּראָווינץ. די השכלה אין גאַליציע, ווי איר עלטערע שוועסטער אין דייטשלאַנד, איז נישט געבוירן געוואָרן לשמה, ד.ה. נאָר צו פאַרשפּרייטן בילדונג צווישן די יידישע מאַסן. זי האָט געהאַט אַ קלאָרן פּאָליטישן ציל: אויספּועלן עמאַנציפּאַציע — גלייכע רעכטן פאַר די עסטרייכישע יידן. אין זייער נאַיווקייט האָבן די משכילים, זייט משה מענדעלסאָן, געגלויבט, אַז דער הויפּט־שטער, וואָס פאַרשליסט דעם וועג פאַר דער עמאַנציפּאַציע, איז דער פאַקט, וואָס יידן באַזיצן נישט די דייטשע שפּראַך און קולטור און פירן אַ לעבנס־שטייגער וואָס דערווייטערט זיי פון דער נישט־יידישער באַפעלקערונג. זיי האָבן געגלויבט, אַז דורך וועלטלעכע בילדונג און ענדערונג פונעם אויסערן לעבנס־שטייגער (קליידונג און זיטן), וועט די קריסטלעכע געזעלשאַפט עפענען ברייט די טויערן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, און פאַר אַלעמען איר געבן אַלע בירגערלעכע רעכטן, די זעלבע וואָס עס געניסן די קריסטן. די ערשטע משכילים, און אוודאי נישט מענדעלסאָן, וואָס איז אַליין געווען אַ פרומער ייד, האָבן נישט פאָרויסגעזען, אַז אַלגעמיינע בילדונג און דאָס אָפּזאָגן זיך פון אייגנ־אַרטיקן לעבנס־שטייגער, וועלן נאָר זיין דער ערשטער עטאַפּ צו אַ פיל טיפערער ענדערונג אין יידישן לעבן, וואָס וועט דערפירן צו אַסימילאַציע, און טיילמאָל צו שמד, און וועט באַדראָען די עצם־עקזיסטענץ פון יידנטום. די טרויעריקעביישפּילן פונעם ערשטן דור משכילים (דער שמד פון אַלע מענדעלסאָנס טעכטער און אַ טייל פון זיינע תלמידים, די רעפאָרם־באַוועגונג וואָס אין איר שפּיץ זענען געשטאַנען אַזעלכע פיגורן ווי גייגער און האָלדהיים און אַנדערע דער־שיינונגען), זענען געווען אַן אַלאַרם־גלאָק פאַרן רעליגיעזן יידנטום וואָס האָט דערזען און דערשפּירט די געפאַר וואָס די משכילים, אַפילו די מעסיקע צווישן זיי, שטעלן פאַר פאַר דער גאַנצקייט פונעם יידישן פאָלק. דווקא די רעליגיעזע

יידן, און אין דער ערשטער ריי די חסידים, האָבן תופס געווען די פאַרבינדונג צווישן השכלה און אַסימילאַציע.

אין יאָר 1866 האָט זיך אָרגאַניזירט אין לעמבערג די געזעלשאַפט „שומר ישראל", וואָס האָט זיך געשטעלט אַלס ציל פאַרשפּרייטן בילדונג צווישן די יידישע מאַסן פון גאַליציע, און אין דער ערשטער ריי די דייטשע שפּראַך. אין די אויגן פון די מעסיקע רעליגיעזע יידן איז דאָס לערנען דייטש גופא נישט באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ פּסול, און זיי האָבן אַפילו צוגעלייגט אַ האַנט צו אָרגאַניזירן די געזעלשאַפט. נאָך אַ קורצער צייט אַרום אָבער זענען געוואָרן די טאָן־געבער אין „שומר ישראל" פרייע פּראָפעסיאָנאַלן (דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, נאָטאַרן און אַפּטייקער), מענטשן, וואָס על פי רוב האָבן שוין נישט באַקומען קיין טראַדיציאָנעלע יידישע דערציאונג, זעענדיק אין דער אַסימילאַציע דעם פּאַסנדן וועג זיך אויסצומישן מיט דער נישט־יידישער באַפעלקערונג. בקיצור, עס איז אַוועק אַ קורצע צייט און „שומר ישראל" איז געוואָרן די פעסטונג פון די אַסימילאַטאָרן. די מעסיקע רעליגיעזע יידן וואָס האָבן אין אָנפאַנג געשטיצט די געזעלשאַפט, זעענדיק די אמתע נייגונגען פון אירע פירער, האָבן זי פאַרלאָזט, און לאַנגזאַם האָט אָנגעהויבן רייף ווערן דער געדאַנק אַז אַלס קעגנגעוויכט די משכילים־אַסימילאַטאָרן, דאַרף דאָס רעליגיעזע יידנטום זיך אָרגאַניזירן אין אַ קערפערשאַפט וואָס זאָל אויפנעמען אַן אָפענעם קאַמף קעגן דער אַסימילאַציע. אַזוי איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק אויפצובויען די אָרגאַניזאַציע „מחזיקי הדת", וואָס זאָל קאָנצענטרירן אַרום זיך נישט נאָר חסידים, נאָר אויך אַלע אַנדערע יידן, וועמען עס איז טייער דער יידישער דת און לעבנס־שטייגער.

דרינגענד איז געוואָרן דאָס אויפשטעלן אַן אָרגאַניזאַציע פון רעליגיעזן יידנטום, ווען אין יאָר 1867 איז „שומר ישראל" אַרויס מיט אַ פאָרשלאָג צו גרינדן אין גאַליציע אַ רבנים־סעמינאַר (טעאָלאָגישעס סעמינאַר), וואָס זאָל אויסבילדן גייסטיקע פירער פאַרן גאַליציאַנער יידנטום. אַ יאָר שפּעטער האָט די געזעלשאַפט געגרינדעט די צייטונג „איזראַעליט", וואָס איז די ערשטע פיר יאָר אַרויסגעגאַנגען אין אַ דייטשמערישן יידיש, און דאַן אינגאַנצן אַריבער אויף דייטש. פון די שפּאַלטן פון „איזראַעליט" האָבן די משכילים אָנגעפירט אַ פּראָפּאַגאַנדע איינצופירן רעפאָרמעס אין די קהילות פון גאַליציע לויטן מוסטער פון די דייטשע רעפאָרמירטע קהילות. בכלל איז דאָס באַהערשן די קהילות געוואָרן איינער פון די הויפּטצילן פון „שומר ישראל". אָבער נישט נאָר די קהילות האָבן געזוכט צו באַהערשן די אַסימילאַטאָרישע משכילים, זיי האָבן אויך פּרעטענדירט צו ווערן די פאָרשטייער פון יידישן ישוב אין גאַליציע אין לעמבערגער „לאַנדטאַג" און אין ווינער „רייכסראַט". נאָכדעם ווי דער קייזער פראַנץ יאָזעף האָט געגעבן יידן וואַל־רעכט, און זיי האָבן אויך געקענט אויסגעוויילט ווערן אין אַלע געזעצגעבערישע אינסטאַנצן פון דער מאָנאַרכיע, האָבן די פירער פון „שומר ישראל" פאַר זיך געזען אַ ברייט פעלד פאַר טעטיקייט און אַ געלעגנהייט

צו ווערן די אָפיציעלע פירערשאַפט פון די גאַליציאַנער יידן פאַר די רעגירונגס־באַהערדן. ווי דער שטייגער איז, שטייגט דער אַפּעטיט מיטן עסן, און זייענדיק דער איינציקער אָרגאַניזירטער יידישער כוח אין גאַליציע, האָבן זיך די אַסימי־לאַטאָרן געגרייט פאַרכאַפּן איין פּאָזיציע נאָך דער אַנדערער.

דער בעלזער רבי, וואָס איז שוין דאַן געווען דער אָנערקענטער פירער פון רעליגיעזן יידנטום אין גאַליציע, האָט פאַרשטאַנען, אַז איצט איז די צייט אָנצופאַנגען דעם אַקטיוון קאַמף קעגן „שומר ישראל", כל־זמן די חברה האָט זיך נאָך נישט פאַרפעסטיקט אין די קהילות און אירע פירער זענען נאָך נישט אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פאַרטרעטער פון גאַליציאַנער יידנטום אין די געזעצ־געבערישע אינסטאַנצן פון דער מלוכה. אַלס מענטש פון טאַט האָט ר׳ יהושע באַשלאָסן אָרגאַניזירן די חברה „מחזיקי הדת" און אָננעמען גלייך פּראָצע־דוראַלע מיטלען אויסצופועלן, אַז די עסטרייכישע באַהערדן זאָלן זי אָנערקענען אַלס פאַרטרעטערין פון די גאַליציאַנער רעליגיעזע יידן, וואָס האָבן אין יענער צייט געבילדעט דעם רוב מנין ובנין פון גאַליציאַנער ישוב.

„שומר ישראל" איז אָבער אויך נישט געזעסן מיט קיין פאַרלייגטע הענט. אירע פירער, וואָס צווישן זיי זענען געווען אייניקע מקורבים למלכות, האָבן גלייך אַוועקגעשיקט אַ מעמאָראַנדום קיין ווין, מאָלנדיק די מענטשן פון „מחזיקי הדת" אַלס „פינסטערלינגע", וואָס זייער ציל איז פאַרמיידן, אַז די יידישע יוגנט זאָל דערוואַרבן די דייטשע שפּראַך און אַלגעמיינע בילדונג, ווייל נאָר דורך האַלטן די מאַסן אין פינצטערניש קענען זיי הערשן איבער די יידישע קהילות און יידישן לעבן.

דער ערשטער דערפאָלג פון „שומר ישראל" איז געווען וואָס עס איז זיי געלונגען אָפּצוהאַלטן די רעגירונגס־באַהערדן צו לעגאַליזירן די עקזיסטענץ פון „מחזיקי הדת". פאַרשטייט זיך, אַז די רעליגיעזע האָבן דעם קאַמף נישט אויפ־געגעבן, נאָר אים אָנגעפירט האַלב געהיים, אונטער פאַרשידענע מאַסקעס.

וויסנדיק, אַז דער רוב יידן לייענען נישט קיין דייטש, האָט „שומר ישראל" באַשלאָסן אַרויסצוגעבן נעבן דעם „איזראַעליט" אַ העברעישע אויפלאַגע, ווו זיי האָבן אָפּגעחוזקט פון די חסידישע „כניאָקעס" און זייערע פירער. די רעלי־גיעזע אָרגאַניזאַציע האָבן זיי גערופן „מזיקי הדת" אָנשטאָט „מחזיקי הדת".

די חסידים זענען זיי נישט געבליבן שולדיק קיין ענטפער. נישט פאַרמאָגנדיק נאָך קיין אייגענע צייטונג, האָבן זיי פון מאָל צו מאָל אַרויסגעלאָזן ביולעטינען און אויפרופן אין העברעיש און יידיש. די רעדאַקטאָרן און הויפּט־שרייבער פון די דאָזיקע בלעטלעך זענען געווען שמואל מארגאָשעס און הערצל גאָלדשטערן.

צען יאָר האָבן די רעליגיעזע געפירט דעם קאַמף צו לעגאַליזירן די געזעל־שאַפט „מחזיקי הדת". דער קאַמף האָט זיך פאַרענדיקט דערפאָלגרייך אַ דאַנק אַ פּרעשבורגער ייד, יצחק דויטש, דעם חיים סופר׳ס אַ תלמיד, אַ פייערדיקער בעלזער חסיד. באַזעצנדיק זיך אין ווין איז ער שטאַרק רייך געוואָרן און אַ דאַנק

זיינע ברייטע געשעפטן איז ער געוואָרן אַ מקורב למלכות. ער האָט אויסגע־פועלט צו לעגאַליזירן די „מחזיקי הדת" אַלס רעפּרעזענטאַטיווע קערפּערשאַפט פון גאַליציאַנער רעליגעזן יידנטום.

די אָפיציעלע אָנערקענונג האָט געעפנט פאַר „מחזיקי הדת" נייע האָריזאָנטן און מעגלעכקייטן. אין יאָר 1878 איז די געזעלשאַפט אָפיציעל געגרינדעט געוואָרן אין לעמבערג, און אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט זענען אויפגעשטעלט געוואָרן אָפּטיילונגען אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון גאַליציע. ר' יהושע אַליין האָט נישט געוואָלט שטיין אין שפּיץ פון דער אָרגאַניזאַציע און האָט פאָרגעשלאָגן אַלס פּרעזעס דעם קראָקאָווער רב, ר' שמעון סופר. די הויפּט־עסקנים פון דער אָרגאַניזאַציע זענען געווען דער אויבנדערמאָנטער ר' שמואל מאַרגאָשעס און ר' מרדכי פּעלץ, ביידע בעלזער חסידים, וואָס האָבן געוווינט אין לעמבערג.

וועגן ר' מרדכי פּעלץ האָט פאַרעפנטליכט אונדזער בן־עיר, דער שרייבער יוסף פאַלק ז"ל, אַ גרעסערע מאָנאָגראַפיע אין אַמעריקאַנער „מאָרגן זשורנאַל", ווו ער גיט אַ טרעפלעכע כאַראַקטעריסטיק פון ר' מרדכי פּעלץ אַלס געזעל־שאַפטלעכער עסקן. עס איז באַזונדער אינטערעסאַנט ר' מרדכי פּעלץ'ס לעבנס־וועג. זיין פאָטער איז געווען אַ משכיל און אַ מיטגליד אין „שומר ישראל". אויך זיין ברודער איז געגאַנגען אויפן זעלבן וועג. ביזן עלטער פון 13 יאָר האָט מרדכי זיך דערצויגן אין גייסט, וואָס האָט געהערשט אין זיין פאָטערס הויז. אין קעגנזאַץ צום פאָטער, איז זיין מוטער געווען אַ פרומע און אַ בעלזער חסידה. ווערנדיק בר־מצווה האָט זי איבערגעפירט מרדכי'ן צו איר ברודער, אויך אַ בעלזער חסיד, און אונטער זיין השפעה האָט דער יינגער מרדכי אָנגעהויבן לערנען גמרא און פּוסקים און מיט דער צייט געוואָרן אַ פאַרברענטער בעלזער חסיד. זייענדיק פון דער נאַטור אַן אַקטיוויסט און פול מיט איניציאַטיוו, איז ער געוואָרן ר' יהושע'ס פאַרטרויאונגס־מענטש אין קאַמף, וואָס ער האָט געפירט קעגן די משכילים און אַסימילאַטאָרן. ר' יהושע האָט אויך געשאַצט ר' מרדכי'ס אָרגאַניזאַציאָנעלע פעיקייטן און „דיפּלאָמאַטישן" טאַלאַנט און פאַקטיש איבער־געגעבן אין זיינע הענט די פּראַקטישע אָנפירערשאַפט פון „מחזיקי הדת".

אַ יאָר נאָך דער לעגאַליזאַציע, האָט „מחזיקי הדת" אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַ וואָכנשריפט אונטערן נאָמען „מחזיקי הדת", וואָס איז דערשינען יעדן פרייטיק. היות דאָס אַרויסגעבן די צייטונג איז געווען פאַרבונדן מיט אַ הויכן שטייער־אָפּצאָל, איז דאָס וואָכנבלאַט דערשינען אונטער צוויי נעמען: איין וואָך האָט עס געהייסן „מחזיקי הדת", און די צווייטע וואָך „קול מחזיקי הדת".

מיט זיין געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישן חוש האָט דער בעלזער רב אָפּגעשאַצט די וויכטיקייט פון דער צייטונג, האָט זיך אינטערעסירט מיט איר אינהאַלט האָט זי געהאָלפן אויסהאַלטן פינאַנסיעל, אין אויסגעווירקט, אַז פאַרשידענע

אדמו״רים און רבנים זאָלן זי שטיצן און העלפֿן פֿאַרשפּרייטן אין זייערע קהילות.

דער קאַמף צווישן די משכילים און רעליגיעזע איז פֿאַרשטאַרקט געוואָרן און פיל מאָל אָנגענומען פֿאָרמען וואָס האָבן נישט צוגעגעבן קיין כבוד דעם גאַליציאַנער יידנטום.ביידע מחנות האָבן נישט בודק געווען די קאַמפּס־מיטלען, אָבער די ערגסטע דערשיינונג איז געווען דאָס אַריינציען די רעגירונגס־באַהערדן אין אינערלעכע יידישע ענינים. מען מוז מודה זיין, אַז מיט דעם מיטל האָבן זיך מער באַנוצט די אַסימילאַטאָרן, אָבער אויך די חסידים זענען נישט געווען איבערקלייבעריש.

איינע פון די שאַרפסטע פיילן פון די אַסימילאַטאָרן קעגן די רעליגיעזע איז געווען דער קאַמף קעגן דער טראַדיציאָנעלער יידישער דערציונג, ווייסנדיק, אַז דאָ ליגט דער הויפּט־כוח פון די רעליגיעזע. זיי זענען דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן געשיקט אַ מעמאָראַנדום אין עסטרייכישן בילדונגס־מיניסטעריום, פֿאָרשלאָגנדיק אויסצושליסן דעם תלמוד פון די יידישע לימודים אין די „חדרים״.

זיך נישט קענענדיק פונאַנדערקלייבן אין דעם אינערלעכן יידישן קולטור־קאַמף, האָט דאָס מיניסטעריום איינגעלאַדן קיין ווין פֿאָרשטייער פון ביידע מחנות כדי אין אַן עפנטלעכן דיספּוט קלאָר צו מאַכן דעם ענין. די פֿאָרשטייער־שאַפט פון ביידע צדדים איז נישט געווען קיין גלייכע. די אַסימילאַטאָרן זענען געווען פֿאַרטראָטן דורך אַ דעלעגאַציע פון 12 מענטשן; די רעליגיעזע זענען געווען פֿאַרטראָטן דורך דריי רבנים, אין שפּיץ פון ר׳ שמעון סופר, דער פרעזעס פון „מחזיקי הדת״. דעם וויכוח האָבן אַדרעסירט צוויי הויכע באַאַמטע פון בילדונגס־מיניסטעריום. ביידע צדדים האָבן אויסגעלייגט זייערע טענות, און דער סוף איז געווען, אַז די עסטרייכישע בילדונגס־עקספּערטן האָבן באַשלאָסן, אַז עס האַנדלט זיך אין אַ ריין־יידישן ענין, וואָס די יידן אַליין דאַרפן וועגן אים באַשליסן. פאַקטיש האָט עס געהייסן סטאַטוס־קוואָ. סטאַטוס־קוואָ איז פאַקטיש געווען אַ נצחון פאַר די רעליגיעזע, ווייל דער איבערוויגנדער רוב פונעם יידישן חינוך איז געלעגן אין זייערע הענט.

אין יאָר 1887 איז די אַסימילאַטאָרן געלונגען צו ברענגען אַ פֿאָרשלאַג פאַרן ווינער רייכסראַט צו שליסן אַלע תלמוד־תורות אין גאַליציע. „מחזיקי הדת״ האָט אָרגאַניזירט אַ ריזיקע פּראָטעסט־באַוועגונג און פון הונדערטער קהילות זענען געשיקט געוואָרן פּראָטעסט־בריוו דער עסטרייכישער רעגירונג. צום סוף איז אויך דער פֿאָרשלאַג געבליבן אויפן פּאַפּיר און אַרכיווירט געוואָרן.

**זיין דרך אין חסידות**

אַנדערש פון זיין פאָטער ר׳ שלום, איז ר׳ יהושע געווען אין זיין טעמפּע־ראַמענט און כאַראַקטער. ר׳ שלומס וועג איז געווען עניוות און פשטות, און אַזוי האָט ער זיך אויך געפירט זייענדיק דער רבי און מנהיג פון צענדליקער טויזנטער חסידים; ר׳ יהושע דאַקעגן האָט געפירט די חסידישע מלוכה מיט תקיפות און אויסערלעכן פּאַרנעם. ער האָט אויך איינגעפירט אַ נייעם סטיל אין בעלזער „הויף״. זייענדיק שוין די גרויסע שול, וואָס ר׳ שלום האָט אויפגעבויט, קליין אויפצונעמען אַזוי פיל חסידים־געסט, בעיקר אין די ימים טובים, האָט ער צוגעבויט צוויי פליגלען צו דער שול; צו דער זעלבער צייט האָט ער אויך אויפגעבויט זיין הויז, אָדער ווי מען פלעג עס רופן „דער הויף״, אַ ריזיקע געביידע, מיט וווינונגען פאַר דער גאַנצער רבי׳שער משפחה. אין צענטער פון הויף איז געשטאַנען די „גרויסע שטוב״ — אַ ריזיקער סאַלאָן, ווו דער רבי פלעג פּראַווען די שבתדיקע און יום־טובדיקע טישן, וואָס איז געווען ביכולת אַריינצונעמען ביי אַ צוויי טויזנט מענטשן, דער רוב שטייענדיק. דעם רבינס פּאַרצווייגטע משפחה האָט זיך אויך אָנגעהויבן קליידן אין זייד און אין סאַמעט, זומער פלעג די גאַנצע משפחה אַוועקפאָרן אויף צוויי חדשים אין די „בעדער״ (קורערטער), און דער בעלזער „הויף״, וואָס האָט זיך אין ר׳ שלומס צייטן אויסגעצייכנט מיט זיין פשטות און באַשיידנקייט, האָט זיך גענומען פירן לוקסוסדיק.

דער דאָזיקער אָפּנויג פון ר׳ שלומס באַשיידענעם לעבנסשטייגער איז אַפילו פאַרבונדן מיט אַ משפחה־טראַגעדיע. אויף דעם גרונט איז אויסגעבראָכן אַ שאַרפער קאָנפליקט צווישן ר׳ יהושע און זיין שוועסטער איידעלע, די בראָדער רביצין.

עס איז באַוווּסט, אַז איידעלע איז געווען ר׳ שלומס באַליבסטע טאָכטער. אַלע זיינע יאָרן האָט ער זיך מצער געווען, וואָס זי איז נישט געבוירן געוואָרן אַ זכר, ווייל לויט איר איידלקייט, חכמה און זעלישע אייגנשאַפטן, איז זי ראוי געווען, לויט זיין אָפּשאַצונג, צו זיין דער יורש פון בעלזער כסא הרבנות. (דער באַרימטער העברעישער שרייבער און פּראָפעסאָר אין ירושלימער אוניווער־סיטעט, דב סדן, האָט אָנגעשריבן אַ ווונדערבאַרע דערציילונג אויף דער קאַנווע „איידעלע הרבנית שהיתה בעירי״). זי האָט געוווינט אין בראָד, האָט זיך געפירט ווי אַ „רבי״, און הונדערטער חסידים פלעגן איר אָפּגעבן „קוויטלעך״. אַז ר׳ יהושע האָט פאַרוואַנדלט דעם קליינעם בעלזער „הויף״ אין אַ „גרויסן הויף״, און דערלויבט דער רבי׳שער משפחה פירן אַ לוקסוס־לעבן, האָט איידעלע אויף אים געהאַט גרויס תרעומות און פלעג אים אויך שאַרף קריטי־קירן. נישט איינמאָל האָט זי אים פאַרגעוואָרפן: „די גראַשנס וואָס אָרעמע חסידים שפּאָרן אָפּ פון מויל אַלס „פּדיון״, בעת זיי געבן אָפּ דאָס „קוויטל״, פאַרשווענדט דער בעלזער רבי אויף לוקסוס פאַר זיין משפחה, וואָס קליידט

זיך אין זייד און אין סאַמעט, פּאַרט אין די בעדער, און דער רבי אַליין גיט עס אַוועק אויף געזעלשאַפטלעכער עסקנות". איידעלעס סוף איז געווען זייער אַ טראַגישער. זי איז גייסטיק קראַנק געוואָרן, און נישט איינער פון די מקורבים האָט זיך אַרויסגעזאָגט, אַז די גרויסע ענדערונג וואָס ר' יהושע האָט אַריינגעפירט אין לעבנסשטייגער פון בעלזער „הויף" אין קעגנזאַץ צו ר' שלומס דרך, איז נישט געווען די לעצטע סיבה וואָס האָט איידעלען דערפירט צו איר טראַגישן סוף.

איין זאַך איז קלאָר: ר' יהושע האָט געעפנט אַ נייעם וועג אין בעלזער חסידות, אַ וועג פון תקיפות, אומטאָלעראַנץ און קאַמף קעגן די משכילים, און ער איז געווען דער חסידישער מנהיג, וואָס האָט אָרגאַניזירט דאָס רעליגיעזע יידנטום אין גאַליציע, און עס פאַרוואַנדלט אין אַ געזעלשאַפטלעכן קאָנצענטרירטן און דיסציפּלינירטן קעמפערישן כוח.

אויף איין אייגנשאַפט פון בעלזער חסידות, וואָס האָט כאַראַקטעריזירט ר' שלומס וועג, האָט מקפּיד געווען ר' יהושע: מקרב זיין דאָס פּשוטע פאָלק און הויבן זיין זעלבסט־ווירדע. עס ווערט דערציילט, אַז איינמאָל זענען געקומען צו אים אַ גרופּע חסידים פון אַ געוויסער שטאָט און אים דערציילט אַז זיי האָבן באַשלאָסן אויפצובויען אַ בית־כנסת פאַרן פּשוטן פאָלק. דער רבי האָט זיי גלייך געענטפערט: טוט עס נישט, ווייל מיט דעם וועט איר דערווייטערן דאָס פאָלק פון חסידות און וועט אַראָפּנידערן זייער רוחניות. אדרבה, דער וועג פון חסידות איז אויפצוהויבן דאָס פּשוטע פאָלק און נישט אַראָפּנידערן עס, און דאָס וועט איר דערגרייכן, אַז איר וועט זיך פון זיי נישט דערווייטערן, נאָר זיי מקרב זיין, און זיין מיט זיי צוזאַמען. און אַז איר וועט אַזוי טון, וועט איר אויך פּשוטע יידן מקרב זיין צו חסידות, צו עבודת הבורא און מעשים טובים.

✶

די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן איז ר' יהושע קראַנק געוואָרן אויף אַ שווערער מערידן־קראַנקהייט פון וועלכער ער האָט פיל געליטן פיזיש. אויסער דעם האָט אים די קראַנקהייט פיל געשטערט צו דערפילן זיינע פונקציעס אַלס רבי און מנהיג פון צענדליקער טויזנטער חסידים און פאַקטיש פון גאַנצן גאַליצישן רעליגיעזן יידנטום. זייענדיק אַ שטורמישע נאַטור און אַן אַקטיוויסט, האָט ער נישט געקענט שלום מאַכן מיט אַ סיטואַציע, וואָס האָט אין אַ גרויסער מאָס באַגרענעצט זיין אַקטיוויטעט אַלס אַדמו"ר און מנהיג. אויך די דאָקטוירים האָבן אים געראָטן זיך אָפּערירן, נישט זעענדיק אין דער אָפּעראַציע קיין געפאַר. די איינציקע, וואָס האָבן געפרוווט אויף אים משפּיע זיין זיך נישט צו אָפּערירן, איז געווען די משפחה. ר' יהושע, ווי זיין שטייגער, האָבנדיק באַשלאָסן זיך צו אָפּערירן, האָט ער זיך נישט געלאָזט באַאיינפלוסן פון דער משפחה און מקורבים, און איז געפאָרן קיין ווין זיך אָפּערירן.

פאַר דער אָפּעראַציע האָט ער אָנגעשריבן די צוואה, געגאַנגען אין מקווה און אָפּגעזאָגט ווידוי, און איבערגעגעבן זיין גוף אין רשות פון די דאָקטוירים־כירורגן. די אָפּעראַציע איז געלונגען און אייניקע טעג נאָך דעם האָט זיך אָנגעהויבן די דערהאָלונג. פּלוצים איז פאָרגעקומען אַן אינערלעכע קאָמפּליקאַציע און זיין לאַגע האָט זיך גענומען פאַרערגערן פון טאָג צו טאָג. דערפילנדיק, אַז זיין שעה דערנענטערט זיך, האָט ר׳ יהושע געבעטן די מקורבים, וואָס האָבן אים באַגלייט, מען זאָל אים גלייך אָפּפירן קיין בעלז, נישט וועלנדיק שטאַרבן אין דער פרעמד. אַ ספּעציעלער באַן־וואַגאָן איז געשטעלט געוואָרן צו זיין דינסט און פאַר זיינע מקורבים. ווי נאָר די באַן איז אַרויס פון ווין, אין דער ערשטער סטאַציע נאָך דער עסטרייכישער הויפּט־שטאָט, האָט ר׳ יהושע אויסגעהויכט זיין נשמה אין דער אָנוועזנהייט פון אַ מנין חסידים, זיינע מקורבים.

ר׳ יהושע רוקח, דער צווייטער בעלזער אדמו״ר, איז נפטר געוואָרן דינסטיק, פּרשת משפטים, כ״ג שבט תרנ״ד (1894) אין עלטער פון 69 יאָר. אויף צו־כּאַרגנס איז ער געבראַכט געוואָרן צו אייביקער רו אויפן בעלזער בית־עולם, נעבן זיין פאָטערס קבר. דער פּלוצימדיקער טויט פון בעלזער רבין איז אַראָפּ ווי אַ דונער אויפן גאַנצן עסטרייך־אונגאַרישן יידנטום, און אין דער ערשטער ריי אויף די יידן פון גאַליציע. פון דעם מאָמענט וואָס ר׳ יהושעס פּטירה איז באַקאַנט געוואָרן טעלעגראַפיש אין דער יידישער וועלט, האָבן אָנגעפאַנגען שטראָמען קיין בעלז טויזנטער חסידים און סתם יידן, אָפּצוגעבן אים דעם לעצטן כבוד. אין 20 טויזנט פּערזאָן האָט מען געשאַצט די אָנטיילנעמער אין ר׳ יהושעס לוויה.

אַ לאַנגע צייט האָבן בעלזער הסידים געטרויערט אויף זיין טויט, ווייל מיט ר׳ יהושעס פּטירה האָט דאָס גאַליציאַנישע חסידנטום פאַרלוירן נישט נאָר אַ גרויסן רבין, נאָר אויך אַ פירער פון פאַרנעם, וואָס זיין השפּעה האָט פאַקטיש אַרומ־גענומען דאָס גאַנצע עסטרייך־אונגאַרישע יידנטום.

## דער אדמו״ר ר׳ ישכר דוב (בער) רוקח

**יוגנט־יאָרן**

ר׳ יהושעס פרוי די רביצין רבקה־מרים, דעם אָפּטער רב׳ס אייניקל, האָט געבוירן צו איר מאַן 5 זין און 4 טעכטער. ר׳ ישכר־דוב, איז געבוירן געוואָרן אין יאָר תרי״ד (1854), אַ יאָר פאַר דער פּטירה פון זיין זיידן ר׳ שלום. דאָ איז דער פּלאַץ צו אונטערשטרייכן, אַז טראָץ דעם, וואָס ר׳ ישכר־בער איז נישט געווען דער בכור, האָט אים זיין פאָטער, נאָך זייענדיק אַ קינד, באַשטימט אַלס זיין

יירש אויף דעם בעלזער כסא הרבנות. ר׳ יהושען איז געווען לייכט אָנצונעמען דעם דאָזיקן באַשלוס, סומך זייענדיק זיך אויף זיין גרויסן פאָטער, וואָס האָט אויך אַזוי געהאַנדלט.

נאָך אַלס קינד האָט זיך ר׳ ישכר־דוב אויסגעצייכנט מיט זיין שאַרפן קאָפּ און איז גיך באַרימט געוואָרן אַלס עילוי. אין עלטער פון 14 יאָר האָט ער חתונה געהאַט מיט באַשע־רוחמה, דעם טשערנאָבילער רבינס אייניקל. ר׳ אהרון טווערסקי, איר זיידע, איז געווען איינער פון די באַרימטסטע רביים אין רוסלאַנד. די חתונה איז פאָרגעקומען אין טשערנאָבל.

דער אדמו״ר ר׳ אהרון טווערסקי, האָט זיך נוהג געווען צו האַלטן זיין גאַנצע משפחה ביי זיך, אַריינגערעכנט די אייניקלעך און אוראייניקלעך. אויס אַכט צום טשערנאָבעלער צדיק, האָט ר׳ יהושע געגעבן זיין הסכמה, אַז דאָס יונגע פּאָר זאָל בלייבן וווינען אין זיין שטאָט. אויף אַזאַ אופן האָט ר׳ ישכר־דוב פאַרלאָזט בעלז אין עלטער פון 14 יאָר, זיך באַזעצט אין טשערנאָבל, וווּ ער האָט געלעבט גאַנצע 10 יאָר, ווייל דאָס איז געווען די צאָל יאָרן וואָס ר׳ אהרון טווערסקי האָט באַשטימט אַלס „קעסט״ פאַרן יונגן פּאָרל.

אין טשערנאָבל, האָט ר׳ ישכר־בער כמעט ווי נישט געענדערט זיין פריער־דיקן לעבנס־שטייגער. טעג און נעכט איז ער געזעסן על התורה ועל העבודה, און אין דער תקופה האָט ער מהדש געווען פיל חידושי־תורה. ער האָט זיך נוהג געווען אַ יעדן חידוש צו פאַרשרייבן. די חידושי־תורה זיינע זענען אים געווען זייער טייער און ער האָט זיי נישט אַרויסגעלאָזט פון זיין רשות. ווו ער איז געגאַנגען און געפאָרן האָט ער זיי מיטגעפירט מיט זיך.

אין כאַראַקטער און טעמפּעראַמענט איז ר׳ ישכר־דוב געווען זייער ענלעך צו זיין פאָטער. דער ערשטער באַווייז פון זיין שטאַרקן כאַראַקטער און דעצי־דירטקייט זיך פירן אויך אין טשערנאָבל לויט זיין אייגענעם דרך, איז געווען זיין באַשלוס ממשיך צו זיין אין טשערנאָבל דעם וועג פון בעלזער חסידות. איינער פון די אויסערלעכע אונטערשיידן צווישן רוסישע און גאַליציאַנער חסידים איז געווען דער לבוש. אויך אין גאַליציע גופא האָבן זיך בעלזער חסידים אַנדערש געקליידט ווי די חסידים פון אַנדערע „הויפן״. פונעם ערשטן טאָג אָן, וואָס ר׳ ישכר־דוב האָט זיך באַזעצט אין טשערנאָבל האָט ער ממשיך געווען זיך צו קליידן לויטן בעלזער שטייגער. דאָס אָפּלאַכן פון זיין בעלזער „הילוך״ דורך די טשער־נאָבלער אייניקלעך און חסידישע יונגעלייט, האָט אויף אים נישט געהאַט קיין שום ווירקונג. און נישט נאָר אין לבוש איז ר׳ ישכר־בער געווען אַנדערש פון ר׳ אהרון טווערסקיס אייניקלעך; זיין גאַנצע פירונג איז געווען לויטן בעלזער שטייגער. אינטערעסאַנט, אַז זיין אַנדערשקייט איז בכלל נישט געווען קיין שטערונג צו געניסן ר׳ אהרונס ליבשאַפט און אָנערקענונג. דער אַלטער טשער־נאָבלער צדיק האָט אים זייער ליב געהאַט און הויך געשעצט צוליב זיין אויסער־

געוויינלעכער פיקחות, שאַרפקייט און התמדה אין לערנען, און לאַנגע שעהן פלעג ער מיט אים פאַרברענגען אין דברי תורה און שמועסן וועגן חסידות.

פיר יאָר האָט ר׳ ישכר־בער זיך געפונען אין דער מחיצה פונעם אַלטן אדמו״ר (ביז צו זיין פטירה) און גרויס איז געווען זיין השפעה אויף אים. ר׳ ישכר־בער האָט געשעפּט זיין חסידישע תורה פון צוויי קוואַלן: בעלז און טשערנאָבל. בעיקר איז ער באַאיינפלוסט געוואָרן פון ר׳ אהרון טווערסקיס חסידישער דביקות און עבודת הבורא. אין משך פון יאָרן און ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן, פלעג ר׳ ישכר־דוב דערציילן מיט גרויס יראת הכבוד ווי אַזוי דער אַלטער טשערנאָבלער צדיק פלעג זאָגן „מודה אני״ יעדן פרימאָרגן. „זיין גאַנץ ווערן איז אָנגעפילט געוואָרן מיט יראה און איבער אַלע זיינע אברים פלעג אַדורכגיין אַ ציטער. און בשעת זיינע ליפּן האָבן אַרויסגערעדט די צוויי ווערטער „מודה אני״, פלעג ער זאָגן מיט גרויס פלאַטערניש: „ווער בין איך אויף צו האָבן די זכיה דיר צו דאַנקען האר פון דער וועלט;״ און ווען ער פלעג אַרויסזאָגן דאָס וואָרט „לפניך״, פלעג ער פאַר גרויס ציטערניש און פלאַטערניש פאַר השם יתברכס גרויסקייט אַריינפאַלן אין חלשות, און אַ לאַנגע צייט האָט ער נישט געקענט ממשיך זיין, ביז ער איז געקומען צו זיך״.

אַן אייגענעם זמר האָט פאַרפאַסט ר׳ אהרון טווערסקי, און שוין נאָכדעם ווי ר׳ ישכר־דוב איז געוואָרן בעלזער רב, פלעג ער אים תמיד זינגען, און בשעת מעשה דערמאָנען, אַז דאָס איז ר׳ אהרונס זמר, וואָס איז באַשטאַנען פון פאָלגענדע ווערטער: „מען דאַרף דינען השם יתברך אָן פניות, במחשבה, בדיבור ובמעשה, נאָר אים אַליין דאַרף מען דינען...״

אַ פּאָר יאָר נאָך דער חתונה האָט באַשע־מירל נישט געהאַט קיין קינדער, אַ פאַקט, וואָס האָט זיי זייער מצער געווען. ר׳ ישכר־בער, וואָס האָט זייענדיק אין טשערנאָבל געזוכט אָנצוהאַלטן אַן ענגן קאָנטאַקט מיטן פאָטער, פלעג אָפט באַזוכן בעלז, און אין יעדער נסיעה פלעג ער מיטנעמען זיינע חידושי תורה. ווען עס איז ביי אים רייף געוואָרן דער געדאַנק אַרויסצוגעבן זיינע חידושים אין אַ ספר, האָט ער באַשלאָסן זיי פריער ווייזן דעם פאָטער און נעמען רשות ביי אים. גראָד האָט זיך געמאַכט, אַז דאָס מאָל, קומענדיק קיין בעלז, וועלנדיק ווייזן דעם פאָטער די כתבים, האָט ער זיי נישט געפונען אין רענצל, ווו ער האָט געפירט זיינע זאַכן. ער האָט גוט געדענקט, אַז בעתן איינפּאַקן די פּעקלעך, האָט ער אין איינעם פון די רענצלעך אַריינגעלייגט די כתבים, און איצט נישט געפונענדיק זיי, האָט ער נישט געקענט פאַרשטיין אויף וואָס פאַר אַן אופן זיי זענען פאַרשוווּנדן. ער האָט זיך שטאַרק מצער געווען, זייענדיק זיכער, אַז אויפן וועג קיין בעלז האָט ער זיי פאַרלוירן, און עס האָט אים ווייט געטאָן וואָס מיט איינמאָל איז אים פאַרלוירן געגאַנגען די מי פון 10 יאָר. ווען ער האָט דערציילט דעם פאָטער וועגן דער אבידה, האָט אים ר׳ יהושע געטרייסט און געזאָגט: „זיי זיך נישט מצער וואָס האָסט פאַרלוירן די כתבים. דער טאַטע זצ״ל ר׳ שלום, האָט

פאַרטייטשט דעם פסוק „זה ספר תולדות האדם" אויף פאָלגענדן אופן: דעם בעסטן ספר וואָס אַ מענטש קאָן אָנשרייבן זענען זיינע קינדער. אַצינד, מיין זון, פאַרזיכער איך דיר, אַז אויפן אָרט פון די כתבים וואָס האָסט פאַרלוירן, וועסטו האָבן כשרע קינדער".

נאָך וווינענדיק אין טשערנאָבל האָט באַשע־מירל געבוירן צוויי קינדער, אַ זון — ר' אהרלע, און אַ טאָכטער חנה־רחלע. נאָכדעם ווי עס האָבן זיך פאַרענדיקט די צען יאָר „קעסט", האָט ר' ישכר־דוב מיט זיין בני־בית פאַרלאָזן טשערנאָבל און זיך אומגעקערט קיין בעלז, כדי זיך צו געפינען אין דער מחיצה פונעם פאָטער און אין אמביענט פון בעלזער חסידות.

## ר' ישכר-דוב בעלזער רב און פירער פון גאַליציִשן חסידיזם

ווי שוין דערמאָנט האָט ר' יהושעלע פיל יאָרן פאַר זיין פטירה באַשטימט ר' ישכר־בערן אַלס זיין יורש אויפן בעלזער כסא הרבנות. און ווירקליך, גלייך נאָך זיין פטירה, ווינטער תרנ"ד (1894), איז ר' ישכר־דוב געקרוינט געוואָרן אַלס בעלזער רב און די צענדליקער טויזנטער בעלזער חסידים האָבן אים גלייך אָנערקענט אַלס זייער גייסטיקן פירער.

ווי שוין דערמאָנט איז ר' ישכר בער אין כאַראַקטער און טעמפּעראַמענט געווען ענלעך צום פאָטער. ווי ר' יהושע האָט ער געהאַט אַ שטאַרקן כאַראַקטער, געווען מוטיק און קעמפעריש, ווען ער האָט געזען אַוועלכע עס איז סכנה פאַרן רעליגיעזן יידנטום. בעלזער חסידים און דאָס רעליגיעזע יידנטום אין גאַליציע אין אַלגעמיין, האָבן באַלד דערפילט, אַז מיט ר' ישכר־בערן אַלס בעלזער רב, האָבן זיי אַ מנהיג פון פאַרנעם, וואָס וועט זיך נישט אָפּשרעקן צו פאַרפירן אַ קאַמף, אויב עס וועט נויטיק זיין, מיט אַלע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך באַצויגן קריטיש צום חסידיזם און צום רעליגיעזן יידנטום כבלל.

נאָך ר' יהושעס פטירה, האָט זיך אויף אַ קורצע צייט פאַרשטאַרקט די פּאָזיציע פון די גאַליצישע אַסימילאַנטן, און ביז ר' ישכר־דוב האָט איבערגע־נומען אין זיינע הענט די פירערשאַפט פון רעליגיעזן יידנטום און פון דער חברה „מחזיקי הדת", איז די משכילים געלונגען דורכצופירן אין עסטרייכישן פּאַרלאַמענט אַ געזעץ, אַז אין די „הדרים" און תלמוד־תורות זאָל זיין אָבליגאַטאָריש דאָס לערנען די דייטשע שפּראַך. אַ פיל שווערערע גזירה פאַרן רעליגיעזן יידנטום איז געווען דער צווייטער געזעץ, וואָס עס האָט אָנגענומען דער ווינער פּאַרלאַמענט, אַז יעדער רב מוז דערווערבן די לאַנד־שפּראַך און עלעמענטאַרע אַלגעמיינע בילדונג און עקזאַמינירט ווערן אין די געגנשטאַנדן דורך רעגירונגס־עקזאַמינירער.

עס איז נישט שווער צו פאַרשטיין, אַז דאָס רעליגיעזע יידנטום, און אין ערשטער ריי די חסידים, האָבן אין די צוויי געזעצן געזען שווערע גזירות, וואָס קומען אונטערגראָבן די יסודות פון יידנטום, און האָבן באַשלאָסן צו קעמפן קעגן זיי מיט אַלע מיטלען און מסירות נפש. פאַרשטענדלעך, אַז דער בעלזער רב, אַלס




דער אדמו״ר ר׳ ישכר דוב זצ״ל אין באַגלייטונג פון ר׳ יאָסעלע יאַרטשאָווער (רעכטס) הי״ד און ר׳ משה שיניאָווער הי״ד (לינקס).

האדמו״ר ר׳ ישכר דוד זצ״ל בליווי ר׳ יוסלה יארצ׳ובר (מימין) הי״ד ור׳ משה שינובר הי״ד (משמאל).

פירער פון גאַליצישן רעליגיעזן יידנטום, האָט זיך געשטעלט אין שפּיץ פון דאָזיקן קאַמף, און האָט זיך אין אים אַריינגעוואָרפן מיט זיין גאַנצן חסידישן ברען און מוט, וואָס האָט אים נישט געפעלט.

באַזונדער שווער האָט אויסגעזען די „עקזאַמענס גזירה״ פאַר די רבנים, און דער חסידישער גענעראַל־שטאַב האָט באַשלאָסן צו פירן קודם דעם קאַמף קעגן דער גזירה. ר׳ ישכר־בער האָט באַשלאָסן צו פאָרן קיין לעמבערג, בעטן אַן אוידיענץ ביים גובערנאַטאָר פון גאַליציע און אים פּרווון איבערצייגן מבטל צו זיין די גזירה. נישט קענענדיק קיין דייטש, האָט אים באַגלייט אַלס איבערזעצער דער באַקאַנטער גביר און שתדלן דוד שרייבער. שטייענדיק פאַר דעם גובער־נאַטאָרס הויז, האָט ר׳ דוד געפרעגט דעם בעלזער רב, אויף וואָס פאַר אַן אופן זיי דאַרפן אויסלייגן זייערע טענות פאַרן מושל. ר׳ ישכר־דוב האָט אים געענטפערט: „איך האָב מיט זיך דעם רבין ר׳ אלימלכס אַ תהילימל, לאָמיר קודם זאָגן אַ קאַפּיטל תהילים״.

ר׳ ישכר־בער, וואָס איז געווען באַרימט אַלס אַ פּיקח און אויך אַ פּראַקטישער מענטש, האָט זיך נישט אינגאַנצן פאַרלאָזט אויף ר׳ אלימלכס תהילימל, און האָט

גוט צוגעגרייט זיינע טענות, וואָס ער וועט פאָרברענגען פאַרן גובערנאַטאָר. און ווירקלעך, ווען דער גובערנאַטאָר האָט אים אויף דער ביטע מבטל צו זיין די עקזאַמענס פאַר די רבנים, געענטפערט, אַז ס׳קען נישט געמאָלט זיין, אַז רבנים, וואָס זענען די גייסטיקע פירער פון די קהילות, זאָלן נישט האָבן קיין אַלגעמיינע בילדונג, האָט אים דער בעלזער רב געענטפערט מיט אַ משל:

„ווען למשל, אייער הויכגעבוירנקייט באַשליסט צו בויען אַן אייזנבאַן, וועמען וועט ער איינלאַדן אויסצואַרבעטן די פּלענער און אָוועקשטעלן אין שפּיץ פון דער אַרבעט? איזשיניערן אָדער שוסטערס און אַנדערע בעלי־מלאכהס וואָס האָבן נישט קיין אַנונג אין אַזאַ אונטערנעמונג? דער נמשל איז פאָלגענדער: אויף צו פירן רעליגיעזע יידישע קהילות וועמען דאַרף מען שואל עצה זיין, די רבנים אָדער דעם באַראָן שמעלקע הורוויץ, וואָס איז נישט קיין רב (שמעלקע הורוויץ איז געווען פון די וויכטיקסטע אַסימילאַנטן פירער אין גאַליציע).

ר׳ ישכר־דובס טרעפלעכער און שלאָגפערטיקער ענטפער איז געפעלן דעם גובערנאַטאָר, און בכלל האָט דער בעלזער רבי אויף אים געמאַכט אַ רושם אַלס אַ פירער פון פאָרנעם, און ער האָט מיט אים פאַרפירט אַ געשפּרעך וועגן פאַר־שידענע יידישע און אַלגעמיינע ענינים, אַ געשפּרעך וואָס האָט זיך פאַרצויגן אויף אַ גאַנצע שעה. דער ערשטער ציל פון דער אודיענץ איז דערגרייכט געוואָרן: דער גובערנאַטאָר האָט פאַרפּוירן דעם געזעץ, און מיט אַ צייט שפּעטער איז ער אינגאַנצן בטל געוואָרן.

וועגן בעלזער רב׳ס באַזוך ביים לעמבערגער גובערנאַטאָר, פלעגן חסידים דערציילן פאַרשידענע מעשיות, צווישן זיי, אַז נאָך ר׳ ישכר־בערס באַזוך האָט דער באַראָן שמעלקע הורוויץ פאַרלוירן דעם אָנזען ביים לעמבערגער מושל. פאַר דער אודיענץ. האָט דער גובערנאַטאָר געפרעגט ביים יידישן באַראָן אויסקונפטן וועגן בעלזער רבין. שמעלקע האָט אים געענטפערט: „עט, אַ ייד אַ בטלן״. אָבער נאָכדעם ווי דער גובערנאַטאָר האָט געשמועסט מיטן בעלזער רב במשך אַ שעה צייט, און ער האָט געזען פאַר זיך אַ קלוגן, שאַרפזיניקן יידישן רעליגיעזן פירער, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז שמעלקע הורוויץ האָט אים בכוונה געגעבן פאַלשע דאַטן און דאָס האָט אים פאַרדראָסן. דערפאַר ווען דער באַראָן האָט נאָך דער אודיענץ זיך געטראָפן מיטן מושל, האָט אים דער גובערנאַטאָר פאַרגעוואָרפן: „ווי האָסטו געקענט זאָגן אויפן בעלזער רבין, אַז ער איז אַ בטלן, איך האָב מיט אים געשמועסט אַ שעה צייט און נישט נאָר וועגן יידישע ענינים, און האָב זיך איבערצייגט, אַז ער איז אַ ייד אַ חכם און אויך באַהאַוונט אין אַלגעמיינע פּראָבלעמען״.

אָפּגעזען פון דער מיינונג וואָס פיל קענען האָבן וועגן חסידים און רביים, וואָס איז שייך ר׳ ישכר־דוב, אַלע וואָס האָבן אים געקענט פּערזענלעך, פאַרערער און קעגנער, האָבן אין אים געזען אַ פּערזענלעכקייט פון פאָרנעם. קודם־כל זיין אויסזען: הויך, אַ שטאַרקער קערפּער־בוי און זיין פּנים האָט אויסגעדריקט

פיקחות און חכמה. זיין בליק איז געווען שאַרף און דורכדרינגענד. דער וואָס האָט זיך געפונען אין זיין מחיצה האָט נישט געקענט נישט באַאיינדרוקט ווערן פון זיין פערזענלעכקייט. אויסער דעם איז ער געווען אַ למדן מופלג, און רבנים און גאונים פון ווייט און נאָענט פלעגן זיך צו אים ווענדן מיט שאלות ותשובות. ער האָט אויך געהאַט אַ וואַכזאַם אויג צו וועלט־ענינים. צו דעם אַלעמען האָט ער פאַרמאָגט אַן אייזערנעם ווילן און געפירט זיין חסידישע מלוכה מיט תקיפות. ער איז געווען אַ מנהיג פון געבוירן, עס איז דערפאַר נישט קיין וווּנדער, וואָס זיין השפעה איז געווען אַזוי גרויס אויף חסידים און אויף נישט חסידים און אַפילו אויף גויים. צו ר׳ ישכר־בערן פלעג מען קומען נישט נאָר בעטן אַ ברכה און אַ רפואה, נאָר אויך עצות אויף פאַרשידענע געביטן, און על פי רוב זענען זיינע עצות געווען באַזאַכטע און גוט דורכגעטראַכטע. ער איז אויך געווען אויסערגעוויינלעך שאַרף און שלאָגפערטיק. ווען זיינע ענטפערס און ווערטלעך וואָלטן געווען פאַרצייכנט געוואָרן אין אַ בוך, וואָלט עס זיכער געווען אַן אוצר פון יידישער חכמה און חסידישער טיפקייט.

**ר׳ ישכר דוב און זיין קאַמף קעגן ציוניזם**

ר׳ ישכר־דוב האָט זיך באַטראַכט אַלס ממשיך פון זיין זיידנס און פאָטערס וועג, און געווען טיף איבערצייגט, אַז תלמוד תורה און אָפּהיטן די מצוות פון דער תורה, זענען די יסודות פון יידנטום. ווי שוין דערמאָנט, האָט ר׳ יהושע געגרינדעט די חברה „מחזיקי הדת״, אַלס אָרגאַניזירטער כוח צו באַקעמפן די השכלה און אירע טרעגער די משכילים־אַסימילאַנטן. אַנאַליזירנדיק היינט, אין ליכט פון היסטאָרישער פערספעקטיוו, די השכלה־באַוועגונג, מוז מען קומען צו דער מסקנה, אַז דער קאַמף וואָס דאָס רעליגיעזע יידנטום, און אין ערשטער ריי די חסידים, האָבן איר דערקלערט, איז אינגאַנצן נישט געווען אומבאַרעכטיקט. עס איז נישט דאָ ס׳פּלאַץ צו מאַכן אַ היסטאָרישן אַנאַליז צי איז בכלל מעגליך געווען אָפּצושטעלן אָדער פאַרהאַלטן דעם גאַנג פון דער השכלה און אַסימילאַציע, אָבער וואָס נוגע רעליגיעזע יידן, האָבן זיי באַזעסן אַ רעאַליסטישן חוש זעענדיק אין דער השכלה דעם ערשטן שריט צו אַסימילאַציע. און אין דערווירקלעכקייט האָבן זיי זיך נישט טועה געווען. די השכלה האָט אונטערגעגראָבן די יסודות פון טראַדיציאָנעלן יידנטום, פאַרפלאַכנדיק דעם איינגעזעסענעם דורות לאַנגן יידישן לעבנס־שטייגער און אויסהוילנדיק אים פון זיין נאַציאָנאַלער און רעליגיעזער אייגנאַרטיקייט. די חסידישע באַוועגונג, וואָס איז אין תוך געווען אַ רעוואָלו־ציאָנערע באַוועגונג (זי האָט רעוואָלטירט קעגן דער טרוקענער הלכה און רבנים־הערשאַפט אין יידישן לעבן), האָט אינטואיטיוו דערפילט די סכנה פאַרן קיום פון יידנטום, וואָס זענען געווען פאַרבאַהאַלטן אין די קערנער, וואָס די השכלה האָט פאַרזייט. דערפאַר, דאַרף פון היסטאָרישער פערספעקטיוו באַטראַכט ווערן פאַר גערעכט דער קאַמף וואָס דער חסידיזם האָט דערקלערט דער השכלה.

וואָס שייך גאַליציע, דאַרף געזאָגט ווערן, אַז דאָס גרינדן די „מחזיקי הדת״ און דער קאַמף וואָס ר׳ יהושע רוקח האָט דערקלערט די משׂכּילים אין די 60קער און 70קער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט איז געווען באַרעכטיקט. אַנדערש אָבער האָט אויסגעזעען די לאַגע מיט אַ פּאָר צענדליק יאָר שפּעטער, ווען ר׳ ישׂכר־בער איז געווען דער פירער פון בעלזער חסידיזם.

ר׳ ישׂכר־בער איז געוואָרן בעלזער רב אין יאָר 1894, צוויי יאָר פאַרן דערשיינען פון הערצלס „יידנשטאַט״, און דריי יאָר פאַרן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, ווו עס איז געגרינדעט געוואָרן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. כּראָנאָלאָגיש האָט ר׳ ישׂכר־בער אָנגעפאַנגען זיין טעטיקייט אַלס מנהיג פון גאַליצישן און אַלגעמיין־עסטרייכישן חסידיזם אין איין צייט מיטן ד״ר הערצל און דער גרינדונג פון אָרגאַניזירטן ציוניזם. דאָ דאַרף באַטאָנט ווערן, אַז צום סוף פון 19טן און אָנפאַנג פון 20סטן יאָרהונדערט, איז שוין דער רוב פון דער יידישער יוגנט, אויך אין גאַליציע, פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער באַפרייונגס־באַוועגונג, וואָס האָט געהאַט פאַר זיך צוויי אַלטערנאַטיוועס: עמאַנציפּאַציע אָדער אויטאָעמאַנציפּאַציע. עמאַנציפּאַציע ביי יענע באַדינגונגען האָט געהייסן אין עסטרייך קאָסמאָפּאָליטישער סאָציאַליזם, לויט דער תורה פון וויקטאָר אַדלער און אָטאָ באוער, וואָס האָט געפירט צו אַבסאָלוטער אַסימילאַציע, פיל געפערלעכער פון דער פריערדיקער משׂכּילישער אַסימילאַציע. (דאָ זאָל דערמאָנט ווערן אַז אין גאַליציע, און אין עסטרייך־אונגאַרן בכלל האָט כמעט נישט עקזיסטירט אין יענער צייט דער „בונד״, וואָס האָט אין זיין סאָציאַליסטישער פּראָגראַם איינגעשלאָסן קולטור־אויטאָנאָמיע אויף יידיש). דער צווייטער וועג, אויטאָעמאַנציפּאַציע, האָט געהייסן ציוניזם אין אַלע זיינע פאַרבן און שאַטירונגען, אַריינגערעכנט דעם רעליגיעזן ציוניזם, רעפּרעזענטירט דורך „מזרחי״. נאָכדעם ווי די יידישע יוגנט האָט זיך טיילווייז לפּחות, אויסגעניכטערט פון די עמאַנציפּאַציע־אילוזיעס אין רוסלאַנד און אויך אין גאַליציע, איז דער ציוניזם געווען דער איינציקער קאָנסטרוקטיווער וועג, וואָס איז געווען בכוח צו פאַרכאַפּן און באַגייסטערן די יידישע יוגנט.

דער דריטער בעלזער אדמו״ר, טראָץ זיין קלוגשאַפט און וואַכזאַמקייט צו צייט־פּראָבלעמען, האָט נישט תופס געווען די ראַדיקאַלע ענדערונגען וואָס זענען פאָרגעקומען אין יידישן לעבן, און אַ געפאַנגענער פון זיין קאָנסערוואַטיזם, האָט ער פּאַקטיש אַריבערגעפירט דעם קאַמף, וואָס זיין פאָטער האָט געפירט קעגן דער השׂכּלה אויפן ציוניזם. ער איז נישט אַריינגעדרונגען אין פונדאַמענטאַלן אונטערשיד צווישן דער השׂכּלה און ציוניזם אין באַצוג צו דער יידן־פראַגע, און נישט געזען, אַז בעת די ערשטע האָט געפירט צו אַסימילאַציע, פירט די צווייטע צו דער רעגענעראַציע פון יידנטום און אויפלעב פון די שעפערישע כוחות פונעם יידישן פאָלק. און ווייל ר׳ ישׂכר־בער האָט אין ציוניזם געזען אַ המשך אָדער אַ נייע אויפלאַגע פון דער השׂכּלה, האָט ער אים באַקעמפט מיט די שאַרפסטע מיטלען,

טראָץ דעם וואָס אין דער ציוניסטישער באַוועגונג האָבן אַקטואירט אַזעלכע רעליגיעזע אויטאָריטעטן ווי הרב מרדכי עליאַשבערג, הרב שמואל מאָהילעווער, הרב ריינעס, הרב קוק און פיל אַנדערע באַרימטע רבנים און גאונים, וואָס האָבן נישט געזען קיין סתירה צווישן ציוניסטישן געדאַנק און גלויבן אין ביאת המשיח. ר׳ ישכר־בער איז ביז צום סוף פון זיין לעבן געבליבן פאַרעקשנט אין קאַמף קעגן ציוניזם נישט ווייניקער ווי דער „בונד" און עקסטרעמע אַסימילאַנטן. אין זיין קעגנערשאַפט צום ציוניזם איז ער אַזוי ווייט דערגאַנגען, אַז ר׳האָט זיך אויסגע־דריקט, אַז „דער ציוניזם פירט צו שמד רחמנא ליצלן", און באַטראַכט די ציוניסטן אַלס כופרים און דוחקי הקץ. ער האָט זיך אַפילו דערווייטערט פון דער „אגודת ישראל", צוליב איר פאָזיטיווער שטעלונג צו פראַקטישער אַרבעט פון יישוב הארץ.

פיל ציוניסטישע מנהיגים און עסקנים האָבן געפרווווט משפיע זיין אויף ר׳ ישכר־בערן ער זאָל ענדערן אָדער לפּחות מעסיקער מאַכן זיין שטעלונג צום ציוניזם, בעיקר בעת וואַלן צום עסטרייכישן פאַרלאַמענט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, און שפּעטער צום פוילישן סיים. זיי האָבן אים געבעטן ער זאָל לפּחות נישט פאָדערן פון בעלזער חסידים אָפּצוגעבס זייערע שטימען פאַר די רעאַקציאָנערע פאַרטייען (אגב, דער רוב רעגירונגס־פאַרטייען), וואָס זענען געווען זייער ווייט פון אהבת־ישראל, און צווישן זייערע קאַנדידאַטן האָבן פיגורירט אָפּענע אַנטיסעמיטן. דער אמת דאַרף געזאָגט ווערן, אַז נישט אַלע בעלזער חסידים זענען איינשטימיק געווען מיטן רבס שאַרפן קאַמף קעגן ציוניזם, און נישט איינמאָל האָבן זיי פון זייער זייט געפּרווּווט אויף אים משפּיע זיין צו מילדערן זיין שטעלונג לפּחות אין דער צייט פון פּאָליטישע געשעענישן ווי וואַלן. ר׳ ישכר־בער איז אָבער געבליבן פאַרעקשנט אין זיין נעגאַטיווער שטעלונג צום ציוניזם.

עס איז כאַראַקטיריסטיש און אויך באַלערנדיק דער פאָלגענדער ענטפער וואָס ער האָט אַמאָל געגעבן אַ גרופּע חסידים ביי אַזאַ געלעגנהייט. איינמאָל, זיצנדיק אין קרייז פון נאָענטע הסידים, האָט זיך אַנטוויקלט אַ שמועס וועגן ציוניזם. איינער, אַ מוטיקער חסיד, האָט געוואַגט אַריינצווואַרפן פאָלגענדע באַ־מערקונג: „און דאָך וווּנדערט מיך, וואָס דווקא די ציוניסטן, וואָס זענען ווייט פון אָפּהיטן מצוות און יראת שמים, זענען מקיים די מצווה פון ישוב ארץ ישראל און קיבוץ גלויות, וואָס יראים און שלמים גלוסטן אַזוי שטאַרק מקיים צו זיין די דאָזיקע מצווה אין משך פון דורות".

אויף דער פראַגע־באַמערקונג האָט אים ר׳ ישכר־בער געענטפערט מיט אַ משל: למה הדבר דומה? — צו וואָס איז דאָס גלייך? — צו אַ מענטש וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן געחלומט צו געווינען דאָס גרויסע געווינס. אַ געוויסן טאָג איז זיין ווונטש מקויים געוואָרן. זיין משפחה האָט מורא געהאַט אים ראַפּטום מודיע זיין די בשורה, טאָמער וועט זיין האַרץ נישט איבערטראָגן די גרויסע פרייד. האָבן זיי צו אים געשיקט דעם גרעסטן שטאָט־ליגנער ער זאָל אים גיין מודיע זיין

די בשורה. קענענדיק דעם שטאָט־ליגנער, האָט דער געווינער געמיינט, אַז ער האָט פונדאָסניי פאַרטראַכט איינעם פון זיינע באַרימטע ליגנס און האָט אים נישט געגלויבט. נאָכן ליגנער האָט די משפחה געשיקט אַ באַגלויבנסווערטיקן מענטש ער זאָל אים אָנזאָגן די בשורה.

היות נאָכן ליגנערס רייד, איז דער געווינער דאָך שוין געווען צוגעגרייט צום געדאַנק, איז שוין די בשורה פאַר אים נישט געווען קיין איבערראַשונג און אַזוי אַרום איז ער ניצול געוואָרן פון אַ גרויסער עמאָציע. דער נמשל, האָט דער רבי געענומען דערקלערן דעם משל, איז די כנסת ישראל, וואָס געפינט זיך אַזוי פיל יאָרן אין גלות, און איר האַרץ לעכצט נאָכן גרויסן געווינס, ד. ה. נאָך דער גאולה. כדי זי זאָל ניצול ווערן פון אַ צו גרויסער איבערראַשונג ווען זי וועט הערן די בשורה פון ביאת המשיח, האָט דער רבונו של עולם באַשאַפן די גרויסע ליגנערס — די ציוניסטן, אַז זיי זאָלן זיין די ערשטע וואָס זאָלן אָנזאָגן דער כנסת ישראל די טריט פון משיחן. דערווייל וועט זיך די כנסת ישראל צוגעוווינען צום געדאַנק פון ביאת המשיח, און ווען דער גרויסער מבשר — אליהו הנביא, וועט קומען, וועט זי שוין זיין צוגעוווינט צו דער ישועה און ניצול ווערן פון איר פלוצימדיקייט.

דער ענטפער און אַנדערע סיפּורים פון ענלעכן כאַראַקטער וואָס חסידים דערציילן, באַווייזן ר׳ ישכר־בערס אַמביוואַלענטע באַציונג צום ציוניזם. ווייזט אויס, אַז טיף אין האַרץ איז ער אַליין נישט געווען אינגאַנצן צופרידן מיט זיין שאַרפן אַנטיציוניזם. פאַר דער פּסיכאָאַנאַליזע איז בכלל נישט שווער אויפצודעקן די מאָטיוון, וואָס האָבן גורם געווען זיין עקשנותדיקע קעגנערשאַפט צום ציונזם, אַפילו ווען אין תוך איז ער נישט געווען איבערצייגט אין דער ריכטיקייט פון זיין שטעלונג. גלויביקע ציוניסטן וועלן אַוודאי זען אַן אצבע אלוקים אינעם פאַקט, וואָס זיינע צוויי זין, ר׳ אהרעלע און ר׳ מאָטעלע, האָבן זיך געראַטעוועט פון נאַצישן גהינום מיט דער הילף פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, האָבן געפינען אַ מקום־מקלט אין ארץ־ישראל, און דווקא אין ארץ־ישראל האָט זיך רעסטאַווירט פונדאָסניי דאָס בעלזער חסידות נאָכן גרויסן חורבן פון אייראָ־פּעישן יידנטום.

## אין דער ערשטער וועלט-מלחמה און נאָך איר

ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה און אַ גרויסער טייל פון מזרח גאַליציע איז אָקופּירט געוואָרן דורך דער רוסישער אַרמיי, און דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט צו בעלז, האָט ר׳ ישכר־בער באַשלאָסן צו פאַרלאָזן מיט זיין משפחה בעלז און איז אַריבערגעפאָרן קיין אונגאַרן, ווו ער האָט אויך געהאַט פיל חסידים. ער האָט זיך באַזעצט אין שטעטל ראַצפערד, ווו ער איז פאַרבליבן ביזן סוף פון דער מלחמה. טויזנטער חסידים פון פאַרשידענע עסטריי־כישע געביטן, נישט קוקנדיק אויף די שווערע רייזע־באַדינגונגען בעת דער

מלחמה, זענען פון מאָל צו מאָל געפאָרן צום רבין קיין ראַצפערד, וואָס איז אין משך פון די יאָרן 1918—1915 געוואָרן דער צענטער פון בעלזער חסידות. צום סוף פון דער מלחמה האָט דער רבי פאַרלאָזט ראַצפערד און זיך איבערגעקליבן קיין מונקאַטש, די הויפּט־שטאָט פון קאַרפּאַט־רוסלאַנד, וואָס אויך דאָרט האָבן געלעבט פיל בעלזער הסידים. אין מונקאַטש איז דעם בעלזער רב און זיינע מקורבים אויסגעקומען איבערצולעבן שווערע טעג צוליב דער פיינטשאַפט פונעם מונקאַטשער רבין, ר׳ חיים אליעזר שפּירא, וואָס האָט אויך געהאַט טויזנטער אָנהענגער. הרב שפּירא האָט נישט געוואָלט שלום מאַכן מיטן פאַקט, אַז אין זיין שטאָט זאָל זיך געפינען נאָך אַ רבי מיט חסידים. ער האָט אָנגעפאַנגען אַ שאַרפן קאַמף קעגן בעלזער רב, טענהנדיק אַז ער איז געקומען קיין מונקאַטש אים מסיג גבול זיין. די מחלוקת צווישןביידע מחנות חסידים איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג, און ביידע צדדים האָבן נישט געשפּאָרט קיין זידלערייען און אַנדערע אַגרעסיווע מיטלען. אין דער מחלוקת, דעם אמת זאָגנדיק, זענען על פּי רוב די מונקאַטשער געווען די אָנגרייפער און די בעלזער האָבן זיך בעיקר פאַרטיידיקט. די מחלוקת איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז דער מונקאַטשער רב, האָט זיך געווענדעט צו די רעגירונגס־באַהערדן (דערווייל, מיטן צעפאַלן זיך פון דער האַבסבורגער אימפּעריע איז קאַרפּאַט־רוסלאַנד געוואָרן אַ טייל פון דער באַנייטער טשעכאָסלאָוואַקיע), זיי זאָלן אַרויסטרייבן די בעלזער פון מונקאַטש, ווייל זיי זענען פרעמדע און לויט זייער אָפּשטאַם זענען זיי פּוילישע בירגער, און זיי נעמען צו די פּרנסה ביי טשעכישע בירגער. די טשעכישע באַהערדן, וואָס האָבן זיך נישט פונאַנדערגעקליבן אין מהות פון דער מחלוקת צווישן די צוויי חסידישע מחנות, האָבן אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז די בעלזער דאַרפן פאַרלאָזן טשעכאָסלאָוואַקיע. נאָר אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון נאַציאָנאַל־יידישן ראַט אין פּראַג, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון ציוניסטן, האָט די טשעכישע רעגירונג געענדערט איר באַשלוס און דערלויבט דעם בעלזער רבין און הסידים פאַרבלייבן אין מונקאַטש. אגב, האָבן די בעלזער פונעם ערשטן טאָג באַטראַכט מונקאַטש אַלס אַ מין „נאַכט־אַזיל״, ביז עס וועט זיך נאָרמאַליזירן די לאַגע אין גאַליציע, וואָס איז דאַן געווען פאַרכאַפּט פון פּויליש־אוקראַינישן בירגער־קריג.

אין יאָר תרפ״א (1921) האָט זיך ר׳ ישכר־בער מיט זיין משפחה און מקורבים אומגעקערט קיין גאַליציע, אָבער נישט קיין בעלז, מחמת בעת די רוסן האָבן אָקופּירט דאָס שטעטל בעת דער מלחמה, האָבן זיי פאַרברענט די גרעסטע טייל יידישע הייזער, צווישן זיי דעם רבס הויז. שפּעטער, ווען די עסטרייכער האָבן ווידער דעראָבערט גאַליציע, איז דאָס שטעטל געבליבן האַלב חרוב ביז צום סוף פון דער מלחמה. צייטווייליק האָט ר׳ ישכר־בער זיך באַזעצט אין שטעטל האָלעשיץ, נישט ווייט פון יאַראָסלאַוו, און דערווייל האָט מען גענומען ווידער־אויפבויען דעם „הויף״. פון מאָל צו מאָל פלעג ער קומען אויף אַ קורצער צייט קיין בעלז, כדי נישט איבערצורייסן דעם קאָנטאַקט מיטן שטעטל, און אויך

אונטערשטרייכן, אַז נישט האָלעשיץ נאָר בעלז וועט זיין דעם רבינס ווינשטאָט און ממילא דער צענטער פון בעלזער חסידות. ווינטער תרפ״ד, אָנפאַנג 1924, האָט זיך דער רב און זיין גאַנצע משפחה אומגעקערט אין זייער געבורט־שטאָט, ווערנדיק בעלז פונדאַסניי דער צענטער פון גאַליצישן חסידיזם.

די מלחמה־יאָרן, די וואַנדערונגען און די מחלוקת מיטן מונקאַטשער רבין האָבן אונטערגעגראָבן דעם רבס געזונט און ווייניקער פון דריי יאָר איז ער נאָך געזעסן אויפן בעלזער כסא רבנות. אין יאָר 1926 איז דער רב שטאַרק קראַנק געוואָרן. זומער האָט ער נאָך פאַרבראַכט אין מאַריענבאַד, אָבער ער האָט זיך שוין אומגעקערט פונעם קוראָרט אַ מסוכן־קראַנקער. די בעסטע דאָקטוירים פון גאַליציע האָבן אויפגעגעבן די האָפענונג אים צו ראַטעווען און מען האָט אַראָפּ־געבראַכט קיין בעלז איינעם פון די באַרימטסטע בערלינער דאָקטוירים. זיין געזונט־צושטאַנד האָט זיך אויף אַ קורצער צייט געבעסערט און עס האָט אויסגעזען, אַז דער רבי וועט גובר זיין די קראַנקהייט. די האָפנונג האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. נאָך אַ קורצער צייט איז זיין לאַגע געוואָרן ערגער פון טאָג צו טאָג. ימים נוראים תרפ״ז האָט ר׳ ישכר־בער שוין נישט געקענט זיך האַלטן אויף די פיס, און ראש השנה און יום כיפור האָבן אים די חסידים געטראָגן אין זיין שטול אין שול אַריין. אַלע יאָרן פלעג דער בעלזער רב ראש השנה בלאָזן שופר און דאַוונען מוספים אַלס שליח ציבור. קיינער האָט נישט געגלויבט, אַז דאָס יאָר וועט ער קענען ממשיך זיין די לאַנגיאָריקע טראַדיציע. זיין שטאַרקער ווילן אָבער



בית הרבי — „החצר״
דער בעלזער „הויף״

האָט גובר געווען זיין שווערע קראַנקהייט און ער האָט אויך דאָס לעצטע יאָר פון זיין לעבן געבלאָזן שופר ראש השנה און געדאַוונט מוספים ביידע טעג ראש השנה און יום כיפור, זיצנדיק אין זיין שטול, וואָס מען האָט זי אַוועקגעשטעלט ביים עמוד. אויך שמחת תורה האָבן אים די חסידים געבראַכט אין שול, און זיצנדיק אין זיין שטול האָט ער געזאָגט „אתה הראית" און געטאַנצט מיט דער ספר־תורה. ווען די רביצין האָט געבעטן דעם רבס מקורבים זיי זאָלן אויף אים משפיע זיין זיך נישט אָנצושטרענגען ימים נוראים און סוכות, האָט ער זיי געענטפערט: „חודש תשרי הוא למעלה מן הזמן והטבע" (חודש תשרי שטייט העכער פון דער צייט און דער נאַטור), און אויך די לעצטע ימים נוראים און סוכות פון זיין לעבן האָט ער זיך געפירט ווי זיין פאָטער ר' יהושע און זיידע ר' שלום.

נאָך די ימים טובים האָט זיך ר' ישכר־בערס געזונטצושטאַנד זייער פאַר־ערגערט, און פרייטיק ביינאַכט, כ"ד חשון תרפ"ז איז דער בעלזער רב נפטר געוואָרן. בליץ־שנעל האָט זיך די ידיעה וועגן זיין פטירה פאַרשפרייט איבער פוילן און די שכנותדיקע לענדער, און פון מוצאי שבת ביז זונטיק נאָכמיטאָג, ווען עס איז פאָרגעקומען די לוויה, האָבן נישט אויפגעהערט קומען ספּעציעל־געדונגענע צוגן קיין בעלז, ברענגענדיק צענדליקער טויזנטער חסידים און סתם יידן וואָס זענען געקומען אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד זייער באַליבטן און פאַרערטן רבין. די לוויה האָט זיך געצויגן שעהן לאַנג. ר' שכר־בער, איינער פון די גרעסטע אדמו"רים פון דעם יאָרהונדערט איז געבראַכט געוואָרן צו אייביקער רו נעבן זיין פאָטער און זיידן זצ"ל.

## דער אדמו"ר ר' אהרון רוקח (ר' אהרלע)

### קינדהייט און יונט-יאָרן

ווי שוין דערמאָנט אין פריערדיקן קאַפּיטל האָט ר' ישכר דוב מער ווי צען יאָר נישט געהאַט קיין קינדער. ערשט אין עלטער פון 26 יאָר (אַ „הויכער" עלטער נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז קינדער פון רביים פלעגן זייער יונג חתונה האָבן) האָט באַשע מירל, זיין פרוי, געבוירן ר' אהרלען. ר' אהרלע איז געבוירן געוואָרן 17 טעג אין חודש טבת תר"מ (1880). גרויס שמחה האָט פאַרשאַפט אין בעלזער „הויף" און ביי די בעלזער חסידים, די בשורה, אַז ביי ר' ישכר־בערן, וואָס אַלע האָבן געוווּסט, אַז זיין פאָטער ר' יהושעלע האָט אים באַשטימט פאַר זיין ממלא מקום, איז געבוירן געוואָרן אַ בן־זכר. באַזונדערס גרויס איז געווען ר' יהושיעלעס פרייד, וואָס זיין ברכה־הבטחה, וואָס ער האָט געגעבן ר' ישכר־בערן, ווען ער האָט פאַרלוירן זיינע כתבים, איז מקוים געוואָרן. עס איז דערפאַר נישט קיין וווּנדער, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן ר' אהרלען מער ליבע ווי צו אַלע אַנדערע

אייניקלעך. און פאַקטיש, ביז צו זיין פטירה, האָט זיך ר׳ אַהרלע געפונען אונטער זיין השגחה און ער האָט אים מדריך געווען אין תורה און אין חסידות. אויך דער פאָטער, ר׳ ישכר־בער, האָט הויך געשאַצט זיין עלטסטן זון און אים שטאַרק מקרב געווען. ביי אַ געלעגנהייט האָט ער זיך אויסגעדריקט: „איך ווייס נישט מיט וואָס איך האָב זוכה געווען, אַז ביי מיר איז געבוירן געוואָרן אַזאַ הויכע נשמה״.



ר׳ אהר׳לה בצעירותו
ר׳ אהר׳לע אַלס יונגערמאַן

וועגן ר׳ אַהרלעס גרויסקייט, און נאָך אַלס קינד האָבן יודעי ח״ן אים פאָרויס־געזאָגט אַ גרויסע צוקונפט, קען דינען פאָלגענדער סיפור וואָס איז אַרומגעגאַנגען צווישן בעלזער חסידים: איינמאָל אין דער סדר־נאַכט, ווען ר׳ אַהרלע איז נאָך געווען אַ קליין יינגל, זיצנדיק אויפן היסב־בעט נעבן זיידן, האָט ער בעתן זאָגן „שפוך חמתך״ אַ זאָג געטאָן ר׳ יהושיעלען: „זע נאָר דעם דאָזיקן ייד״. ר׳ יהושיעלע האָט אים געענטפערט שטרענג: „נישט אַלץ וואָס מען זעט דאַרף מען דערציילן״. די רבותא פון דער מעשה באַשטייט אין דעם: זיין עלטער־זיידע ר׳ שלום, האָט געדאַרפט וואָך זיין טויזנט נעכט און עוסק זיין אין לערנען כדי זוכה צו זיין צו גילוי אליהו, און זיין אור־אייניקל, האָט שוין אַלס קינד געהאַט די דאָזיקע זכיה.

און נאָך דערציילן חסידים: מיט יאָרן שפּעטער, האָט אַמאָל ר׳ ישכר־בער געזאָגט משהלען, ר׳ אהרעלעס זון: „מ׳זאָגט, אַז דיין טאַטע איז גרעסער ווי זיין טאַטע״.

ר׳ אהרלע איז געווען אַנדערש פון זיין פאָטער, זיידן און עלטער־זיידן מיט אַ סך כאַראַקטער־שטריכן, און איינער פון זיי איז געווען זיין אויסטון זיך פון יעדער גשמיות. ער פלעג כמעט פאַסטן גאַנצע טעג. נאָך אין דער יוגנט פלעג ער עסן עפּעס מער פון אַ כזית, כדי צו קענען מאַכן אַ ברכה און פלעג נישט שלאָפן מער ווי דריי, פיר שעה אין מעת־לעת. און ווען מקורבים האָבן אים אויפמערקזאַם געמאַכט פאַרוואָס ער עסט אַזוי ווייניק, ווען אין די הייליקע ספרים שטייט דאָך געשריבן, אַז דינען גאָט דורך עסן איז אַ הויכע מדרגה, האָט ער זיי געענטפערט: „ווער עס דינט גאָט ב״ים עסן, דינט אים נאָר בשעת ער עסט, אָבער דער וואָס דינט אים מיט נישט־עסן, דינט אים אַ יעדע רגע וואָס ער עסט נישט״.

איינע פון ר׳ אהרלעס כאַראַקטער־שטריכן איז געווען זיין גרענעצלאָזע עניוות. די וואָס האָבן אים געקענט נעענטער, האָבן געוווסט, אַז ער איז געווען אַ גרויסער בקי אין ש״ס און פּוסקים, אין נגלה און נסתר, און דאָך האָט ער קיינמאָל נישט אַרויסגעוויזן זיין לומדות ברבים און אויך נישט פאַר קלענערע גרופּן. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז די וואָס האָבן אים נישט געקענט נאָענט, האָבן געמיינט, אַז ער איז ווייניקער למדן פון זיינע עלטערן.

כאַראַקטעריסטיש פאַר ר׳ אהרלעס לומדות און עניוות קען דינען פאָלגענדער עפּיזאָד: נאָך אַלס יונגערמאַן, זייענדיק זומער אין אַ קוראָרט, איז ר׳ אהרלע געזעסן צווישן גדולי תורה, און זיך צוגעהערט צו זייערן אַ שמועס אין לערנען. צווישן די אָנוועזנדע איז אויך געווען דער גאון ר׳ מאיר אריק פון טאַרנאָוו. אַלע האָבן אַרויסגעוויזן בקיאות און חריפות אין ש״ס, פּוסקים, מפרשים, א.אַ.וו. ר׳ אהרלע איז געזעסן די גאַנצע צייט און זיך צוגעהערט און נישט אויסגערעדט קיין וואָרט. היות ער האָט געהאַט באַשטימט אַ טרעפונג מיט אַ געוויסער פּערזאָן, האָט ער זיך אויפגעהויבן אין מיטן שמועס, זיך געזעגנט און אַוועקגעגאַנגען. דער טאַרנאָווער רב, אַ בעלזער חסיד, האָט אים באַגלייט אַ שטיק וועג. גייענדיק האָט ר אהרעלע אויפמעקזאַם געמאַכט דעם טאַרנאָווער רב אויף אַ געוויסן פּלאַץ אין דער גמרא און תוספות, און מיט דער באַמערקונג, האָט ער פאַקטיש צעטרייסלט דעם גאַנצן בנין וואָס די גדולי התורה האָבן אויפגעשטעלט מיט פּלפּול און חריפות. אויפן טאַרנאָווער רבס פראַגע, פאַרוואָס ער האָט געשוויגן, האָט אים ר אהרלע געענטפערט: „איך האָב נישט געוואָלט צעשטערן אַ פּלפּול פון גדולי התורה״. ווען ר׳ מאיר אריק האָט זיך אומגעקערט און איבערגעגעבן די חברים ר׳ אהרלעס באַמערקונג, האָט ער צוגעגעבן: „אַזאַ כוח צו זיצן און שווייגן, און נישט וועלן אַרויסווייזן זיינע טיפע ידיעות אין לערנען קען נאָר ר׳ ישכר־בערס זון.״

ר׳ שלמה כהנא, וואָס האָט געקענט ר׳ אהרלען נאָך פון די יוגנט־יאָרן האָט

דערציילט: ווען ער פלעג קומען אין בית־מדרש דאַוונען, און דער בית־מדרש איז געווען פול מיט מתפללים, איז ר׳ אהרלע געבליבן שטיין ביי דער טיר און דאָרט זיך געשטעלט דאַוונען, כדי נישט מטריח צו זיין די מענטשן זאָלן זיך פאַר אים אויפשטעלן גייענדיק צו זיין פלאַץ ביי דער מזרח־וואַנט.

ר׳ אהרלע איז געווען אַ גרויסער בעל־רחמים און אוהב הבריות. באַזונדער פלעג ער מיטפילן דעם צער פון אַן אָרעמען יידן. פאָלגענדער עפּיזאָד וואַרפט אַ ליכט אויף ר׳ אהרלען דעם בעל־רחמים. ווי באַקאַנט פלעג ער עסן אַזוי ווייניק, ממש נאָר די נשמה צו דערהאַלטן. איינמאָל, צוריקגייענדיק מיט זיין משמש פון מקווה, האָט ער זיך געהייסן ברענגען אַ גלאָז קאַווע מיט אַ פּאָר קיכלעך, צוגעבנדיק, „אָבער אַגוטע גלאָז קאַווע״. דער משמש איז געווען מלא שמחה, ווייל קיינמאָל האָט ר׳ אהרלע זיך נישט געהייסן ברענגען קיין עסן, און דאָס עסן, וואָס מען פלעג אים ברענגען, פלעג ער געוויינלעך טועם זיין אַ כזית כדי צו מאַכן אַ ברכה און דעם רעשט צוריקשיקן. און דאָ פלוצים אַזאַ ענדערונג! דער משמש איז גלייך אַוועק אין קיך און געהייסן מאַכן פאַר ר׳ אהרעלען אַ גוטע גלאָז קאַווע און צוגרייטן אַ טאַץ געבעקס. ווען ער האָט דעם דאָזיקן פרישטיק אַריינגעבראַכט אין ר׳ אהרלעס חדר, האָט ער אים אַ זאָג געטאָן: „זיי אַזוי גוט און טראָג דאָס אַוועק צו פלוני דעם שניידער״. דער משמש איז געבליבן שטיין אַ דערשטוינטער, ער האָט אָבער נישט געוואַגט צו שטעלן קיין שאלות און האָט געטאָן וואָס ר׳ אהרעלע האָט אים געהייסן. קומענדיק צום שניידער האָט ער אים איבערגעגעבן די טאַץ געבעקס מיט דער קאַווע און אים געזאָגט: „דאָס שיקט אייך ר׳ אהרלע״. נאָך דער ערשטער איבערראַשונג האָט אים דער שניידער דערציילט טיף עמאָציאָנירט, אַז מיט אַ שעה פריער ווען ער האָט זיך טובל געווען אין מקווה, איז ווי דער שטייגער, שמועסנדיק מיט די אַנדערע יידן, וואָס זענען געווען אין מקווה, האָט ער אַ זאָג געטאָן: „אַצינד, נאָך אַזאַ הייסער מקווה, וואָלט איך געקענט טרינקען אַ גוט טעפּל קאַווע און פאַרבייסן מיט אַ פּאָר גוטע קיכלעך. עס וואָלט ממש געווען מחיה נפשות״. צופעליק האָט זיך ר׳ אהרלע אויך דעמאָלט געטובלט, הענרדיק דעם ווונטש פון דעם דאָזיקן פּשוטן ייד, האָט ער זיך געזאָגט: אויב איך קען מחיה זיין אַ ייד, פאַרוואָס זאָל איך עס נישט טאָן? און אַהיים־גייענדיק פון מקווה האָט ער גלייך מצרף געווען מעשה למחשבה און אַוועקגעשיקט זיין משמש מיט דער טאַץ צו יענעם שניידער.

און נאָך אַ מעשה וועגן ר׳ אהרלעס אהבת הבריות און קרישטאָל־ריינעם געוויסן. אין אַ געוויסן טאָג, פאַרנאַכט, האָט ער געהערט קולות פון גאַס, אַז אַ קינד איז אַריינגעפאַלן אין אַן אָפענעם ברונעם. „וויי צו מיר, אפשר איז דאָס גאָר מיינס אַ קינד!״ האָט ער אויסגערופן. נישט פאַרענדיקט דעם זאַץ האָט ער אַ זאָג געטאָן צו זיך: „אוי לי מיוצרי, וואָס האָב איך געזאָגט, פאַרוואָס האָב איך געקרעכצט, אַן אַנדער יידיש קינד איז דען נישט מיין קינד? איז דען נישט גאָטס באַשעפעניש?״ אין פאַרלויף פון אַ האַלבער שעה איז ער אויף און אָפּ

געגאַנגען אין זיין חדר, זיך נישט געקענט באַרויִקן און די גאַנצע צייט צו זיך גערעדט: „ווי איז מיר, וואָס איך האָב געזאָגט!"

פון דער פריער יוגנט האָט זיך אויסקריסטאַליזירט ר' אהרלעס כאַראַקטער אין פאָלגענדע שטריכן: ליבע צו מענטשן, אהבת ישראל, ענוות, אַ גרויסער בעל־רחמים, טיפע ערלעכקייט און געוויסנהאַפטיקייט, אויסגעטאָן פון אַ יעדער גשמיות און איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן צו תורה ועבודה.

## זיין וועג אין חסידות

ווען ר' ישכר־בער האָט באַשטימט ר' אהרלען אַלס זיין יורש, האָט ער עס נישט געטאָן דערפאַר, ווייל ר' אהרלע איז געווען דער בכור, נאָר ווייל ער האָט געגלויבט, אַז עס זיצט אין אים אַ הויכע הייליקע נשמה.

עס איז נישט געווען קיין סוד, אַז די רביצין חנה־דבורה, ר' ישכר־בערס צווייטע פרוי, (די ערשטע פרוי זיינע, ר' אהרעלעס און חנה־רחלס מוטער איז יונג געשטאָרבן), האָט מער ווי איינמאָל אָנגעווינקען דעם בעלזער רב צו גיין




ר' אהר'לה בעת ביקוריו אצל חסידיו בערי גליציה ועיירותיה
באַזוכנדיק זיינע חסידים אין גאַליציע

אין פּאַטערס און זיידנס דרך און באַשטימען אַלס ממלא מקום איינעם פון די יינגערע זין (געמיינט האָט זי ר׳ מאָטעלען, וואָס איז געווען נישט נאָר אַ גרויסער למדן, נאָר אויך באַהאַוונט אין וועלטלעכע ענינים). אויך אַ טייל מקורבים האָבן געהאַלטן, אַז זיין תמימות און פּרעמדקייט פון יעדער גשמיות, וועלן שטערן ר׳ אהרלען צו דערפילן די פונקציעס וואָס ליגן אויפן בעלזער רב אַלס מנהיג פון צענדליקער טויזנטער חסידים. ר׳ ישכר־בער האָט צוריקגעוויזן די אַלע רמזים און זיך געהאַלטן פעסט ביי זיין באַשלוס, אַז ר׳ אהרלע און נישט קיין אַנדערער פון זיינע זין דאַרף ירשענען דעם בעלזער כסא רבנות. ר׳ ישכר־בער האָט אַזוי פיל געהאַלטן פון ר׳ אהרלעס צדקות, אַז ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן פלעג ער זאָגן: „דער עולם מיינט, אַז איך האָב אים אַ נאָמען געגעבן נאָך זיין זיידן ר׳ אהרון טשערנאָבילער זצ״ל, אָבער זיי האָבן אַ טעות. איך האָב אים אַ נאָמען געגעבן נאָך ר׳ אהרון קאַרלינער זצ״ל, וואָס האָט אויף זיך גענומען די צרות, וואָס זענען געווען באַשטימט פאַר יידן. אויך מיין זון איז גרייט צו נעמען אויף זיך די צרות, וואָס דאַרפן חלילה קומען אויף יידן״.

ר׳ ישכר־בער איז נפטר געוואָרן חודש חשון תרפ״ז (אָקטאָבער 1926), און ר׳ אהרעלע האָט באַזעצט דעם בעלזער כסא רבנות. ער איז דעמאָלט אַלט געווען 46 יאָר.

ווי שוין דערמאָנט, איז ר׳ אַהרלע געווען אַ גרויסער בעל־רחמים. זיין רחמנות איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער פלעג מיטליידן די יסורים און צרות פון אַ יעדן ייד. ווען ער איז געוואָרן בעלזער רב, האָט ער געפּרווט איינפירן אַ נייעם דרך פון אויפנעמען „קוויטלעך״. ווי באַקאַנט, אַז אַ ייד קומט צום רבין, שרייבט ער אַריין אין „קוויטל״ זיינע צרות און בעט ביים רבין אַ ישועה. אין אַנפאַנג האָט ר׳ אהרלע נישט געוואָלט אויפנעמען מער ווי 5 „קוויטלעך״ אַ טאָג. ער האָט געטענהט: „ווי וועל איך קענען איבערטראָגן די צרות פון אַזוי פיל יידן?״, און ער האָט צוגעגעבן: „יעדעס מאָל ווען עס קומט אַ ייד און לייגט פאַר מיר אויס זיינע צרות, פיל איך אין מיין אייגענעם גוף דעם צער וואָס ער לעבט איבער, ווי אַזוי זשע וועל איך קענען איבערטראָגן אַ יעדן טאָג דעם צער און יסורים פון צענדליקער און הונדערטער יידן?״ לאַנג האָט ער אָבער נישט געקענט אויסהאַלטן דעם דרוק פון די מאַסן יידן וואָס האָבן געוואַרט טעג און נעכט ער זאָל זיי אויפנעמען, און נאָך אַ קורצער צייט האָט ער בטל געווען זיין רצון פאַרן רצון פון זיינע חסידים.

עס וועט זיין איבעריק צו באַטאָנען, אַז זיצנדיק אויפן כסא הרבנות האָט ר׳ אַהרלע נישט געביטן זיין כאַראַקטער און פירונג. איינמאָל, ווען ער האָט אַרויסבאַגלייט אַ רב, וואָס איז אים געקומען באַזוכן, איז ער מיט אים צוגעגאַנגען ביז דער טעקסי. ווען דער רב האָט זיך איינגעבויגן אַריינצוגיין אין אויטאָ, האָט ר׳ אהרלע אַ זאָג געטאָן: „איר זעט, פון דאַנען איז געדרינגען, אַז אַ מענטש וואָס וויל גיין ווייטער, דאַרף פריער איינבויגן דעם גוף און אַראָפּנידערן דעם קאָפּ״.

אין דער מידה פון אהבת ישראל, איז ר׳ אהרלע געווען אַ תלמיד פון ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער. קיינמאָל האָט ער נישט אַרויפגעבראַכט אויף די ליפּן אַ האַרב וואָרט וועגן אַ ייד. פאַרקערט, האָבן די חטאים פון אַ ייד געמעגט זיין ווי גרויס, האָט ער תמיד געפונען אַ וועג אויף אים מלמד זכות צו זיין. אַמאָל אין אַ שמועס מיט רבנים האָט ער מסביר געווען דעם ענין מיט אַ שאלה: „וואָס טוט איר, אַז איר טרעפט זיך אָן מיט אַ האַרבן רמב״ם? איר באַמיט זיך אַזוי לאַנג ביז איר פאַרענטפערט אים. דאָס איז אויך דער דין מיט אַ האַרבן ייד. מען דאַרף אַזוי לאַנג מיט אים איינטענהן, ביז ער פאַרשטייט דעם ענין״.

נישט נאָר אַן אוהב ישראל און אוהב הבריות איז געווען ר׳ אהרלע, זיין האַרץ איז אויך געווען פול מיט רחמים פאַר יעדן לעבעדיקן באַשעפעניש. ווען די דייטשן האָבן אינוואַדירט פּוילן און לויטן מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ אָפּמאַך האָט בעלז געדאַרפט געהערן צו דער דייטשער זאָנע און סאָקאַל צו דער רוסישער, האָבן אַלע בעלזער יידן, מיטן אויסנאַם פון געציילטע משפחות פאַרלאָזן בעלז. אויך ר׳ אהרלע און אַלע זיינע מקורבים האָבן זיך געגרייט פאַרלאָזן דאָס שטעטל. נישט קענענדיק קריגן קיין אויטאָמאָבילן, האָבן די חסידים געקויפט פערד אויף איבערצופירן דעם רבין, זיין משפחה און מקורבים קיין סאָקאַל. די דייטשן האָבן זיך נישט געאיילט צו פאַרנעמען בעלז, און כל־זמן די געפאַר איז נישט געשטאַנען פאַר דער טיר, האָט ר׳ אהרלע נישט געוואָלט פאַרלאָזן די שטאָט. דער דאָזיקער צושטאַנד האָט אָנגעהאַלטן דעם גאַנצן חודש סעפּטעמבער, און זיך געצויגן ביז סוף סוכות. די גאַנצע צייט האָט ר׳ אהרלע געפאַסט תעניתים און מתפלל געווען. ערשט פאַרנאַכט פלעג ער פאַרענדיקן דעם תענית מיט אַ גלאָז קאַווע, וואָס דער גבאי פלעג אים אַריינברענגען. נאָך איידער ער האָט עפּעס טועם געווען, פלעג ער פרעגן דעם גבאי: „און וואָס איז מיט די פערד? ווער גערעדנקט זיי צו געבן עסן? די פערד האָט מען דאָך געקויפט פאַר מיינעטוועגן, ווען איך וועל זיי באַדאַרפן, און על פּי דין קען איך גאָרנישט טועם זיין ביז איך וועל נישט בודק זיין צי זיי האָבן געקריגן זייערס.״

ר׳ אהרלע האָט זייער ליב געהאַט קינדער און פלעג זיי תמיד מקרב זיין. זייענדיק שוין אין ארץ־ישראל, דערציילן חסידים, פלעגן די תלמידים פון די „חדרים״ גייען צו אים גרופּעסווייז ער זאָל זיי בענטשן. זיין ברודער ר׳ מאָטעלע, וואָס האָט זיך צוזאַמען מיט אים געראַטעוועט פון די נאַציס, פלעג זיי פאַרהערן אין לערנען און דער רבי פלעג זיי טיילן נאַשוואַרג און שיריים.

בעת זיין ערשטן באַזוך אין ירושלים, אַרויפגייענדיק אויף די טרעפּ פון זיין אַכסניה, איז געווען אַ גרויס געדרענגעניש. הונדערטער חסידים זענען אים געקומען מקבל־פּנים זיין. פּלוצים איז אַרויסגעשפּרונגען אַ קליין ייִנגל פון אַ שכנישן הויז און האָט אויסגעשטרעקט דאָס הענטל צו געבן שלום דעם רבין, און אַ געשריי געטאָן „שלום עליכם״. די מקורבים האָבן דאָס ייִנגל אַוועקגעשטופּט. ר׳ אהרעלע וואָס האָט געהערט דעם ייִנגלס קול, האָט זיך אויסגעדרייט, צוריק־



חנהלה ויאָנטלה — בנותיו של ר׳ ישכר דוב, וחנה׳לה כלתו, אשתו של ר׳ יהושע בנו.
הענעלע און יענטעלע — ר׳ ישכר דוב׳ס טעכטער, און זיין שנור
חנה׳לע — ר׳ יהושעס פרוי.

געגאַנגען אַ פּאָר טריט, צוגערופן דאָס יינגל, אים אָנגענומען ביי דער האַנט און אים ליבלעך געענטפערט „עליכם שלום״.

פון דער נאַטור איז ר׳ אהרלע געווען ווייט פון יעדער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. דאָך אַלס מנהיג פון צענדליקער טויזנטער חסידים, האָט ער קעגן זיין

ווילן און כאַראַקטער אויך געמוזט אָננעמען אַ שטעלונג צו פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען און געשעענישן. מיט דער גאַנצער ליבע און פאַרערונג, וואָס ער האָט געפילט צום פאָטער ז״ל, האָט ער דאָך נישט אָנגענומען זיין תקיפותדיקע און קעמפערישע טאַקטיק אין געזעלשאַפטלעכע ענינים. אויסער דער גרויסער שול און בית־מדרש, ווו עס פלעגן דאַוונען דאָס רוב בעלזער יידן, האָט ר׳ ישכר־בער געגעבן זיין הסכמה אויפצובויען אין בית־מדרש אין אַ ווינקל, אויפן אויבערשטן שטאָק, אַ קליינע שול פאַר בעלי־מלאכות, וואָס מען האָט גערופן „דאָס שניידערישע שילכל״. אין שול און אין בית־מדרש פלעג מען שבת און יום־טוב ענדיקן דאָס דאַוונען אַרום צוויי — האַלב דריי נאָכמיטאָג (ראש השנה אַרום 5 אַזייגער). ר׳ ישכר־בער האָט זיך גערעכנט מיט דער מענטאַליטעט פון די בעלי־מלאכות און עס האָט אים נישט געאַרט, אַז זיי וועלן פאַרענדיקן דאָס דאַוונען אַרום עלף, האַלב־צוועלף אַזייגער. אין בעלז איז אָבער געווען נאָך אַ שול, מיטן נאָמען „ישרי־לב״. דאָרט האָבן געדאַוונט די משכילים און די ציוניסטן, און אַנדערע יידן, וואָס זענען נישט געווען צופרידן מיטן רב׳ס טאַקטיק אין געזעלשאַפטלעכע ענינים. מיט די יידן, וואָס האָבן זיך גרופּירט אַרום דער שול „ישרי־לב״, האָט ר׳ ישכר־בער געפירט אַ שטענדיקן קאַמף און זיי באַטראַכט אַלס פּורקי עול. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן די רוסן פאַרברענט די שול „ישרי־לב״ און כל־זמן ר׳ ישכר־בער האָט געלעבט, האָט מען זי נישט צוריק אויפגעבויט. ווען ר׳ אהרלע איז געוואָרן בעלזער רב, האָבן די אַמאָליקע מתפללים פון דער „ישרי־לב״ שול זי צוריק אויפגעבויט, און דער רב האָט זיך צו איר באַצויגן מיט טאָלעראַנץ.

אויך די קעגנערשאַפט צום ציוניזם איז פיל שוואַכער געוואָרן אין זיין צייט. אמת, זיינע חסידים האָבן ווייטער געפירט דעם קאַמף מיט די ציוניסטן און בעת די וואַלן צום סיים, האָבן זיי אַרויסגעלאָזט אויפרופן צו שטימען פאַר די קאַנדידאַטן פון דער סאַנאַציע (פּילסודסקיס פאַרטיי), ר׳ אהרלע אָבער איז נישט געווען צופרידן פון זייער האַנדלונג. יודעי דבר געבן איבער, אַז ער האָט אַמאָל אַ זאָג געטאָן צו די פאַנאַטישע אַנטי־ציוניסטן צווישן זיינע חסידים: „זאָלן יידן ווילן ווערן זיי ווילן, און נישט לויט מיין באַפעל״. אויך זיין באַציאונג צו ארץ־ישראל איז נישט געווען גלייך צום פאָטערס. מען דערציילט, אַז ווען אהרון ראובן מאיר ז״ל, דער פירער פון בעלזער „התאחדות״, איז זיך געקומען געזעגענען מיטן רב פאַר זיין עולה זיין קיין ארץ־ישראל, האָט אים ר׳ אהרלע נישט געפּרוּווט אָפּרעדן, ווי עס פלעג אין ענלעכע פאַלן טאָן זיין פאָטער, נאָר האָט אים געגעבן זיין ברכה און צוגעגעבן עלה והצלח. און ווען ר׳ בן־ציונדל, פון די גרעסטע בעלזער לומדים, וואָס האָט שפּעטער אויך אַמטירט אַלט דיין, איז געקומען צום רב און אַ פאַרווירטער אים דערציילט, אַז זיינע טעכטער האַלטן ביים עולה זיין קיין ארץ־ישראל, האָט דער רב אים באַרויִקט און געזאָגט: „זאָלן אויך יידישע טעכטער פאָרן קיין ארץ־ישראל״.

און ווען ר׳ אהרלע האָט זיך געראַטעוועט פון די נאַציס און איז געקומען קיין ארץ־ישראל, האָט ער זיך דאָ באַזעצט, און דאָ צוריק אויפגעשטעלט דאָס בעלזער חסידות, און אַפילו נישט געטראַכט צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד, ווי עס האָבן געטאָן אַנדערע אדמו״רים, וואָס זיצן אין חוץ לארץ און גיבן עצות ווי עס דאַרפן זיך פירן ארץ־ישראלדיקע יידן. 13 יאָר האָט ר׳ אהרעלע געלעבט אין ארץ־ישראל, האָט געגרינדעט די בעלזער ישיבה און אַנדערע תורה־אינסטיטוציעס און אויף זיין שטייגער צוגעלייגט אַ האַנט צום אויפבוי פון לאַנד.

## ר׳ אהרלע פאַרלאָזט בעלז

די צווייטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן דעם 1טן סעפּטעמבער 1939, אין טאָג פון דער דייטשער אינוואַזיע קיין פּוילן. אַ חודש צייט האָט אָנגעהאַלטן דער פּוילישער ווידערשטאַנד ביז דער קאַפּיטולאַציע פון וואַרשע און די לעצטע פּוילישע פעסטונגען ביים באַלטישן ים. היות בעלז האָט זיך נישט געפונען אויפן טראַקט פון דייטשן אַוואַנס, האָט זיך דאָס שטעטל אין משך פון חודש סעפּטעמבער און די ערשטע טעג פון אָקטאָבער געפינען אין אַ מצב פון קיינעמס לאַנד. די באַהערדן זענען אַנטלאָפן צוזאַמען מיטן אָפּטרעטנדיקן מיליטער, איבערלאָזנדיק אַלץ אין אַ כאַאָטישן צושטאַנד. בליץ־שנעל האָט זיך אָרגאַניזירט אַ בירגערלעכע מיליציע, וואָס האָט איבערגענומען די פליכטן פון דער אַנטלאָפענער אַדמיניס־טראַציע. די מיליציע איז באַשטאַנען בעיקר פון יידן, אין וועלכער עס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אויך אַ צאָל רוטענער.

אין דער דאָזיקער קורצער צווישנצייט איז בעלז פול געוואָרן מיט יידישע פליטים, וואָס זענען אַנטלאָפן פון זייערע וווין־ערטער מיטן אַריינקומען פון די דייטשן. ווי שוין דערמאָנט איז דער רב און זיין משפחה און דער רוב פון דער יידישער באַפעלקערונג געבליבן די גאַנצע צייט אין בעלז. ווען עס איז באַקאַנט געוואָרן, אַז דער בוג איז לויטן מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ אָפּמאַך באַשטימט געוואָרן אַלס די גרענעץ צווישן דער דייטשער און רוסישער זאָנע, און סאָקאַל וועט זיין אונטער די רוסן, האָט דער רב באַפוילן צו זיין גרייט אַריבערצופאָרן אין דער רוסישער זאָנע אין דעם מאָמענט ווען עס וועלן אָנקומען די ערשטע ידיעות, אַז די דייטשן דערנענטערן זיך קיין בעלז. פערד און וועגענער זענען געשטאַנען גרייט אַריבערצופאָרן קיין סאָקאַל.

די ימים־נוראים וואָס זענען אויסגעפאַלן אין דער דריטער און פערטער וואָך פון סעפּטעמבער, זענען אַדורך רויִק, און ר׳ אהרלע האָט ראש השנה און יום־כיפור געפּראַוועט די ימים־טובים ווי גאָרנישט וואָלט געווען פאָרגעקומען. בעלז איז געווען איבערפולט מיט חסידים און פליטים.

דער דאָזיקער צושטאַנד האָט אָנגעהאַלטן ביז די לעצטע טעג פון סוכות. הושענא־רבא האָט זיך באַוויזן אין בעלז דער ערשטער פּאַטרול דייטשע סאָלדאַטן,



עס זיצן רעכטס: שבע׳לע — ר׳ מאָטעלעס ערשטע פרוי, איידעלע — ר׳ אהר׳לעס טאָכטער, ר׳ ישעיה־זישעס (ר׳ פּיניעלעס זון) פרוי, שרה־ברכה (אין ווייסן) ר׳ אהר׳לעס יונגסטע טאָכטער, הרב פעטשעניקס מוטער.

עס שטייען: אַ קרובה און ר׳ אהרן פעטשעניק אין קור־אָרט קרעניץ אין יאָר 1925.

וואָס האָט אָנגעזאָגט דער באַפעלקערונג די „בשורה״, אַז מאָרגן וועלן די דייטשן איבערנעמען די הערשאַפט אין שטאָט. דעם זעלבן טאָג האָט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג, אַחוץ אייניקע משפחות, פאַרלאָזט בעלז. דער רב האָט אָנגעזאָגט די מקורבים צו זיין גרייט צו פאַרלאָזן די שטאָט שפעט ביינאַכט כדי אַריבערצוגיין די גרענעץ אומבאַמערקט. שמיני־עצרת ביינאַכט איז אַלץ געווען פאַרפאַקט און אָנגעלאָדן אויף די וועגענער. מיט זון־אונטערגאַנג איז ר׳ אהרלע אַוועק אין שול דאַוונען מעריב און גיין מיט די הקפות ווי אַלע יאָר, און אין דער ווירקלעכקייט זענען די הקפות געפראַוועט געוואָרן ווי די צייט וואָלט געווען אַ נאָרמאַלע מיט טענץ און געזאַנג. גלייך נאָכן פאַרענדיקן די הקפות, האָט מען אויף גיך איינגעפאַקט די ספרי־תורה (ביי אַ 150 ספרים זענען געווען אין בעלז), און זיי אויפגעלאָדן אויף די וועגענער. ר׳ אהרלע האָט אַלעמען געזאָגט „גוט יום טוב״ און געבעטן אים אָנגיסן צוויי בעכערס וויין, כדי מקיים צו זיין „קידוש במקום סעודה״. גלייך נאָכן קידוש, האָט ער אויסגעטאָן דאָס שטריימל, אָנגעטאָן אַ קאַפּעלוש און אַ זאָג געטאָן: „לאָמיר אָנטאָן די גלות בגדים״. אינמיטן דער נאַכט איז די גאַנצע קאַראַוואַנע אַריבער די גרענעץ און אָנגעקומען קיין סאָקאַל.

8 חדשים איז ר׳ אהרלע געזעסן מיט זיין משפחה אין סאָקאַל, און אין דער

דאָזיקער צייט האָט אין אַ גרויסער מאָס צוריק אויפגעלעבט דער „רבישער הויף״. אויף שבועות, ווי עס איז געווען דער מנהג אין משך פון לאַנגע יאָרן, זענען בעלזער חסידים פון דעם טייל גאַליציע, וואָס האָט זיך געפונען אונטער סאָוויע־טישער הערשאַפט, געקומען פייערן דעם יום־טוב פון מתן־תורה אין „בעלזער הויף״ אין סאָקאַל. במשך די גאַנצע 8 חדשים, פון שמחת־תדרה ב ן שבועות, האָבן די סאָוויעטן נישט געשטערט ר׳ אהרלען פירן דעם „הויף״ לויטן אָנגענומענעם בעלזער שטייגער, טראָץ דעם וואָס די נ. ק. וו. ד. (די סאָוויעטישע געהיים־פּאָליציי) האָט אויף אים געהאַלטן אַן אויג. שבועות איז פאָרגעקומען אַ דראַסטישע ענדערונג. אינמיטן פראַווען דעם יום־טובדיקן „טיש״, האָט זיך באַוויזן אַ טשינאָווניק און געהייסן אַלע חסידים אַרויסגיין אין הויף צו הערן דעם באַפעל וואָס ער האָט געבראַכט פון די באַהערדן. דאָס איז געווען דער באַקאַנטער באַפעל, אַז די אַלע וואָס האָבן זיך נישט פאַרשריבן אַנצונעמען סאָוויעטישע בירגערשאַפט, ווערן באַטראַכט פאַר פרעמדע און זיי דאַרפן ביז 24 שעה פאַרלאָזן די גרענעץ־געביטן. און היות סאָקאַל געפינט זיך ביי דער גרענעץ, דאַרפן די אַלע וואָס האָבן נישט אָנגעגעבן אויף סאָוויעטישער בירגערשאַפט פאַרלאָזן די שטאָט.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיטן דאָזיקן באַפעל האָט זיך פּאַקטיש אָנגעפאַנגען דאָס פאַרשיקן הונדערטער טויזנטער יידן קיין סיביר. פיל האָבן באַדויערט, וואָס זיי האָבן נישט אָנגענומען די סאָוויעטישע בירגערשאַפט. זיי האָבן נישט געוווסט, אַז אַדאַנק דעם האָבן זיי זיך געראַטעוועט נאָכן אויסברוך פון דער דייטש־רוסישער מלחמה.

אַ קורצע צייט נאָכן אַרויסגעבן דעם באַפעל, האָט אויך דער בעלזער רב, טראָץ דעם, וואָס ער האָט געהאַט אָנגענומען סאָוויעטישע בירגערשאַפט, באַקומען אַ פאַראָרדענונג צו פאַרלאָזן סאָקאַל. וואָכן לאַנג האָט ר׳ אהרלע, זיין משפחה און די מקורבים געוואַנדערט פון אָרט צו אָרט ביז סוף־סוף איז אָנגענומען געוואָרן דער באַשלוס זיך צו באַזעצן אין שטעטל פּרעמישלאַן. אויך אין פּרעמישלאַן האָט זיך דעם רבס משפחה אָנגעשלאָגן אָן אַ סך שוועריקייטן מחמת די נ. ק. וו. ד. האָט זיי נישט אַראָפּגעלאָזט פון אויג. כדי זיך נישט צו וואַרפן אין די אויגן פון דער קאָמוניסטישער געהיים־פּאָליציי, האָט זיך דעם רבס משפחה צעשפּרייט אין פאַרשידענע פלעצער נישט ווייט פון פּרעמישלאַן. קיין פּרעמישלאַן איז באַלד געקומען ר׳ אהרלעס יינגערער ברודער, ר׳ מאָטעלע, וואָס איז געווען ביז דער מלחמה רב אין בילגאָריי, לובלינער קרייז, וואָס איז גלייך ביים אויסברוך פון דער דייטש־פּוילישער מלחמה באָמבאַרדירט געוואָרן דורך די נאַציס. ר׳ מאָטעלע איז אַנטלאָפן קיין פּוריצק, וואָלינער קרייז, און געוווינט ווערנדיק, אַז ר׳ אהרלע געפינט זיך אין פּרעמישלאַן, איז ער גלייך אַוועק אַהין, בלייבנדיק די גאַנצע צייט מיטן בעלזער רב, ביז זיי האָבן זיך ביידע געראַטעוועט און זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל.

**פון געטאָ צו געטאָ**

אויך קיין פּרעמישלאַן זענען געקומען בעלזער חסידים צום רבין, באַנוצנדיק פאַרשידענע טריקן כדי אָפּצונאַרן די סאָוויעטן. ווען רויטע אַרמייער פלעגן זיי פאַרהאַלטן און פרעגן אַוווּ פאָרן זיי און צוליב וואָס? פלעגן זיי ענטפערן: „דאַ סטארי מאירל״ (צום אַלטן מאירל), דאָס הייסט באַזוכן ר׳ מאיר פּרעמישלאַנערס קבר, וואָס זיין אוהל געפינט זיך אויפן פּרעמישלאַנער בית־עלמין.

אַ יאָר בערך האָט אָנגעהאַלטן דער דאָזיקער מצב, ביז צום אויסברוך פון דער דייטש־רוסישער מלחמה. שוין אין די ערשטע טעג פון דער דייטשער אָפּענסיווע, האָבן זיך די רוסן בהלהדיק צוריקגעצויגן פון די פאַרנומענע פּוילישע געביטן וואָס זענען גלייך פאַרנומען געוואָרן דורך דער דייטשער אַרמיי. פּרעמישלאַן איז געווען פון די ערשטע פּונקטן וואָס די נאַציס האָבן אָקופּירט. די אוקראַאינער וואָס האָבן מיט פאַרגעניגן מיטגעאַרבעט מיט די נאַציס, האָבן אָנגעוויזן די געסטאַפּאָ־לייט דעם רבס וווינונג, און דייטשע ס.ס.־לייט צוזאַמען מיט אוקראַאינער פּאָגראָמשטשיקעס האָבן זיך אַריינגעריסן אין הויז ווו ר׳ אהרלע האָט זיך געפונען כדי אים צו אַרעסטירן. ר׳ אהרלע איז געלעגן אין בעט אין אַן אונטערשט צימער, און אין ערשטן צימער האָט זיך געפונען ר׳ יהושע זינגער, אַן איבערגעגעבענער בעלזער חסיד. ר׳ יהושע איז געווען אַ ייד מיט אַ הדרת־פּנים און די צעווילדעוועטע דייטשן האָבן אים אָנגענומען אַלס דעם רבין. זיי האָבן אים געשלאָגן מכות רצח און אַראָפּגעוואָרפן פון אַלע טרעפּ.

דער ערשטער טאָג פון דער נאַצישער הערשאַפט אין פּרעמישלאַן האָט געדינט אַלס וואָרענונג אַז מען דאַרף גיך באַהאַלטן ר׳ אהרלען אין אַ פאַרבאָרגן פּלאַץ, וואָס איז געווען צוגעגרייט פאַר דעם צוועק. דער רב האָט זיך געמוזט צעשיידן פון זיין משפחה און מקורבים. אַפילו דער הויפּט־גבאי אהרון־שיע (יהושע) האָט נישט געקענט זיין מיט אים. שלומל קאָלער, אַ צוועלף־יאָריק יינגל, וואָס אַדאַנק זיינע בלאָנדע האָר, האָט ער זיך געקענט פאַרשטעלן אַלס שייגעץ און זיך פריי אַרומדרייען אין גאַס, איז באַשטימט געוואָרן אויף אָנצוהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט ר׳ אהרלען און אים אויך באַדינען.

דעם 8־טן יולי 1941 האָבן די דייטשן און אוקראַאינער אונטערגעצונדן די גרויסע שול אין פּרעמישלאַן. ווען די שול איז געשטאַנען אין פלאַמען, האָבן זיי געגומען כאַפּן יידן אין די גאַסן און זיי לעבעדיקערהייט אַריינגעוואָרפן אין דער ברענענדיקער שול. צווישן די קדושים וואָס זענען לעבעדיק פאַרברענט געוואָרן אין שול, איז אויך געווען ר׳ משהלע דעם רבס. עדי ראייה האָבן דערציילט, אַז ווען די אוקראַאינער פּאָגראָמשטשיקעס האָבן געפירט די דייטשן אונטערצוצינדן די שול, האָבן זיי זיי געפירט זוכן דעם בעלזער רבין (ווייזט אויס כדי צו פאַרגרעסערן דעם ספּעקטאַקל). ווען משהלע האָט דערהערט, אַז מען זוכט דעם פאָטער, איז ער אַרויסגעלאָפן אין גאַס מיט אַ געשריי? ווו איז דער טאַטע? די רוצחים האָבן אים געכאַפּט, זיך איבער אים איזדיעקעוועט און אים אַריינ־

געוואָרפן אין די פלאַמען. יענעם טאָג זענען פאַרברענט געוואָרן 40 יידן צוזאַמען מיט די ספרי־תורה אין פרעמישלאַנער שול.

אַן עד ראיה, וועלכער איז געווען אַנוועזנד ווען מען האָט ר׳ אהרלען איבער־געגעבן די ביטערע בשורה, וועגן ר׳ משהלעס טױט, האָט דערציילט, אַז ער אַליין האָט געהערט ווי ר׳ אהרלע האָט געזאָגט: „אַ חסד פון בורא, איך האָב אויך צושטייער געגעבן אַ קרבן״. און נאָך דערציילן חסידים וועגן דעם דאָזיקן ענין: ר׳ אהרלע האָט זיך אָפּגעזאָגט אָפּצוהיטן זיין אומגעקומענעם זונס יאָרצייט, וויסנדיק גענוי דעם טאָג ווען ער איז פאַרברענט געוואָרן. אמת, קיינער האָט נישט געוואַגט אים פרעגן פאַרוואָס ער טוט עס, אָבער אַיעדער האָט געוווּסט די סיבה: אין אַ צייט ווען דאָס גאַנצע אייראָפּעישע יידנטום איז אומגעקומען, האָט ר׳ אהרלע נישט געוואָלט זיין קיין פורש מן הציבור און אָפּהיטן דעם יאָרצייט פון אַ יחיד, אַפילו ווען דער יחיד איז געווען זיין זון.

עס האָט נישט געקענט זיין קיין ספק, אַז ר׳ אהרלע טאָר נישט פאַרבלייבן אין פרעמישלאַן, ווייל די געסטאַפּאָ האָט אים אַרומגעזוכט, קענענדיק יעדן טאָג אַריינפאַלן אין זייערע הענט. אייניקע פרווון אים אַרויסצוגנבענען פון פרעמישלאַן זענען דורכגעפאַלן. ביז עס איז געלונגען אייניקע בעלזער חסידים צו פאַראינ־טערעסירן אַ פוילישן גראַף (פאַרן פרייז פון 50 טויזנט זלאָטעס) אַריבערצופירן דעם רבין מיט ר׳ מאָטעלען קיין ווישניץ, אַ שטעטל נעבן באָכניע אין מערב גאַליציע.

וועגן ר׳ אהרלעס אַנטלויפן פון פרעמישלאַן ווען מיר לאָזן דערציילן ר׳ מאָטעלען:

„אין איינעם אַ טאָג איז צו מיר געקומען קיין בריזשאַן (ווען אין פרעמישלאַן האָט מען באַהאַלטן ר׳ אהרלען און צעשפרייט די משפחה אין פאַרשידענע ערטער, האָט ר׳ מאָטעלע געפינען אַ מקום־מקלט מיט זיינע בני־בית אין שטעטל בריזשאַן), אַ שליח מיוחד און מיר געבראַכט אַ בריוו פון מיין ברודער. עס איז געווען אַ קורץ בריוול, ווו ער האָט מיך געבעטן איך זאָל גלייך קומען קיין פרעמישלאַן. עס זענען אַוועק אַ פּאָר טעג און פּאַר מיין שטוב האָט זיך אָפּגע־שטעלט אַן אויטאָ פון דער פוילישער פּאָליציי, פון וועלכן עס איז אַרויסגעגאַנגען אַן אָפיציר און מיר געזאָגט, אַז ער האָט אַ פאַראָרדענונג מיך צו ברענגען קיין פרעמישלאַן. ער האָט מיר איבערגעגעבן אַ ספּעציעלן סימן, וואָס מיין ברודער האָט אים איבערגעגעבן, וואָס האָט געזאָלט באַשטעטיקן, אַז ער האָט אים געשיקט צו מיר. איך האָב זיך גיך געזעגנט פון מיינע בני־בית און אַוועקגעפאָרן מיטן אָפיציר קיין פרעמישלאַן, ווו מען האָט מיך געבראַכט אין מיין ברודערס באַהעלטעניש. ווייטיקלעך איז געווען אונדזער באַגעגעניש, ווייל פונקט יענעם טאָג איז אָנגעקומען די ביטערע בשורה וועגן דער שחיטה וואָס די נאַציס האָבן דורכגעפירט איבער די לעמבערגער יידן. אינמיטן שמועס וועגן דער אויסראָטונג פון די לעמבערגער יידן האָט מען אונדז מודיע געווען, אַז דער וועג דורך וועלכן

מיר דאַרפן אַנטלויפן פירט דורך לעמבערג. קיין אַנדערער וועג איז נישטאָ. דער אויטאָ האָט געוואַרט זייט נעכטן, אָבער ר׳ אהרלע האָט נישט געוואָלט פאָרן אַליין. ער איז באַשטאַנען דערויף, אַז איך מוז אים באַגלייטן. צוערשט האָט דער פוילישער גראַף מיך נישט געוואָלט מיטנעמען, אָבער נאָכדעם וואָס מען האָט אים צוגעזאָגט אַ גרעסערן סכום, איז ער ווייכער געוואָרן. איין תנאי האָט ער אויסגענומען: מיר מוזן אָפּגאָלן אונדזערע בערד כדי אויסצוזען ווי גויים. אין לעצטן מאָמענט איז אויך מיטגעפאָרן ר׳ נחמן הירש, פונעם רבינס געטרייע חסידים. אויך ער האָט זיך איבערגעטאָן אַלס גוי.

„לעמבערג זענען מיר אַדורכגעפאָרן בשלום. דערנענטערנדיק זיך קיין טאַרנאָוו, האָט אונדז אַ זאָג געטאָן דער גראַף: „בעט גאָט ער זאָל אונדז העלפן" (אין טאַרנאָוו איז געזעסן דער גענעראַל־שטאַב פון דער געסטאַפּאָ פאַר מערב־גאַליציע). אויך טאַרנאָוו זענען מיר אַדורך בשלום. ווען מיר זענען אַרויס פון דער סכנה־זאָנע, זענען מיר פאַר גרויס מידקייט און געשפּאַנטקייט איינגעשלאָפן. מיטאַמאָל האָבן מיר זיך אויפגעוועקט אויפגעציטערטע. דער אויטאָ האָט זיך איבערגעקערט און מיר האָבן זיך אַראָפּגעקאָלערט ביז צום ראַוו, וואָס האָט זיך געפונען ביי דער זייט פונעם שאָסיי. מיר זענען געלעגן אונטערן אויטאָ. איך האָב געפילט אַ שטיקעניש אין האַלדז. אין זעלבן מאָמענט האָב איך באַמערקט, אַז מיין ברודער זאָגט שטילערהייט וידוי.

„דורך די שפּאַלטן פון דעם צעבראָכענעם אויטאָ איז אַריינגעדרינגען קאַלטע לופט און ס׳איז מיר לייכטער געוואָרן. מיט אַלע מיינע כוחות האָב איך זיך געפּרוווט אַרויסבאַקומען פון אונטער דעם צעבראָכענעם אויטאָ, וואָס האָט מיך געדריקט פון אַלע זייטן. צו דער זעלבער צייט האָב איך מיטגעשלעפּט מיין ברודער. מיט השם יתברכס הילף איז אונדז געלונגען אַפּירצוקריכן. מיט אונדזער הילף האָט אויך דער פוילישער גראַף און ר׳ נחמן הירש זיך אַרויסבאַקומען פון אונטער דער מאַשין. געציילטע מינוטן נאָכדעם, האָבנדיק זיך אַביסל דערווייטערט פון דעם אויטאָ, האָבן מיר געהערט אַ שטאַרקן אויפרייס. דער מאָטאָר האָט געפּלאַצט און די מאַשין איז צעשמעטערט געוואָרן אויף שטיקער. בדרך־נס האָבן מיר זיך געראַטעוועט, און מיין ברודער און איך זענען נאָר לייכט פאַרוווּנדעט געוואָרן. מיין ברודער איז פאַרוווּנדעט געוואָרן אין אַ פוס און אויך אין אַנדערע טיילן פון קערפּער, איך האָב אָבער די גאַנצע צייט נישט געהערט פון אים קיין קרעכץ, אַפילו ווען זיינע ווייטיקן זענען געווען גאַנץ שטאַרקע.

„עס איז געווען 3 אַזייגער פאַרטאָג. בלייבן אויפן אָרט איז געווען געפערלעך. ווייל דאָס איז געווען אַ שאָסיי אויף וועלכן עס זענען געפאָרן אַ סך מיליטערישע מאַשינען. צו אונדזער גליק האָט קיינער אונדז נישט באַמערקט. דער גראַף האָט באַשלאָסן גיין צופוס קיין טאַרנאָוו און זוכן הילף, און מיר האָבן געהאַט בטחון אין גאָט.

„פּלוצ׳ים האָב איך דערזען אַ וואָגן געשפּאַנט צו צוויי פערד דערנענטערט

זיך צו אונדז. איך האָב זיך געווענדעט צום בעל־עגלה אויף פויליש. ער האָט איינגעהאַלטן די פערד, אַ קוק געטאָן אויף אונדז און אויסגערופן: „יידן! נישט ווייט פון דאַנען געפינט זיך דאָך דער שטאָב פון דער געסטאַפּאָ"! איך האָב געבעטן דעם בעל־עגלה ער זאָל אונדז אויפנעמען אויף זיין וואָגן. נאָך אַ קורצן ישוב הדעת האָט ער מסכים געווען און געזאָגט: „עס איז אַ גרויסע סכנה אַריינצופאָרן קיין טאַרנאָוו, איך וועל אייך ברענגען דאָ נישט ווייט אין אַ יידישער קרעטשמע".

„דער קרעטשמער האָט זיך שטאַרק דערשראָקן, מחמת ס'איז געווען אַ גרויסע סכנה צו באַהאַלטן יידן. איך האָב זיך ביי אים געבעטן און אים געזאָגט: „ר' ייד, איך בין אייך מבטיח, אַז איר וועט נישט חרטה האָבן אויב איר וועט אונדז מציל זיין. ער האָט אויף זיך גענומען די סכנה און אונדז אַריינגעפירט אין אַ שפייכלער וואָס איז געווען אין הויף. ער האָט פאַרמאַכט די טיר און פונדרויסן אויפגעהאָנגען אַ שלאָס. ר' נחמן הירש האָט נישט געקענט גובר זיין די יסורים פון די ווונדן און ער האָט זיך צעקרעכצט. אַ פרוי וואָס האָט געוווינט אין הויף, הערנדיק קרעכצן פונעם שפייכלער, איז צוגעקומען, אַראָפּגענומען דעם שלאָס און געפרעגט מיט וואָס זי קען אונדז העלפן. איך האָב געבעטן אַביסל וואַסער צו וואַשן די הענט און עפּעס צו טרינקען. די פרוי האָט זיך אין אונדז איינגעקוקט און זעענדיק מיין פאַרווונדעטן ברודער אַרומגעוויקלט דאָס פּנים מיט אַ טיכל, האָט זי אונדז דערקענט. זי האָט אויסגעשריען: „ווייי איז מיר, עס איז דאָך דער בעלזער צדיק! ער און נישט קיין אַנדערער!"

„ווי ס'איז נאָר באַקאַנט געוואָרן ווער מיר זענען, האָבן אָנגעהויבן קומען יידן פון דער געגנט און יעדער איינער האָט געטאָן וואָס נאָר ער האָט געקענט כדי אונדז צו ראַטעווען. דער קרעטשמער אַליין איז אַוועק אין טאַרנאָווער געטאָ צו ברענגען אַ יידישן דאָקטאָר. און כאָטש דאָס אַרויסגיין פון געטאָ איז געווען פאַרבונדן מיט סכנות נפשות, איז צו אונדז געקומען אַ דאָקטאָר און פאַרבאַנ־דאַזשירט אונדזערע ווונדן. זאָל דערמאָנט ווערן צום גוטן דער טאַרנאָווער דאָקטאָר יהודה הענדלער, וואָס האָט איינגעשטעלט זיין לעבן און איז אונדז געקומען געבן הילף".

סוף־סוף זענען די דריי געראַטעוועטע אָנגעקומען קיין ווישניץ, אַ קליין שטעטל אין מערב גאַליציע. אויך אין ווישניץ זענען זיי נישט געווען זיכער, נאָכדעם ווי צו אַ יידן אַ מסור, מיטן נאָמען שפּיץ, וואָס האָט מיטגעאַרבעט מיט דער געסטאַפּאָ, איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז אין שטעטל געפינט זיך דער בעלזער רבי און זיין ברודער. אָט וואָס ר' מאָטעלע דערציילט וועגן דעם דאָזיקן נאַצישן אַגענט:

„ר' מרדכי ערליך, דעם בעלזער רבס אַ פריינד, האָט פאַרגעשלאָגן ברענגען שפּיצן צו ר' אהרלען. ער האָט געהאָפט, אַז דער רבי וועט אויף אים משפיע זיין ער זאָל נישט אויספירן זיין פאַרברעכערישן פּלאַן. צוערשט האָט שפּיץ זיך

אָפּגעזאָגט צו קומען. ער האָט אַ זאָג געטאָן: „עס וועט שוין קומען די צייט ווען איך אַליין וועל גיין צום רבין". זיין ענטפער האָט אונדז שטאַרק באַזאָרגט. דאָך איז ער צומאָרגנס אַליין געקומען און זיך זייער חוצפהדיק אויפגעפירט. איך האָב געפּרוווט אויף אים משפיע זיין און אים געפרעגט אויב ער ווייסט ווער ס'איז דער בעלזער רבי. „אַוודאי ווייס איך, האָט ער געענטפערט, איך בין דאָך אויך פון מזרח גאַליציע", און צוגעגעבן: „איך האָב געמיינט, אַז איר, די רבנים זייט קלוג און פאַרשטענדיק, און צום סוף זע איך, אַז איר האָט נישט קיין שכל... איך בין באַשעפטיקט אין דער פּאָליטישער אָפּטיילונג פון דער געסטאַפּאָ און האָב נישט קיין עסקים מיט קיין יידן. און אַחוץ דעם, צי האָט שוין עמיץ געהערט, אַז איך זאָל האָבן אַמאָל געטאָן אַ טובה אַ יידן?" דאָך האָב איך זיך נישט מיאש געווען און ווייטער געפּרוווט אויף אים משפיע זיין. דער פאַקט גופא וואָס ער איז אַליין געקומען צום רבין האָט מיר געגעבן אַ געוויסע האָפענונג. אַרויסגייענדיק האָט ער אַ זאָג געטאָן, אַז ער וועט נאָך דעם ענין איבערטראַכטן. אויף צומאָרגנס איז ער נאָכאַמאָל געקומען און געבראַכט צוויי „אַרבעטס־קאַרטן" פון דער געס־טאַפּאָ. איינע אויפן נאָמען פון אהרון זינגער און די צווייטע אויפן נאָמען פון מאָטל פעטשעניק. אין יענעם מצב האָבן אַרבעטס־קאַרטן געהייסן, אַז מיר זענען געראַטעוועט, אַפילו ווען נאָר צייטווייליק.

נאָך אַ קורצער צייט איז שפּיץ געוואָרן ר' אהרלעס אַ פאַרערער, און יעדעס מאָל ווען זיין לעבן איז געווען אין סכנה (פאַר יעדער „אַקציע"), האָט ער מודיע געווען זיינע מקורבים זיי זאָלן באַהאַלטן דעם רבין אָדער אים אַריבער־פירן אין אַ צווייט פּלאַץ. און ווירקלעך, ווען די ליקווידירונגס־אָפּטיילונגען פון דער געסטאַפּאָ האָבן געדאַרפט קומען קיין וויזשניץ, זענען ר' אהרעלע און ר' מאָטעלע אַריבערגעפירט געוואָרן קיין באָכניע. אָבער אויך אין באָכניע איז די לאַגע באַלד געוואָרן געפערלעך, היות די נאַציס האָבן גענומען דורכפירן „אַקציעס" אין באָכניער געטאָ. ר' אהרעלע און ר' מאָטעלע זענען פון באָכניער געטאָ אַריבערגעפירט געוואָרן קיין קראָקע. ווען די נאַציס האָבן גענומען ליק־ווידירן דעם קראָקאָווער געטאָ, זענען זיי צוריקגעבראַכט געוואָרן קיין באָכניע, ווייל נאָך דער „אַקציע" האָבן די נאַציס באַשלאָסן אויסצונוצן די לעבנגעבליבענע יידן פאַר אַרבעט. אין באָכניע האָבן בײדע געקריגן „אַרבעט־קאַרטן" אַלס שניידער־ספּעציאַליסטן, און אין זייער צימער, אויפן טיש האָבן זיך תמיד גע־פינען שניידער־מכשירים, ווי שערן, אַ פּרעס־אייזן, קלעצלעך פאָדעם, מעטערס אויף צו נעמען די מאָס א. א. וו.

אויך באָכניע האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן אַלס אַן אָרט פול מיט געפאַרן. פון בערלין איז אָנגעקומען אַ באַפעל צו ליקווידירן דעם דאָרטיקן אַרבעטס־לאַגער. עס זענען אָדורכגעפירט געוואָרן עטלעכע „אַקציעס" און דער רוב יידן וואָס האָבן זיך געפינען אין באָכניער אַרבעטס־לאַגער זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אין אומקום־לאַגערן. מען האָט געמוזט ר' אהרעלען און ר' מאָטעלען

פאַר יעדן פּרייז אַרויסגנבענען פון באָבניע און זיי אַריבערפירן אין אַ מער זיכער אָרט.

**פון באָבניער געטאָ קיין אונגאַרן**

מיט די ערשטע ידיעות, וואָס זענען אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל וועגן דער ליקווידאַציע פון די געטאָס אין פּוילן און וועגן דער געפאַר אין וועלכער עס געפינט זיך דער בעלזער רבי, און זיין ברודער ר׳ מאָטעלע (אַלע אַנדערע מיטגלידער פון דער בעלזער דינאַסטיע וואָס זענען געווען אין פּוילן, זענען אומגעקומען), האָבן די בעלזער חסידים אין ארץ־ישראל מיט ר׳ בעריש אָרטנער פון היווניוו בראש, אָנגעפאַנגען אַן ענערגישע אַקטיוויטעט צו ראַטעווען ר׳ אהרעלען און ר׳ מאָטעלען. די ערשטע שריט זענען געמאַכט געוואָרן אין דער שווייץ, ווו די בעלזער חסידים, וואָס האָבן געוווינט אין ציריך האָבן אָרגאַניזירט אַ רעטונגס־קאָמיטעט. דער קאָמיטעט האָט אויסגעפועלט ביי דער שווייצאַרישער רעגירונג דריי טראַנזיט־וויזעס מיטן באַדנג, אַז דער רעטונגס־קאָמיטעט זאָל באַקומען פאַר זיי איינרייזע־סערטיפיקאַטן קיין ארץ־ישראל. דעם 24־טן מאַי 1942 אין אין תל־אביבער פּאָסט אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע פון דער שווייץ צו בעריש אָרטנער, ער זאָל שיקן אַ „רפואה־סערטיפיקאַט פאַר אונדזער רבין". בעריש אָרטנער האָט באַקומען אַן איינלאַדונג אין פּאָסט־אַמט, ווו מען האָט אים איבערגעגעבן דעם אינהאַלט פון דער טעלעגראַמע. צוליב זיכערקייט־רעגלאַמענטן וואָס האָבן געהערשט אין לאַנד, האָבן די פּאָסט־באַאַמטע אים נישט געקענט אָפּגעבן די טעלעגראַמע, וואָס איז פאַרהאַלטן געוואָרן דורך דער מיליטערישער צענזור. ערשט נאָך דער אינטערווענץ פון חשובע פּערזענ־לעכקייטן פון יישוב און פונעם פּוילישן קאָנסול, האָט מען אים איבערגעגעבן די טעלעגראַמע נאָך אַ וואָך צייט. בעלזער חסידים האָבן גלייך אָנגעפאַנגען אַ פיבערהאַפטע טעטיקייט צו באַקומען דריי סערטיפיקאַטן. זיי האָבן זיך גע־ווענדט צום הרב הראשי, הרב יצחק הערצאָג זצ"ל, וועלכער האָט זיך גלייך פאַרבונדן מיטן פירער פון הפּועל המזרחי, חיים משה שפּירא ז"ל, וואָס איז געשטאַנען אין שפּיץ פון דער עליה־אָפּטיילונג פון דער יידישער אַגענץ. שפּיראָ האָט פאַרזיכערט, אַז ער וועט טאָן אַלץ וואָס ער וועט קענען כדי צו ראַטעווען דעם בעלזער רבין.

די פירער פון דער יידישער אַגענץ האָבן צוגעזאָגט דריי סערטיפיקאַטן פון דער קליינער צאָל סערטיפיקאַטן וואָס זענען געווען רעזערווירט פאַר „ציוניס־טישע וועטעראַנען", מיטן באַדינג, אַז די סערטיפיקאַטן וועלן איבערגעשיקט ווערן אין דער שווייץ ערשט ווען דער רבי וועט דאָרט זיין, כדי ער זאָל קענען גלייך עולה זיין. זייער אַרגומענט איז געווען, אַז כל־זמן מען קען אים נישט ברענגען קיין ארץ־ישראל, טאָר מען נישט אויסנוצן דאָס ביסל סערטיפיקאַטן וואָס זענען פאַראַן און אָפּהאַלטן דאָס ראַטעווען אַנדערע יידן. אויפן סמך פון

דער הבטחה האָט ר׳ בעריש אָרטנער טעלעגראַפירט צום רעטונגס־קאָמיטעט אין דער שווייץ און געבעטן פרטים וועגן ר׳ אהרעלען, ר׳ מאָטעלען און זייער משמש, כדי צוגרייטן די סערטיפיקאַטן.

האָבנדיק דערליידיקט דעם ענין פון די טראַנזיט־וויזעס און די סערטיפי־קאַטן, האָט מען געדאַרפט לייזן דאָס שווערסטע פּראָבלעם, דאָס אַרויספירן דעם רבין פון פּוילן און דאָס ברענגען אים אין דער שווייץ.

אין אַ געוויסן טאָג, אָנפאַנג 1943, האָט זיך באַוויזן אין באָכניע אַ שליח מיוחד פון בודאַפּעסט וואָס איז געקומען ראַטעווען דעם בעלזער רבין. וועגן דעם דאָזיקן שליח זענען פאַראַן אייניקע ווערסיעס. לויט איין ווערסיע איז ער געווען אַן אָפיציר אין דער פּוילישער אַרמיי, וואָס איז אַנטלאָפן אין 1939 נאָך דער אָקופּאַציע פון פּוילן קיין אונגאַרן, און דאָרט האָט ער אויסגעפירט געהיימע מיסיעס פון דער פּוילישער גלות־רעגירונג. יעדע וואָך פלעג ער, פאַרשטעלט אַלס אונגאַרישער אָפיציר, באַזוכן פּוילן, און נאָך אייניקע טעג זיך אומקערן קיין בודאַפּעסט. לויט אַן אַנדער ווערסיע איז דער שליח געווען ניטש קיין פּאָליאַק, נאָר אַ הויכער אונגאַרישער אָפיציר פונעם אונגאַרישן גענעראַל־שטאַב, וואָס האָט פאַר אַ הויכן פּרייז (500 דאָלאַר) זיך אונטערגענומען איבערצוגעבן ר׳ אהרעלען אין באָכניע אַ בריוו און ברענגען פון אים אַ תשובה, אַז ער איז גרייט צו קומען קיין אונגאַרן. אַזוי צי אַזוי, בעלזער חסידים אין אונגאַרן האָבן געפונען אַ מענטש מיט גוטע פאַרבינדונגען אין די הויכע אונגאַרישע רעגי־רונגס־ספערן, וואָס האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט צו קומען קיין פּוילן און אויף זיך נעמען די שווערע און מסוכנדיקע אויפגאַבע אַרויסצוראַטעווען פונעם נאַצישן גהינום דעם בעלזער רבין.

וועגן דעם מיסטעריעזן אָפיציר און וועגן דער ערשטער פאַזע פון דער רעטונגס־אַקציע דערציילט אליעזר לאַנדאַו, וואָס אַדאַנק זיינע האַנדלס־באַציאונ־גען מיט דער געסטאַפּאָ אין באָכניע, איז אים געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט צו באַשעפטיקן הונדערטער יידן ביי אַרבעט פאַר דער דייטשער אַרמיי, צווישן זיי ר׳ אהרעלען און ר׳ מאָטעלען, און אַ טייל פון זיי אָפּגעראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט. מיר גיבן איבער בקיצור לאַנדאוס באַריכט:

דער שליח האָט מיר איבערגעגעבן אַ געהיימען בריוו, אונטערגעשריבן פון צוויי יידן — שטערן און שאלגע, וואָס זיין אינהאַלט איז געווען פאָלגנדער: „מיר האָבן באַשלאָסן פאַר יעדן פּרייז צו ראַטעווען דעם בעלזער רבין. דער שליח איז באַגלויבנסווערטיק. פון אייער זייט פאָדערט זיך מסירת נפש, ווייל אָן אייער הילף וועט ער גאָרנישט קענען מאַכן. ער איז מסוגל אַדורכצופירן דעם רבין די גרענעצן, איר דאַרפט נאָר דערמעגלעכן זיין פאַרלאָזן דעם געטאָ.״

דער בריוו, וואָס עס האָט געבראַכט דער אונגאַרישער אָפיציר, האָט אָנגע־פילט מיט האָפענונג דעם ענגן קרייז פון ר׳ אהרעלעס מקורבים (עס איז איבע־ריק צו באַטאָנען, אַז נאָר געציילטע מענטשן האָבן געוווסט דעם סוד). די

האָפענונג האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. עס זענען אַוועק צוויי חדשים און דער אָפיציר האָט מער פון זיך נישט געלאָזט הערן. דעם רבס מקורבים האָבן געהאַלטן, אַז דער פּלאַן איז דורכגעפאַלן.

אין צווישנצייט האָט מען אויסגעאַרבעט אַן אַנדערן פּלאַן, אַ פיל שווערערן ווי דער ערשטער. נישט זעענדיק קיין אויסוועג און זייענדיק גרייט אָנצונעמען דעם אַנדערן פּלאַן, האָט זיך פונדאָסניי באַוויזן דער אָפיציר און געמאָלדן, אַז אַלץ איז גרייט צו דער נסיעה.

די מקורבים זענען געשטאַנען פאַר אַ שווערער דילעמע: דער פריערדיקער פּלאַן איז באַשטאַנען אין דעם, אַז געאיבטע גרענעץ־שוואַרצער זאָלן ברענגען ר׳ אהרעלען קיין סלאָוואַקיע דורך זייטיקע נישט־ברוקירטע וועגן. די רייזע איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע פיזישע אָנשטרענגונגען פאַרן רבין, וואָס איז געווען זייער אָפּגעשוואַכט; דאַקעגן דער פּלאַן וואָס עס האָט געבראַכט דער אונ־גאַרישער אָפיציר איז געווען „גלאַט" און „פשוט": אַריבערפאָרן די גרענעץ צווישן דער באַזעצטער פּוילן און אונגאַרן אָפן מיט געפעלשטע דאָקומענטן, וואָס ער האָט געבראַכט מיט זיך. לויט די דאָזיקע „דאָקומענטן" האָט ר׳ אהרעלע געדאַרפט זיין אַ „רוסישער גענעראַל" וואָס איז אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענ־שאַפט, און זיינע צוויי באַגלייטער האָבן אויך געדאַרפט זיין הויכע רוסישע אָפיצירן, וואָס די אונגאַרישע רעגירונג האָט געהאַט אַ ספּעציעלן אינטערעס אין זיי.

ביידע אַלטערנאַטיוועס זענען געווען שווערע און פאַרבונדן מיט גרויסע סכנות. צום סוף האָט מען באַשלאָסן, אַז דער רבי אַליין וועט דעצידירן. ביידע פּלענער זענען געבראַכט געוואָרן פאַר ר׳ אהרעלען, מיט די סכנות וואָס יעדע איינע פון זיי איז געווען פאַרבונדן. דער רבי האָט געענטפערט, אַז ער וועט טראַכטן און נאָך מעריב וועט ער געבן אַן ענטפער. נאָך מעריב, וואָס האָט זיך געצויגן עטלעכע שעה, האָט ר׳ אהרעלע מודיע געווען, אַז ער נעמט אָן דעם פּלאַן פון אונגאַרישן אָפיציר.

דער טאָג צו פאַרלאָזן דעם געטאָ איז באַשטימט געוואָרן דינסטיק, דער טאָג וואָס אויף אים שטייט אין דער תורה צוויי מאָל „כי טוב". דאָס אַרויס־גנבענען זיך פון געטאָ איז געווען פאַרבונדן מיט זייער גרויסע געפאַרן. מען האָט געדאַרפט דורכגיין דריי וואַכן — די דייטשע, די פּוילישע און די וואַך פון דער „יידישער פּאָליציי". דעם זעלבן דינסטיק וואָס איז באַשטימט געוואָרן צו פאַרלאָזן דעם געטאָ, האָט מען געמוזט ענדערן דעם פּלאַן. צוערשט האָט מען געטראַכט אַרויסצוגיין דורכן טויער. די אָנפירער פונעם „יודנראַט" האָבן עפּעס אָנגעשמעקט און פאַראָרדנט די יידישע וועכטער נישט עפענען פאַר קיינעם דעם טויער. זיי האָבן געוווסט, אַז אויב דער רב וועט אַרויסגיין דורכן טויער, וועט די אחריות פאַלן אויף די וועכטער, וואָס וועלן באַצאָלן מיט זייער לעבן פאַר זייער „נאַכלעסיקייט". איין אויסוועג איז געווען: אויפברעכן אַ דורכגאַנג אין

אייניקע פון די זייטיקע ווינקלען פון דעם געטאָ־צוים. און ווירקלעך, אינמיטן דער נאַכט, אין דער צייט ווען עס האָט זיך געביטן די פּוילישע וואַך, איז אַלע דריי געלונגען מיט דער הילף פון אַ יידישן געטאָ־פּאָליציאַנט, יחזקאל בלומענ־פרוכט, זיך אַרויסצוגנבענען דורך יענעם ווינקל פון געטאָ.

דער וועג פון באַכניע קיין בודאַפּעסט איז אַ לאַנגער און מען האָט געמוזט האַלטן אין געהיים וואָס לענגער דעם רבינס פאַרשווונדן. די הויפּט־מורא איז געווען מיטוואָך, מחמת די גאַנצע צייט זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז מען גרייט צו דעם רבינס אַנטלויפן, און אויב די געסטאַפּאָ וועט אין משך פון מיטוואָכדיקן טאָג געוויר ווערן, אַז דער רבי איז פאַרשווונדן, איז גרויס געווען די געפאַר, אַז זיי וועלן אים נאָכלויפן און פאַקן דעם אויטאָ איידער ער וועט אַריבער די גרענעץ. דער איינציקער וועג איז געווען שאַפן אַזאַ קאָמופלאַזש וואָס זאָל אַפּוועגדן די אויפמערקזאַמקייט פון די חשדנים. איינער פון די חסידישע בחורים האָט אָנגעטאָן דעם רבינס קליידער, זיך איינגעוויקלט אין אַ טלית און זיך אָוועקגעזעצט אין ווינקל ווו ר׳ אהרלע פלעג זיצן פאַרטיפט אין תפילות. דער דאָזיקער יונגער חסיד וואָס איז געווען באַגאַבט מיט שוישפּילערישע פעיקייטן, האָט געגנוי נאָכגעמאַכט דעם רבינס קול און זיין אופן פון רעדן, און די מענטשן וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט אין הויז האָבן נישט אַרויסגעוויזן קיין שום צייכן אַז עפּעס איז פאַרגעקומען. די יידישע געטאָ־פּאָליציי האָט אַפילו געשיקט שליחים אַ קוק טאָן צי דער רבי איז דאָ. אַריינקוקנדיק אין צימער און זעענדיק אים זיצן אין ווינקל אין אַ טלית, פאַרטיפט אין תפילה טאָן, האָבן זיי נישט געוואַגט זיך דערנענטערן און אים שטערן. פאַרקערט, די שליחים האָבן קאַטעגאָריש אָפּגע־לייקנט די „פאַלשע קלאַנגען״ אַז דער רבי איז אַנטלאָפן. צוויי טעג איז די מקורבים געלונגען אויסבאַהאַלטן דעם סוד.

די צוויי יונגעלייט וואָס האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן צו ראַטעווען ר׳ אהרלען זענען געווען ראובן וואָלקאָן, וואָס האָט געשפּילט די ראָל פון רבין און חיים שלמה פרידמאַן, וואָס האָט געשפּילט די ראָל פון גבאי. ווען ר׳ אהרעלעס אַנטלויפן איז דערגאַנגען צו דער געסטאַפּאָ, האָט זי אַרעסטירט ביידע יונגעלייט און נאָך חסידים, און אַ דאַנק אַ טייערן ברילי‌אַנט וואָס אליעזר לאַנדאו האָט געהאַט צוגעגרייט, האָט ער איינגעשטילט דעם צאָרן פונעם געסטאַפּאָ־קאָמאַנדיר און באַפרייט די אַרעסטירטע.

דער וועג ביז דער אונגאַרישער גרענעץ איז געווען פול מיט שטרויכלונגען. נישט איינמאָל זענען זיי ממש געשטאַנען פאַר דער געפאַר אַריינצופאַלן אין נישט געוווּנטשענע הענט, און נאָר אַ דאַנק ר׳ אַהרעלעס קאַלטבלוטיקייט און די פעיִקייט פונעם אָפיציר זיך אַרויסצודרייען פון געפערלעכע סיטואַציעס, זענען זיי אַריבער בשלום די גרענעץ, און פרייטיק זענען זיי אָנגעקומען אין דער קאַרפּאַטאָ־רוסישער שטאָט אונגוואַר, וואָס נאָכן פאַרנעמען טשעכאָסלאָוואַקיע האָבן די דייטשן זי איבערגעגעבן אונגאַרן.

## פון אונגאַרן קיין ארץ-ישראל

פון אונגוואַר איז ר׳ אהרעלע און זיינע באַגלייטער אַוועק קיין בודאַפּעסט, ווו זיי זענען אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס פרייד דורך די בעלזער חסידים, וואָס אין אונגאַרן איז זייער צאָל געווען אַ גרויסע. דאָ דאַרף באַטאָנט ווערן, אַז דעם בעלזער רבס קומען קיין אונגאַרן מיט דער הילף פון אַן אָפיציר פון גענעראַל־שטאַב האָט געהאַט די גוטהייסונג פון דער אונגאַרישער רעגירונג, וואָס אין 1943 איז זי שוין געווען איבערצייגט, אַז דייטשלאַנד האָט פאַרלוירן די מלחמה, און אירע פירער האָבן גענומען זוכן וועגן ווי אַראָפּצושפּרינגען פונעם נאַצישן וואָגן. דורך פאַרשידענע וועגן האָבן זיי געזוכט צו באַווייזן אַז זיי זענען נישט איינשטימיק מיט דער נאַצישער פּאָליטיק. דאָס ראַטעווען דעם בעלזער רבין האָט געזאָלט דינען אַלס איינער פון די באַווייזן דערצו. דאָ ליגט אויך דער מאָטיוו פאַרוואָס די רעגירונגס־באַהערדן האָבן נישט געשטערט ר׳ אַהרעלען קאָנצענטרירן אַרום זיך אין בודאַפּעסט טויזנטער חסידים. דעם אמת זאָגנדיק האָבן ר׳ אהרעלע און ר׳ מאָטעלע זיך נישט געמאַכט קיין אילוזיעס און האָבן נישט איינמאָל געוואָרנט די אונגאַרישע יידן וועגן דער געפאַר וואָס דראָט אויך זיי. די פּראַקטיק אין פּוילן האָט באַוויזן, אַז די נאַצישע בעסטיע איז אין אירע מפּלות נישט וויניקער געפערלעך ווי אין די זיגן. לײדער האָט זיך זייער וואָרענונג באַלד אַרויסגעוויזן אַלס באַגרינדעט. די נאַצים האָבן אָנגעפאַנגען פאָדערן ביי דער אונגאַרישער רעגירונג איבערגעבן אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ די אונגאַרישע יידן אויף זיי צו פאַרשיקן אין די פאַרניכטונגס־לאַגערן.

בעת זייער זיין אין בודאַפּעסט האָבן ר׳ אַהרעלע און ר׳ מאָטעלע נישט אויפגעהערט צו פאָדערן ביי די בעלזער חסידים אין ארץ־ישראל, זיי וואָס גיכער אַרויסנעמען פון אונגאַרן און ברענגען אין לאַנד אַריין. זייער פאָרגעפיל האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן אַלס באַגרינדעט. וועגן טראַגישן גורל וואָס האָט דערוואַרט דעם אונגאַרישן יידנטום, האָט שפּעטער דערציילט ר׳ מאָטעלע:

ראש השנה תש״ד (1943) איז געפייערט געוואָרן אין הויף פונעם אדמו״ר אין בודאַפּעסט ברוב עם. דער רבי האָט זיך געפירט כמנהגו, און אַפילו נישט געגעבן קיין רמז, אַז ערב ראש השנה האָט ער באַקומען אַן איינלאַדונג פון דער געהיים־פּאָליציי זיך דאָרט פּרעזענטירן אויף צומאָרגנס נאָך ראש השנה. נאָר געציילטע מענטשן, די נאָענטסטע, האָבן געוווּסט וועגן דער דאַזיקער איינלאַדונג, וואָס האָט קיין גוטס נישט אָנגעזאָגט.

צומאָרגנס נאָך ראש השנה איז ר׳ אהרעלע צוזאַמען מיט זיין ברודער און דעם ה׳ יוסף שאלגע פון די אָנפירער פון בודאַפּעסטער קהילה, אַוועק צום שעף פון דער געהיים־פּאָליציי. דער פּאָליציי־שעף האָט געוואָלט רעדן מיטן רבין ביחידות. ער האָט אים אַ פרעג געטאָן: „איר פאַרשטייט דאָך זיכער דייטש, וועלן מיר קענען רעדן צווישן פיר אויגן״.

נאָך דעם זעלבן טאָג, אומקערנדיק זיך פונעם באַזוך אין דער געהיים־

פאַליציי, האָט ר׳ אַהרעלע צוזאַמענגערופן די נאָענטסטע מענטשן און זיי מודיע געווען, אַז ער האָט באַשלאָסן וואָס גיכער עולה זיין קיין ארץ ישראל. ער האָט נישט דערציילט וואָס ער האָט גערעדט מיטן פאַליציי־שעף, אָבער אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז דעם רבינס באַשלוס וואָס גיכער עולה צו זיין איז פאַרבונדן מיט יענעם געשפּרעך. ערשט נאָכדעם ווי ר׳ אַהרעלע און זיינע באַגלייטער איז געלונגען צו פאַרלאָזן בשלום אונגאַרן און דורך רומעניע, בולגאַריע און גריכנלאַנד אָנקומען קיין טערקיי, ווו די נאַציס האָבן נישט געהערשט, האָט מען איבערגעגעבן בסוד איינער דעם אַנדערן, וואָס דער פאָליציי־שעף האָט געזאָגט דעם רבין. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די געסטאַפּאָ ווייסט, אַז ר׳ אהרעלע געפינט זיך אין בודאַפּעסט און שפּיאָנירט נאָך אַלע זיינע טריט. זי האָט זיך אויך געווענדעט צו דער אונגאַרישער רעגירונג מיט אַ שטרענגער פאָדערונג צו אַרעסטירן דעם „ראַבּינער וואָס איז אויף אַן אומלעגאַלן אופן אַנטלאָפן פון פוילן מיט נאָך 500 בירגער פון דער אָקופּירטער פוילן״. די געסטאַפּאָ האָט געפאָדערט אומצוקערן דעם ראַבינער קיין פוילן. דער שעף פון דער אונגאַרישער געהיים־פּאָליציי האָט איינגעלאַדן ר׳ אהרעלען כדי אים וואָרענען וועגן דער געפאַר וואָס באַדראָט אים און אים צוגעזאָגט די מאַקסימאַלסטע הילף צו פאַרלאָזן וואָס גיכער אונגאַרן אויף זיך דערשלאָגן צו אַ זיכערן פּלאַץ. ר׳ אהרעלע האָט אים געענטפערט, אַז זיינע פריינד אין די דעמאָקראַטישע לענדער טוען אַלץ צו דערמעגלעכן זיין עליה קיין ארץ־ישראל און אַז ער וועט גלייך אָננעמען אַלע מיטלען צו פאַרשנעלערן זיין עליה.

טראָץ אַלע באַמיִונגען, האָט ר׳ אהרעלע און זיין ברודער ערשט געקענט פאַרלאָזן אונגאַרן אינמיטן ווינטער 1944. זיי זענען אַוועק פון בודאַפּעסט מאָנטיק און ערשט פרייטיק האָבן זיי דערגרייכט די גריכיש־טערקישע גרעניץ. שבת אינדערפרי זענען זיי אָנגעקומען קיין סטאַנבול נאָך כמעט אַ וואָך שווערער רייזע, פול סכנות ביי יעדער גרענעץ וואָס זיי זענען אַדורכגעגאַנגען, אַריינצו־פאַלן אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ. אין אַ פון פריער צוגעגרייטן האָטעל, און זיך נישט נעמענדיק קיין צייט זיך אויסצורוען פון דער אויסמאַטערנדיקער רייזע, איז ר׳ אהרעלע אָנגעגאַנגען מיטן סדר שבת לויטן בעלזער שטייגער. אַפילו שלוש סעודות איז געפּראַוועט געוואָרן לויטן בעלזער מנהג און די מלווה מלכה האָט זיך פאַרצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט.

לויטן פּלאַן האָט דער רבי געדאַרפט זיך אָפּרוען אַ טאָג, צוויי און פאָרזעצן די רייזע קיין ארץ־ישראל. דער דאָקטאָר וואָס האָט אים אונטערזוכט האָט פעסט־געשטעלט, אַז ר׳ אַהרעלעס געזונטצושטאַנד פאָדערט ער זאָל זיך אָפּרוען לפּחות אַ וואָך צייט. די טערקישע רעגירונג האָט באַוויליקט ר׳ אהרעלע זאָל בלייבן נאָך אַ וואָך אין סטאַנבול ביז ער וועט קומען צו זיך.

דינסטיק, פרשת בשלח, איז ר׳ אהרעלע אָנגעקומען קיין דמשק. מיטוואָך האָט ער פאָרגעזעצט די רייזע פון דמשק קיין אַלעפּאָ. שוין אונטער ענגלישער

הערשאַפט איז נאָך באַשערט געווען ר׳ אהרעלען אויסצושטיין אומאַנגענעמלעכקייטן. אין אַלעפּאָ האָט דער מיליטערישער געהיים־דינסט באַפוילן צו ברענגען ר׳ אהרעלען און ר׳ מאָטעלען אין דער פּאָליציי אויף זיי אויסצופאָרשן. דער ענגלישער געהיים־דינסט האָט אויסגעפאָרשט יעדן וואָס איז געקומען פון אייראָפּע, און מיט מער שטרענגקייט אַזעלכע, וואָס זענען געקומען פון לענדער וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דייטשער אָקופּאַציע. צום גליק איז דעם זעלבן טאָג אָנגעקומען קיין אַלעפּאָ דער רב הראשי פון ארץ־ישראל, ר׳ יצחק אייזיק הערצאָג זצ״ל. ער איז געווען אויפן וועג קיין טערקיי אין אַ רעטונגס־מיסיע. עס האָט אים באַגלייט זיין יינגערער זון יעקב ז״ל. הרב הערצאָג וואָס האָט אַ סך געטאָן צו ראַטעווען דעם בעלזער רבין, האָט אָנקומענדיק אין אַלעפּאָ גלייך געפרעגט אויף ר׳ אהרעלען און זיין ברודער. מען האָט אים געזאָגט, אַז דער אדמו״ר איז טאַקע געקומען, אָבער די מיליטערישע ענגלישע געהיים־דינסט האָט זיי מיט נאָך יידן פאַרנומען און זיי געפינען זיך אין פּאָליציי־שטאַב. הרב הערצאָג איז געבליבן אין דער באַן־סטאַציע און האָט געשיקט זיין זון אין מיליטערישן געהיים־דינסט געוויר ווערן פאַרוואָס מען האָט פאַרהאַלטן דעם בעלזער רבין מיט זיין ברודער.

יעקב הערצאָג האָט געפונען דעם רבין אין אַ קעלער פון דער פּאָליציי מיט נאָך 15 יידן, אויך געראַטעוועטע פון נאַצישן גהינום, און דריי ענגלישע אָפיצירן האָבן זיי געהאַלטן אין אויספאָרשן. פרעגנדיק דעם הויפּט־אויספאָרשער פאַרוואָס ער באַפרייט נישט דעם רבין, האָט אים יענער געענטפערט, ווייל דער רבי אַרבעט נישט מיט און ענטפערט נישט אויף די פראַגעס. אויפן יונגן הערצאָגס פראַגע פאַרוואָס ער ענטפערט נישט די ענגלישע אָפיצירן, האָט ער אים געזאָגט, אַז ער רעדט נישט מיט קיין גויים.

יעקב הערצאָג איז גלייך אַוועק צו דער באַן־סטאַציע און דערציילט דעם פאָטער וואָס ער האָט געזען און געהערט אין מיליטערישן געהיים־דינסט. הרב הערצאָג איז גלייך אַוועק אין דער מיליטערישער געהיים־קאָמאַנדע און דערקלערט דעם הויפּט־אויספאָרשער ווער עס איז דער אדמו״ר. דער אויספאָרשער האָט מסכים געווען צו באַפרייען ר׳ אַהרעלען, אָבער ר׳ מאָטעלע איז נאָך געבליבן צו פאַרענדיקן די אויספאָרשונג. נאָך דעם זעלבן טאָג איז ר׳ מאָטעלע אויך באַפרייט געוואָרן. צומאָרגנס, דאָנערשטיק ט׳ בשבט תש״ד, זענען ר׳ אהרעלע און ר׳ מאָטעלע אַרויסגעפאָרן פון אַלעפּאָ און אָנגעקומען אין ארץ־ישראל.

## בעלזער חסידות אין ארץ-ישראל

אַ קורצע צייט נאָך ר׳ אַהרעלעס קומען אין לאַנד אַריין, האָבן זיך גענומען קאָנצענטרירטן אַרום אים די בעלזער חסידים וואָס האָבן זיך געפונען אין ארץ־ישראל און די אַלע וואָס זענען געקומען נאָך דער מלחמה. מיט דער ענערגישער הילף פון ר׳ מאָטעלען האָט ר׳ אַהרעלע זיך גענומען רעסטאַווירן דעם בעלזער „הויף" אין ארץ־ישראל, וואָס איז באַלד געוואָרן דער צענטער פון בעלזער חסידים אין לאַנד און חוץ לארץ.

געטריי דעם דרך פון בעלזער חסידות וואָס האָט זיך פון תמיד אָן באַזירט אויף לימוד התורה איז די ערשטע אינסטיטוציע, וואָס בעלזער חסידים האָבן אויפגעבויט אין לאַנד געווען אַ תלמוד־תורה מיטן נאָמען „מחזיקי הדת" אין דער שטאָט יפו. די תלמוד־תורה איז געגרינדעט געוואָרן אויף ר' אהרעלעס בפירושער פאָדערונג. די לימודים האָבן זיך געפירט לויטן שטייגער פון די בעלזער „חדרים" און אויך די מלמדים זענען אויסגעוויילט געוואָרן צווישן בעלזער חסידים. נאָכן בעלזער רבס פטירה איז די תלמוד־תורה אַריבערגעפירט געוואָרן קיין תל־אביב, אין רבס הויז אויף דער גאַס אחד־העם. דער „חדר" אין יפו איז נישט געשלאָסן געוואָרן, נאָר פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אָפּטיילונג פון דער צענטראַלער תלמוד־תורה אין תל־אביב. ביי דער תלמוד־תורה פונקציאָנירט אויך אַן אינטערנאַט, און עס לערנען אין איר אַ פּאָר הונדערט קינדער.

דאָס גרעסטע ווערק, וואָס בעלזער חסידים האָבן אויפגעשטעלט אין לאַנד איז בלי ספק די „ישיבת בעלז" אין ירושלים. ווי באַקאַנט האָבן בעלזער חסידים נישט געהאַלטן פון קיין ישיבות. אַלנפאַלס אין בעלז גופא איז נישט געווען קיין ישיבה לויטן באַקאַנטן נוסח. אין בעלז האָט מען געלערנט אין בית־מדרש, און דאָס לערנען איז געווען פריי אָן די סייגים און דיסציפּלין־פאָדערונגען פון די ישיבות. און עס דאַרף געזאָגט ווערן, אַז דווקא די טיילווייזע אַנאַרכישקייט און רעלאַטיווע פרייהייט פון דער בעלזער שיטה אין לערנען, האָט פאַרמאָגט אַ ספּעציעלן צויבער און די רעזולטאַטן זענען נישט געווען ערגער ווי פון די אָרגאַניזירטע ישיבות. אין אָנפאַנג האָט ר' אהרעלע געוואָלט פאַרזעצן אויך אין ארץ־ישראל די בעלזער שיטה, די מקורבים האָבן אָבער אים איבערצייגט, היות דער לימוד התורה אין ארץ־ישראל איז אינגאַנצן געבויט אויף ישיבות, וועט אוממעגלעך זיין פּראַקטיצירן אין די היגע באַדינגונגען די בעלזער שיטה. צום סוף האָט ר' אהרעלע מסכים געווען צו גרינדן אַ ישיבה וואָס טראָגט דעם נאָמען „ישיבת בלז" (בעלזער ישיבה). מיט דער הילף פון די בעלזער חסידים פון אויסלאַנד איז אויפגעשטעלט געוואָרן ביים אַריינגאַנג קיין ירושלים אַ פינף־שטאָקיקער בנין מיט 70 צימערן, ווו עס פונקציאָנירט אויך אַן אינטערנאַט. אין דער ישיבה לערנען אַ פּאָר הונדערט בחורים, אַ גרויסער טייל קינדער פון בעלזער חסידים וואָס וווינען אין חוץ לארץ.

דאָס דריטע ווערק פון בעלזער חסידים אין ארץ־ישראל זענען די „מוסדות חסידי בלז בבני ברק" (בעלזער חסידישע אינסטיטוציעס אין דער שטאָט בני ברק). אויף דער גאַס וואָס טראָגט דעם נאָמען „האדמו"ר מבלז", איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ גרויסער בנין, וואָס איז אויסערלעך ענלעך צו דער בעלזער שול. עס פונקציאָנירט אין דעם צענטער אַ תלמוד־תורה, אַ בית מדרש און אַן אינטערנאַט.

קלענערע צענטערן פון בעלזער חסידים זענען פאַראַן אין בעלגיע, ענגלאַנד, שווייץ, אַמעריקע און קאַנאַדע.



יענעם שבת חודש אב תש״ז (1957), ווען פיל בעלזער חסידים זענען געקומען קיין ירושלים אָפּהאַלטן שבת אין דער מחיצה פון בעלזער רב, האָט זיך קיינער פון זיי נישט פאַרגעשטעלט, אַז אַ טאָג נאָך שבת וועט ר׳ אהרעלע שוין נישט זיין צווישן די לעבעדיקע. זיין התנהגות יענעם שבת איז מיט גאָרנישט געווען אַנדערש פון אַלע פריערדיקע שבתים. ווי זיין דרך, האָט ער נאָך קבלת־שבת עוסק געווען לאַנגע שעהן אין תורה און עבודה, און ערשט צוויי אַזייגער נאָך חצות איז ער אַרויסגעקומען פון זיין חדר אָפּצוריכטן דעם שבתדיקן טיש. ווי זיין מנהג האָט ער בשעת דער סעודה געזאָגט תורה, דאָס מאָל מיט אַ באַזונדערער קלאָרקייט. דאָסמאָל האָט ער דערמאָנט זיין פאָטער ז״ל.

נאָכן פאַרענדיקן דאָס תורה־זאָגן, האָבן די מקורבים באַמערקט אַן ענדערונג אין זיין פּנים. דאָך האָט דער בעלזער רבי זיך געפירט ווי שטענדיק און אַ גאַנצע נאַכט עוסק געווען אין תורה און תפילה.

ניין אַזייגער אינדערפרי איז ער איינגעשלאָפן. די מקורבים האָבן באַמערקט, אַז דאָס איז נישט סתם אַ געוויינלעכער שלאָף, נאָר אַז זיינע כוחות האַלטן אין אויסגיין. מיט גרויס מי איז זיי געלונגען אים אויפוועקן. מען האָט אים פאַר־געשלאָגן ברענגען אַ דאָקטאָר, אויף וואָס ר׳ אהרעלע האָט נישט מסכים געווען. עס איז אַוועק אַ שעה, זעענדיק, אַז די לאַגע ווערט ערגער, האָבן די מקורבים אַרויסגערופן דעם ד״ר פ. שלעזינגער. דער דאָקטאָר האָט אויסגעפונען, אַז זיין צושטאַנד איז אַ קריטישער. מען האָט אַרויסגערופן דעם פּראָפעסאָר האַלפערין, וועלכער האָט פאַראָרדנט אים גלייך אַריבערפירן אין שפּיטאָל „שערי צדק״. די תלמידים האָבן טראַגנדיק דעם רבין אויף זיין בעט אים געבראַכט אין שפּיטאָל.

חסידים האָבן מתפלל געווען, און די דאָקטוירים האָבן געטאָן וואָס זיי האָבן געקענט, ליידער זענען אַלע באַמיונגען געווען אומזיסט. מוצאיא־שבת, 3.55 פאַרטאָג, כ״א מנחם אב, איז ר׳ אהרון רוקח, דער פערטער אדמו״ר פון דער בעלזער חסידישער דינאַסטיע נפטר געוואָרן.

זונטיק נאָכמיטאָג איז פאָרגעקומען די לוויה, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען פון בעלזער „ישיבה״, וואָס ערשט מיט 5 וואָכן צוריק האָט ר׳ אהרעלע זי באַנייט, צום הר המנוחות. טויזנטער האָבן אים באַגלייט צו זיין אייביקער רו. דורך די גאַסן וואָס די לוויה איז דורכגעגאַנגען, האָט מען געשלאָסן די געשעפטן און די אַרבעט איז אָפּגעשטעלט געוואָרן. 5.15 פאַרנאַכט איז דער ארון אַראָפּגעלאָזט געוואָרן אין קבר, וואָס איז אין געציילטע מינוטן איבערגעפולט געוואָרן מיט טויזנטער „קוויטלעך״.

מיט ר׳ אהרעלעס פּטירה איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן אַ גרויס און רומרייך קאַפּיטל פון בעלזער חסידיזם וואָס האָט עקזיסטירט 140 יאָר (1817—1957).

**דער המשך פון בעלזער חסידות אין ארץ־ישראל, וואָס אָן איר שפּיץ שטייט דער „ינוקה״, ר׳ מאָטעלע רוקחס זון, גייט אַרויס פון די גרענעצן פון דער מאָנאָגראַפיע און פונעם דאָזיקן בוך.**

ד"ר ארתור רופין

# ביקור בבלז בשנת 1903

מופלא במינו היה ביקורי אצל הרבי מבלז. באתי לבלז ערב חג־השבועות, ברכבת. הרכבת היתה מלאה מפה אל פה יהודים, הנוסעים אל הרבי. כולם מגודלי פיאות וחבושים מצנפות־קטיפה שחורות ועגולות לראשיהם, ומהם גם נעולים סנדלים. הגענו לבלז אחר הצהריים. השיירה הארוכה של היהודים, המשרכת מבית־הנתיבות דרך האפרים העירה, העלתה לפני זכר תנודת־עמים. בלז, שבימים רגילים מחצית מ־6000 תושביה הם יהודים, היתה אותו יום מאוכלסת, כביכול, יהודים בלבד, הואיל ואלפי יהודים באו מבחוץ לבקר את הרבי. אף מהונגריה ומרוסיה.

לתפילת־מעריב הלכתי אל בית־הכנסת. ספסלים למושב אין בנמצא. אלפי יהודים עומדים לחוצים ודחוסים ונינועים בשעת תפילה כהינוע שיבלים ברוח. הרבי מופיע, ומיד מתחיל הציבור בתפילה. הכל מדחקים עצמם לעמוד במחיצתו. הרבי עובר לפני התיבה ומתפלל בקול בוכים חלול. הקול מעורר, כמדומה, מין התפעלות יוקדת אצל רוב המתפללים. הללו עוצמים עיניהם ומנידים גופם בדבקות לכאן ולכאן. התפילה בקול רם משולה כמין המולה של סופה. הרואה יהודים אלו בתפילתם, סופו להודות שאומה זו עודנה האדוקה שבאומות העולם.

אחר התפילה (בעשר וחצי) הלכתי עם כל שאר היהודים לסעודת־ערבית בביתו של הרבי. אולם רחב־ידיים, צפיפות לא תשוער, ממש ראש בראש נוגע. דרך־מקרה משגיח בי שמשו של הרבי, שפגשתיו קודם־לכן ברחוב. הוא שמע מפי, שבאתי מברלין; מרוצה היה, שפלוני הרחיק כל־כך לנסוע בשביל לראות את הרבי, ואמר לי בסבר פנים יפות: כן, לפני מאתיים שנה היתה ברלין נודעת לתהילה באנשי־מעלה שבה. משנתרוקנה מלמדניה, בטלה, לדעתו, גם חשיבותה. השמש מסייע בידי לפלס לי דרך בקהל הרב ומצביע על אדן־חלון אחד, מעל למושבו של הרבי, מקום שאוכל לראות היטב ולשמוע היטב כל דבר. משהופיע הרבי זינקו עוד כמה יהודים וישבו על גבי אדן־החלון, שאין עליו מקום ישיבה אלא לשלושה אנשים לכל היותר, ומכאן ואילך שוב לא יכולתי לישב שם, אלא לעמוד על רגלי. כך עמדתי שלוש שעות תמימות, ועמי עוד עשרה יהודים, בצפיפות ובחום כבדים מנשוא. הריני מסיר כובעי ועומד שעה קלה בגילוי־ראש, כדי לנגב הזיעה מעל מצחי; אותה שעה סופג אני מיד שכני חבטה בצלעותי; אין זה מן הנימוס. הרי לא בית־קפה המקום הזה.

הריני חוזר, איפוא, וחובש את מגבעתי ומוסיף לעמוד ביסורים, יד האחת נאחזת במסגרת החלון ורגלי האחת כאבר מדולדל באוויר. דומה, מימי לא עלתה לי הסתכלות בדברים במאמצים גופניים מרובים כל כך. אך אנוס הייתי להמתין עד הסוף, שכן מחמת הצפיפות הגדולה אי־אפשר להגיע לפתח. סמוך לחצות הופיע הרבי, והסעודה, סעודה של דגים, מרק, בשר ולפתן, החלה. הרבי טעם מכל המזונות, הטביל פתו ברוטב באצבעותיו (סכינים ומזלגות לא היו, רק כף למרק), שיסע דגים ובשר במו ידיו וכיבד בנתחיהם את המסובין לשולחן (רבנים מן הסביבה) ושאר אנשים מן הקהל, שעמדו בסמוך וחטפו בלהיטות את ה„כיבוד" (על עצמות הדגים שמרו כשמור על ראֶליקויות) וקפצו על צלחות־הרוטב, להטביל בהן אצבעותיהם. גם לי הביא השמש דג והשתומם מאד שסירבתי, מתוך אמתלה מסויימת, לקבלו.

אחר האכילה דרש הרבי בקול נמוך דרשה לפני הקהל, שלא הבינותיה כל־עיקר. — כל־כך נתעייפתי מהיותי תלוי ועומד על אדן־החלון, שחששתי שמא אפול על הרבי. נתעניתי בצמאון כבד מנשוא. אך חייב הייתי להמתין עד אחת ומחצה, שעה שבה נסתיימה הסעודה. מיד מיהרתי לאכסניה שלי, שקיוויתי למצוא שם איזה משקה לשבור צמאוני. אך שום משרתים לא היו באכסניה. הריני ממהר לבית־הבירה, מקום שראיתי חבית־בירה אחר הצהריים. בלא ליתן דעתי על כך שגופות יהודים ישנים סרוחים על הרצפה כשקים של קמח, הריני משתער, כאילו חיי תלויים לי מנגד, מעל לגופות הישנים על חבית־הבירה, עוקר את המגוף ושותה לרוויה. מרבית הנוזלים נשפכת על הרצפה. אך אין דבר זה מענייני, איני שועה גם לצעקות היהודים; העיקר שניצלתי ממיתת־צמא.

עם הרבי עצמו לא יכולתי לבוא בדברים. רופא יהודי אחד אמר לי, שהרבי נהנה מחסותו של שר־המחוז, כיוון שהוא מסייע לו כתועמלן בשעת בחירות.

יהודי בלז, עשרה אחוזים מהם בלבד יש להם, כפי ששמעתי, הכנסה שנתית בשיעור 600 זהובים (50 לי"ש), סכום המאפשר להם לשכור חדר ומטבח ולקיים את הנפש. שאר תשעים האחוזים, מחציתם יש להם הכנסה שבועית בשיעור 3—6 זהובים; האחרים הם קבצנים. — מאין מערכת־ביוב בעיירה, שכיחים בה הרבה מקרי־טיפוס.

יהודים, שאינם מגדלים פיאות ואינם לובשים קפוטה, אין בבלז, הידועה כעיירה „אדוקה" ביותר; המשנה כלשהו מן התלבושת המקובלת מוחזק „גרמני", כלומר כופר בעיקר. את בניהם אין ההורים שולחים אלא ל„חדר" ומשתדלים בכל מיני דרכים להרחיקם מבתי־ספר חילוניים, מחשש שמא תיפגם שם יהדותם.

מתוך הספר „פרקי חיי" כרך א׳

ד״ר אַרטור רופּין

# אַ באַזוך אין בעלז אין 1903

ד״ר רופּין, דער ערשטער יידישער סאָציאָלאָג פון פאַרנעם, צוגרייטנדיק זיין בוך „די יידן אין דער געגנוואַרט״, אויף זיך צו באַקענען אַלס עד ראיה מיט די יידן אין מזרח אייראָפּע, האָט גע־מאַכט אין יאָר 1903 אַ שטודיר־רייזע איבער גאַליציע. צווישן אַנדערע שטעט און שטעטלעך האָט ער אויך באַזוכט בעלז. צופעליק אָדער אויסגערעכנט איז ער אָנגעקומען קיין בעלז פונקט ערב שבועות, ווען בעלז איז ממש פאַרפלייצט געווען פון טויזנטער חסידים, וואָס זענען געקומען צום רב אויף שבועות. זיינע איינ־דרוקן פון יענעם באַזוך באַשרייבט ער אין דער פאָלגענדער סקיצע, וואָס איז ערשט נישט לאַנג דערשינען אין דריי־בענדיקן זכרונות־בוך „פּרקי חיי״ — קאַפּיטלען פון מיין לעבן.

אַ גאַנץ אייגנאַרטיקן כאַראַקטער האָט געטראָגן מיין באַזוך ביים בעלזער רבין. געקומען קיין בעלז בין איך ערב שבועות, מיט דער באַן. די באַן איז געווען פול מיט יידן, וואָס זענען געפאָרן צום רבין, אַז מען האָט קיין שפּילקע־קעפּל דאָרט נישט געקענט אַריינשטעקן. אַלע האָבן געטראָגן לאַנגע פּיאות און די קעפּ זענען געווען באַדעקט מיט שוואַרצע סאַמעטענע רונדע קאַפּעלושן. אַ טייל פון זיי האָבן אויך געטראָגן מעשטעס. קיין בעלז זענען מיר אָנגעקומען נאָך מיטיק. די לאַנגע קאַראַוואַנע יידן, וואָס האָבן געצויגן פון דער באַן־סטאַציע איבער פאַרשטויבטע וועגן אין שטעטל אַריין, האָבן אַרויסגערופן אין מיין פאַנ־טאַזיע אַ בילד פון פעלקער־וואַנדערונג. בעלז, וואָס אַ גאַנץ יאָר באַשטייט איר 6000 נפשותדיקע באַפעלקערונג פון אַ העלפט יידן, האָט יענעם טאָג אויסגעזען ווי זי וואָלט געווען באַזעצט אויסשליסלעך נאָר פון יידן. און עס איז אויך פאַרשטענדלעך: יענעם טאָג האָבן טויזנטער יידן פון דער פרעמד עולה־רגל געווען צום רבין. אַזש פון רוסלאַנד און פון אונגאַרן זענען זיי געקומען. צום יום־טובדיקן מעריב בין איך אַוועק אין דער גרויסער שול. בענק צו זיצן האָב איך נישט געזען. טויזנטער יידן זענען געשטאַנען צוזאַמענגעפּרעסטע און צוזאַמענגעקוועטשטע און זיך געשאָקלט בשעתן דאַוונען ווי זאַנגען אין ווינט. ווען דער רבי איז אָנגעקומען האָט מען זיך גלייך געשטעלט דאַוונען. אַלע האָבן זיך געשטופּט צו זיין וואָס נענטער צו אים. דער רבי אַליין האָט געדאַוונט פאַרן עמוד מיט אַ וויינענדיק קול. זיין קול האָט ווייזט אויס אַרויסגערופן אַ ברענענ־דיקע התלהבות ביים רוב מתפּללים. אַלע האָבן מיט פאַרמאַכטע אויגן זיך געשאָקלט מיט דביקות, די תפילה בקול רם האָט געקלינגען אין מיינע אויערן ווי דאָס רוישן פון אַ שטורעם־ווינט. איך מוז מודה זיין, אַז זעענדיק די דאָזיקע יידן ביים דאַוונען בין איך געקומען צום אויספיר, אַז אונדזער פאָלק איז דאָס פרומסטע פאָלק אין דער וועלט.

נאָכן יום־טובדיקן מעריב (אַרום האַלב עלף) בין איך מיט אַלע יידן אַוועק אין רבינס הויף צו דער יום־טובדיקער סעודה. אין דער „גרויסער שטוב" (אַ ריזן סאַלאָן) האָט געהערשט אַן ענגשאַפט אין לשער. איין קאָפּ האָט זיך ממש אָנגעשלאָגן אָן צווייטן. צופעליק האָט מיך באַמערקט דעם רבינס משמש, וועלכן איך האָב פריער באַגעגנט אין גאַס. הערנדיק, אַז איך בין אַ בערלינער, איז ער געווען צופרידן וואָס איך בין פון אַזוי ווייט געקומען צום רבין. מיט אַ צופרידענעם שמייכל האָט ער באַמערקט: „יאָ, מיט אַ 200 יאָר צוריק איז בערלין געווען באַרימט מיט גרויסע למדנים. אַצינד, אַז די לומדים האָבן זי פאַרלאָזט, האָט די שטאָט פאַרלוירן אַ סך פון איר חשיבות".

דער משמש האָט מיר געהאָלפן זיך דורכשלאָגן אַ וועג צווישן גרויסן עולם און מיר אָנגעוויזן אויף אַ פענצטער, אַקעגנאיבער דעם רבינס שטול, וואָס דאָרט וועל איך קענען זען וואָס דער רבי טוט און הערן זיין תורה זאָגן. אַזוי ווי דער רבי איז דערשינען זענען אַרויפגעשפּרונגען אויף דעם פענצטער־שוועל אַ גאַנצע כאָפּטע יידן, פאַרכאַפּט פלעצער, אַזוי, אַז פון זיצן האָט שוין קיין רייד נישט געקענט זיין און די גאַנצע צייט האָב איך געמוזט שטיין אויף די פיס. אַזוי בין איך אָפּגעשטאַנען גאַנצע דריי שעה, אין אַ היץ און אַ געדרענגעניש צוזאַמען מיט נאָך צען יידן אויף אַ פלאַץ אויף וועלכן עס האָבן געקענט זיצן נישט מער ווי דריי מענטשן. איך האָב אויף אַ מינוט אַראָפּגענומען דעם הוט אָפּצוווישן דעם שווייס פונעם שטערן, באַלד אָבער האָב איך דערפילט אַ שטאַרק אין דער זייט פון מיינעם אַ שכן: „ס'טייטש בגילוי ראש? און נאָך ביים רבינס טיש! וואָס איז דאָ — אַ קאָפע־הויז!" איך האָב בלית ברירה פונדאָסניי אָנגעטאָן דעם קאַפּעלוש, און ווייטער געשטאַנען אין געהאַקטע צרות, מיט איין האַנט אָנגעהאַלטן זיך ביי דעם פענצטער־ראַם און איין פוס האָט נאָכגעהאָנגען ווי אַן אבר מדולדל אין דער לופט. דוכט זיך, אַז קיינמאָל איז מיר נישט אויסגעקומען צו מאַכן אַזאַ פיזישע אָנשטרענגונג ווי יענע נאַכט אויף צו זען ווי דער רבי פראַוועט דעם יום־טובדיקן טיש. איך האָב נישט געהאַט קיין ברירה און געמוזט אויסהאַלטן ביז צום סוף, ווייל צוליב דער שרעקלעכער ענגשאַפט איז בשום אופן נישט מעגלעך געווען זיך צושלאָגן צו אַ טיר.

פאַר חצות איז אַריינגעקומען דער רבי, און עס האָט זיך אָנגעהויבן די יום־טובדיקע סעודה, וואָס איז באַשטאַנען פון פיש, יויך, פלייש און צימעס. דער רבי האָט טועם געווען פון יעדן מין, האָט איינגעטונקען די חלה אין דער פיש־יויך (מעסערס און גאָפּלען זענען נישט געווען, נאָר לעפל פאַר דער יויך), האָט אָפּגעריסן שטיקלעך פון די פיש און פלייש און צעטיילט „שיריים" די וואָס זענען געזעסן ביים טיש און די אַלע וואָס זענען געשטאַנען נאָענט צו אים. וואָס האָבן געכאַפּט די „שיריים" מיט גרויס התלהבות און ברען (די ביינדלעך פון די פיש האָבן זיי באַהאַלטן אַלס רעליקוויעס). יעדער, וואָס האָט נאָר געקענט

האָט איינגעטונקען די פינגער אין די טעלער זופּ און זיי אָפּגעלעקט. דער משמש האָט מיר צוגעטראָגן אַ שטיק פיש און זיך שטאַרק געוווּנדערט, וואָס אָנגעבנדיק ווע׳לכן עס איז תירוץ האָב איך זיך אָפּגעזאָגט פונעם „כיבוד״.

נאָכן עסן האָט דער רב געזאָגט „תורה״ מיט א שטיל קול. איך בין מודה, אַז איך האָב גאָרנישט פאַרשטאַנען וואָס ער האָט געזאָגט.

פון מיין הענגענדיק־שטייענדיקער פּאָזיציע אויפן פענצער בין איך שטאַרק מיד געוואָרן, און די גאַנצע צייט האָב איך מורא געהאַט איך זאָל חלילה נישט אַראָפּפאַלן אויפן רבין. מער פון אַלץ האָט מיך געקוועלט דער דורשט. איך האָב אָבער נישט געהאַט קיין ברירה. איך האָב געמוזט אויסהאַלטן נאָך גאַנצע אַנדער־האַלבן שעה ביז צום סוף פון דער סעודה.

פון רבינס טיש בין איך גלייך אַוועק אין מיין אַכסניה, האָפּנדיק, אַז דאָרט וועל איך קענען לעשן מיין דורשט. צו מיין גרויסער אַנטוישונג איז שוין קיין איין משרת נישט געווען דאָרט. איך בין אַוועק אין ביר־הויז ווו איך האָב נאָכמיטאָג געזען אַ פּאַס ביר. נישט אומקוקנדיק זיך אויף די יידן, וואָס זענען געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע ווי זעק מעל און געשלאָפן, האָב איך זיך דורכגע־שלאָגן אַ וועג צווישן די שלאָפנדיקע ביז איך האָב זיך דערשלאָגן צום ביר־פּאַס. כ׳האָב אַרויסגעריסן דעם פּראָפּן און זיך אָנגעטרונקען. מער וויפל איך האָב געטרינקען האָט זיך פאַרגאָסן אויפן פּאָל. דעם אמת זאָגנדיק, האָט מיך דער גאַנצער ענין וויניק וואָס געאַרט. איך האָב זיך אויך נישט געמאַכט הערנדיק די פּראָטעסטן פון די ליגנדיקע יידן. דער עיקר וואָס איך האָב געלאָשן מיין שרעקלעכן דורשט.

מיטן רבין אַליין האָב איך נישט געהאַט קיין געלעגנהייט צו שמועסן. אַ יידישער דאָקטאָר, וואָס איך האָב באַגעגנט אין בעלז האָט מיר געזאָגט, אַז דער רבי געניסט פונעם סטאַראָסטעס פּראָטעקציע, ווייל ער העלפט אים בעת די וואַלן צום רייכסראַט.

לויט ווי איך האָב געהערט האָבן נאָר 10 פּראָצענט פון די בעלזער יידן אַ יערלעכע הכנסה וואָס גרייכט 600 רייניש, וואָס איז אויך נישט קיין סך. די איבעריקע 90 פּראָצ. אַ העלפט פון זיי שטייט אויף אַ וועכנטלעכער הכנסה פון 3—6 רייניש, און דער רעשט זענען קבצנים. נישט פאַרמאָגנדיק דאָס שטעטל קיין קאַנאַליזאַציע, ברעכן אָפט אויס טיפוס עפּידעמיעס צווישן דער באַפעלקערונג.

יידן וואָס טראָגן נישט קיין באָרד און פּיאות און גייען נישט קיין לאַנגע בגדים, זענען אין בעלז כמעט נישט בנמצא. און אויב עס טרעפט, עמיצער וואַגט ענדערן אַביסל זיין לבוש, האַלט מען אים שוין פאַר אַ „דייטש״, ד.ה. פאַר אַן אַפּיקורס. זייערע קינדער לערנען אין „חדרים״, און זיי טוען אַלץ זיי נישט צו שיקן אין די רעגירונגס־שולן, אויס מורא, אַז דאָרט וועט חלילה, אָנגעגרירט ווערן זייער יידישקייט.

(פונעם בוך „פּרקי חיי״ — לעבנס־קאַפּיטלען) ערשטער טייל.

פרופ׳ ד״ר יוסף פטאי

# שבת בבלז

„שבת בבלז!״ מי יוכל לתאר תוכנן וערכן של שתי מלים אלה בשביל חסיד־תמים, עולה רגל לשבת קבועה לנווה הצדיק הנערץ! לפני עיני מרחף מבטו המאושר של אבי ז״ל, כשהתכונן לנסיעתו הגדולה מכפר פאטא למרחקי בלז, ופניו קרנו כבר שבועות לפני זה מהנאת הזוהר הנעלה המחכה לו שם... כל דאגות ימי החול וסבלותיהם חלפו ונעלמו, וכאילו ירדו ריחות ליל חגים והשרו השראה עילאית על חדרינו, חצרנו וגינתנו, ואפילו על חנותנו הקטנה, והגויים המסתובבים בה. באותם הימים חלפו כל התרגשויות של „חיי שעה״, ומה שנשאר עוד מן הפצעים והכאבים שבמלחמת הגלות, אסף אל תוך תרמילו, לקחת אתו לשבת זו המרפאה והמרגעת, שעתיד להוג בשמחת מעונו של הצדיק, מקום שלא יהיה לא דאגה ולא רוגז, רק תורה ותפילה, כוונה קדושה והתאחדות עם נשמות יתר הבאים מקרוב ורחוק, רוויים אותה האמונה וצמאים לאותו הזוהר.

כשתגדל, בני, תבוא גם אתה אתי לבלז, — היה אבי אומר לי, — עכשיו השתדל להיות טוב ולציית לאמא, שתספר לך מעשי נסים ונפלאות של הרבי, ואני אביא לך משם כיפת קטיפה יפה מבורכת מפי הצדיק.

אבי חשב אז על נסיעתי לבלז בנוסח אחר! לא צורת „מסע נסיון״, דרך קברי המלכים בקראקא, ערי בוקובינה וגליציה, וחזרה דרך מינכן וברלין. וגם אני, ביושבי אז יחד עם חברי בחדר על יד הגמרא, לא חשבתי כי פעם יקבלני צדיק הדור כיהודי „מרוחק במקצת״, שצריך לקרבו בעדינות וחיבה יתירה...

הרכבת של ראווה־רוסקה הגיעה באיטיות מפליאה לתחנת בלז, ונתקבלה בשאון רב והמולה רבה. כל היוצאים מן הקרונות, הן מן „המחלקה הראשונה״ במזוודות עור מלאות יקרות, הן מן המחלקה הרביעית של קרונות המשא, עם תרמיליהם הדלים, — כולם אל הצדיק באו. זה ברור. ואולי למענו סודרה רכבת ארוכה כזו יוצאת מן הכלל. והרי כל החיים פה מסתובבים מסביב לרבי. בעבורו כל התנועה הזאת המכלכלת את העיירה הקטנה. עולם הפוך כביכול, לא הקהילה מחזיקה ברבה, אלא חמשת־ששת אלפים היהודים תושבי בלז מתפרנסים ברובם על־ידי הצדיק. בעלי העגלות ובעלי המלונים המתחרים זה עם זה בהצעותיהם המרעישות, — כולם לחסידי הצדיק פניהם מועדות, כי הרי בזה אין להטיל כל ספק, שכל זר שהגיע הנה ברכבת זו, אל הרבי בא.

בפנים חגיגיים, נוגה חג בעיניהם, זורמים עולי הרגל אל תוך העיר, וכבר בתחילת הדרך מזהירים וקורנים לקראתנו כדורי הנחושת הכבירים של בית־הכנסת

המפואר. זמירות נשמת השבת מזמרות בחלל האוויר. כל לב מלא אמונה, כל מוח רווי נפלאות. איזה כוח נסתר של רזין דרזין שולט בכל. למי יעלה על דעתו לחקור, לפקפק, להרוס עמודי אמונה, לקלקל נופש, להשחית נוחם? לחלל נשמת השבת? — כל הבאים, בכרכרות, בעגלות או ברגל, נפשם עייפה, וממהרים העירה. כולם הביאו אתם במזוודותיהם גם איזה כובד משא הלוחץ על לבם, וכאן, אצל הצדיק, מוצאים הקלה ומרגוע לנפשם.



מובן וטבעי, שמסביב לשמש מסתובבים גם כוכבי לכת קטנים, שמסילותיהם לא תמיד ישרות הן, ושגם כאן, כמו אצל כל „מעצמה" מתחוללת כעין „ביורוקרציה" של „שומרי הסף". הכניסה אל הצדיק היא בידי חיל הגבאים, שלא תמיד היא ללא תנאי. אחד מהם מציע שיכניסני אל הרבי עוד בערב שבת, כדי שלא אצטרך לחכות הרבה, בצפיפות הראיונות של מוצאי שבת — ליל הפרידה. אולם גם בערב שבת הצטופף כבר המון רב. בפרוזדור יושבים „המזכירים" הכותבים על פתקאות („קוויטלך" בלע"ז) את בקשות הנכנסים עם שמותם ושם אמם.

— מאי בקשת אדוני? — שאלני „הגבאי".

— רצוני לראות את הרבי, — עניתי.

— אבל הרי עלי לכתוב דבר מה לתוך הפתקה! האם כבר איזה מין דוקטור, אדוני?

— הנה! — קורא הגבאי בשמחה כמוצא שלל רב. — אכתוב: „יוסף בן חיילה, לבריאות הנפש ולבריאות הגוף, ולעשות דוקטור במהרה"...

לא התנגדתי ומיהרתי עם הפתקה, דרך הדוחק הגדול, לראות בהקדם מקרוב את השפעת הצדיק על חסידיו.

בצעדי זהירות וחרדה, בדחילו ורחימו, נכנסים החסידים זה אחר זה דרך החדר הריק אל מקדש הרבי. בפנים כבר עומדים דומם רבים צפופים מסביב לקירות ומחכים ללא ניב ולא ניע, שלא להפריע לסתרי כוונותיו של הצדיק. רגעים מכריעים מרחפים מעל לראשיהם כאילו כיבשן הגורל בוער בחלל החדר, והאוויר כה לוהט ומשלהב, שאתה מרגיש כמו באגדה, כי ציפור פורחת שורפת פה כנפיה... בידיים רועדות מושיט האחד את הפתקה שלו, ובעוד הצדיק קורא את הבקשה — ומתוך קריאה זו מורגשת הבנה, השתתפות בצער, הבטחה ועזרה כנה, דוחף המבקש בחשאי שקלי זהב או כסף או שטרי ממון שונים, אל ערימת המטבעות, המצטברת באמצע השולחן. בכוונה קדושה, כמקריבים על מזבח המקדש בירושלים, נותן איש איש את „הפדיון", פדיון נפשו, על שולחן הצדיק, כל אחד ואחד לפי מצבו. הרבי מרים את גבות עיניו הארוכות, מביט לתוך עיני החסיד העומד לפניו בהכנעה ובצפיה מתוחה, וכאילו מבט מבריק זה מבעיר בתוך עיני המבקש זיקי ביטחון ומדליק בו אורות אמונה ונחמה... במבט אחד הוא מוסיף כוח לחלש, נוחם לנוגע, עידוד למתייאש. הצדיק מעניק את ברכתו, והמאמין

נפרד מאושר, כאילו כבר התקיימו כל הברכות. הצדיק נותן עצה, שאובה מתוך רוב נסיון והמאמין כבר חוזה לפניו את ההצלחה. ואתה מסתכל בפני ההולכים, והנה כולם רוויים תקווה ותוחלת, בטחה ואמון לעתיד...

בינתיים באים גם אנשים, שהצדיק מקשיב לדבריהם מתוך עצב ותוגה ובחמלה יתירה. ואחר כך הוא פושט את ידו לאמצע השולחן אל ערימת המטבעות, וגורף ממנה במלוא כפו, סכום, מבלי משים, מבלי לספור, כמה שידו משגת. הרי הצדיק הוא רק גזברם של העניים. מה לו ולערימת הכסף, הזהב והשטרות? משאלות נפשו מרחפות למעלה במרומים בין שרפי כסא הכבוד ואופניו, מבטו משתוקק לעילא ולעילא להוריד שפע ברכה וגאולה לעמו. בשביל עצמו אין תשוקות בלבו. רק מכאובי אחרים הוא כואב ושמחת אחרים הוא שמח. שליט על הלבבות ומרגיש עצמו כעבד עמו, מוכן להקריב את חייו בעד ישראל וקדושו. נפשו מעבר לכל הבלי העולם הזה, אולם כל דבר קטון גדול הוא בעיניו, אם נוגע בעניין עם ישראל. איש אחרי איש מתקרב אליו, ובפיו דברי עידוד לכל אחד מהם, ודבריו הנאמרים בנחת ומתינות פותחים שערים לתקוות. במלים אחדות מצטברים נסיונות חיים הנמסרים ברמז למבקש, המנחש מהם מה עליו לעשות...

כשהגיע תורי, שאלני הצדיק, על שלום אבי. ואם ממנים עכשיו מורים יהודים בבתי־ספר תיכוניים בהונגריה? ואם יש אפשרות לשמור את השבת בבית־ספר ממשלתי שם?... ומתוך שאלות אלו ראיתי כי הצדיק מבלז מכיר את המצב בהונגריה לאשורו. הרי רבים הם חסידיו מהונגריה, והם נמנים עם ראשוני אמוניו...

האם בתור „הונגרי", בתור סופר, או בתור „מרוחק במקצת" זכיתי לכבוד כזה בבלז, שקראוני לעלות לתורה לעלייה חשובה? — למן השעה שירדתי מן הרכבת, עד עוזבי את העיר, לא השאירוני לבדי אף לרגע. תמיד היו בעקבותי. באו אלי בהצעות שונות ובקשות שונות עד שהרגשתי כמעט את עצמי כנאצל מברכת הצדיק... בשובי בערב שבת מחדר הצדיק אל חדרי, המתינה לי „משלחת" בת ארבעה חברים.

— באנו בשם „חברת היושבים".

— „חברת היושבים?" — שאלתי בתימהון.

— כן, „חברת היושבים". יושבים ועוסקים בתורה. יש ביניהם צעירים ובאים בימים, ואפילו בעלי משפחה, שנדרו נדר להקדיש חדשים אחדים או שנה מחייהם ללימוד תורה בצלו של הרבי מבלז. חברה זו מזמינה את אדוני לקידוש שחרית בשבת...

— קחו והביעו תודתי על ההזמנה המכבדת. הנני מוכן לבוא. המוזמנים מביטים זה אל זה כמשתאים. הנה לפניהם איש שאינו בקי בעניינים ואינו יודע מהי חובתו. לבסוף מסביר לי אחד מהם במבוכה, שמי שמוזמן ל„חברת יושבים"

לקידוש שבת, רגיל להזמין את היין, את יתר המשקאות ואת העוגות בשביל כל החברה.

עיר ועיר ומנהגה! — חשבתי — אצלנו המנהג, שהמוזמן הוא אורחם של המזמינים.

בעודנו יושבים ומדברים נמלא חדרי מבקרים, סוחרים וקבצנים. אחד האחרונים בודק את נדבתי הצנועה והופך את הפרוטות מכף לכף, כבורר פסולת מתוך חיטים, ובראותו שהכל נחושת, הוא מצהיר: „אני רגיל לקחת מטבעות כסף!" — לא „לקבל" אמר אלא „לקחת"... שהרי העני לכאורה אינו מקבל, אלא נותן את ההזדמנות לקיים מצוות צדקה למי שבידו להשיג זכיה כזו... בין „הסוחרים" היו שהציעו כל מיני חפצי זכרונות „מבורכים" (אָבגעשפּראָכן בלע"ז). האחד מראה מטפחת יפה בשביל אמי, השני כיפת־קטיפה, ששורה עליה ברכת הצדיק. הנה, כזו הביא לי תכופות אבי מבלז! השלישי מציע „ארנק מבורך" שיש בו מקום לכסף רב. אכן זאת אקנה בשביל אבי. הרי בסגולות אחרות מחונן הוא יותר מדי!

כבוד הרבי אולי אינו יודע כלום על עסקים ומסחרים אלה. אולם למי שמאמין בהם, אינו מזיק מאומה, אפילו אם „העתיקות" לפעמים מזוייפות הן, כביכול, כמו שכל שלוש הטבעות במחזה „נתן החכם" מקוריות הן למי שמאמין בכוח הקסם שבהן...



הצפיפות גברה והלכה בחדרי עד אפס מקווים לזוז, כשבאו ושיחררוני מתוך המערבולת שני שומרי הסף של הרבי, שהזמינוני לראות מבפנים את בית הכנסת המפואר של בלז, שזה עתה ריק הוא ונקל לראות אותו מן המסד ועד הטפחות. בשמחת לב הלכתי אתם אל בית־התפילה הנהדר. עכשיו שמעו אוזני על־יד המקור את האגדות הנפלאות, שבחלקן הכרתין מכבר מסיפורי אמי. את בית־הכנסת התחיל בונה הצדיק הראשון של בלז, רבי שלום רוקח זצ"ל כלפני מאה שנה, ולא זכה להיגמר עד היום הזה. גם עתה חסר עוד הטיח על הקירות החיצוניים, ונעדרים חלקים מקישוטי היציע מסביב. כשיושלם הבנין, יבוא המשיח. ובית־כנסת זה יהיה בין שנים־עשר בתי התפילה והמדרש, שהמשיח יפקדם בדרכו ויחד אתו ירחפו ויעלו לארץ־ישראל, אל קרבת בית המקדש בירושלים.

היכל התפילה הכביר המרובע נהיה אחר כך צר מהכיל את כל הבאים מקרוב ומרחוק להתפלל בו. לכן היה צורך להרחיבו באגפים לצד ימין ושמאל ובתוספת מצד הכניסה. רק קיר המזרח נשאר כמו שהיה, יען כי שם ארון־הקודש, שהצדיק הציבו מול המזבח של מעלה ובקו אחד, מקביל, עם ארון־הקודש של קדש־הקדשים בירושלים, ולכן אי־אפשר לשנות מקומו אפילו כחוט

השערה. למעלה על הקירות מסביב ועל התיקרה תמונות החיות של המזלות וסמלי הדגלים של שנים־עשר שבטי ישראל.

אחרי קבלת שבת ותפילת ערבית נכנס הצדיק לתוך „חדר הבדידות" שלו, להתייחד עם הזוהר הקדוש ומסתוריו. בינתיים נתמלא „חדר־האוכל" חסידים עד אפס מקום. אלה שעשו את סעודת ליל שבתם בביתם, עמדו באמצע האולם, ואלה שחיכו ליהנות מסעודה הראשונה של שבת יחד עם הצדיק, התיישבו מסביב לשולחנות הארוכים וזמרו בלחש זמירות השבת הראשונות.

כמעט שהגיע חצות הלילה, כשהתרגש כל האולם מן הקריאה „הרבי בא! הרבי בא!". הדלת נפתחה והצדיק הופיע לבוש לבן מכף רגל ועד ראש. „שבתא טבא! שבתא טבא!" — בירך בפנים קורנות את האורחים, שפינו מקום לצדיק ברעדה אל ראש השולחן. לי נקבע מקומי על יד הצדיק, ונדמה לי, שלא היה באולם הגדול אף איש אחד שלא קינא בי בגלל הכבוד המלכותי הזה. שאר האורחים היו נאלצים להצטופף, להתכופף, או להזדקף על בהונות רגליהם כדי שיזכו לראות את פני הצדיק. ואני יכולתי ליהנות, כיושב ממש בצדו, מזיו פניו ועיניו הבוערות ומקרני אור קדושתו. פניו פה אחרות לחלוטין מפניו „בחדר הבקשות" בין האנחות והתלונות הרבות המעיקות. עיניו קרנו משמחה פנימית, הוא רואה במו עיניו את שבת המלכה, ומברכה בחדווה וצהלה, במחיאות כפיים וזמרות תודה, הבוקעות ועולות ממעמקי לבו לשלוחת מרומים, שהורידה נשמה יתירה, חדשה וזוהרת לכל מכבדיה ומעריציה...

כשנדמו הזמירות לרגעים, הופיע מאחורי הפתח „שר השולחן" ובידו קערה גדולה מלאה חתיכות דגים. הצדיק לקח בקצה אצבעותיו כזית מחתיכה אחת לתוך פיו, וכך נתקדשה הקערה כולה ונעשתה „שיירים" בשביל חסידיו. אחר כך הושיט לי חתיכה, מה שנראה גם כן כעין „אות הצטיינות" יוצאת מן הכלל. הצדיק רוחץ את ידיו כל היום פעמים מספר, אולי יותר מאשר פרופיסור מנתח מפורסם. אין מזלג כסף שיוכל להיות יותר נקי מאצבעותיו הוא! וגם הרי כתוב בתורה: „וכל דגי הים בידכם נתנו" — בידכם!...

יתר האורחים קיבלו את מנתם באופן אחר לגמרי. אלה שהצפיפות מנעה מהם ללכת סחור לשולחנות, השיל „שר המאכלים", את נעליו מעל רגליו, ובקפיצה קלה עלה עם הקערה על השולחן. גרביו הלבנות זהרו עד הברכיים, שם התאחו עם המכנסיים, מכנסי משי שחורים, ועליהם ירדו כנפי מעילו הארוך המורמות וקשורות אל תוך אבנטו רב־הגוונים. בצעדים זהירים וקלים של אציל צעיר מדור „רוקוקו", התחיל מטייל בין שורות הצלחות שמשני עברי השולחן, והולך ומתכופף ימינה ושמאלה ומושיט בניחותא חתיכה חתיכה לכל אורח, המקבלה באושר ושמחה רבה. על יד שולחנו של מלך בשר־ודם אולי לא היו האורחים מרוצים כל כך משירות שכזה. אולם פה לא השירות,

ולא השולחן, ולא האוכל הגשמי חשוב, אלא העונג העילאי, לשבת יחד עם הצדיק וליהנות מתורתו...

„שר המשקים״ מכריז בקול רם, מי ומי הקדיש בקבוקי יין מארץ־ישראל לסעודה זו. וגם כאן לא היין חשוב, אלא ארץ־ישראל, שאת ריחה מאציל היין הזה ומקשר את הנפשות עם ארץ האבות. יינות טוקאי אולי יותר חריפים ומשכרים, אולם מיין זה של ארץ־ישראל לא השתכר עוד כאן אף חסיד אחד. רק דבריו של הצדיק מבשמים בשיכרון עילאי את הנשמות. עכשיו הוא מדבר על פסוק מפרשת השבוע:

— „הן עם לבדד ישכון ובגויים לא יתחשב״ — כתוב בתורה: פעם אחת בערב־שבת יצא הבעל־שם־טוב הקדוש לטבול בנהר לכבוד שבת. הסתכל וראה, שמאחורי השיח הקרוב אליו מתרחץ איזה טורקי. פחד הבעל־שם־טוב, שמא יזה עליו הטורקי טיפות מים ויטמאהו. רצה להתרחק ממנו. אך מי הנהר היו שם עמוקים מאוד. והנה שמע, שהטורקי קורא לעבדו השומר על בגדיו על חוף הנהר: „ראה, היהודי הזה הנבזה עלול להזות עלי, נעלה קצת יותר למעלה!״... שמח הבעל־שם־טוב בלבו: הנה על ידי כך שהטורקי בז לו, יוכל לקיים את קדושתו הוא. וכך הוא אצל עם ישראל בכלל, — המשיך הצדיק מבלז — כל זמן שהיהודי בזוי בין האומות, חי בדד, יכול הוא לשמור על טהרת נפשו, תורת חכמיו ומסורת אבותיו. אולם כשמתבולל בין הגויים ומשתדל לעלות ביניהם על מדרגתם הם, הוא לומד מהם את דרכיהם, מעלליהם ופשעיהם, אזי מקריב הוא הכל למען „חיי שעה״ ומזניח „חיי הנצח״. טיפות טומאה נזרקות ונדבקות לנשמתו, והוא מאבד את כוח קדושתו, טהרת אמונתו, ולבסוף את כל יהדותו!... זה שאמר הכתוב: „הן עם לבדד ישכון״ — כל זמן שהוא במצב — „ובגויים לא יתחשב״...

כמה אמת נעלה במשל קצר זה. כמה עומק סוציולוגי ופסיכולוגי... ודברים עמוקים אלה היו בנחת נשמעים, כמו כל דברי התורה, שהשמיע ביתר סעודות השבת וכמו תפילתו שיצאה אף היא מפיו בניחותא, ללא הרעשת עולמות, אולם כל המשתתפים בה, הרגישו בחרדת קודש, שהצדיק מעלה את תפילת כולם לעולם העליון...

*

בשובי מבלז נסעתי יחד עם אמו של הצדיק, שנסעה להתרפא עם בתה הבוגרת למקום מרחץ באוסטריה. שתיהן היו לבושות בפשטות יתירה, ועלו לקרון הרכבת שבמחלקה השלישית. ואני בחפץ־לב ויתרתי על הנוחיות המבטיח לי „כרטיס טיול״ שבכיסי, בשביל חצי אירופה, במחלקה השנייה, ובחרתי לנסוע בחברתה של אלמנת הרבי מבלז, ולשמוע גם מפיה דברים על משפחת

הצדיק ומנהגיה. מזוודה קטנה היתה כל ציודה למקום המרפא הרחוק. ואף צידה לדרך לא הביאה אתה. „הרבי לא אוהב במשפחתו שום הוצאות מיותרות". — אמרה המטרונה בצניעותה. ואני נזכרתי בערימת המטבעות, כסף וזהב ושטרי ממון, שראיתי על שולחן הצדיק בשעת קבלת חסידיו בערב שבת, ושהוכפלו עוד בליל מוצאי־שבת, בשעת פרידת החסידים. הכסף והזהב ההוא היה בעיני הצדיק רכושם של עניים, רק כפיקדון אצלו, גם אם החסידים הביאוהו בשבילו ולרשותו. הוא לוקח ממנו רק כעין „שכר שמירה" פעוט, כמה שנחוץ בדקדוקי חיי עניות....

בשיחתנו עם הרבנית, נגלתה לפני המטרונה כמלמדת זכות על ישראל בכלל, ואפילו על הטועים שבהם. הדרכים שונות, אמרה, כל איש ואיש הולך בדרכו הוא, לפי לבו ונפשו „ואין איש זכאי להיות הקומיסר של הקדוש ברוך הוא עלי אדמות. רק הוא בשמים יודע את האמת הנכונה"... כך אמרה במלים פשוטות, שהביעו רעיון חופש המצפון ברוח מודרנית מוחלטת...

נשי הצדיקים בבלז השתתפו בעבודת־הקודש של בעליהן והתאמצו להיות שותפות גם בתורתם. בהשתוממות ראיתי את בקיאותה של הרבנית, כשדיברה על עניינים העומדים ברומו של עולם. ולפעמים באה גם לידי וויכוח של השקפות.

כשהעזתי לחוות דעה, בהתאם ל„תקופת הסער" של סטודנט צעיר בישראל, כי אפשר שיהודים היו שומרים יותר על מצוות תורתם, אלמלא הסייגים הרבים, שהעמידו חכמינו מסביב, הפסיקתני המטרונה במשל משכנע.

— אתה בלי ספק קורא במפת ארצות כאיש משכיל. אם כן, ראית, שהיא מלאה נקודות קטנטנות. על נקודה אחת כתוב „ל", על השניה „פ" — ראשי תיבות של לונדון, פריס וכו'. מי שאינו יודע לקרוא במפה, יכול לשאול בתמימות: הייתכן? האם לונדון ופריס הן רק נקודות זעירות כאלו? אך מביני־דבר יודעים היטב, כי מאחורי הנקודות הפעוטות הללו מסתתרים מושגים רחבים מאוד, ומי שרוצה לדעת פירושן האמיתי של הנקודות, צריך שיקח בידו הרבה ספרים גדולים ועבים, שמהם ילמד, כי לונדון או פריס מכילה כמה רובעים, ובכל רובע כמה וכמה רחובות וכיכרות, ובכל רחוב וכיכר כמה וכמה בתים, בניינים, מצודות, מוסדות וכו'... וכך היא התורה הקדושה שלנו. עם־הארץ רואה את הנקודות, ולא יותר, אולם מי שעיניו פקוחות, יודע מה תוכנה של כל נקודה ונקודה. ומי שרוצה שיתחוורו לו משמעות המלים על בוריין, צריך לקחת בידו את הספרים הקדושים, הראשונים והאחרונים, מכל התקופות, ומהם ילמד את כל מה שנכלל בתרשימים הללו.

מעולם לא נצחני אלא אשה אחת, — אמר אחד התנאים, ואני שמחתי בכל לב לנצחונה של הצדקת מבלז.

**אלעזר אדלר**
משואות יצחק

# פסח בחצר הרבי

קשה לתאר הווי שכיום נראה בעינינו רחוק בכמה דורות. אך בימי ילדותי זכיתי לראות ולחיות ממש את ההווי של העיירה שלי בלז, שאותו אנסה לתאר בשורות הבאות.

עיירתי בלז היתה מרכז חסידי ליהדות מזרח־גליציה, בזכות האדמו"ר המפורסם ר' אהרון רוקח זצ"ל. יהודים מכל מזרח־אירופה נהרו במשך כל ימות השנה אל הרבי ובמיוחד בימי החגים. כל חג הצטיין בהווי מיוחד ב„חצר" הרב, שהטביע את חותמו על חיי העיירה כולה. אספר בפרק זה על חג הפסח.

בימים ההם, כלומר בשנות השלושים, נעשה עוד הכל אצלנו בידי אדם ממש. המכונות טרם השתלטו על החיים בבלז, ועל אחת כמה וכמה על המצוות. האווירה היתה חסידית שבה כל תג של מצווה קויים וכל מנהג נעשה בכוונה טהורה, מבלי לחתור אחר טעמן של מצוות. כל פרט במסורת ובמנהג היווה חלק מחייהם של בני העיירה.

חג הפסח הבא התחיל עם החג היוצא. שכן באביב, מיד אחרי פסח, כבר החלו בהכנות לקראת הפסח הבא. עם הבשלת התבואה נסעו שליחי הרב לקצור את החיטה. הרב כדרכו, היה נוסע בקיץ למקומות מרפא, ונאמניו היו דואגים ומשגיחים על מלאכה זו. פרחי החסידים , בני המקום וה„יושבים", היו מייבשים בקיץ את החיטה. והיה ונראו עבים קלים בשמים, היו מכניסים אותה מיד לשקים. עבודה זו נעשתה בחצר בית־הכנסת.

בשבוע של פרשת בא, הכריז השמש בבית־הכנסת כי מתקיימת מכירה פומבית של קמח למצות, וכל המרבה במחיר קודם. על הקמח הוטל מס מיוחד בשם „רח"ש" (רב, חזן ושמש). מס זה ייקר את מחיר הקמח ורק יהודים בעלי מעמד כלכלי יציב וחסידים נלהבים יכלו לעמוד בקנייה. בעיירתנו השתמשו אך ורק בקמח לא מנופה למצות. גזירת חכמים היתה שרירה וקיימת על קמח חוץ שהיה אסור בהבאה לעיירה, גזירה שחלה גם על מצות שנאפו מחוץ לעיירה או במכונה. אלה הוכרזו כחמץ גמור.

כחודש ומחצית החודש לפני פסח, היה בעל הזיכיון למכירת קמח נוסע עם הדיינים לתחנת הקמח, תחנת המים. (תחנה שאינה מונעת במים היתה פסולה למטרה זו). הדיינים הכשירו את הטחנה, ולאחר ההכשרה הוחל בטחינה. אחר פורים התחילו באפיית המצות. מהדרין היו אופים בתנור הראשון השכם בבוקר, לכל המאוחר בתנור השני. מים לאפייה לקחו רק מ„מים שלנו". זכורני, בתור ילד, הייתי הולך עם אמא לאפיית מצות והשגחתי שהנשים הלשות

תאמרנה בקול „לשם מצות מצווה", והייתי מגיש בדחילו ורחימו מדי פעם את המצות לאופה שהניחן על המרדה.

ב

אצל הרב היו ה„יושבים" ו„בחורי בית המדרש" („בית־מדרש בחורים" כונו אצלנו) מפסיקים את לימודיהם מיד אחר פורים, כדי לברר את החיטה המיועדת ל„חצר" הרב וה„יושבים". מיד אחר הבירור היו מביאים ל„די גרויסע שטוב" שתי אבני ריחיים. הרב טחן טחינה ראשונה והבחורים אחריו. מראש חודש ניסן ואילך התחילו לאפות בתנור הגדול שבביתו של הרב.

בחג הפסח לא אכלו „היושבים" במקומם הקבוע, כי אם ב„חצר" של הרב. בדרך כלל היה הרב מקפיד שגברים נשואים לא ישארו אצלו לחג, כדי שיחוגו את חג הפסח בחוג משפחותיהם. אך היו רבים אשר התעקשו וראו כזכות לעצמם להשאר אצל הרב. אורחים שבאו מחוץ לעיר, ואף כי רבים היו, לא היו אוכלים בשום מקום, חוץ מאשר בביתו של הרב.

בליל בדיקת חמץ היו הרב וחסידיו יוצאים לנהר לשאוב מים „שלנו" וגם להטביל כלים חדשים שנקנו לפסח.

בערב פסח אחר חצות היום, היו אופים את המצה המכונה „מצת הלל". למה נקראה „מצת הלל"? כי אחר כל עיסה היו אומרים פרק הלל. שלוש המצות הראשונות של העיסה היה הרב רודה במו ידיו. ה„יושבים" היו מקבלים בכל שמונת ימי החג כל יום מצה אחת בלבד מבית הרב. המהדרין מן המהדרין אכלו רק „מצות הלל", אשר קיבלו בצימצום רב (ארבע מצות לכל ימי החג). במידה שלא נשארו „מצות הלל", לא היו יושבים לסעודה הטעונה נטילת ידיים.

ג

ל„סדר" של הרב היו מסובין כמה מאות איש, מהם בעלי שיבה, שעשרות בשנים התמידו ולא החסירו אף „סדר" אחד של הרב. הרב היה מחלק מידו מצה שמורה וחרוסת לכל אחד מהמסובים ולכל דורש מבין הקהל. משפחת הרב ישבו כולם סביבו והנשים מול בעליהן. על מיטת ההסבה של הרב ישבו הנכדים בלבד. ה„סדר" התחיל בחצות הלילה ונמשך עד אור הבוקר. עם עלות השחר התחילו להזדרז, שהרי אסור לאכול לפני תפילת שחרית. על כל פסוק של ה„הגדה" אמר הרבי דברי תורה. תושבי העיירה, אנשים, נשים וטף ואורחים רבים, היו באים בהמוניהם לראות את ה„סדר" במלוא הדרו.

מנהג היה בידי בחורי בלז לגמור רק את החלק השני של ה„הגדה" עם הרב. לבחורים ניתנה הזכות לראות את ה„סדר" בעומדם צפופים ודחוקים על אדני חלונות ה„גרויסע שטוב" (האולם הגדול), בו נערך ה„סדר".

ד

„ סדר" אחד נחרת עמוק על־ידי מאורע בשנת תרצ"ח. בשבת, פרשת זכור, פלשו הנאצים לווינה. חסידים ציפו לתגובת הרב, למוצא פיו. בסעודה שלישית רמז

רמז קל, גילה טפח וכיסה טפחיים. מנע עצמו מלקלל, שהרי כל שר למטה יש לו שר למעלה. רק אמר את הדברים האלה: „יהי רצון שה׳ יתברך יעזור והגרמנים בעצמם יורידוהו עד עפר". ידיעות מחרידות על שריפת בתי-כנסת ומאסר יהודים הגיעו בימים שלפני פסח. בליל ה„סדר" ציפינו דרוכים לדברו של הרב. כשהגענו ל„שפוך חמתך", קרא הרב „כי אכלו את יעקב ונוהו השמו", וכה אמר: בקשתי שטוחה לפני מי שאמר והיה העולם, שאת העמלקים של היום תרדוף באף ותשמידם מתחת שמי ה׳".

מי שהיה באותו מעמד הרגיש נחמה והקלה פורתא.

כל המנהגים הללו היוו חלק אורגני מחיינו, היו מקודשים בעינינו ונחרתו עמוק בתחושתנו. מי יתן ותחזור עטרה ליושנה ותשוב ותחי אותה אמונה תמימה שקיננה בלבות המוני בית ישראל, ואולי בזכות זו יחזור גם האמון באדם.

אלעזר וויינבערגער
תל-אביב

## ביים בעלזער רבין *

מיר ווייסן ווי אַזוי דער בעלזער רבי, ווי אַ סך אַנדערע חסידישע רביים, האָט געקוקט אויף ארץ־ישראל. אין ארץ־ישראל האָט ער געזען בלויז קדושה. די אַנדערע, די פּראַקטישע זייט פון ארץ־ישראל, האָט אים נישט אינטערעסירט. וויל איך דאָ דערציילן אַן עפּיזאָד, וואָס איז אַמאָל מיט מיר געשען. איין מאָל האָט מען מיר אום פּסח צוגערופן צום רבינס טיש. איך בין דעמאָלט אַלט געווען עטלעכע און צוואַנציק יאָר, און די חסידים האָבן געוווּסט, אַז כ׳האָב אַ נטיה צו ארץ־ישראל.

דער רבי זצ"ל האָט מיר אָנגעגאָסן אַ גרעסערן כוס וויין, אַז ס׳זאָל זיין אַ שיעור, וואָס מען דאַרף נאָכן טרינקען זאָגן „על הגפן" און ער האָט זיך אָנגערופן צו מיר:

„זעסט? דאָס איז ארץ־ישראל־וויין. דו ווייסט, אַז נאָכן אויסטרינקען דאַרפסטו זאָגן ,על הגפן׳. צי קענסטו בענטשן ,על הגפן׳?"

איך האָב זיך געפילט געטראָפן און געענטפערט: „אוודאי קען איך זאָגן ,על הגפן׳". „און דעם טייטש פון על הגפן ווייסטו אויך?" — האָט דער רבי ווייטער געפרעגט — „וואָס איז דער טייטש?"

* דער סיפור המעשה באַציט זיך צום רבין ר׳ ישכר דוב זצ"ל.

איך האָב געזען, אַז דער רבי צילט צו עפּעס אַ טיפערע זאַך. איך האָב אים געענטפערט, אַז איך ווייס דעם פּשוטן טייטש, פּירוש המילות און נישט מער. „נו, פּירוש המילות ווייסט דאָך יעדער איינער" — האָט דער רבי געזאָגט. דאָ האָט ער אָנגערופן אַ נאָמען פון אַ גרויסן בעל־ער תלמיד חכם. „איך האָב מורא, אַז אויך ער ווייסט נישט מער ווי דעם פּירוש המלות".

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָ גייט אין עפּעס אַ טיפערן ענין, בין איך צוגעגאַנגען צום רבינס זון ר' מאָטעלע, שפּעטער דער בילגאַרייער רב. ער איז נאָך דעמאָלט געווען אַ יונגערמאַן, אָבער ער איז געווען דער גרויסער מפרש פון רבין ז"ל. איך האָב אים געפרעגט וואָס דער רבי האָט געמיינט מיט זיין פראַגע און ער האָט מיר דאַן אויפגעקלערט:

„אַזוי ווי מען ווייסט, אַז דו האָסט אַ נטיה צו ארץ־ישראל האָט ער דיר געוואָלט געבן צו פאַרשטיין, אַז ארץ־ישראל מיינט מען נישט סתם ארץ־ישראל, נאָר די קדושה פון ארץ־ישראל. כידוע, איז פאַראַן אין „טור" אַ דעה פונעם רא"ש, אַז מען זאָל אין „על הגפן" נישט זאָגן די ווערטער „ונאכל מפריה ונשבע מטובה". ווייל מיר ווילן קומען קיין ארץ־ישראל נישט צוליב עסן די פּירות, נאָר צוליב דער קדושה פון ארץ־ישראל. אָבער דער ב"ח גיט צו, אַז מען זאָל יאָ זאָגן די ווערטער, ווייל די קדושה עליונה, וואָס איז פאַראַן אין ארץ־ישראל איז אויך פאַראַן אין די פּירות. ובכן, אויב מען מאַכט אַ ברכה איבער די פּירות, מאַכט מען אויך ממילא א ברכה איבער דער קדושה. און היות דער טאַטע האָט געוווּסט, אַז דו האָסט אַ נטיה צו ארץ־ישראל, האָט ער דיר געמיינט מרמז צו זיין, אַז ארץ־ישראל מיינט — די קדושה פון ארץ־ישראל.

*

דער רבי ר' שלום איז געווען אַ יליד בראָד. אַז ס'איז געקומען די צייט פון טאָן אַ שידוך האָט זיין פאָטער אים געזוכט אַ שידוך פון לעמבערג. אַמאָליקע צייטן האָט מען דעם בהור אַ סך נישט געפרעגט. אָבער ר' שלום איז געקומען צו זיין פאָטער ר' אלעזר און געזאָגט, אַז ער וויל מיטפאָרן קיין לעמבערג — זען דעם מחותן, זען די כלה. אויב נישט וועט ער נישט מסכים זיין אויפן שידוך. באין ברירה האָט דער פאָטער מסכים געווען, אַז ער זאָל מיטפאָרן.

פאַרטאָג, ווען זיי זענען אַריינגעפאָרן קיין לעמבערג, האָבן זיי אָנגעהויבן זוכן אַ שול, אַ בית־מדרש כדי אָפּצודאַווענען. אויפן וועג האָבן זיי געטראָפן אַ ייד מיט אַ ספר אונטערן אָרעם. ר' שלום האָט זיך אָנגערופן צום ייד: „זאָגט מיר ר' ייד, וואָס פאַר אַ ספר טראָגט איר אונטערן אָרעם"? — „דאָס איז נישט קיין ספר — ענפערט דער ייד — איך אַרבעט אין מרחץ, און אין דעם בוך פאַרצייכן איך די נעמען פון אַלע ווייבער וואָס גייען אין מקווה אַריין." „צי קאָנט איר מיר אויב אַזוי זאָגן, צי דעם און דעמס פרוי גייט אויך אין מקווה

אַריין ?" „ניין — ענטפערט דער ייד. זי איז שוין אפשר 25 יאָר נישט געווען אין מקווה".

די כלה איז געווען פאַר די צוואַנציק. הייסט עס, אַז זי איז געבוירן געוואָרן אין דער צייט, ווען די מאַמע איז נישט געגאַנגען אין מקווה אַריין. אויב אַזוי, פאַרשטייט זיך, קאָן פון דעם שידוך שוין גאָרנישט ווערן.

שפּעטער האָט ר' שלום זיך משדך געווען פון סאָקאָל און ער איז געוואָרן רבי. זיין שווער איז געווען פון די מתנגדישע רבנים. פאַרשטייט זיך, אַז ער איז געווען קעגן דעם, אַז ר' שלום זאָל ווערן רבי. דער פאָטער איז אַוודאי געווען קעגן דעם. ער האָט געטענהט צו אים: „ווי גייסטו זיך אונטערנעמען צו ווערן רבי ? ווייסטו נישט, אַז רבי קאָן ווערן נאָר דער, וואָס האָט געהאַט גילוי אליהו ? אויב דו וועסט מיר זאָגן, אַז דו האָסט געהאָט גילוי אליהו, בין איך מסכים, אַז דו זאָלסט ווערן רבי".

דעמאָלט האָט ר' שלום זיך אָנגערופן צום פאָטער: „דער טאַטע האָט נישט געזען ווען ס'איז געווען גילוי אליהו ? דעמאָלט פאַרטאָג ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין לעמבערג. געדענקסט דעם ייד מיטן בוך אונטערן אָרעם, דאָס איז נישט געווען קיין מרחץ־ייד און נישט קיין ספר — דאָס איז געווען אליהו הנביא".

יוסף פאַלק
תל־אביב

# אַן חשבון

אַ באַרימטער רבי ליגט אין גסיסה. „נישטאָ מער וואָס צו טאָן" — האָט צעשפּרייטנדיק בײדע הענט געפּסקנט דער קליינער קיילעכדיקער דאָקטאָר, וואָס דער פּליך האָט ביי אים געשוויצט, און מיט אַ קער מיטן קאָפּ געוויזן אויפן חולה, ווי איינער רעדט: זעטס אַליין...

ער איז אַוועק, דער דאָקטאָר. די אַרומיקע אַרום דעם חולה האָבן געהאַט אַן אַנדערע מיינונג: ס'איז נאָך דאָ וואָס צו טאָן, ס'איז נאָך דאָ... און ווי נאָר דערויף געוואַרט, דעם דאָקטאָר פּטור צו ווערן, האָט מען צעפּראַלעט אַלע טירן און אַרויסגעשריגן אין רשות־הרבים אַריין:

— יידן, שענקט יאָרן !...

אַן עולם יידן האָט זיך אַריינגעריסן אין חדר אַריין.

דער רבי ליגט מיט אַ פאַרשפּיצט פּנים און פאַרמאַכטע אויגן, נאָר אין זיין ברוסט האָט זיך עפּעס צעבייזערט און עס זידט און זעגט. די קאָלדרע אויף דעם

אַרט הייבט און זענקט זיך: אַרויף־אַראָפּ, אַראָפּ־אַרויף... איז עס אפשר דערפאַר, ווייל דאָ אין דעם חדר, גייט איצט אָן אַזאַ הפקרות? — — —

פון גאַנץ פרי אָן ציט זיך אַ שורה יידן, דורך איין טיר אַריין, און דורך דער אַנדערער אַרויס, פאַרביי דעם רבינס בעט. ביים בעט שטעלט זיך אַיעדער אָפּ, בייגט זיך אָן איבערן גוסס׳ס קאָפּ און שעפּטשעט:

— רבי, אַ יאָר...

— רבי, אַ חודש...

— רבי, אַ וואָך...

— רבי, אַ האַלב יאָר...

דעם גוסס׳ס הארץ זעגט. פרעמדע יאָרן פרעסן.

אין דער שורה שטעלט זיך אָפּ איינער, אַ דאַרער, קרענקלעכער יונגער־מאַנטשיק, ער בייגט זיך איבערן בעט און שעפּטשעט שעמעוודיק:

— רבי, פינף מינוט...

דערהערט דאָס דער ייד פון הינטער אים, גיט ער אַ בורטשע: „אי״ — און שטופּט אים מיט כעס אַוועק ווייטער. דער יונגערמאַנטשיק כאַפּט זיך: אפשר נישט יוצא געווען, לאָזט ער זיך נישט אָפּשטויסן און איז מוסיף:

— רבי, זעקס... זיבן מינוט...

מעגלעך, אַז דער יונגערמאַנטשיק וואָלט נישט געקאַרגט מיט נאָך עטלעכע מינוט, אָבער מען גיט אים אַזאַ וואָרף, אַז ער פאַרפליט אַזש אין אַ ווינקל אַריין, ווו ער בלייבט שטיין צעמישט און פאַרשעמט.

די ריי ציט זיך און ציט זיך — און יידן שענקען לעבן:

— רבי, אַ חודש...

— רבי, אַ יאָר...

— רבי, אַ וואָך...

דער יונגערמאַנטשיק שטייט נאָך אַלץ אין ווינקל. ער קאָן בשום אופן נישט משיג זיין, מיט וואָס ער האָט זיך אַזוי פאַרזינדיקט. ווייל ער דען נישט גלייך ווי אַלע אַנדערע, אַז דער צדיק זאָל מאריך ימים זיין? ווען ס׳וואָלט געגאַנגען אין זיין גאַנצן רעשטל לעבן, וואָלט ער עס נישט געזשאַלעוועט. אָבער ס׳איז דאָך נישט נייטיק... בלי עין־הרע אַזוי פיל יידן! ווען דער רבש״ע זאָל פון אַ יעדן וועלן אָננעמען נאָר צו עטלעכע מינוטן, — וואָלט דער צדיק נאָך געקענט לעבן און לעבן... זיינע עטלעכע מינוטן, די מינוטן פון אַזאַ חלוש, זענען דאָך ממש אַ כבשת הרש... מען מוז לעבן מיט חשבון און נישט גלאַט וואַרפן זיך מיט יאָרן, וואָס מען ווייסט נישט אַפילו, צי מען האָט זיי.

אַז דאָס זעגן אין גוסס׳ס ברוסט ווערט מיטאַמאָל שטיל, יאָוועט זיך דער דאָקטאָר ווידער און, ווי פּלוצעם דערמאָנט זיך אין אַ פאַרגעסענער רפואה,

רייסט ער זיך אַדורך דורכן עולם צום בעט־צו. דאָ טוט ער מער נישט, נאָר ציט אַרויף די קאָלדרע איבער דעם רבינס קאָפּ.

אַלע ווייסן, וואָס דאָס באַטייט — און ספּאַזמאַטישע יללות שניידן „קריעה" פונעם הימל.

נאָר אונדזער יונגערמאַנטשיק האָט אין דער שטיל פאַראיבל:

— ווען זיי וואָלטן זיך אפשר נישט אַזוי געוואָרפן מיט די יאָרן...

פרץ זייפרט
גבעתיים

## הרבי ר׳ ישכר דוב מבקר בבית־המלון שלנו

בחורף תרפ״ה (סוף 1924) חזר הרבי ר׳ ישכר דוב זצ״ל לבלז, אחר עשר שנות נדודים, שהתחילו עם פרוץ מלחמת העולם הראשונה, כשהרבי ומשפחתו עקרו להונגריה, ונמשכו עוד כשש שנים במונקץ׳ ואחר־כך בהולושיץ׳, עד שביתו שנשרף על־ידי הרוסים נבנה מחדש.

האירוע עליו אספר בהמשך דברי חל בימים האחרונים של חודש אלול תרפ״ה, בשבוע של סליחות. אבי, ר׳ נחמן זייפרט ז״ל, סיים אז את בניית בית־המלון, שצריך היה להיות מוכן לראש־השנה הראשון שהרבי חגג מחדש בבלז. כידוע, נהוג היה מימים ימימה, עוד מימי מייסד השושלת ר׳ שלום זצ״ל, כי לראש־השנה נהרו לבלז אלפי חסידים כדי לחוג את החג הקדוש במחיצתו ובהשראתו של הרבי.

משפחתנו היתה ערוכה לקבלת האורחים הרבים שעמדו לבוא לבלז לראש־השנה, ואמי ואחיותי היו עסוקות בהשלמת ההכנות לקראת המאורע הגדול. אני, שהייתי אז ילד, התפללתי תפילת שחרית בבית־המדרש, כאשר לפתע הבחנתי בתכונה מיוחדת שדבקה בהמון המתפללים בגמר התפילה. מיד נתברר לי פשר התכונה: מפה לפה נמסרה הידיעה שהרבי עומד לבקר בבית־המלון החדש של נחמן זייפרט. חיש מהר הגיעה השמועה לאזני אבי, שאף הוא היה בין המתפללים, והואיל והבשורה באה לו במפתיע, ציווני לחוש הביתה ולמסור לאמי ולאחיותי על אודות האורח הדגול שעומד לזכותנו בביקור.

מיד התחלנו לסדר את הבית ואת הכניסה אליו, ובלב חרד ציפינו למאורע הגדול. ואכן, כעבור זמן קצר הבחנו מרחוק בחבורה גדולה — הרב ומקורביו — ההולכת ומתקרבת לביתנו. לא יצאו רגעים מועטים ועל סף הבית עמד הרבי ר׳ ישכר דוב בכל קומתו והדרת פניו, ואחריו פמלייתו. הרבי התכופף קמעה

כדי לא לגעת את המשקוף בספודק, עבר את מפתן הבית, נשק למזוזה, ואחריו נוהים המונים שנתלוו אליו בביקור יוצא דופן זה. אבי, שאף הוא הלך עם הפמליה, בקושי פילס לו דרך כדי להגיע לרבי ולקדם את פניו בביתו. השאלה הראשונה שהציג הרבי לאבי היתה: „היכן ישבו האורחים לסעודות? והיכן יישנו?".

ביקר במטבח ובקומת הקרקע ועלה לקומה השניה. באחד החדרים עצר ושאל בבדיחות־הדעת: „נחמן, האם תמיד יהיו פה ארבע מיטות?" אבא הסביר לרבי שרק לראש־השנה, שמצפים להרבה אורחים הכניס ארבע מיטות לחדר, ואילו במשך כל השנה, יהיו בחדר רק שתי מיטות. כשהגיע לחדר הקדמי שבחזית הבית, הביט דרך שמשת הדלת החוצה וראה שהגזוזטרה אינה גמורה. ניסה לפתוח את הדלת ונוכח לקורת רוחו שהיא נעולה. שאל היכן נמצא המפתח של הדלת, וכאשר אבי ענה לו שהמפתח בכיסו, לא הסתפק בכך אלא ציווה להעמיד מיטה לרוחב הדלת כדי שאי־אפשר יהיה לפתחה. לבסוף הוסיף: „נחמן, מיד אחרי החגים תזדרז לגמור את בניית הגזוזטרה וגם מעקה תעשה לה".

הביקור הסתיים בדברי מבינות בפי הרבי על טיב הבניה והשיכלולים ובברכות לשנה החדשה הבאה עלינו לטובה.

פרץ זייפערט
גבעתיים

## דער רבי ר' ישכר־בער באַזוכט אונדזער האָטעל

ווינטער תרפ"ה (1924) האָט נאָך 10 יאָר אָפּוועזנהייט זיך אומגעקערט דער רבי ר' ישכר־בער קיין בעלז. 10 יאָר האָט דער בעלזער רב געלעבט אין דער פרעמד: בעת דער וועלט־מלחמה אין ראַצפערד (אונגאַרן); פון דאָרט איז ער אַוועק קיין מונקאַטש (קאַרפּאַטאָ־רוס); אין יאָר 1921 האָט ער זיך אומגעקערט קיין גאַליציע און געוווינט אין שטעטל האָלאָשיץ, ביז זיין הויז, וואָס די רוסן האָבן עס פאַרברענט אין אָנפאַנג פון דער מלחמה, איז צוריק אויפגעבויט געוואָרן.

די געשעעניש, וועגן וועלכער עס ווערט דערציילט אין די קומענדיקע שורות איז פאָרגעקומען די לעצטע אלול־טעג תרפ"ה (1925) אין דער סליחות־וואָך. מיין פאָטער, ר' נחמן זייפערט ז"ל, האָט דעמאָלט פאַרענדיקט בויען אונדזער האָטעל, וואָס האָט געדאַרפט זיין גרייט אויפצונעמען די פיל חסידים־געסט דעם ערשטן ראש־השנה, וואָס ר' ישכר־בער וועט פראַווען נאָך זיין צוריקקומען קיין בעלז. די גאַנצע משפחה אונדזערע איז געווען פאַרנומען מיט די צוגרייטונגען אויפצו־נעמען די געסט, וואָס וועלן קומען אויף ראש־השנה. איך בין נאָך דעמאָלט געווען

אַ קליין ייִנגל און יענעם פרימאָרגן בין איך ווי אַלע אַנדערע בעלזער ייִדישע ייִנגלעך געווען אין בית־מדרש און געדאַוונט שחרית מיטן רב׳ס מנין. מיטאַמאָל האָב איך באַמערקט אַן אויסערגעוויינלעכע באַוועגונג צווישן די מתפּללים. דער רב האָט אויסגעטאָן דעם רבנו תּם׳ס תפילין, און פון מויל צו אויער איז אָנגעזאָגט געוואָרן די נייעס, אַז דער רבי קלויבט זיך מאַכן אַ באַזוך אין נחמן זייפערטס נייעם האָטעל. באַלד איז די ידיעה אויך אָנגעקומען צו מיין פאָטער, וואָס האָט אויך געדאַוונט אין רבס מנין. היות די נייעס איז געקומען אומגעריכט, האָט ער גיך מיך צוגערופן און אַהיימגעשיקט אָנזאָגן דער מאַמען און די שוועסטער, זיי זאָלן זיך מאַכן גרייט אויפצונעמען דעם זייער חשובן אורח, וואָס וועט אונדז באַלד מזכה זיין מיט אַ באַזוך.



ר׳ נחמן זייפערט

ווי אַ פייל פון בויגן בין איך אַוועק אַהיים, דערציילט דער מאַמען די נייעס, און די גאַנצע משפחה האָט גענומען פיבערדיק צוגרייטן דאָס הויז און דעם אַריינגאַנג אויפצונעמען דעם בעלזער רב. מיט האַרצקלאַפּעניש זענען מיר אַלעמאָל געגאַנגען קוקן צי דער רב קומט שוין אָן. עס האָט לאַנג נישט גענומען און פונדערווייטנס האָט זיך באַוויזן דאָס הדרת׳דיקע געשטאַלט פון ר׳ ישכר־בערן אין דער באַגלייטונג פון צענדליקער מקורבים. ביים אַריינגאַנג פון האָטעל האָט זיך דער רב אָפּגעשטעלט, זיך אַרומגעקוקט, איבערגעטראַכטן די שוועל, אַ קוש געטאָן די מזוזה און אַריינגעגאַנגען אין פאָדער־הויז, וואָס איז גלייך פול געוואָרן מיט זיינע באַגלייטער. מיין פאָטער האָט זיך קוים דורכגעשלאָגן אַ וועג צום רבין כדי אים מקבל פנים זיין.

די ערשטע פראַגע, וואָס דער רב האָט געשטעלט מיין טאַטן איז געווען: „ווו וועלן די אורחים עסן? און ווו וועלן זיי שלאָפן?" ער האָט באַזוכט די קיך און דעם גאַנצן אונטערשטן שטאָק און איז אַרויפגעגאַנגען אויפן ערשטן שטאָק. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין איינעם פון די צימערן,זיך אַרומגעקוקט און אַ פרעג געטאָן: „נחמן, תמיד וועלן דאָ שטיין פיר בעטן?" מיין פאָטער האָט אים געענטפערט, אַז נאָר פאַר ראש־השנה, דערוואַרטנדיק אַ סך אורחים, האָט ער אַריינגעשטעלט פיר בעטן אין אַ צימער, אַ גאַנץ יאָר וועלן זיין נאָר צוויי בעטן אין אַ חדר. ווען דער רב איז אַריינגעגאַנגען אין איינעם פון די פראָנט־צימערן, וואָס זענען אַרויסגעגאַנגען צו דער גאַס, אַרויסקוקנדיק דורך דער שויב פון דער טיר האָט ער געזען, אַז דער גאַניק איז נאָך נישט געווען אויסגעענדיקט. ער האָט געפרווּוט עפענען די טיר און צו זיין צופרידנקייט געזען אַז זי איז פאַרשלאָסן. „ווו איז דער שליסל?" — האָט ער געפרעגט. „ביי מיר אין קעשענע" — האָט דער טאַטע געענטפערט. „אויף צו זיין מער זיכער שטעל צו אַ בעט צו דער טיר" — האָט דער רב באַמערקט און צוגעגעבן: „נחמן, אי"ה באַלד נאָך די ימים־טובים זאָלסטו זען פאַרענדיקן דעם גאַניק".

דער רב האָט נאָך פאַרווײַלט אַ פאָר מינוטן אין האָטעל און געזאָגט מבינות וועגן בנין און די איינריכטונגען, אָנגעווונטשן אַ גוט יאָר און זיך געזעגנט.

**מאיר רוטר**
**חיפה**

# המבנה הכלכלי של האוכלוסיה היהודית

## מקורות פרנסה

אלו מקורות כלכליים היו לבלז ומה היה מבנה הכלכלי? במדינת פולין, שרוב אוכלוסייתה היתה כפרית, או כפרית־למחצה, פיגר בדרך כלל הפיתוח התעשייתי, ובמקומות שהיה פיתוח כזה, כוון הוא לאזורים פולניים טהורים, והשטחים שסופחו לפולין, כמו חלקים של אוקראינה וביילורוסיה, לא רק שנשארו במצבם הקודם, פרט למפעל חרושתי שהוקם זעיר פה זעיר שם, אלא שמפעלים גדולים שהיו קיימים מקודם, נמכרו מניותיהם לחברות זרות, בעיקר צרפתיות, כמו המניות של בארות הנפט בסביבת דרוהוביץ׳ ובוריסלב, מפעלי הסוכר בחודורוב ורבים אחרים.

בלז שוכנת בין שני נהרות. האחד **סולוקיה** זורם מדרום־מערב מזרחה אל הנהר **בוג**; והשני, **רז׳צ׳יצה** זורם מצפון־מערב. על יד הכפר גורה מתאחד הוא עם **הסולוקיה**, משם ממשיכים שניהם באפיק אחד ומשתפכים לבוג. מעבר לנהר סולוקיה לא היו שטחי מגורים. היו שם רק שדות ושטחי מרעה גדולים, שנמשכו עד לכפר פרושינוב בדרום־מזרח, ודרומה יותר עד לכפר הגדול חלבטשני, שהיה מחוץ לשיפוטה המוניציפלי של בלז. מעבר לנהר רצ׳יציצה היו תחנת הרכבת, הפרברים „זבלוטה״ בצפון ו„ז׳יליונה״ בצפון־מערב, או כפי שקראו לפרבר הזה „הזבלוטה השניה״. בתוך השטח הבנוי שבין שני הנהרות ובפרברים הנ״ל לא היה קיים אף מפעל חרושתי ולו הקטן ביותר. ואם אפשר להגדיר מנסרה כמפעל חרושתי, היתה המנסרה שבפרבר זמק, שבמוצאיה המזרחיים של העיירה — המפעל החרושתי היחיד בבלז. מפעל זה, שעיקר פעולתו היה בעונת החורף, העסיק בשיא העונה למעלה ממאה פועלים, רובם בני איכרים מכפרי הסביבה, שבחורף יצאו לעבודות חוץ, מאין עבודה בחקלאות בעונה זו. את העבודות במשק הבית עשו הזקנים והילדים.

הכנסותיה של העיירה באו ממקורות אחדים, רובם לא קונסטרוקטיביים.

„היער הבלזאי״. קראו לו כך משום שהיה שייך לעיריית בלז, אשר לפי סיפורי זקנים קיבלה אותו בירושה מידי יהודים, שרוב שטחו היה רכושם ו„נמכר״ לעיריה תמורת קונצסיה לעשיית משקאות חריפים ומכירתם. לקונצסיה זו קראו „פרופונציה״. מהיער הבלזאי שנמצא דרומית לעיירה במרחק של 3—4 קילומטרים, היו כורתים מדי שנה עשרות אלפי מטרים מעוקבים עצי אלון.

העצים היו נמכרים בעומדם עוד ביער, לסוחרים ויצואנים, ששלחו אותם לחוץ לארץ, על הרוב לגרמניה. העצים שימשו לתעשיות שונות, ובראש וראשונה למספנות. חלק מהם הובאו למנסרה היחידה שהיתה בעיירה, בה היו מנוסרים ללוחות וקורות לפי הצורך. המנסרה היתה בבעלותה של משפחת מדר, ובתקופות שונות צורפו אליה שותפים נוספים. ההכנסות ממכירת העצים יועדו לקופת העיריה, שבנוסף למסים מוניציפליים שהטילה על האוכלוסיה, מימנה מהן את תקציבה.

היער הבלזאי שימש מקור הכנסה ישירה ובלתי ישירה למספר ניכר של משפחות יהודיות בעיירה. ברם, מקור ההכנסה העיקרי בא מהאיכרים שבסביבה הקרובה והרחוקה יותר, שהיו באים לעיירה בעיקר בימי השוק (מארקטעג) וב„ירידים", לרכישת המוצרים והסחורות הנחוצים להם, בחנויותיהם של היהודים בעד התמורה שקיבלו עבור התוצרת החקלאית של משקיהם, שמכרוה לסוחרים ורוכלים יהודים. בעיירה היתה גם טחנת קמח גדולה. (לפי המושגים של הסביבה והזמן) שאליה היו מביאים האיכרים את התבואה שלא מכרו וטחנו אותה לקמח, לצורכי ביתם.

בידוע, בן כפר שבא לעיירה, לא יחזור לכפרו מבלי לפקוד קודם בית־מרזח לשם „לגימה קלה". בתי־המרזח בבלז שהיו רובם ככולם בבעלותם של יהודים, שימשו איפוא מקור לא מבוטל של הכנסה למספר ניכר של משפחות שהתפרנסו מעיסוק זה. גם בשביל המאפיות שימשו „ימי השוק", מקור לפרנסה נוספת על־ידי מכירת כל מיני מאפה, שהאיכר לא היה רגיל להם בביתו.

בבלז התקיימו במשך השנה שניים או שלושה ימי „אודפוסט", היינו, עצרות של צליינים שבאו העירה לרגל „נס" שארע פעם בסביבתנו. רוב העצרות התקיימו ליד הכנסיה הקטנה שבפרבר ה„זמק", שצויין כמקום ששם התרחש ה„נס". בימים אלה היו נוהרים לעיירה אלפי מאמינים שבאו מקרוב ומרחוק, להתפלל באותה כנסיה. גם ה„אודפוסטים" היוו מקור הכנסה לא מבוטלת לתושבי העיירה היהודיים.

ולא רק החנוונים אלא גם בעלי־המלאכה התפרנסו בחלקם הגדול מאיכרי הסביבה. הסנדלרים מכרו את תוצרתם, בעיקר מגפיים, ב„ימי השוק". איכרים יותר אמידים, היו מזמינים אצלם מגפיים או נעליים לפי מידה. הוא הדין ביחס לחייטים, לפחות חלק מהם, נגרים, כובענים, פרוונים ובעלי מלאכה אחרים. בנאים, למשל, היו עובדים אצל איכרי הסביבה, בבניית בתים, או הקמת תנורי הסקה ואפייה. הבנאים עבדו גם אצל בעלי האחוזות, בעיקר בבניית ה„גוזשלניס" — בתי מבשל ליי"ש או בשיפוצם.

פרנסה יהודית נוספת מהאיכרים היוותה הרוכלות. אלה היו יהודים שהלכו או נסעו לכפרים, קונים תוצרתם של האיכרים ומוכרים להם תוצרים וסחורות, לעתים אף בשיטת חליפין. הרוכלים נשאו עמם דברי סידקית, כגון: כלי תפירה, סרטים ושנצים, מראות וגם קצת סכרין, שמכירתו היתה אסורה לפי החוק.

תמורת מרכולתם קיבלו תוצרת חקלאית או בגדים משומשים, שהיו מוכרים אותם לסוחרים שונים, שעיסוקם היה בכך.

בין הרוכלים היו שהובילו את מרכולתם הדלה בעגלה, והיו נודדים בכפרים במשך כל השבוע, מיום ראשון עד יום שישי, וביום שישי בצהריים, היו חוזרים לעיירה לבלות את השבת בחיק משפחתם. מכיוון שהרוכלות לא סיפקה את צורכי המשפחה, היו בדרך כלל הנשים עוזרות לפרנסה, מי בתפירה, מי בדוכן בשוק וכיוצא באלה „פרנסות״.

בתוך העיירה עצמה היתה האוכלוסיה הלא יהודית קונה מצרכיה על הרוב אצל יהודים, במזומנים ובהקפה.

הם עשו זאת לא מתוך אהבת מרדכי, אלא בשל העובדה, שבין הלא יהודים היו בעלי חנויות מעטים, והחנויות הלא יהודיות לא יכלו לעמוד בהתחרות עם החנוונים היהודים המנוסים, לא בטיבה של הסחורה ולא במחירה.

## המלחמה נגד המסחר היהודי

בין כל התושבים הפולנים בבלז היתה חנות מכולת אחת, שהוקמה במיוחד כדי להתחרות בחנויות היהודים, שנתמכה בגלוי על־ידי חוגי השלטון. בייחוד גבר הקו הזה מצד השלטונות בשנים האחרונות עם התעצמות האנטישמיות בפולין, שסיסמתם היתה: „סוואִי דאָ סוועגאָ״ *. אם בערים אחרות היו גם משמרות של אנטישמים („פיקעטן״ בלע״ז), שהתייצבו על־יד בתי המסחר של היהודים, ולא נתנו ללא יהודים לקנות בהם, הרי בבלז התנהלה תעמולה שקטה יותר (יחסית), כלומר היא נעשתה באמצעות קשרי משפחה, או חוגים חברתיים פולניים. מהסתה זו סבלו בראש וראשונה אותם החנוונים היהודים אשר בקרבתם היתה ה„ווספולדזילניה״, (החנות הפולנית), ששכנה בבניין מגדל הפעמונים של הכנסיה הפולנית. עובדה זו לכשעצמה מסבירה מי עמד מאחורי המפעל הזה. אני זוכר שבחנות זו עבדו „בהתנדבות״ כזבנים, פקידים ומורות פולניים. אבל אם בקרב האוכלוסיה הפולנית לא היה מורגש בצורה חריפה כל כך „הבויקוט״ (החרם) על המסחר היהודי, הרי בקרב האוכלוסיה האוקראינית, פעל החרם בצורה החמורה ביותר ועשה שמות במסחר היהודי, ויותר ממשפחה אחת הגיעה להתרוששות מוחלטת עקב ה„בויקוט״ שהתנהל נגד המסחר היהודי.

האוקראינים במאבקם הלאומי נגד השלטון הפולני, חתרו להמנע ככל האפשר מהצורך לבוא במגע עם חלקי אוכלוסיה אחרים. קו זה בא לידי ביטוי בעיקר במישור הכלכלי. התנועה הלאומית האוקראינית עם מרכזה בלבוב, הצליחה להקים רשת מסועפת של מוסדות ואירגונים כלכליים ופיננסיים חזקים, כגון: בנקים, בתי־חרושת, מוסדות שיווק סיטוניים וקמעוניים, מרכזי קניה

* אין תירגום מדוייק לסיסמה זו, אך פירושה: עניי עירך קודמים, או דאג לעמיתך לפני שאתה דואג לזר.

ומכירה של התוצרת החקלאית וכיו״ב. רבים מהמפעלים האלה הוקמו על יסוד קואופרטיבי מתוך כוונה להביא לכך שככל האפשר יותר אוקראינים יזדקקו למוסדות הלאומיים שלהם. ואכן, המוסדות הקואופרטיביים של האוקראינים בגליציה המזרחית ובוולין, נחשבו בסוף שנות השלושים למבוססים ביותר מבחינה כלכלית וכספית. למותר לומר שהאוקראינים בבלז וסביבתה היוו חלק מהתהליך הזה.

בבלז, פרט למספר קטן של חנויות בבעלות של אוקראינים, היה קיים המרכז המסחרי הקואופרטיבי ה„צנטרו־סויוז״. על־ידי תעמולה פעילה, ובמידה רבה באמצעי שיכנוע מוחשיים יותר, מצד התנועה הלאומנית האוקראינית, קנו חלקים גדולים של האוכלוסיה בני הלאום הזה, ובראש וראשונה האיכרים, את מצרכיהם בחנויות ובמרכז הקנייה והמכירה שלהם. במשך דורות היו האיכרים מוכרים את תוצרתם החקלאית בעיקר לסוחרים יהודים, אך מאז שהוקמו המוסדות של האוקראינים, היו רוב האיכרים מוכרים את תוצרתם למוסדותיהם, ולו במחירים נמוכים מאלה שהיו יכולים לקבל אצל הסוחר היהודי. מי שעשה זאת ברצון, ומי בלחץ התנועה האוקראינית הלאומנית, אך למעשה נגדע אחד הענפים החשובים לפרנסת האוכלוסיה היהודית.

נוסף לפעולות הכלכליות האחרות, הקים ה„סויוז״ בבלז, מפעל מודרני ומשוכלל לעיבוד תוצרת חלב, שהביא לכך שרובה של תנובת הרפת של האיכרים האוקראינים נמכר לאותו מפעל. המפעל שנקרא „מסלו־סויוז״ הוקם לא רחוק מתחנת הרכבת, שם גם היו המחסנים הגדולים של תבואות וסחורות אחרות של הקואופרטיב. המיקום היה מחושב כדי לחסוך הוצאות הובלה עד לרכבת. לאלה אפשר להוסיף אירגונים כלכליים נוספים, שקעקעו יסודות המסחר היהודי.

הדלדול במקורות הפרנסה של יהודי העיירה בשנים האחרונות שלפני המלחמה, היה כה רב, שקשה להבין איך וממה התפרנסו בכל זאת יהודי בלז.

מקור הכנסה לא מבוטל היתה „התיירות החסידית״. כלומר, מאות ואלפי חסידים ממקומות שונים, שהיו באים לבקש עצה אצל הרבי לרגל מאורע משפחתי כשידוך, עשיית עסק וכדומה או לביקור סתם. אם בכל ימות השנה נמנו החסידים שהיו באים לחלות את פני הרבי במאות, הרי לראש השנה ולשבועות באו אלפים מגליציה ומחלקי פולין אחרים וגם מחוץ־לארץ, בעיקר מהונגריה ומצ׳כוסלובקיה, שהיו על הרוב אנשים אמידים שתרמו לא מעט להחזקת ה„חצר״ וכל הכרוך בכך. בראש השנה ובשבועות היה מספר החסידים שבאו לבלז מגיע לפעמים ל־5—4 אלפים איש.

למותר לומר, שעיירה קטנה כבלז לא היו בה די בתי מלון ואכסניות, לאכסן מספר כה רב של אנשים. הפיתרון היה שבימים אלה נהפכו כמעט כל בתי היהודים לאכסניות. קשה לתאר את הצפיפות ששררה בבתי היהודים בשבועות וראש השנה. אך צורכי הפרנסה רבים, ומה לא יעשה יהודי בשביל פרנסה? בני הבית היו נוטשים מיטותיהם ומעמידים אותן לרשות האורחים,

תמורת תשלום לפי הישג ידיהם, והם עצמם היו ישנים צפופים מי במחסן שעל־יד הבית, מי בעליית־הגג — „אויפן בוידעם", כפי שהיו ריגילים לומר בבלז.

אמנם היו בעיירתנו מספר בתי־מלון ואכסניות עם מסעדות, אך פרנסת בעליהם בכל ימות השנה היתה בצימצום. לעומת זאת, היו מנצלים בשני החגים הנ"ל, שרבו בהם עולי הרגל, לאזן את תקציבם. לא רק בתי־המלון והאכסניות נהנו מימי החג, אלא ימים אלה היו גם ימי „גאות" לכל מיני גבאים, „קוויטל־שרייבער", שמשים וסתם יהודים שהסתובבו ב„חצר", שבצורה זו או אחרת נפל בחלקם נתח גדול או קטן מ„עליית הרגל" לרבי מבלז.

סוג מיוחד של פוקדי בלז, היו יהודים שהביאו לרבי חולים מבני משפחו־תיהם. על הרוב היו אלה חולי נפש שציפו לברכת הרבי להירפא ממחלותיהם. ביניהם היו חולים שמשפחתם השאירה אותם בבלז לתקופה ממושכת, אפילו לשנים, כדי לגשת פעם בשבוע עם „קוויטל" לרבי.

היו בעלי אכסניות, שהחזיקו אותם חולים עם „פנסיון" מלא, והיו שהתאכסנו בבתים פרטיים. היותר עניים שבהם שידם לא השיגה לשלם עבור „פנסיון", קבעו את משכנם בבית־המדרש.

הכנסה נוספת למספר משפחות היו ה„יושבים", אלה החסידים שישבו ישיבת קבע בבלז, שאכלו בצוותא (בתמחוי) שהוחזק על־ידי ה„חצר" ותרומות של חסידים אמידים, אבל מקום שינה מצאו בבתים פרטיים תמורת תשלום לא גדול. לבית התמחוי של היושבים קראו „די יושבים'ס קיך".

בסיכום: בסוקרנו את מקורות הפרנסה של יהודי בלז, נועד מקום של כבוד ל„חצר הרבי", שבמישרין ובעקיפין פירנסה משפחות רבות.

להלן טבלאות של המקצועות והעיסוקים מהם התפרנסו יהודי בלז.

**ימי שוק ו„ירידים"** *

מסביב לכיכר־השוק היו חנויות של היהודים, מהן גדולות, מהן קטנות. בחלק מהן אף לא היו חלונות, וקרן שמש מעולם לא חדרה לתוכן. והיה ובעל חנות ביקש לעשות שיפוץ כלשהו בבניין חנותו נתקל בהתנגדות שכניו, שכן רוב החנויות היו מחוברות זו לזו תחת גג אחד וקיר בלבד היה חוצץ ביניהן. ער רקע זה פרצו לא אחת סיכסוכים שיושבו בדרך כלל על־ידי דין תורה אצל אחד הדיינים. במשך רוב ימי השבוע היו החנוונים עומדים ומצפים לקונה, לכפרי, שיזדמן לעיירה, ובין השאר יבוא לקנות מיצרכים, כגון: נפט, משחת גלגלים, סוכר, מלח, בדים, מטפחות־ראש, נעליים, כלי עבודה וכיו"ב.

* בבלז היו שני שווקים: האחד ב„רינעק", והשני במקום שנקרא ה„ואניץ", שם היה שוק הבהמות והסוסים.

## רשימת המקצועות והעיסוקים של יהודי בלז ב-1939 לפי ראשי משפחה

| מס' סידורי | המקצוע — העיסוק | הענף | ס"ה העיסוקים במקצוע | עיסוק נוסף |
|---|---|---|---|---|
| 1 | אופים ובעלי מאפיות | מזון | 21 | |
| 2 | בתי־בד להפקת שמן | " | 3 | |
| 3 | דייגים ומוכרי דגים | " | 4 | |
| 4 | חלבנים ומחלקי חלב | " | 12 | |
| 5 | מי סודה וגלידה | " | 3 | |
| 6 | קצבים ואיטליזים | " | 16 | |
| 7 | בנאים וטייחים | מלאכה | 19 | |
| 8 | זגגים | " | 3 | |
| 9 | עושי חבלים (שטריקדרייער) | " | 4 | |
| 10 | חומרי בנין (ייצור צינורות בטון) | " | 2 | |
| 11 | חייטים | " | 17 | |
| 12 | חשמלאים | " | 1 | |
| 13 | כובענים | " | 6 | |
| 14 | כורכי ספרים | " | 3 | 2 |
| 15 | מברשתנים | " | 2 | |
| 16 | מגרסות | " | 4 | |
| 17 | מדפיסים | " | 1 | |
| 18 | נגרים | " | 19 | 2 |
| 19 | נפחים, מסגרים וחרטים | " | 4 | |
| 20 | סנדלרים | " | 20 | |
| 21 | ספרים | " | 6 | 3 |
| 22 | פחחים | " | 7 | |
| 23 | פרוונים | " | 3 | |
| 24 | צבעים | " | 4 | 1 |
| 25 | צלם | " | 1 | |
| 26 | רעפנים (רעפי־עץ) (שינדל־מאַכער) | " | 1 | |
| 27 | רצענים | " | 1 | |
| 28 | רוקמות | " | 4 | |
| 29 | שענים | " | 6 | 1 |
| 30 | תופרות | " | 10 | 3 |
| 31 | טחנות קמח, חשמל, מנסרה | חרושת | 6 | |
| 32 | רופאים ומרפאי שיניים | רפואה | 4 | |

| מס׳ סידורי | המקצוע — העיסוק | הענף | ס״ה העיסוקים במקצוע | עיסוק נוסף |
|---|---|---|---|---|
| 33 | גבאים ושמשים | כלי־קודש | 15 | 2 |
| 34 | דיינים | ״ | 3 | |
| 35 | סופרי סת״ם | ״ | 4 | |
| 36 | שוחטים | ״ | 2 | |
| 37 | מורים מוסמכים ובלתי מוסמכים | חינוך | 5 | |
| 38 | מלמדים | ״ | 17 | |
| 39 | מהנדסים | פקידות ומקצ׳ חופשיים | 1 | |
| 40 | עורכי־דין | ״ ״ | 2 | |
| 41 | פקידים | ״ ״ | 7 | 1 |
| 42 | אכסניות, מזנונים ומסבאות, בתי מלון, מסעדות | שירותים | 21 | |
| 43 | בלנות | ״ | 1 | |
| 44 | טבחות | ״ | 4 | |
| 45 | כלי־זמר | ״ | 5 | 5 |
| 46 | מובילי־מים | ״ | 4 | 3 |
| 47 | מלצרים | ״ | 2 | |
| 48 | סבלים | ״ | 7 | 1 |
| 49 | עגלונים | ״ | 27 | 4 |
| 50 | מוכרי ספרים ועתונים | רוכלות | 4 | |
| 51 | רוכלים בכפרים | ״ | 20 | |
| 52 | רוכלים בשוק | ״ | 31 | |
| 53 | שונים ובלתי מוגדרים | שונים | 78 | |
| 54 | חוטבי־עצים | ״ | 1 | 1 |
| 55 | שולחנים (החלפת־כספים) | ״ | 2 | 1 |
| 56 | חוכרים | ״ | 2 | |
| 57 | מיילדות | ״ | 2 | |
| 58 | מנהל־חווה | ״ | 1 | |
| 59 | תיווך וסוכנויות | ״ | 4 | 1 |
| 60 | פועלים שחורים (רק ראש משפחה) | ״ | 6 | |
| 61 | שדכנים ובדחנים | ״ | 3 | 1 |
| 62 | עוזרות־בית | ״ | 3 | |
| | | סה״כ | 501 | 29 |

## טבלה של העסוקים והמקצועות לפי ענפיהם והאחוז ביחס למספר הכללי של העסוקים, מסחר וחנויות

| מס׳ סידורי | הענף המסחרי | ס״ה משפחות | עיסוק נוסף |
|---|---|---|---|
| 1 | בקר | 6 | |
| 2 | ביצים | 2 | |
| 3 | ברזל ישן ומשומש | 1 | |
| 4 | יינות | 1 | |
| 5 | מכונות תפירה | 2 | |
| 6 | נוצות | 1 | |
| 7 | דלק (נפט ובנזין) | 1 | |
| 8 | נרות | 1 | |
| 9 | סמרטוטים | 2 | |
| 10 | עצים לבנייה, עצים ופחם להסקה | 19 | 1 |
| 11 | קמח | 5 | 1 |
| 12 | שמרים | 3 | 1 |
| 13 | תבואה | 33 | |
| | ס״ה | 77 | 3 |
| | חנויות | | |
| 1 | בגדים מוכנים (קונפקציה) | 4 | |
| 2 | בדים (מנופקטורה) | 18 | |
| 3 | ברזל ואביזרי פירזול | 5 | |
| 4 | גלנטריה (סידקית) | 9 | |
| 5 | כלי־מטבח | 3 | |
| 6 | מכולת | 34 | |
| 7 | מעדנים (צוקרניה) | 4 | |
| 8 | נעליים | 4 | |
| 9 | סיגריות וטבק | 6 | |
| 10 | סיד | 1 | |
| 11 | עור ועורות לעיבוד | 5 | |
| 12 | מכשירי משרד | 2 | |
| 13 | מכשירי סנדלרות | 1 | |
| | ס״ה | 96 | |
| | ס״ה מסחר וחנויות | 173 | 3 |

| מס' סידורי | הענף | מספר ראשי משפחה בענף | עיסוק נוסף | % |
|---|---|---|---|---|
| 1 | מלאכה | 148 | 12 | 21.95 |
| 2 | מזון | 59 | | 8.75 |
| 3 | חרושת | 6 | | 0.90 |
| 4 | פקידות ומקצועות חופשיים | 10 | 1 | 1.49 |
| 5 | רפואה | 4 | | 0.60 |
| 6 | חינוך | 22 | | 3.26 |
| 7 | כלי־קודש | 24 | 2 | 3.56 |
| 8 | שירותים | 71 | 13 | 10.53 |
| 9 | שונים ובלתי מוגדרים | 102 | 4 | 15.13 |
| 10 | מסחר | 77 | 3 | 11.42 |
| 11 | חנויות | 96 | | 14.25 |
| 12 | רוכלות * | 55 | | 8.16 |
| | ס"ה | 674 | 35 | 100% |
| | * מסחר, חנויות ורוכלות | 228 | | 33.83% |

מסתבר ששליש מן האוכלוסיה היה עסוק במקח וממכר.

דמות אחרת לבשה העיירה ביום שוק וב„יריד". בימים אלה התעוררה העיירה מתרדמתה והיתה שוקקת חיים, רעש והמולה. ראשית, היה ברור שהלקוחות ביום זה הם ה„גויים" מהכפרים הסמוכים והרחוקים, שכן המקומיים העדיפו לעשות את קניותיהם בכל ימות השבוע, להוציא אותן הסחורות או בהמות שהובאו ליום השוק או ל„יריד". הרעש וההמולה, הדוחק והצפיפות ששררו ביום כזה, היוו רקע נוח לכל מיני רמאים וכייסים שעשו את מלאכתם באמונה.

בדרך כלל נהגו הכפריים לדחות את סידור ענייניהם לימי השוק ו„ה־ירידים". „יריד" נמשך יום אחד, אך ההכנות לו התחילו יום או יותר לפניו.

היו „ירידים" גדולים, כמו לפני „פוקרובה", „מסלניצה", „טרויצה" ואחרים. יום לפני ה„יריד" הגדול החלו נוהרים סוחרים מקרוב ומרחוק. בשעות שלאחר הצהריים „ערב היריד", התחילו מופיעים בשווקים של בלז „סוחרים" ו„מוכרים" עם עגלותיהם, טעונות סחורות שונות. גם האיכרים היו מקדימים לבוא בעגלות טעונות תוצרת הכפר. התנועה התחילה לפנות ערב ובמשך כל הלילה נשמע טירטור העגלות הבאות. מה הובא ומה לא הובא ל„יריד"? הובאו סוסים וחזירים ופרות, תשמישי קדושה נוצריים, כלי עבודה, חביות, דליים של עץ,

פירות וירקות, פירות מיובשים, תוצרת חלב, עופות וביצים, דגים, דבש, נקניקים, דגים מעושנים, בשר חזיר, בדי פשתן גסים מתוצרת הכפר, כובעים, נעליים ומגפיים, בגדים מוכנים, צעצועים, סוכריות ושוקולד, מי שתייה צבעוניים ועוד ועוד. הבאים עם סוסיהם וצרורותיהם תפסו כל מדרך רגל וכל שעל בשוק וסמטאותיו הסמוכים. צניפת סוסים, געיית פרות, נאקת חזירים ולהבדיל צעקות אנשים התמזגו ל„סימפוניה" מחרישת אוזניים.

בחנויות החלה התנועה מבוקר השכם. כל חנווני גייס ליום זה את בני־ביתו ואת קרוביו לעזור לו במכירה ובשימת עין על הגנבים. למניעת גניבות היו לחנוונים ולמוכרים „קודים" מיוחדים באידיש, כגון: „צוויי אויף צען", היינו להתבונן בשתי העיניים על עשר האצבעות של הקונה; או „ער איז אַ לקחן" (הוא גנב) וסימנים אחרים. ואכן צריך היה לשמור בשבע עיניים, שעל כן בימים אלה שרצו בכל מקום ברנשים שבאו במיוחד לזכות במשיכה, נוסף לכך שבדרך כלל היה כל גוי חשוד על גניבה, לפי הפתגם „וועלכער גוי איז נישט קיין גנב?" (כלום יש גוי שאינו גנב?).

הקונים והמוכרים היו עומדים על המקח, נושאים ונותנים בקול רם, נשבעים שמפסידים, דוחפים זה את זה, תוקעים יד עד שהעיסקה נגמרה. לכל אלה יש להוסיף את הרעש שהקימו בעלי התיבות המנגנות (קאטערינטשיקעס), שירת הנכים ופושטי היד, צילצול פעמוני הכנסיות, קללות וגידופי השיכורים, זעקות המרורים ויללות „גוייות" שאבד להן, כביכול, או נגנב מהן צרור כספן וכו' וכו'. כל הקולות האלה התערבו להמולה שלא פסקה במשך כל היום.

המסתכל ממרחק מה רואה ים של ראשים בשני השווקים. באחד מהם, בזה שב„רינק", שורות חנויות, כולן של יהודים מופנות אל השוק. הצפיפות שוררת בכל מקום, אף ברחובות הסמוכים. ביום של „יריד" אין רחוב סמוך לשוק ניתן למעבר. הכל תפוס. והרוצה להגיע למקום מסויים, חייב לפלס לו דרך בין העגלות המרובות. יהודים רבים פוסקים לעצמם היתר לא להתפלל בבית־המדרש ביום שוק. הם מתפללים תפילה חטופה בבוקר השכם ביחידות בבית. הילדים, אם רק הצליחו להתחמק מעיניו הפקוחות של המלמד, מעדיפים להיות בשוק במקום ב„חדר". הם סקרנים לראות ולדעת את המתרחש שם. הרי לא בכל יום יש „יריד", שבו רואים כל כך הרבה איכרים מהכפרים, תגרנים מקרוב ומרחוק, וצוענים הבאים עם משפחותיהם לסחור בסוסים ולקנות במשיכה מכל הבא ליד.

ביום זה באים יהודים ויהודיות וגם לא יהודים אל השוק לקנות משהו מיד ראשונה, גם אם אותו דבר אפשר לקנות בכל ימות השבוע ובאותו מחיר. אין זאת, של„יריד" יש כוח משיכה מיוחד. מתחשק להתערב ביום זה בין אלפי אנשים, לראות ולשמוע, לעמוד על המקח וליהנות מעצם הקניה והכרוך בה.

מקום לא מבוטל תופסים ב„ירידים" משחקי־מזל שונים. הם צצים בכל מקום עם הקלפים ו„עוזריהם", שתמיד „זוכים" לגלות את הקלף ה„נכון" מבין שלושת קלפי המשחק. בזה מושכים הם את תשומת לבם של איכרים תמימים, שלפני שעה קלה מכרו את תוצרתם, ועז רצונם לזכות ברווח קל. הם מהמרים על קלף או על קוביה, ובסופו של דבר, אם בסיבוב הראשון זכו, דבר שמלהיב את רצונם לזכות ביותר, מהמרים סכום גדול יותר והפעם מפסידים, וברצונם להציל לפחות את הכסף שהפסידו, מוסיפים להמר, עד שנשארים עם צרור נקוב. אז פורצות צעקות, ופניות ל„ז'נדרמים" שעוזרים להם כ„כוסות־רוח לבר־מינן". איכר זה חוזר הביתה אבל וחפוי ראש.

מסביב לשולחנות המשחקים שורצים שותפים, אלה הם כייסים מקצועיים, ש„בדוחק" המתהווה על־יד שולחן המשחק, מרוקנים את כיסיהם של האיכרים שלא שיחקו, אך צפו במשחק מתוך סקרנות.

ביום זה החנווונים אין להם זמן לנשום וגרונם יבשה מרוב דיבורים וצעקות „שיכנוע". טועמים כזית, שוכחים אפילו בקור ובכפור להוסיף גחלים לכופח (פייער־טאָפּ) לחמם את הידיים הקופאות. כללו של דבר: ה„יריד" הוא יום של שכחה עצמית. כל המחשבות נתונות למכירה וקניה, והכל נעשה בחופזה, בפזיזות ובקולי קולות.

חלק נכבד של ה„יריד" נועד לבתי־המרזח שהיו שוקקים איכרים. האדים והעשן מעישון ה„מאכורקה" ניתן היה ממש לממש בידיים. העבודה בהם היתה מרובה ומפרכת. כי בד בבד עם המזיגה והגשת ה„מטעמים", צריך היה לשמור כי הלקוח שהשתכר מרוב שתייה, ישלם עבור הצריכה. ואכן לא אחת עפו על רקע זה מכות אשר לעתים נגמרו עם הרס רהיטי בית־המרזח. אם חשקה נפשך לראות מה קשה פרנסתם של יהודים, צריך היית להיכנס ביום שוק לבית־מרזח, להסתכל בפרצופיהם האדומים מרוב שתייה של ה„היידמקים" ולחוש בסרחון האיום שנדף מהם — ונוכחת לדעת איך וכיצד מתפרנסים יהודים. ולא רק בבתי־המרזח, גם בחנויות ועל־יד הדוכנים, נאלצו יהודים לשמוע עלבונות וגידופים, והערות אנטישמיות ארסיות מפי הקונים, שדרישותיהם היו על הרוב מופרזות, בתביעתם לכל קנייה „תוספת שי", כאילו החנווני השיג את הסחורה חינם. אופייני הסיפור העממי על „גוי" שקנה אצל השען „בודילניק", — שעון מעורר (הזול שבשעונים), וביקש כתוספת את השעון הקטן אשר מתחת לזכוכית של הדלפק.

והיהודים השלימו עם כל הטורח, הטירדה ואי־הנעימויות של ה„ירידים" וימי השוק, על היותם מקור פרנסה חשוב, בעוד ובכל ימות השבוע היו עומדים ומצפים לקונה בכליון עיניים.

מאיר ראָטער
חיפה

# עקאָנאָמישע סטרוקטור פון דער יידישער באַפעלקערונג

## פרנסה-קוואַלן

אין באַנייטן פוילן, וואָס איר באַפעלקערונג איז געווען אַ פויערישע, איז די אינדוסטריע געווען שוואַך אַנטוויקלט, און אין די ערטער, ווו עס האָבן זיך געפונען אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען זענען זיי בעיקר אַנטוויקלט געוואָרן אין ריין פוילישע געביטן. די פּראָווינצן מיט אַ גרויסער נישט פּוילישער באַפעלקערונג, וואָס זענען איינגעשלאָסן געוואָרן אין דער פּויליעשר רעפּובליק, ווי גאַליציע, וואָלין, פּאָדאָליע און ווייס רוסלאַנד, אַפילו זיי האָבן געהאַט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, זענען זייערע אַקציעס פאַרקויפט געוואָרן צו פרעמדע פירמעס, בעיקר פראַנצויזישע, ווי למשל, די נאַפט־גרובן פון דראָהאָביטש און באָריסלאַוו און די צוקער־פאַבריקן אין כאָדאָראָוו. נאָר דאָ און דאָרט האַבן זיך געפונען קליינע אינדוסטריע־אונטער־נעמונגען מיט אַ גאָר קליינער השפעה אויף דער אַלגעמיינער עקאָנאָמיק.

בעלז געפינט זיך צווישן צוויי טייכן, צווישן דער סאָלאָקיע, וואָס שטראָמט פון דרום־מערב צו מזרח און פאַלט אַריין אין בוג; און דער זשעטשיצאַ, וואָס שטראָמט פון צפון־מערב. נעבן דאָרף גירע פאַראייניקן זיךביידע טייכן, פליסן ווייטער ביז זיי גיסן זיך אַריין אין בוג. פון דער צווייטער זייט סאָלאָקיע האָבן זיך אויסגעשפרייט פעלדער און לאָנקעס, וואָס האָבן זיך געצויגן ביז צום דאָרף פּרושינאָוו (פּריסינעוו), און אַביסל ווייטער צו דרום ביז צום דאָרף כליובאטשנע וואָס האָט זיך שוין געפונען אויסער דער בעלזער יוריסדיקציע. פון דער צווייטער זייט זשעטשיצא האָט זיך געפונען די באַן־סטאַציע, די „זאַבלאָטע" אין צפון, און די „זשיליאָנע" אין צפון־מערב, באַקאַנט אויך מיטן נאָמען די „צווייטע זאַבלאָטע". אויפן פאַרבויטן שטח צווישן ביידע טייכן און אין ביידע „זאַבלאָטעס", האָט זיך נישט געפונען קיין איין אינדוסטרי־עלע אונטערנעמונג. און אויב אַ טאַרטאַק קען באַטראַכט ווערן אַלס אַן אינדוסטריע, האָט זיך אין גאַנץ בעלז געפונען איין איינציקער טאַרטאַק אוויפן „זאַמעק". אין סעזאָן — ווינטער — האָט ער אין די בעסטע צייטן באַשעפטיקט איבער הונדערט אַרבעטער, דער רוב פויערים פון די אַרומיקע דערפער, וואָס ווינטער האָבן זיי נישט געהאַט וואָס צו טון אין די פעלדער.

דאָס שטעטל האָט געהאַט עטלעכע פּרנסה־קוואַלן, על פּי רוב נישט קיין קאָנסטרוקטיווע. מיר וועלן אָנהויבן מיטן „בעלזער וואַלד". אייגנטלעך האָט דער וואַלד נישט געהערט צו דער בעלזער געמיינדע. זקנים פלעגן דערציילן, אַז דער וואַלד האָט אַמאָל געהערט צו יידן, און זיי האָבן אים „פאַרקויפט" דער בעלזער געמיינדע פאַר דער קאָנצעסיע צו פאַבריצירן משקאות. די דאָזיקע קאָנצעסיע האָט געהייסן „פּראָפּינאַציע". אין בעלזער וואַלד וואָס האָט זיך געפונען 3—4 קילאָמעטער אין דרום פון שטעטל, פלעגט מען יעדעס יאָר אויסהאַקן צענדליקער טויזנטער קוביקמעטער געהילץ, בעיקר דעמבעס.

די בוימער האָבן אָפּגעקויפט סוחרים און עקספּאָרטירער, וואָס האָבן זיי געשיקט קיין אויסלאַנד בעיקר קיין דייטשלאַנד. אַ טייל פון זיי זענען געבראַכט געוואָרן אין אָרטיקן טאַרטאַק, ווו מען האָט זיי צעזעגט אויף ברעטער און בעלקעס. דער טאַרטאַק איז געווען דאָס אייגנטום פון דער משפחה מאַדער, און אין פאַרשידענע צייטן האָט זי צוגעצויגן נאָך שותפים צו דער אונטערנעמונג. די הכנסות פונעם בעלזער וואַלד זענען באַשטימט געווען צו דעקן די הוצאות פון דער געמינע, אַ חוץ די מוניציפּאַלע שטייערן וואָס דער מאַגיסטראַט האָט אַרויפגעלייגט אויף דער באַפעלקערונג.

פונעם בעלזער וואַלד האָבן געצויגן חיונה אויף אַ דירעקטן און אומדירעקטן אופן, אייניקע יידישע משפחות פון שטעטל. דער איבערוויעגנדער רוב פון דער יידישער באַפעלקערונג, האָט געצויגן זיין חיונה פון די פויערים פון די נאָענטע און ווייטערע דערפער, וואָס פלעגן קומען אין שטעטל אין די מאַרק־טעג און ירידים פאַרקויפן זייערע פּראָדוקטן און איינקויפן פאַרשידענע סחורות אין די יידישע געשעפטן. אין שטעטל האָט זיך אויך געפונען פּראָסטיקס מיל, וואָס האָט אויך געגעבן פּרנסה אַ פּאָר יידישע משפחות.

אין בעלז זענען אויך געווען אַ צאָל שענקען, וואָס זייערע באַלעבאַטים זענען געווען יידן, ווו די פויערים פלעגן אַריינכאַפּן אַ כוסה בעת זייער באַזוך אין שטעטל. אויך די בעקערייען, וואָס האָבן זיך געפונען אין יידישע הענט, האָבן מפרנס געווען אַ צאָל משפחות. סיי די שענקען, סיי די בעקערייען, זענען געווען אויסגעשטעלט הויפּטזעכלעך אויפן לייזונג אין די מאַרק־טעג און ירידים.

צוויי — דריי מאָל אין יאָר זענען אין בעלז פאָרגעקומען „אָדפּוסטן". אין די טעג פלעגן קומען אין שטעטל טויזנטער גלויביקע פּילגרימען, צו פייערן דעם „נס", וואָס איז, ווי מען האָט דערציילט, אַמאָל פאָרגעקומען אין אונדזער געגנט. די „אָדפּוסט"־פאַרזאַמלונגען פלעגן פאָרקומען נעבן קלויסטער אויפן „זאַמעק", וואָס לויט דער לעגענדע איז דאָרט פאָרגעקומען דער נס. אויך די „אָדפּוסטן" האָבן געדינט אַלס פּרנסה־קוואַל פאַר די בעלזער יידן.

נישט נאָר די געשעפטס־אייגנטימער. נאָר אויך די פאַרשידענע בעלי־מלאכות האָבן געצויגן זייער חיונה פון די פויערים. שוסטערס, למשל, האָבן

פאַרקויפט זייער פּראָדוקציע, בעיקר — שטיוול, אין די מאַרק־טעג. רייכערע פויערים פלעגן באשטעלן שטיוול און שיך ביי די שוסטערס, לויט דער מאָס. אויך די שניידערס, סטאָליארס, היטל־מאַכער, קירזשנער און אַנדערע בעלי־מלאכות האָבן געצויגן זייער פרנסה, אַלנפאַלס דעם גרעסטן טייל, פון דער אַרומיקער פויערישער באַפעלקערונג. די יידישע מוליערס פלעגן איינגעלאַדן ווערן אין די דערפער אויפצושטעלן פאַר די פויערים געמויערטע הייזער און באַק־אויוונס. זיי האָבן אויך געאַרבעט ביי די גוט־באַזיצער, ספּעציעל ביים אויפבויען „גוזשעלניעס", אויף צו פאַבריצירן בראָנפן.

נאָך אַ יידישע פרנסה פאַרבונדן מיט די פויערים איז געווען הויזירעריי. יידן פלעגן פאָרן אָדער גיין אין די דערפער, פאַרקויפן די פויערים פאַבריקאַטן און סחורות, און איינקויפן ביי זיי אַגריקולטור־פּראָדוקטן. דער מסחר איז אַממיינסטן געווען אַן אויסטויש־האַנדל, און איז געפירט געוואָרן כמעט אָן געלט. די הויזירער פלעגן געוויינלעך זיך אַרויסלאָזן אין די דערפער זונטיק אינדערפרי, און זיך אומקערן אויף שבת אַהיים. היות דאָרפס־גייעריי איז געווען אַ שווערע פרנסה, פלעגן געוויינלעך די פרויען צוהעלפן אין דער פרנסה, ווער אַלס ניי־טאָרין, ווער שטייענדיק מיט אַ שטעל אין מאַרק.

די נישט־יידישע באַפעלקערונג פון שטעטל גופא, פלעג אויך קויפן די וויכטיקסטע סחורות און פאַבריקאַטן אין די יידישע געשעפטן, אָדער זיי באַשטעלן ביי די בעלי־מלאכות.

נישט מאַהבת מרדכי פלעגן זיי האַנדלען מיט יידן, נאָר דערפאַר וואָס קריסטלעכע געשעפטן זענען געווען אין זייער אַ קליינער צאָל, און די געציילטע נישט־יידישע געשעפטן האָבן נישט געקענט קאָנקורירן מיט די יידישע סוחרים כיי אין דער קוואַליטעט און סיי אין פרייז פון די סחורות.

## דער קאַמף קעגן יידישן האַנדל

צווישן דער גאַנצער בעלזער פוילישער באַפעלקערונג איז געווען נישט מער ווי איין שפּייזגעשעפט וואָס איז אויך אויפגעשטעלט געוואָרן כדי צו קאָנקורירן מיט די יידישע געשעפטן, און איז אָפן געשטיצט געוואָרן דורך די רעגירונגס־באַהערדן. באַזונדער איז פאַרשטאַרקט געוואָרן דער קאַמף קעגן יידישן האַנדל אין די דרייסיקער יאָרן, מיטן אויפשטייגן פון קעמפערישן אַנטיסעמיטיזם אין פוילן, וואָס זיין לאָזונג קעגן יידישן האַנדל איז געווען „סוואָי דאָ סוועגאָ". ווי באַוווסט איז אין אַ סך שטעט און שטעטלעך געפירט געוואָרן דער קאַמף קעגן דער יידישן האַנדל דורך אַנטיסעמיטישע פּיקעטן, וואָס האָבן זיך אַוועק־געשטעלט נעבן יידישע געשעפטן און נישט געלאָזן די גויים אַריינגיין קויפן אין זיי. אין בעלז זענען נישט געווען קיין פּיקעטן, עס האָט זיך אָבער געפירט אַן אינטענסיווע פּראָפּאַגאַנדע קעגן יידישן מסחר דורך פאַמיליע־פאַרבינדונגען

און אינערהאַלב די פאַרשידענע פוילישע קרייזן. ספּעציעל האָבן געליטן פון דער דאָזיקער פּראָפּאַגאַנדע די יידישע געשעפטן, וואָס האָבן זיך געפונען נאָענט פון דער „ווּעספּאָלידזשעלניע", (דאָס פוילישע געשעפט), וואָס איז געווען אינסטאַלירט אין גלאָקן־טורעם פון פוילישן קלויסטער. דאָס פּלאַץ, ווו דאָס געשעפט האָט זיך געפונען זאָגט עדות וועס עס איז אונטער עס געשטאַנען. איך געדענק, אַז אין דאָזיקן געשעפט האָבן געאַרבעט אַלס „וואָלונטירן" פוילישע באַאַמטע און לערערקעס אַלס פאַרקויפער. אויב ביי דער פוילישער באַפעלקערונג האָט דער באָיקאָט קעגן יידישן האַנדל נישט אָנגענומען קיין צו שאַרפע פאָרמען, האָט ער זיך אָבער פיל שאַרפער אויסגעווירקט ביי דער אוקראַאינישער באַפעלקערונג. די אוקראַאינער האָבן חרוב געמאַכט גרויסע טיילן פונעם יידישן מסחר און האָבן מער ווי איין יידישן סוחר דערפירט ביז צו באַנקראָט.

אין זייער נאַציאָנאַלן קאַמף קעגן דער פוילישער הערשאַפט האָבן די אוקראַאינער געזוכט אויסמיידן ווי מעגלעך וועלכע עס איז באַרירונג מיט אַנדערע טיילן פון דער באַפעלקערונג. די דאָזיקע טענדענץ איז אַמערסטן געקומען צום אויסדרוק אויפן עקאָנאָמישן געביט. דער נאַציאָנאַלער אוקראַאינישער באַוועגונג, וואָס איר צענטראַלע איז געזעסן אין לעמבערג, איז געלונגען שאַפן אַ פאַר־צווייגטע נעץ פון שטאַרקע עקאָנאָמישע און פינאַנסיעלע אינסטיטוציעס, ווי בענק, פאַבריקן, הורט און לאחדים פאַרקויף־צענטערן, אויפקויף־סטאַציעס פון אַגריקולטור־פּראָדוקטן א.א. פיל פון די דאָזיקע אינסטיטוציעס זענען געבויט געווען אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות, מיטן ציל, אַז וואָס מער אוקראַאינער זאָלן זיין אָנגעוויזן אויף זייערע נאַציאָנאַלע אונטערנעמונגען. מען דאַרף אַנערקענען, אַז די אוקראַאינישע קאָאָפּעראַטיוועס אין מזרח גאַליציע און וואָלין, זענען אין די סוף דרייסיקער יאָרן פאַררעכנט געוואָרן אַלס די בעסט־שטייענדיקע. עס איז איבעריק צו באַטאָנען, אַז אויך די בעלזער אוקראַאינער און אומגעגנט האָבן געבילדעט אַ טייל פון דעם דאָזיקן פּראָצעס.

אויסער אַ קליינע צאָל געשעפטן וואָס זייערע באַלעבאַטים זענען געווען אוקראַאינער, האָט אין בעלז פונקציאָנירט אַ גרויסער קאָאָפּעראַטיווער צענטער מיטן נאָמען „צענטראָ־סאָיוז". אַ דאַנק אינטענסיווער פּראָפּאַגאַנדע און אין אַ גרויסער מאָס אַ דאַנק מער „קאָנקרעטע" איבערצייגונגס־מעטאָדן מצד דער נאַציאָנאַליסטיש־אוקראַאינער באַוועגונג, האָבן גרויסע טיילן פון דער אוקראַאי־נישער באַפעלקערונג, אין דער ערשטער ריי די פּויערים, געקויפט די מערסטע פּראָדוקטן אין קאָאָפּעראַטיוון צענטער און אין די אוקראַאינישע געשעפטן. אין משך פון דורות פלעגן די אוקראַאינער פּויערים פאַרקויפן זייערע אַגריקולטור־פּראָדוקטן יידישע סוחרים, נאָכן אויפקומען פון די אוקראַאינישע עקאָנאָמישע אונטערנעמונגען, פלעגן דער רוב פּויערים פאַרקויפן זיי זייערע פּראָדוקטן, אַפילו

פאַר ביליקערע פרייזן, וואָס זיי האָבן געקענט באַקומען ביי יידישע סוחרים. טייל האָבן עס געטון מיט גוטן ווילן, טייל אונטערן דרוק פון דער נאַציאָנאַליסטישער באַוועגונג. אַזוי צי אַזוי, אַ וויכטיקער יידישער פרנסה־קוואַל איז פאַרשטאָפּט געוואָרן.

איינע פון די וויכטיקע עקאָנאָמישע אונטערנעמונגען וואָס דער „סאָיוז" האָט אויפגעשטעלט אין בעלז איז געווען דער „מאַסלאָ־סאָיוז", וואָס האָט אָפּגעקויפט די גאַנצע מילך־פּראָדוקציע פון דער אוקראַינישער פויערישער באַפעלקערונג און אויסגעאַרבעט פאַרשידענע מילך־פּראָדוקטן.

דער „מאַסלאָ־סאָיוז" איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן נישט ווייט פון דער באַן־סטאַציע, ווו עס האָבן זיך אויך געפונען די גרויסע תבואה־סקלאַדן און פון אַנדערע סחורות פונעם אוקראַינישן קאָאָפּעראַטיוו.

די אויבנדערמאָנטע און אַנדערע עקאָנאָמישע אונטערנעמונגען פון די אוקראַינער האָבן אונטערגעגראָבן די יסודות פונעם יידישן מסחר.

די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה זענען אויף אַזאַ דראַסטישן אופן איינגעשרומפּן געוואָרן די יידישע פרנסה־קוואַלן, אַז עס איז שווער צו דערקלערן פון וואָס האָבן די בעלזער יידן געצויגן חיונה.

אַ וויכטיקער פרנסה־קוואַל פאַר בעלזער יידן איז געווען דער „הויף" און די הונדערטער, און אין געוויסע צייטן פון יאָר, טויזנטער חסידים, וועלכע זענען געקומען צום רבין, ווער בעטן אַן עצה ווען אַ שידוך, ווער וועגן אַ ניי געשעפט, וואָס ער האָט געהאַלטן אין אָפּשליסן, ווער אַ ישועה פאַר אַ קראַנקן און סתם חסידים וואָס האָבן געפּ״לט אַ באַדערפעניש באַזוכן דעם רבין לפּחות איין אָדער צוויי מאָל אין יאָר. אויב אַ גאַנץ יאָר האָבן זיך אין בעלז געפונען הונדערטער חסידים וואָס זענען געקומען אָפּשטאַטן אַ באַזוך ביים רבין, פלעגן אין די צוויי ימים טובים שבועות און ראש־השנה קומען קיין בעלז טויזנטער חסידים נישט נאָר פון גאַליציע, נאָר אויך פון אַנדערע פוילישע געביטן, און אַפילו פון אויסלאַנד, בעיקר פון אונגאַרן און טשעכאָסלאָוואַקיע. די חסידים זענען על פּי רוב געווען פאַרמעגלעכע, און זיי האָבן פיל בייגעשטייערט אויסצוהאַלטן דעם „הויף", און געבן פרנסה די אַלע וואָס האָבן זיך געדרייט אַרום אים. ראש־השנה און שבועות האָט מען געשאַצט אין 4—5 טויזנט די צאָל חסידים וואָס זענען געקומען קיין בעלז.

עס איז איבעריק צו אונטערשטרייכן, אַז אין אַ קליין שטעטל ווי בעלז, האָבן זיך נישט געפינען אַזוי פיל האָטעלן און אכסניות אַריינצונעמען אַזוי פיל געסט. די פראַגע איז געלייזט געוואָרן אויף אַ גאַנץ פּשוטן אופן: שבועות און ראש־השנה זענען כמעט אַלע יידישע הייזער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַכסניות. עס איז שווער צו באַשרייבן די ענגשאַפט וואָס האָט געהערשט אין די דאָזיקע יום־טוב טעג אין די יידישע הייזער. אָבער וואָס טוט נישט אַ ייד צוליב פרנסה?

די בני־בית האָבן אָפּגעטראָטן די בעטן פאַר די געסט, פאַרשטייט זיך פאַר אַ פּאַסיקן אָפּצאָל, און אַליין געשלאָפן אין קאַמער אָדער אויפן בוידעם.

שבועות און ראש־השנה זענען געווען „פּראָספּעריטי״־טעג נישט נאָר פאַר די געציילטע האָטעלן און אכסניות און פאַר די אַלע משפחות וואָס האָבן איינקוואַרטירט די חסידישע געסט, נאָר האָבן אויך געגעבן פיל באַשעפטיקונג אַלע מיני גבאים, קוויטל־שרייבער, שמשים און סתם יידן, וואָס האָבן זיך געדרייט אַרום „הויף״. בקיצור, דאָס „עולה רגל״ זיין קיין בעלז צום רבין, איז געווען אַ וויכטיקער הכנסה־קוואַל פאַר אַ סך בעלזער יידן.

נאָך אַ פּרנסה קוואַל פאַר אַ סך משפחות זענען געווען גייסטיק־קראַנקע, וואָס זייערע משפחות פלעגן זיי ברענגען צום רבין, האָפנדיק, אַז זייענדיק נאָענט פונעם צדיק און באַקומענדיק זיין ברכה, וועלן זיי אויסגעהיילט ווערן. צווישן די דאָזיקע קראַנקע זענען געווען נישט ווייניקע, וואָס פלעגן זיצן אין בעלז וואָכן און אַפילו חדשים, און זייערע אייגענע פלעגן אַ יעדע וואָך אָפּגעבן אַ „קוויטל״ דעם רבין. עס זענען געווען בעלי־אַכסניות, וואָס פלעגן געבן „פּענסיאָן״ די דאָזיקע קראַנקע, און אַ טייל האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין פּריוואַטע הייזער. די גאָר אָרעמע פלעגן שלאָפן אין בית־מדרש.

אויך די „יושבים״ (חסידים וואָס זענען שטענדיק געזעסן ביים רב) האָבן געהאָלפן מפרנס זיין אייניקע אָרעמע משפחות, באַצאָלנדיק נישט קיין הויכן פּרייז פאַר נעכטיקן ביי זיי. געגעסן האָבן די „יושבים״ אין דער „יושבים׳ס קיך״, וואָס איז אויסגעהאַלטן געוואָרן דורכן „הויף״ און באַשטייערונגען פון פאַרמעגלעכע חסידים.

בקיצור, אין דער עקאָנאָמיק פון בעלזער יידן, האָט דעם רבינס „הויף״ פאַרנומען אַ וויכטיק פּלאַץ, פאַרשאַפנדיק פּרנסה אויף אַ דירעקטן און אומדירעקטן אופן פאַר פיל משפחות.

**טאַבעלע פון פאַכן און באַשעפטיקונגען פון בעלזער יידן אין יאָר 1939**

(די ציפערן באַציען זיך נאָר צום הויפּט פון דער משפחה)

| נומער | פאַך — באַשעפטיקונג | צווייג | סך־הכל באַשעפטיקטע אין פאַך | אַנדערע באַשעפטי־קונגען |
|---|---|---|---|---|
| 1. | בעקער און בעקערייען | שפּייז | 21 | — |
| 2. | האַלינעס צו קוועטשן בוימל | ״ | 3 | — |
| 3. | פישער און פיש־הענדלער | ״ | 4 | — |
| 4. | מילכיקער און מילך־צעטיילער | ״ | 12 | — |
| 5. | סאָדע־וואַסער און אייזקרעם | ״ | 3 | — |
| 6. | קצבים און יאַטקעס | ״ | 16 | — |

| נומער | פאַך — באַשעפטיקונג | צווייג | סך־הכל באַשעפטיקטע אין פאַך | אַנדערע באַשעפטי־קונגען |
|---|---|---|---|---|
| 7. | בוי־אַרבעטער (מוליער, טינקעוואַניע) | בוי־אַרבעט | 19 | — |
| 8. | גלעזער | " | 3 | — |
| 9. | שטריקנדרייער | מלאכה | 4 | — |
| 10. | בעטאָן רערן־מאַכער | " | 2 | — |
| 11. | שניידער | " | 17 | — |
| 12. | עלעקטראָטעכניקער | " | 1 | — |
| 13. | היטלמאַכער | " | 6 | — |
| 14. | ספרים־איינבינדער | " | 3 | 2 |
| 15. | בערשטל־מאַכער | " | 2 | — |
| 16. | קאַשע־מאַכער | שפייז | 4 | — |
| 17. | דרוקעריי | מלאכה | 1 | — |
| 18. | סטאָליארעס | " | 19 | — |
| 19. | שמידן, שלאָסער און טאָקער | " | 4 | — |
| 20. | שוסטער | " | 20 | — |
| 21. | פריזירער | " | 6 | 3 |
| 22. | בלעכער | " | 7 | — |
| 23. | קירזשנער | " | 3 | — |
| 24. | פאַרבערס | " | 4 | 1 |
| 25. | פאָטאָגראַפירער | " | 1 | — |
| 26. | שינדל־מאַכער | " | 1 | — |
| 27 | העפטערינס | " | 4 | — |
| 28. | רימער | " | 1 | — |
| 29. | זייגערמאַכער | " | 6 | 1 |
| 30. | נייטאָרינס | " | 10 | 3 |
| 31. | מילן, עלעקטריציטעט, טאַרטאַק | פאַבריקאַציע | 6 | — |
| 32. | דאָקטוירים און דענטיסטן | מעדיצין | 4 | — |
| 33. | גבאים און שמשים | כלי־קודש | 15 | 2 |
| 34. | דיינים | " | 3 | — |
| 35. | סופרים | " | 4 | — |
| 36. | שוחטים | " | 2 | — |
| 37. | לערער (דיפּלאָמירטע און נישט־דיפּלאָמירטע) | דערציאונג | 5 | — |
| 38. | מלמדים | " | 17 | — |
| 39. | אינזשעניערן | פרייע פּראָפ. | 1 | — |

| נומער | פאַך — באַשעפטיקונג | צווייג | סך־הכל באַשעפטיקטע אין פאַך | אַנדערע באַשעפטי־קונגען |
|---|---|---|---|---|
| 40. | אַדוואָקאַטן | פרייע פראָפ. | 2 | — |
| 41. | באַאַמטע | ״ | 7 | 1 |
| 42. | האָטעלן, אכסניה, שענקען | באַדינונג | 21 | — |
| 43. | בעדער | ״ | 1 | — |
| 44. | קעכינס | ״ | 4 | — |
| 45. | כלי־זמרים | ״ | 5 | 5 |
| 46. | וואַסער־פירער | ״ | 4 | 3 |
| 47. | קעלנער | ״ | 2 | — |
| 48. | טרעגער | ״ | 7 | 1 |
| 49. | בעלי־עגלות | ״ | 27 | 4 |
| 50. | ספרים און צייטונגס־פאַרקויפער | ״ | 4 | — |
| 51. | הויזירער אין די דערפער | ״ | 20 | — |
| 52. | שטעלן אין מאַרק | ״ | 31 | — |
| 53. | אומדעפינירטע | | 78 | — |
| 54. | האָלץ־העקער | ״ | 1 | 1 |
| 55. | וואַלוטע־הענדלער | | 2 | 1 |
| 56. | אַרענדאַרן | | 2 | — |
| 57. | הייבאַמס (באָבעס) | | 2 | — |
| 58. | זשאָנצע | | 1 | — |
| 59. | פאַרמיטלער | | 4 | 1 |
| 60. | שוואַרצע אַרבעטער | | 6 | 1 |
| 61. | שדכנים און בדחנים | | 3 | 1 |
| 62. | דינסטן | | 3 | — |
| 63. | פיהענדלער | מסחר | 6 | — |
| 64. | אייער־סקלאַדן | ״ | 2 | — |
| 65. | אַלט־אייזן | ״ | 1 | — |
| 66. | וויינהענדלער | ״ | 1 | — |
| 67. | ניי־מאַשינען | ״ | 2 | — |
| 68. | פעדערן | ״ | 1 | — |
| 69. | נאַפט און בענזין | ברען־שטאָף | 1 | — |
| 70. | ליכט | ״ | 1 | — |
| 71. | האָלץ (בוי, הייצונג, קוילן) | ״ | 19 | 1 |
| 72. | מעל־הענדלער | שפייז | 5 | 1 |
| 73. | הייוון | ״ | 3 | 1 |

| נומער | פאַך — באַשעפטיקונג | צווייג | סך־הכל באַשעפטיקטע אין פאַך | אַנדערע באַשעפטי־קונגען |
|---|---|---|---|---|
| .74 | שמאַטניקעס | מסחר | 2 | — |
| .75 | תבואה־סוחרים | " | 33 | — |
| .76 | קאָנפעקציע־געשעפטן | " | 4 | — |
| .77 | מאַנופאַקטור־געשעפטן | " | 18 | — |
| .78 | אייזן־געשעפטן | " | 5 | — |
| .79 | גאַלאַנטעריע־געשעפטן | " | 9 | — |
| .80 | געפעס־געשעפטן | " | 3 | — |
| .81 | שפייז־געשעפטן | " | 34 | — |
| .82 | צוקערניעס | " | 4 | — |
| .83 | שיך־געשעפטן | " | 4 | — |
| .84 | ציגאַרן און טיטון | " | 6 | — |
| .85 | קאַלך | " | 1 | — |
| .86 | לעדער | " | 5 | — |
| .87 | שרייבגעצייג | " | 2 | — |
| .88 | שוסטער־געצייג | " | 1 | — |
| | | ס"ה | 674 | |

## פראָפּאָרציאָנעלע איינטיילונג פון באַשעפטיקונגען און באַשעפטיקטע

| נומער | צווייג | צאָל באַשעפּ־טיקטע משפחות אין צווייג | אַנדערע באַשעפּ־טיקונג | % |
|---|---|---|---|---|
| .1 | מלאכה | 148 | 12 | 21,95% |
| .2 | שפּייז | 59 | — | 8,77 |
| .3 | פאַבריקאַציע | 6 | — | 0,90 |
| .4 | פרייע פּראָפעסיעס און באַאַמטע | 10 | 1 | 1,49 |
| .5 | מעדיצין | 4 | — | 0,60 |
| .6 | דערציונג | 22 | — | 3,26 |
| .7 | כלי־קודש | 24 | 2 | 3,56 |
| .8 | באַדינונג | 71 | 13 | 10,53 |
| .9 | פאַרשידענע | 102 | 4 | 15,13 |
| .10 | מסחר (געשעפטן, שטעלן און הויזירער) | 228 | 3 | 33,83 |
| | | | ס"ה | 100 % |

## מאַרק-טעג און „ירידים" *

אַרום דעם „רינעק" (מאַרק־פּלאַץ) האָבן זיך קאָנצענטרירט די מערסטע יידישע געשעפטן, גרויסע און קליינע. אַ טייל פון זיי האָבן אַפילו נישט געהאַט קיין פענצטער, און קיין שטראַל זון־ליכט איז דאָרט קיינמאָל נישט אַריינגעדרינגען. די געשעפטן זענען געווען אַזוי צוזאַמענגעפּרעסט, איינס אָנגעשפּאַרט אין צווייטן, אַז ווען אַ קרעמער האָט זיך פאַרוואָלט אַמאָל מאַכן רעמאָנט אין זיין געשעפט, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אין דער קעגנערשאַפט פון די שכנים, ווייל דער רוב געשעפטן האָבן זיך געפונען אונטער איין דאַך, און נאָר אַ וואַנט האָט אָפּגעטיילט איין געשעפט פון אַנדערן. די סיכסוכים צווישן די שכנים פלעגן געוויינטלעך געבראַכט ווערן פאַר איינעם פון די דיינים, וואָס האָבן על־פּי־רוב געזען, אַז זייער פּסק־דין זאָל באַפרידיקןביידע צדדים. דאָס הייסט, דער פּסק־דין איז געווען געבויט אויף אַ פּשרה.

דעם רוב טעג פון דער וואָך האָט מען געוואַרט אויף אַ קונה, בעיקר אַ פּויער, וואָס איז געקומען אין שטאָט אַריין פאַרקויפן זיינע פּראָדוקטן, אָדער דערליידיקן אַ וועלכן עס איז ענין, און אין איינוועגס איינגעקויפט די נויטיקע פּראָדוקטן, ווי נאַפט, שמירעכץ פאַר רעדער, צוקער, האָלץ, שטאָפן פאַר מלבושים, קאָפּ־טיכלעך, שיך, אַרבעטסגעצייג א. א.

אַ גאַנץ אַנדער פּנים האָט אָנגעטאָן דאָס שטעטל אין די מאַרק־טעג און „ירידים". פון פאַרטאָג האָט זיך דאָס שטעטל ווי אויפגעכאַפּט פון איר שלאָף און אַלץ האָט געברויזט מיט לעבן, רעש און טומל. די הויפּט־מחותנים אין די טעג זענען געווען די פּויערים פון די נאָענטע און ווייטע דערפער .דער רעש און טומל אין ביידע מערק, ווי אויך די ענגשאַפט איז געווען זייער גרויס, און אַלע מינים גנבים און קעשעניקעס האָבן געהאַט וואָס צו טאָן.

דער „יריד" האָט געדויערט איין טאָג, אָבער די צוגרייטונגען צו אים האָבן זיך אָנגעפאַנגען אַ פּאָר טעג פריער. נישט אַלע „ירידים" זענען געווען פון זעלבן פאַרנעם. אין משך פון יאָר זענען געווען איניקע גרויסע „ירידים", ווי למשל „פּאָקראָווע", „מאָסלעניצע", „טרויצע", א.אַ. אַ טאָג פאַרן גרויס „יריד" האָבן גענומען שטראָמען אין שטעטל אַריין סוחרים פון נאָענט און ווייט, אָנגעלאָדן מיט פולע וועגענער סחורות. אויך די פּויערים האָבן זיך מקדים געווען און שוין גאַנץ פרי האָבן זיי זיך באַוויזן מיט זייערע וועגענער, אָנגעלאָדן מיט דאָרף־פּראָדוקטן. פאַרנאַכט פאַרן „יריד" און אין משך פון דער גאַנצער נאַכט האָט זיך געהערט אין שטעטל דער רעש פון די אָנקומענדיקע וועגענער.

---

* אין בעלז זענען געווען צוויי מערק. איינער אין רינעק און דער צווייטער אויף אַ פּלאַץ, וואָס מען האָט עס גערופן „דער וואַניץ". אין וואַניץ האָט זיך געפונען דער מאַרק פאַר פערד און בהמות.

די פויערים האָבן געבראַכט פערד, קי און חזירים, עופות און אייער, גראָבע לייוונט, וואָס זיי פלעגן אַליין אויסאַרבעטן אין די ווינטער־טעג, געטרוקנטע פרוכט, קעז און פוטער און שאר ירקות, וואָס דאָס דאָרף פּראָדוצירט; און די סוחרים האָבן געבראַכט קריסטלעכע תשמישי קדושה, הערינג, געררויכערטע פיש, ווורשטן, חזיר־פלייש, אַרבעטס־געצייג, פעסער, עמערס, היטלען, שיך און שטיוול, גרייטע מלבושים, שפּילצייג, צוקערלעך און שאָקאָלאַד, סאָדע־וואַסער און פיל, פיל אַנדערע פּראָדוקטן, וואָס אַ פּויעריש האַרץ קען גלוסטן. דער מאַרק איז געווען אַזוי איבערפולט מיט די וועגענער און פערד פון די פויערים און די שטעלן פון די סוחרים, אַז עס איז ממש געווען אוממעגלעך זיך דורכשלאָגן אַ וועג, וואָס איז שייך דער „טאַרגאָוויצע״ (בהמות מאַרק) איז דאָרט געווען אַזאַ געפילדער פונם הירזשן פון די פערד, מעקען פון קי, חזירים־קוויטשעריי. און להבדיל מענטשלעכע קולות, אַז מען האָט געדאַרפט האָבן געזונטע אויערן איבערצוטראָגן אַזאַ „האַרמאָנישע סימפאָניע״.

וואָס שייך די היימישע גווועלבער, האָט זיך אויך דאָרט אָנגעהויבן אַ באַוועגונג פון גאַנצפרי. פאַר דעם טאָג איז מאָביליזירט געוואָרן די גאַנצע משפחה, ייִנגלעך זענען נישט געגאַנגען אין „חדר״, כדי צו העלפן פאַרקויפן און האַלטן אַן אויג אויף די גנבים. ספּעציעלע „קאָדן״ האָבן יידן געשאַפן כדי אויסצומיידן ווי ווייט מעגלעך גניבות. „צוויי אויף צען״ האָט געהייסן קוקן מיט ביידע אויגן אויף די צען פינגער פונם קונה; „ער איז אַ לקחן״, האָט געהייסן ער איז אַ גנב, א.־אַ. סימנים. בכלל האָט מען געדאַרפט קוקן מיט זיבן אויגן אויף יעדן קונה, ווייל ווי געזאָגט, „וועלכער גוי איז נישט קיין גנב״?

ווי דער שטייגער, האָבן די קויפערס און פאַרקויפערס זיך געדונגען אויפן קול, איינער האָט געזוכט איבערצושרייען דעם אַנדערן; דער פאַרקויפער האָט זיך געשווירן מיט אַלערליי שבועות און חרמות, אַז ער ווערט אָן, ביז צום סוף איז מען אַדורכגעקומען, מען האָט צוגעקלאַפּט און דאָס געשעפט איז געשלאָסן געוואָרן. אויף צו פאַרגרעסערן דעם טומל, פלעגן אויף די „ירידים״ קומען כל מיני קאַטערינשטשיקעס, וואָס פלעגן האַנדלען מיט מזלות; קבצנים און קאַליקעס האָבן אויסגעזונגען זייערע פזמונים בעטנדיק נדבות, אינדערמיט האָבן זיך צעקלינגען די קלויסטער־גלאָקן, שיכורים האָבן זיך געזידלט און געשאָלטן, און גויעס, וואָס גנבים און שווינדלער האָבן זיי באַגנבעט אָדער אויסגענאַרט אין האַזאַרד־שפּיל זייער געלט, האָבן אויסגעשאָסן אין ווילדע געיאָמערן. דער דאָזיקער רעש און געפילדער האָט פּאַקטיש אָנגעהאַלטן פון אינדערפרי ביז פאַרנאַכט, ביז צום סוף פונעם „יריד״.

אַ „בכבודיק פּלאַץ״ אויף די „ירידים״ האָבן פאַרנומען די האַזאַרט־שפּילער און זייערע „העלפערס״, וואָס פלעגן אויסוואַקסן אָט אין איין ווינקל און אָט

אין אַ צווייט ווינקל פון מאַרק. פון די דריי אויסגעלייגטע קאָרטן, וואָס איינע איז געווען די מזלדיקע, האָבן די „העלפערס" תמיד געטראָפן די ריכטיקע קאָרט און געווינען עטלעכע מאָל אַזוי פיל וויפל זיי האָבן איינגעשטעלט. נאַיווע פויערים, וואָס האָבן נאָר וואָס געהאַט פאַרקויפט זייערע פּראָדוקטן, זעענדיק ווי לייכט עס איז צו פאַרפּילפּאַכן דעם איינגעשטעלטן סכום, האָבן זיך געלאָזט אַריינגאַרן, נאָכדעם ווי זיי האָבן איין מאָל אָדער צוויי מאָל געטראָפן די „ריכטיקע קאָרט" און געווינען, האָבן זיי גענומען איינשטעלן גרעסערע סומען און פאַרלוירן. וועלנדיק אָפּראַטעווען דאָס פאַרלוירענע געלט, האָבן זיי פאָרגעזעצט שפּילן, דער וואָס האָט זיך נישט געכאַפּט אין דער צייט, אַז ער האָט צו טון מיט פלינקע שווינדלער, האָט איבערגעלאָזן אין זייערע הענט דעם גאַנצן פּדיון פאַר די פאַרקויפטע פּראָדוקטן. דאַן פלעגן זיך אָנהויבן די געשרייען און געוואַלדן, אַז מען האָט זיי באַשווינדלט, מען איז געלאָפן רופן פּאָליציי, וואָס האָט זיי געהאָלפן ווי אַ טויטן באַנקעס.

גאָר אַ בכבודיקע ראָלע האָבן געשפּילט אין די „ירידים" די שענקן. וואָס פאַר אַ גוי וועט זיך אָפּזאָגן פון אַ גוטן טרינק בראָנפן בחברותא? די פאַרע וואָס האָט געזעצט ופן די טרינקערס און דער רויך פון די מאַכאָרקע־ציגאַרן האָבן געמאַכט די לופט אין שענק אַזוי געדיכט, אַז מען זי ממש געקענט שניידן מיט אַ מעסער. שווער איז געווען די אַרבעט פונעם יידישן שענקער און זיינע בני־בית וואָס האָבן באַדאַרפט נישט נאָר באַדינען די קליענטן, נאָר אויך אַכטונג געבן, אַז זיי זאָלן באַצאָלן פאַרן געברויך. נישט איינמאָל זענען געפלויגן פּעטש פוןביידע זייטן פאַר נישט וועלן באַצאָלן און נישט איינמאָל פלעג זיך די „שמחה" פאַרענדיקן מיט צעבראָכן כלים און מעבל פון דעם שענק. מען האָט געדאַרפט אַריינגיין אין אַ שענק אין אַ „יריד" אָדער מאַרק־טאָג, און אַ קוק טון אויף די רויט פאַרשוויצטע פּרצופים פון די הייידאַמאַקעס, און פילן די ריחות, וואָס האָבן געשפּאַרט פון זיי, כדי זיך צו איבערצייגן מיט וואָס פאַר מסירות־נפש יידן האָבן געצויגן חיונה. און נישט נאָר אין די שענקען, אויך אין די געשעפטן און ביי די שטעלן, האָבן יידן געדאַרפט אויסשטיין קללות און באַליידיקונגען, און גיפטיקע אַנטיסעמיטישע באַמערקונגען מצד די קונים, וואָס זענען געווען איבערצייגט, אַז דער יידישער סוחר פאַרדינט ביי זיי דאָס גאַנצע געלט.

און דאָך האָבן יידן אַרויסגעקוקט אויף די מאַרק־טעג און „ירידים", און אָנגענומען פאַר ליב די שווערע טרחה און אומאַנגענעמלעכקייטן, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט זיי, ווייל די דאָזיקע טעג זענען געווען אַ וויכטיקער פּרנסה־קוואַל פאַר אַ גרויסער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג.

דוד מאיר רייס
תל־אביב

## גמילות־חסד־קאַסע

אין יאָר 1923 איז אין בעלז געגרינדעט געוואָרן אַ גמילות־חסד־קאַסע. זי האָט געהאַט עטלעכע טויזנט זלאָטעס. דער פּרעזעס אירער איז געווען פייוול טויבע. יאָשע פאַלק און איך זענען געווען סעקרעטאַרן. נאָך דעם ווי יאָשע פאַלק איז אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל, בין איך געבליבן דער איינציקער סעקרעטאַר. אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע איז געווען שואל לערנער. די קאַסע פלעגט לייען פון 50 ביז 200 זלאָטעס, אָן פּראָצענטער. מען פלעגט אַראָפּנעמען בלויז אויף אויסגאַבן. פאָרמעל האָט די קאַסע געזאָלט לייען געלט נאָר פאַר קאָנסטרוקטיווע צוועקן: פאַר אַ סוחר צו קויפן סחורה, פאַר אַ בעל־מלאכה — ווערקצייג, אַ פערד פאַר אַ בעל־עגלה וכדומה. אָבער עס פלעגט, פאַרשטייט זיך, טרעפן, אַז מען האָט געגעבן אויך פאַר אַנדערע צוועקן, ווי, למשל, אויף אַ חתונה. די קאַסע איז געווען סיסטעמאַטיש קאָנטראָלירט דורכן „דזשאָינט" און דורכן סטאַראָסטע. זי האָט עקזיסטירט ביזן אויסברוך פון דער מלחמה אין 1939.

יוסף מינצער
תל־אביב

## וואַלן צום עסטרייכישן רייכסראַט

אין יאָר 1907 זענען פאָרגעקומען אַלגעמיינע וואַלן צום עסטרייכישן רייכס־ראַט. אין וואַל־קרייז בעלז זענען 65 פּראָצענט פון די ווילער געווען יידן. דאָרט האָט קאַנדידירט אַ בכבודיקער יידישער פאָרשטייער, ד"ר בלאָך. ער האָט אַרויסגעגעבן אין ווין אַ וואָכנשריפט.

ער איז געקומען קיין בעלז און זיך געוואָלט פאָרשטעלן פאַרן בעלזער רבין. קיינער האָט אים אָבער נישט געוואָלט אַריינלאָזן, אַ חוץ דעם דאָקטאָר פּראָסטיג. געהאַלטן זיין רעדע האָט ער ביי שאפעל אין איינפאָר־הויז. אין מיטן דער פאַרזאַמלונג האָט דער רעגירונגס־קאָמיסאַר אָנגעצונדן אַ סטירטע שטרוי, דער קלויסטער־גלאָק האָט גענומען קלינגען ווי אויף אַ שריפה. די גאַנצע פאַר־

זאַמלונג איז זיך צעלאָפן אין בהלה און ד״ר בלאָך איז געבליבן ביים שטענדער מיט די פיר ווענט.

ביי די וואַלן האָט ד״ר בלאָך באַקומען אין בעלז 6 שטימען. דער רבי האָט אויסגערופן אין שול, געשיקט מענטשן אין די שטובן און באַפוילן, אַז דער רבי האָט געהייסן שטימען פאַר סטראַזשינסקין — דעם קאַנדידאַט פון די פּאָליאַקן. די ציוניסטן האָט שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס מען האָט אין בעלז אַזוי שטאַרק באַקעמפט דעם ד״ר בלאָך.

די צווייטע וואַלן, אין יאָר 1911, זענען שוין פאָרגעקומען ביי אַ שטאַרקערן טעראָר. קאַנדידירט האָט אַ רעליגיעזער ייד, ד״ר ראַפּאַפּאָרט פון מזרחי. דער בעלזער קאָמיסאַר סמאַליען האָט מאָביליזירט צו די וואַלן אַ זעקס פּאָליציסטן, אַפילו זשאַרסקין, וואָס איז געווען אַ שטראָסן־פּאָליציי, האָט ער געהייסן נעמען אַ פּיקע.

ביי דער באַן האָט ד״ר ראַפּאַפּאָרטן אָפּגעוואַרט בוזי הינטער, שפּעטערדיקער פּרעזידענט פונעם ציוניסטישן פאַראיין אין בעלז. ער האָט אים געפירט צו זיך אַהיים. אויפן וועג זענען געשטאַנען אַ סך מענטשן און אים באַגריסט, אָבער פּאָליציי האָט צעטריבן דעם עולם.

הינטער האָט געבראַכט דעם ד״ר ראַפּאַפּאָרט צום רבין און דער רבי האָט אים שיין אויפגענומען, אָבער דער סטאַראָסטע האָט געהייסן ווילן ד״ר איגנאַץ שטיינהויז, אַן אַדוואָקאַט פון יאַסלע. אין יענער צייט איז פאָרגעקומען אַ שפּאַל־טונג צווישן די פּאָליאַקן אין „קאָלאָ פּאָלסקיע״. די רעגירונג האָט אַרויסגע־שטעלט דעם ד״ר שטיינהויז, אַז אַסימילאַטאָר, און דורך אים געוואָלט געווינען יידישע שטימען. אַזוי אַרום זענען געווען פיר קאַנדידאַטן: ד״ר ראַפּאַפּאָרט, סטראַזשינסקי פון די פּאָליאַקן, ד״ר שטיינהויז, און איינער אַ רוטענער. מען דאַרף געדענקען, אַז אין עסטרייכישן רייכסראַט זענען געזעסן פאַרשטייער פון אַ 11—12 נאַציאָנאַליטעטן, און די רעגירונג האָט דאָס אויסגענוצט פאַר זיך, צעקריגנדיק איין נאַציאָנאַלע גרופּע מיט דער אַנדערער.

די ציוניסטן האָבן זיך פאַרשטענדיקט מיט די רוטענער וועגן אַ געמיינ־זאַמער ליסטע, און אַזוי אַרום געהאָפט אַדורכפירן דעם ד״ר ראַפּאַפּאָרט. אָבער דאָס איז נישט געלונגען. געוויילט געוואָרן איז ד״ר שטיינהויז. בעת יענע וואַלן זענען געוויילט געוואָרן יידישע קאַנדידאַטן אין דראָהאָביטש, סטאַניסלאַוו און אין אַנדערע שטעט. דער איינציקער ציוניסטישער קאַנדידאַט, וואָס איז געוויילט געוואָרן, איז געווען אַדאָלף שטאַנד אין בראָד. אָט דער דורכפאַל פון ד״ר ראַפּאַפּאָרט אין בעלז האָט געבראַכט דערצו, אַז עס זאָל זיך אײַן שטעטל שאַפן אַ ציוניסטישער פאַראיין.

דוד מאיר רייס
תל־אביב

# דער ערשטער ציוניסטישער פאַראיין

אין יאָר 1906/7 איז אין בעלז געגרינדעט געוואָרן דער ערשטער ציוניסטישער פאַראיין. די גרינדער זענען געווען יאָשע פאַלק, פּרץ קריגער, אייזיק מיכאל קריגער, רפאל פאַלק, וואָלף מאַדער, שלמה האָרענשטאָק און אַנדערע. איך בין דאָן אַלט געווען 12—13 יאָר, ד״ה מיט אַ פינף יאָר יינגער פון די גרינדער, און דעריבער בין איך געווען נאָר אַ „נאָכשלעפּער״. צווישן די הויפּט אינציאַטאָרן פונעם פאַראיין איז געווען אַ בית־מדרש בחור, אַ למדן און משכיל פון אַ זייער אָרעמער היים — יוסף געצל ראָט. ער איז געווען זייער טעטיק אינעם פאַראיין. אַ קורצע צייט פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ מיידל פון אַ פיינער און רייכער משפחה. ער האָט זיך באַזעצט אין טאַרנאָוו (מערב־גאַליציע), ווו ער האָט פּראַקטיצירט אַלס העברעישער לערער. ער איז אומגעקומען דורך די נאַציס בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה.

קיין לאָקאַל איז נישט געווען. אַבער איטשע האַמער האָט געהאַט אַ גרויס הויז און אין הויף איז געווען אַ געמויערטע סוכה. האָט ער זי איבערגעגעבן אונדז פאַרן פאַראיין. יעדן אָוונט פלעגן מיר זיך דאָרט צוזאַמענקומען. מיר האָבן אַרויפגעשטעלט אויף דער סוכה אַ גרויסן מגן־דוד, אָבער קיין נאָמען האָט דערווייל דער פאַראיין נישט געהאַט. מען האָט דאָרט געלייענט ביכלעך, געשמועסט, געפּלאַנט און געשטרעבט צו אָרגאַניזירן וואָס מער חברים. דערווייל איז דער פאַראיין געווען אין „קאָנספּיראַציע״. די געהיימקייט איז געווען דער עיקר פאַר די חסידים — זיי זאָלן דעם פאַראיין נישט צעשטערן. יאָשע פאַלק און די איבעריקע חברים האָבן אויסגעאַרבעט אַ סטאַטוס, כדי צו באַקומען אַ לעגאַליזאַציע פאַרן פאַראיין. די ביטע אויף צו ווערן לעגאַל האָט מען געדאַרפט אָנגעבן אין סאָקאַל. צוויי מאָל האָבן מיר די דאָזיקע ביטע אָנגעגעבן, און ביידע מאָל איז זי אָפּגעוואָרפן געוואָרן. עס איז פון סאָקאַל אַראָפּגעקומען אַ קאָמיסאַר און יעדעס מאָל האָט ער געהאַט אַ תירוץ אויף נישט צו באַשטעטיקן די לעגאַ־ליזאַציע. דאָס ערשטע מאָל איז דער תירוץ געווען, אַז דער לאָקאַל איז נישט קיין פּאַסיקער. ביים צווייטן מאָל איז גראָד געקומען מרדכי יהודה בערגער און אַרויסגעשלעפּט פונעם פאַראיין זיין זון משה פנחס מיט דער טענה, אַז דאָס יינגל איז מינדעריעריק און טאָר נישט זיין אין אַ פאַראיין. עס איז געוואָרן אַן אַוואַנטורע און פאַרן קאָמיסאַר איז דאָס געווען אַ גוטער פּרעטעקסט נישט צו באַשטעטיקן דעם פאַראיין.

צום סוף איז אונדז געלונגען צו באַקומען אַ פּאַסיקן לאָקאַל. די אוקראַינער האָבן אונדז פאַרדינגען דעם „דאָם נאַראָדני" (די פּאָליאַקן האָבן נישט געוואָלט פאַרדינגען זייערס אַ לאָקאַל — אונטערן איינפלוס פון די חסידים) און דאָרט איז אונדז געגעבן געוואָרן די לעגאַליזאַציע.

דאָס איז געווען אין יאָר 1910. די לעגאַליזאַציע איז געווען פאַר אַ לייען־זאַל מיטן נאָמען „בית מקרא עברי". נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט מען געביטן דעם נאָמען פון פאַראיין אויף „אגודת התחיה". דער „דאָם נאַראָדני" איז געדונגען געוואָרן נאָר אויף איין טאָג, כדי אין אים אַריינצופירן דעם קאָמיסאַר. אויף שטענדיק האָבן מיר געדונגען אַ צימער צי צוויי ביי אַ גוי, אויפן קאָרזאָ — די שפּאַצירגאַס, וועלכע האָט געפירט צום בית־עולם. אין דעם דאָזיקן לאָקאַל איז געפירט געוואָרן אַ פאַרצווייגטע טעטיקייט: עס זענען דאָרט געווען דייטשע און העברעיִשע צייטונגען, אַ ביבליאָטעק; עס זענען פאָרגעקומען פאָרלעזונגען. יעדן אָוונט פלעגט מען זיך צוזאַמענקומען, און פאַר יעדן אָוונט איז געווען אַ פּראָגראַם. איך געדענק, אַז אויף דער וואַנט איז געהאָנגען אַ מודעה אויף העברעיִש און דייטש. דאָס קעפּל אויף העברעיִש איז געווען „פּרוגרמת עבודה". דערנאָך איז געווען אויסגערעכנט די טעמע פון אָוונט, און ביים סוף, די לעצטע שעה, שטענדיק: „קונברסציה חופשית". די פאָרלעזונגען זענען געגעבן געוואָרן דורך די עלטערע חברים פונעם פאַראיין.

אין אָנהייב, ביים לעגאַליזירן, האָט דער פאַראיין געציילט אַ 40—50 מיטגלידער — פאַרשרייבענע, וועלכע האָבן געצאָלט מיטגליד־שטייער. אויסער זיי זענען געווען נאָך אַ צען מיטגלידער „געהיימע". דאָס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן מורא געהאַט צוליב זייערע משפחות צו געהערן אָפן צום פאַראיין, אָבער זיי פלעגן קומען אין פאַראיין שפּעט אין אָוונט, נאָכן ענדיקן דאָס לערנען אין בית־מדרש. זיי פלעגן זיך אַריינגנבענען הינטן אַרום.

אַחוץ דער קולטורעלער טעטיקייט איז אין פאַראיין געווען אַ פּאָליטישע ציוניסטישע טעטיקייט: מען האָט פאַרקויפט שקלים, געזאַמלט פאַרן קרן קימת אדג״ל. ביי דער געלעגנהייט וויל איך דערציילן פאָלגנדן עפּיזאָד, כאַראַקטע־ריסטיש פאַר יענער צייט.

יוסף פאַלק האָט חתונה געהאַט אין יאָר 1913. ווי עס איז געווען דער מנהג אין בעלז, האָט מען געשטעלט די חופה אויפן שול־פּלאַץ, ווו עס האָט זיך פאַר־זאַמלט אַ גרויסער עולם. פאַרשטייט זיך, אַז מיר ציוניסטן האָבן זיך געהאַלטן פאַר די הויפּט־מחותנים. מיר האָבן אָפּגעמאַכט מיט די כלי־זמרים, אַז נאָך דער הופה זאָלן זיי אויפשפּילן די „התקווה". און אַזוי איז טאַקע געווען: די כלי־זמרים האָבן געשפּילט די „התקווה" און מיר האָבן זיי באַגלייט זינגענדיק דעם נאַציאָנאַלן הימן און אַנדערע ציון־לידער. דאָס האָט שטאַרק פאַרדראָסן די חסידים, און אַלס שטראָף פאַרן ראש פון די כלי־זמרים, שמואל יוסף שטאָק־

האָמער, וואָס האָט מסכים געווען צו שפּילן די „התקווה״, האָבן זיי אים געקנסט מיט עטלעכע קילאָ ליכט פאַרן בית־מדרש.

אזוי איז געווען ביזן אויסברוך פון קריג אין 1914.

אין יאָר 1917 בין איך געקומען אויף אורלויב קיין בעלז — איך האָב דאַן געדינט אין עסטרייכישן מיליטער אויפן פראָנט, און ווידער האָב איך געטראָפן אין שטעטל אַ פאַראיין, און עס זענען אַפילו אין אים געווען מיידלעך.

נאָכן אַנשטיין פון דער פּוילישער מדינה, האָבן זיך פון אונדזער פאַראיין אויסגעפאַרמירט די „מזרחי״־באַוועגונג, די „התאחדות״ און נאָך לינקערע.

איך בין געבליבן אַן אַלגעמיינער ציוניסט. די אַקטיוויסטן פון אַלגעמיינע ציוניסטן אין בעלז, צווישן ביידע וועלט־מלחמות, זענען געווען יאָסל דאָרנבערג ז״ל, משה פנחס פרידמאַן ז״ל און אַנדערע. מיר האָבן געהאַט אַן אייגענעם לאָקאַל, געפירט די געוויינלעכע ציוניסטישע טעטיקייט און אויך געהאַט אַ יוגנט־באַוועגונג.

מאיר רוטר
חיפה

# החינוך הכללי והיהודי

## בית הספר העממי-הממשלתי

בבלז היו שני בתי־ספר עממיים ממלכתיים, בני שבע כיתות. אחד לבנים ואחד לבנות. בבית־הספר לבנים היו המנהל וסגל ההוראה מורים מקצועיים, ואילו בבית־הספר לבנות היתה ההנהלה בידי נזירות, וגם ההוראה היתה בעיקר בידיהן, פרט למספר קטן של מורות מקצועיות. בשני בתי־הספר למדו ילדים מכל חלקי האוכלוסיה: פולנים, אוקראינים ויהודים. שפת הלימוד היתה כמובן פולנית. ואילו החל מכיתה גימל, ובזמן יותר מאוחר מכיתה בית, היה לימוד השפה האוקראינית אחד המקצועות. מהכיתה החמישית הורו גם כמקצוע את השפה הגרמנית פעמיים בשבוע. בשאר המקצועות היתה פולנית שפת ההוראה. פעמיים בשבוע למדו הילדים הנוצרים לימודי דת, לפי השתייכותם הדתית של הילדים, כלומר, הפולנים — הדת הקתולית, והאוקראינים — הדת הפרבוסלבית. רק בשנת 1933 הנהיגו גם הוראת הדת היהודית. לפני כן, היו הילדים היהודים עוזבים את הכיתות בשיעורי הדת של הילדים הנוצרים.

בשעה זו או שהיו משחקים בחצר בית־הספר או הולכים הביתה אם שיעורי הדת התקיימו בשעות האחרונות. שיעורי הדת ניתנו על־ידי הכמרים הקתוליים בשביל הילדים הפולניים. והכמרים הפרובוסלביים בשביל הילדים האוקראיניים. הכמרים, שבדרך כלל היו אנטישמים, מהלו לא מעט שנאת ישראל בתורתם. בדרך כלל היה מצומצם מאוד המגע בין התלמידים היהודיים והנוצריים, מחמת האווירה האנטישמית ששררה בפולין — ובבית־הספר לבנות עוד הוסיפו נופך משלהן המורות הנזירות, שלעתים קרובות לא התנזרו מהסתה אנטי־יהודית. האפליה לרעה לגבי התלמידים היהודיים היתה עובדה קבועה, ורק מורות ומורים מעטים גילו יחס שווה לכל התלמידים.

מכיוון שהאווירה בבתי־הספר הממשלתיים היתה נוצרית מובהקת, ובכל כיתה היה תלוי על הקיר הצלוב, נרתעו רבים מן ההורים היהודים לשלוח את ילדיהם לבית־הספר הכללי. בייחוד היתה רבה ההסתייגות ביחס לבנים, שחייבים היו לשבת גלויי־ראש בכיתות ובגלל הביקור בבית־הספר העממי צומצמו במידה ניכרת שעות הלימוד ב„חדר". לעומת זאת גילו ההורים יותר ליברליות ביחס לבנות שהיו משוחררות מלימודי קודש. במרוצת השנים, בייחוד בשנות השלושים, רבו והלכו גם מספר הבנים שלמדו בבתי־הספר העממיים. אחת ההנחות שהשיגו היהודים אצל השלטונות היה שיחרורם של הילדים היהודיים מביקור בבית־הספר בשבתות ובחגי ישראל.

בכל בוקר, לפני התחלת הלימודים היו הילדים הנוצרים אומרים עם המורה את ה„פאצ׳רז" (פאטר נוסטר — אבינו בשמים) בציבור ובעמידה. הילדים היהודים כיבדו את התפילה בעמידת דום. בשנים האחרונות נוסחה תפילה כללית לכל הילדים, אחר גמר התפילה הנוצרית.

לא כל הילדים היהודיים סיימו שבע כיתות. מי מתוך סיבות כלכליות, מי מתוך סיבות אחרות. עומס הלימודים היה כבד מאוד. שהרי כל ילד התחיל ללמוד ב„חדר" אצל מלמד דרדקי בגיל שלוש. ביחס לבית־הספר העממי נוצר מצב בלתי רגיל. שכן ילד יהודי בהגיעו לבית־הספר הכללי, למד כבר „חומש", לפעמים עם רש"י, ואפילו התחלה של גמרא. הוא ידע את הטכניקה של הקריאה, והנה פתאום, הפך בבית־הספר הכללי לתלמיד של כיתה אלף, כשחבריו לכיתה, הילדים הנוצרים, עוד לא למדו צורת אות. מצב זה היווה רקע לאנטגוניזמים בין הילדים הנוצרים והיהודים, וכידוע הקנאה הופכת בנקל לשנאה. מצד אחר היו תנאי הלימוד של הילד היהודי גרועים משל הילד הנוצרי, שכן, בזמן שהילד הנוצרי הלך מבית־הספר הביתה והיה לו זמן להכין את השיעורים, חייב היה הילד היהודי, מיד אחרי אוכלו את ארוחת הצהריים, ללכת ל„חדר" ללימודי הקודש. מצב זה השפיע על בריאות הילדים גם מבחינה גופנית, גם מבחינה נפשית.

**קצת זכרונות מה„חדר״**

ככל ילד יהודי התחלתי ללמוד בגיל שלוש אצל מלמד דרדקי. לא אנקוב בשמות המלמדים אצלם למדתי, כי שיטות ודרכי הלימוד והחינוך היו כמעט זהים אצל כולם.

כידוע, לא היו צריכים המלמדים לקבל איזושהי הסמכה על ידיעותיהם וכשירותם לחנך וללמד ילדים רכים. במיוחד לא היו זקוקים לכך מלמדי הדרדקי. תחילה למדתי אצל מלמד זקן, שבקושי ראה, בחדר שגודלו היה אולי 10—12 ממ״ר, עם תקרה נמוכה וגג דולף ברוב ימות השנה. למעלה משלושים ילדים, ישבנו צפופים ודחוקים על ספסלים בלי מסעדים, מן הבוקר ועד הערב עם הפסקות קטנות. ב„חדר״ הזה למדתי ארבעה „זמנים״, היינו שנתיים, בו הגעתי להתחלת לימוד חומש. מ„חדר״ זה עברתי ל„חדר״ „גדול״ יותר שכבר למדו בו חומש עם רש״י, וכעבור שנה התחלתי ללמוד גמרא. (בדרך כלל התחילו ללמוד במסכת בבא־מציעא, את הפרקים „אלו מציאות״ ו„המפקיד״). עד גיל בר־מצוה למדתי אצל 7—6 מלמדים. להלן אתאר במקצת את שיטות החינוך, שהיו נהוגות אצל ה„מלמדים״ שלמדתי אצלם.

כל ה„חדרים״ שלמדתי בהם היו בערך בגודל של ה„חדר״ הראשון שלי. ברוב ה„חדרים״ גרה גם משפחת המלמד. אצל חלק מה„מלמדים״ היו תינוקות בעריסה, ולא אחת הוטל על התלמידים לנענע אותה, כדי להרדים את התינוק ששכב בתוכה.

וזאת שיטת הלמידה: ה„רבי״ היה ביום ראשון בבוקר „אומר״ את השיעור, אם זה בפרשת השבוע, אם זה בגמרא, בפרק שלמדנו באותה עת. הקריאה היתה במקור עם תרגום יידיש, פסוק אחרי פסוק או מלה במלה. לא פעם התהוו מצבים מבדחים על רקע התרגום. ה„רבי״ שלא תמיד היה בקי בפירוש המלים, היה חוזר על המלה במקור, והילדים בתומם דרשו את פירוש המלה ליידיש, ומחוסר יכולת לעשות זאת, היה ה„מלמד״ מנסה להחלץ מהמבוכה בייחסו לדבר חשיבות מועטה. והיה והתלמיד התעקש לקבל תרגום מדוייק היה נענש על כך.

ומשהגענו לפרשת עונשין, הרי דוגמאות אחדות מסידרת עונשין ב„חדר״ בבלז. הצלפות ב„קאנצ׳יק״ (פרגול עם רצועות עור בקצהו) היה דבר של מה בכך. עונש קשה יותר היה אי־נתינת רשות לתלמיד לשחק עם שאר הילדים בהפסקות הקצרות. באותה עת היה חייב לעזור ל„רביצין״, במשק הבית. כגון: ניענוע עריסה, הבאת מים מהבאר, טאטוא החדר וכיוצא בכך. עונש קשה במיוחד היה עשיית ה„פעקל״. „פעקל״ זה טיבו מה היה? היו קושרים לגבו של הנענש חבילת סמרטוטים, מלכלכים את פניו בפיח מהארובה ומעמידים אותו בפינה לשעה ויותר, והתלמידים האחרים לועגים לו.

היו עוד עונשין אחרים, כגון: להישאר ב„חדר" ללימודים „נוספים", או הליכה עם כל הילדים לתפילת מנחה ומעריב לבית־המדרש. נוסף למכות שהיו מקבלים מה„רבי", היו לעתים גם בני משפחתו של הילד משתפים עצמם ב„מצווה" נעלה זו.

חרף כל אלה, עלי לציין כי רוב המלמדים האמינו בתום־לבב כי אלו הן דרכי החינוך הטובים, שהרי גם הם חונכו בזמנו באותן השיטות והדרכים. יש גם לציין שגם בשיטות אלו, רכשו רוב הילדים במשך שנות לימודיהם דעת כדי לא להיות עמי־ארצות גמורים.

בדרך כלל היה ילד יהודי לומד ב„חדר" 10—11 שנים. היה לומד חומש עם פירוש רש"י, גמרא ותוספות, וב„חדרים" בעלי הרמה הגבוהה יותר גם מפרשים, כגון: מהרש"א, מהר"ם ואחרים. הלימודים לא היו קלים ולא תמיד מתאימים לגיל. לא נקל להבין משום מה למדו ילדים בני 9—10 מסכתאות כקדושין, כתובות וגטין מסדר נשים. ליקוי נוסף יסודי היה בשיטות הלימוד ב„חדרים" שכמעט לא שמו לב ללימוד כתיבה. למען האמת ייאמר שב„חדרים" אחדים היו מלמדים כתיבה על קצה המזלג בצורת „שורה גריסל", כלומר, ה„רבי" היה כותב את השורה הראשונה, והתלמידים העתיקו אותה על דף שלם. לימוד הכתיבה היה בעיקר בשפת יידיש. כנראה, כדי לדעת לכתוב מכתב. קריאה ביידיש לא היתה נהוגה כל עיקר. היו הורים, ששכרו לילדיהם מורה פרטי, שלימד אותם קרוא וכתוב יידיש. אך לא כל ההורים יכלו להרשות לעצמם את ה„מותרות" האלה.

*

לבסוף ברצוני לציין כי בבלז לא היה בית־ספר על־יסודי ומעטים מאוד מילדי בלז למדו בבית־ספר תיכון מחוץ למקום. הסיבה העיקרית לכך — שלהורים לא היתה האפשרות להחזיק אותם מחוץ לבית.

מספר קטן של נערים שלחו אותם הוריהם ללמוד ב„ישיבות". עד כמה שזכור לי, למדו ב„ישיבות" בקראקא וטרנופול, שם נעזרו מבחינה כלכלית ע"י חסידי בלז.

לסיכום: למרות התנאים הקשים והשיטות הנחשלות של החינוך היהודי בעיירתנו, לא אשגה אם אומר, שתודות למאמציהם של ההורים ושל ה„מלמדים" שעסקו בקודש, נשמרו רוב ילדי ישראל בבלז מבורות ועם־ארצות. אדרבה, רבים מהם אף הגיעו להישגים ניכרים בתורה ובתלמוד, ומי שעז היה רצונו רכש גם בצורה אבטודידקטית ידיעות בלתי מבוטלות בלימודים כלליים.

אשר לי עצמי, ברצוני לציין לטוב ולשבח את ה„מלמדים" אצלם למדתי ואשר תודות להם למדתי פרשת חומש עם פירוש רש"י ופרק במשנה וגמרא.

יהא זכרם ברוך!

מאיר ראָטער
חיפה

# אַלגעמיינער און יידישער חינוך

## די מלוכה׳שע פאָלקס-שולע

אין בעלז זענען געווען צוויי זיבן־קלאַסעדיקע מלוכה׳שע פאָלקס־שולן, איינע פאַר יינגלעך און איינע פאַר מיידלעך. אין דער שולע פאַר יינגלעך זענען דער דירעקטאָר און אויך דער לערער־פּערסאָנאַל געווען פּראָפעסיאָנעלע לערער; דאַקעגן איז די מיידלעך־שולע אָנגעפירט געוואָרן דורך מאָנאַשקעס און נישט נאָר די דירעקציע, נאָר אויך דער רוב לערער־פּערסאָנאַל, אַחוץ איניקע פּראָפעסיאָנעלע לערערינס, זענען געווען מאָנאַשקעס. איןביידע שולן האָבן געלערנט קינדער פון אַלע דריי נאַציאָנאַליטעטן: פּאָליאַקן, אוקראַינער און יידן. עס איז איבעריק צו באַטאָנען, אַז די אונטעררריכטס־שפּראַך איז געווען פּויליש. פון דער דריטער קלאַס און ווייטער, שפּעטער פון דער צווייטער, האָט מען געלערנט אוקראַיניש אַלס צווייטע שפּראַך. אין דער פינפטער קלאַס האָט מען אויך אָנגעהויבן לערנען דייטש צוויי מאָל אין וואָך. אַלע אַנדערע געגנשטאַנדן זענען געלערנט געוואָרן אין פּויליש. צוויי מאָל אין וואָך האָבן די קריסטלעכע קינדער געלערנט רעליגיע: די פּוילישע — קאַטאָליציזם, און די אוקראַינישע די פּראַוואָסלאַנע רעליגיע. ערשט אין יאָר 1933 איז איינגעפירט געוואָרן דער לימוד פון יידישער רעליגיע פאַר די יידישע קינדער. ביז דאַן פלעגן די יידישע קינדער פאַרלאָזן די קלאַסן בעת די רעליגיע־לעקציעס, זיך שפּילן אין שול־הויף אָדער אַהיימגיין אויב די רעליגיע־שעה׳ן זענען געווען די לעצטע. דעם רעליגיעזן אונטעררריכט האָבן געגעבן די גלחים, די קאַטוילישע פאַר די פּויליטע קינדער, און די פּראָוואָסלאַוונע פאַר די אוקראַינישע, און זייענדיק בדרך־כלל אַנטיסעמיטן, האָבן זיי אַריינגעטריפט נישט ווייניק יידן־האַס אין קריסטלעכן אונטעררריכט.

אין אַלגעמיין, טראָץ דעם זיצן אויף די זעלבע שול־בענק, איז דער קאָנטאַקט צווישן די יידישע און קריסטלעכע קינדער געווען זייער אַ שוואַכער. דאָס האָט זיך גענומען פונעם אַנטיסעמיטישן גייסט וואָס האָט געהערשט אין פּוילן. מער ווי אין דער יינגלעך־שולע איז געווען טיפער די דיסטאַנץ אין דער מיידלעך־שולע, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך די מאָנאַשקעס („מאַטעטשקעס״), וואָס פלעגן זיך נישט אָפּהאַלטן פון אָפענער יידן־העצע. נאָר געציילע לערער און לערערקעס האָבן זיך באַצויגן אָן דיסקרימינאַציע צו די יידישע תלמידים.

צוליב דעם, וואָס דער הערשנדער גייסט אין די רעגירונגס־שולן איז געווען אַ שטרענג קריסטלעכער, אין יעדער קלאַס האָט געהאָנגען אַ צלם מיטן געקרייציקטן, און יעדן אינדערפרי פאַרן אָנפאַנגען די לימודים פלעגן די קינדער צוזאַמען מיט די לערער זאָגן דעם „פאַטערנאָסטער" (פאַציעזש), האָבן זיך פיל יידישע עלטערן אָפגעהאַלטן פון שיקן זייערע קינדער אין דער אַלגעמיינער שולע. די דאָזיקע רעזערווירטקייט איז געווען פיל גרעסער אין באַצוג צו יינגלעך, 1) ווייל אין שולע האָט מען געדאַרפט זיצן אין בלויזן קאָפּ; 2) דאָס לערנען אין די פרימאָרגן־שעהן אין דער פאָלקס־שולע, האָט געשטערט דאָס לערנען אין „חדר", זייענדיק די יידישע לימודים אין די אויגן פון די עלטערן, פיל וויכטיקער ווי די אַלגעמיינע. לגבי מיידלעך זענען די עלטערן געווען ליבעראַלער, מחמת זיי דאַרפן נישט לערנען קיין לימודי קודש. שפּעטער, אין די דרייסיקער יאָרן האָט זיך געמערט די צאָל יינגלעך, וואָס האָבן באַזוכט די אַלגעמיינע שול. איינע פון די הנחות, וואָס יידן האָבן אויסגעפועלט ביי דער פוילישער מאַכט איז געווען דאָס באַפרייען די יידישע קינדער פון קומען אין שולע שבת און יום־טוב.

נישט אַלע יידישע קינדער, וואָס האָבן באַזוכט די פאָלקס־שולע, האָבן פאַרענדיקט זיבן קלאַסן. פאַר די יידישע קינדער, בעיקר די יינגלעך, איז דאָס לערנען סיי אין שולע, סיי אין „חדר", געווען אַ גרויסע אָנשטרענגונג. נאָך אַ פאַקטאָר האָט קאָמפּליצירט די סיטואַציע פון די יידישע תלמידים אין דער פאָלקס־שולע. ווי באַוווסט האָט מען אָנגעפאַנגען גיין אין „חדר" אין עלטער פון דריי יאָר. ווען אַ יידיש יינגל איז געקומען אין דער פאָלקס־שולע אין דער עלטער פון 6—7 יאָר, האָט ער שוין געהאַט אונטער זיך 3—4 יאָר לימוד. ער האָט שוין געקאָנט גוט „עברי", געלערנט חומש, אַפילו מיט רש"י, און די מער פעאיקע האָבן אָנגעפאַנגען לערנען גמרא. קענענדיק שוין די טעכניק פון לייענען, איז אים לייכט אָנגעקומען זיך אויסלערנען לייענען און שרייבן פויליש אין קעגנזאַץ צו די קריסטלעכע קינדער, וואָס האָבן קומענדיק אין שולע נישט געקענט קיין צורת אות. דער פאַקט אַליין האָט געשאַפן אַן אַנטאַגאָניזם צווישן די יידישע און קריסטלעכע שילער. היות די יידישע תלמידים האָבן זיך, בדרך־כלל אויסגעצייכנט, האָט עס אַרויסגערופן קנאה ביי די קריסטלעכע קינדער און פון קנאה ביז שנאה איז אַ קליינער מהלך, בפרט, אַז די גאַנצע אַטמאָספער איז אָנגעזאַפט מיט שנאת ישראל. פון דער צווייטער זייט אָבער, האָבן זיך די קריסטלעכע שילער געפינען אין אַ פיל בעסערער סיטואַציע פון די יידישע, ווייל נאָך דער שולע האָבן זיי געהאַט דעם גאַנצן האַלבן טאָג פריי אויף צוגרייטן די לעקציעס, אַ פּריווילעגיע פון וועלכער עס האָבן נישט גענאָסן די יידישע קינדער, ווייל גלייך נאָך דער פאָלקס־שולע, האָבן זיי געדאַרפט גיין אין „חדר", ווו זיי פלעגן פאַרברענגען ביז 8 אַזייגער אין אָוונט.

## זכרונות פונעם „חדר״

ווי אַלע אַנדערע יידישע קינדער האָב איך אין עלטער פון דריי יאָר אָנגעהויבן לערנען ביי אַ דרדקי־מלמד. ווי באַקאַנט האָבן די „חדרים״ מלמדים נישט געדאַרפט האָבן קיין ספּעציעלע צוגרייטונג און הסמכה צו לערנען קינדער. און אַוודאי נישט די דרדקי־מלמדים. אַלע האָבן געלערנט לויט דער זעלבער שיטה. עס איז גענוג געווען צו קענען עברי און אַ פּרשה חומש כדי צו זיין אַ מלמד פון קליינע קינדער. מיין ערשטער „רבי״, איז געווען אַן אַלטער ייד, וואָס האָט קוים געזען, און דער „חדר״ איז געווען אַ צימער דלת אויף דלת, מיט אַ נידעריקן סופיט און אַ צעבראָכענעם דאַך, דורך וועלכן עס האָט אַריינגערעגנט זומער און ווינטער. איבער 30 קינדער זענען מיר געזעסן צוזאַמענגעפּרעסט אויף צוויי לאַנגע בענק, אָן אַן אָנשפּאַר, מיט קליינע הפסקות פון אינדערפרי ביז אין אָוונט.

אין ערשטן „חדר״ האָב איך געלערנט 4 „זמנים״, ד.ה. צוויי יאָר. פון דעם „חדר״ בין איך איבערגעגאַנגען אין אַ גרעסערן, ווו מען האָט שוין געלערנט חומש מיט רש״י. מיט אַ יאָר שפּעטער האָב איך אָנגעפאַנגען לערנען גמרא. (געוויינטלעך פלעג מען אָנפאַנגען מסכתא בבא־מציעא, די פּרקים „אלו מציאות״ און „המפקיד״).

אַלע „חדרים״ אין וועלכע איך האָב געלערנט, זענען בערך געווען פון דער זעלבער גרויס, און די באַדינגונגען זענען אויך געווען די זעלבע. על פּי רוב איז דער „חדר״ געווען צוזאַמען מיטן „רבינס״ וווינונג. ביי די „מלמדים״, וואָס האָבן געהאַט קינדער אין די וויגן, פלעג דער „רבי״ נישט איינמאָל צושיקן אַ תלמיד צו וויגן דאָס קינד.

זונטיק אינדערפרי, פלעג דער „רבי״ זאָגן דעם שיעור פאַר די תלמידים, די פּרשה פון דער וואָך אָדער דעם נייעם שיעור גמרא — אין דער מסכתא וואָס מען האָט געלערנט. מען פלעג זאָגן דעם טעקסט אין לשון קודש, מיט דער יידישער איבערעצונג, פּסוק נאָך פּסוק, און וואָרט ביי וואָרט. היות דער „רבי״ האָט נישט תמיד געוווּסט די גענויע איבערזעצונג אויף יידיש, פלעגן זיך טיילמאָל שאַפן קאָמישע סיטואַציעס, ווען אַ קינד האָט נישט פאַרשטאַנען אַ וואָרט אָדער אַ פּסוק און דער רבי איז נישט געווען בכוח צו באַפרידיקן זיין אמתע אָדער געמאַכטע נייגעריקייט. אין אַזאַ פאַל פלעג דער רבי זוכן צונישט מאַכן דעם ענין און אָפּקומען מיט שה״י־פה״י. אויב אַ תלמיד האָט זיך איינגעשפּאַרט און דווקא געוואָלט וויסן דעם ריכטיקן פּירוש, פלעג ער באַשטראָפט ווערן.

און אַז מיר האַלטן שוין ביי דער מסכתא עונשין (שטראָפן), וועל איך ברענגען אייניקע ביישפּילן פון דער סדרה שטראָפן אין אַ בעלזער „חדר״. די פּשוטסטע און גאַנגבאַרסטע שטראָף פלעג זיין אַ שמיץ מיטן קאַנטשיק. אַ

שווערערע שטראָף איז געווען נישט לאָזן זיך שפּילן אין די הפסקות מיט די אַנדערע קינדער. בעת די קינדער האָבן זיך געשפּילט אינדרויסן, האָט דער באַשטראָפטער געדאַרפט העלפן דער רביצין וויגן דאָס קינד, אָדער ברענגען וואַסער פונעם ברונעם, און אַמאָל אויך צוקערן די שטוב. די שווערסטע שטראָף איז געווען „מאַכן אַ פּעקל״. אין וואָס איז באַשטאַנען די דאָזיקע שטראָף? מען האָט דעם ייִנגל צוגעבינדן צום רוקן אַ בינטל שמאַטעס, אים אויסגעשמירט דאָס פּנים מיט סאַדזשע און אים אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל, ווו ער האָט געדאַרפט שטיין אַ לענגערע צייט, און די אַנדערע קינדער פלעגן פון אים חוזק מאַכן.

דאָך דאַרף געזאָגט ווערן, אַז דער רוב מלמדים האָבן באַשטראָפט די תלמידים נישט אויס שלעכטן ווילן, נאָר זיי האָבן פּשוט געגלויבט, אַז דאָס איז די בעסטע דערציִונגס־שיטה. אויך זיי זענען דערצויגן געוואָרן לויט דער זעלבער שיטה, אויך די עלטערן פון די קינדער זענען אַזוי דערצויגן געוואָרן, און עס איז קיינעם נישט איינגעפאַלן, אַז עס קען אָדער דאַרף אַנדערש זיין. און דאָך האָט די דאָזיקע אייגנאַרטיקע „פּעדאַגאָגיק״ געגעבן נישט קיין שלעכטע רעזולטאַטן. זי האָט אויסגעהיטן יידישע קינדער צו זיין פולשטענדיקע עמי־הארצים. די מער באַגאַבטע האָבן אויך געקענט אַ פּרשה חומש מיט רש״י און אַפילו אַ בלאַט גמרא.

דורכשניטלעך פלעג אַ יידיש ייִנגל לערנען אין „חדר״ 10—11 יאָר. ער האָט געלערנט חומש מיט רש״י, גמרא מיט תוספות, און די „חדרים״ פון העכערן ראַנג אויך מפרשים, ווי מהרש״א, מהר״ם און אַנדערע און שולחן ערוך, בעיקר חושן־משפט און יורה־דעה. אין די מערסטע פאַלן זענען די לימודים נישט געווען צוגעפּאַסט צום עלטער פון די תלמידים. ביז היינט קען איך נישט פאַרשטיין פאַרוואָס האָבן 9—10 יאָריקע קינדער געדאַרפט לערנען אַזעלכע מסכתות ווי קידושין, כתובות און גיטין פון סדר נשים. עס איז אויך שווער צו באַגרייפן פאַרוואָס האָט מען נישט געשאָנקען קיין שום אויפמערקזאַמקייט דעם געשריבענעם וואָרט. שרייבן איז בכלל נישט געווען קיין געגנשטאַנד אין די לימודים. העכסטנס פלעג מען אין אייניקע „חדרים״ לערנען שרייבן אויפן שפּיץ מעסער אַ „שורה גריסל״. דער „רבי״ פלעג פאַרשרייבן די ערשטע שורה און דער תלמיד האָט לויט אים אָנגעשריבן אַ גאַנץ בלעטל. אינטערעסאַנט, אַז דאָס שרייבן איז דווקא געווען אויף יידיש, ווייזט אויס צו קענען שרייבן אַ יידישן בריוו. לייענען יידיש איז אינגאַנצן נישט געקומען אין באַטראַכט. טייל עלטערן פלעגן צונעמען אַ פּריוואַטן יידישן לערער, אָבער דער רוב עלטערן האָבן זיך, צוליב עקאָנאָמישע מאָטיוון, נישט געקענט דערלויבן אַזאַ לוקסוס.

*

אין בעלז האָט זיך די אַלגעמיינע בילדונג פאַרענדיקט מיט דער פּוילישער פאָלקס־שול. עס איז נישט געווען קיין מיטל־שול, ווייל נישט די באַהערדן, נישט די עלטערן, האָבן אַרוסגעוויזן אַן אינטערעס, אַז אַזאַ לערן־אַנשטאַלט זאָל עקזיסטירן. נאָר פאַרמעגלעכע און פאָרגעשריטענע עלטערן האָבן געשיקט זייערע קינדער לערנען אין גימנאַזיעס אין אַנדערע שטעט. אַ קליינער פּראָצענט זענען געפאָרן לערנען אין „ישיבות". אויף וויפל איך געדנעק, האָט אַ געוויסע צאָל קינדער געלערנט אין די „ישיבות" אין קראָקע און טאַרנאָפּאָל, און די תלמידים האָבן באַקומען פאַר דעם צוועק שטיצע פון די בעלזער חסידים אין די דערמאָנטע שטעט.

דאָך טראָץ אַלע חסרונות און צוריקגעשטאַנענקייט פון די לערן־מעטאָדן אין די חדרים, זענען די מערהייט בעלזער יידישע קינדער נישט געווען קיין עמי־הארצים. אַ טייל האָבן אַפילו דערגרייכט וויכטיקע דערפאָלגן אין תלמוד און פּוסקים און די וואָס זענען פאַרכאַפּט געוואָרן פון די נייע ווינטן, האָבן דערגרייכט באַדייטנדיקע אַלגעמיינע ידיעות אַלס אויטאָדידאַקטן.

וואָס שייך מיר פּערזענלעך, וויל איך דערמאָנען לשבח די „מלמדים" ביי וועלכע איך האָב געלערנט אַ פּרשה חומש מיט רש"י און אַ בלאַט גמרא.

ערע זייער אָנדענק.



קבוצת חברות בסוף שנות העשרים
אַ גרופּע חברות אין די סוף 20־קער יאָרן

**אליעזר בערגער**
**הרצליה**

# ציוניסטן קעגן חסידים

מיין ברודער משה פנחס בערגער איז געווען צווישן די גרינדער פונעם ציוניסטישן פאַראיין אין בעלז. די חסידים האָבן שטאַרק באַקעמפט די ציו־ניסטן. משה פנחס האָט דער עיקר זיך פאַראינטערעסירט מיט דער ביבליאָטעק ביים פאַראיין.

פון אָט דער ביבליאָטעק האָט משה פנחס אַהיימגעבראַכט אַ בוך פונעם דייטשן שרייבער לעסינג „נתן דער חכם". מען האָט באַלד צוגעטראָגן דעם רבין ר' ישכר דוב, אַז ביי מרדכי יהודה בערגערן אין שטוב „ברענט", דאָרט איז פאַראַן אַ טריף־פסול בוך.

דער רב האָט געשיקט רופן מרדכי יהודהן און באַפוילן, אַז ער זאָל ברענגען מיט זיך דאָס בוך און אויך דעם „יונג". פאַרשטייט זיך, אַז מרדכי יהודה האָט געפאָלגט, געקומען מיטן בוך און מיטן „יונג".

דעם רב איז נישט איינגעפאַלן צו פרעגן אַפילו דעם „יונג" פאַרוואָס ער לייענט טריף־פסולס. ווער שמועסט שוין — וואָס אַזוינס איז געשריבן אין דעם בוך. ער האָט אויך נישט געפרעגט דעם טאַטן ווי אַזוי דאָס בוך קומט צו אים אין שטוב אַריין. ניין, ער האָט גענומען דאָס בוך פון מיין טאַטנס האַנט, עס איבערגעגעבן דעם גבאי ר' אהרן יהושע, און יענער האָט דאָס גלייך אַריינ־געוואָרפן אין אויוון אַריין. די פלאַמען האָבן אַרומגענומען דאָס בוך, אָבער אין מיין טאַטנס האַרץ האָט זיך אָנגעצונדן אַ פייער.

פון דעמאָלט אָן האָט זיך אָנגעהויבן אַ מלחמה צווישן משה פנחסן און די חסידים. דער טאַטע אָבער האָט אים פאַרשטאַנען. משה פנחס האָט דעמאָלט געטראָגן אַן איבערציער מיט פוטער און דאָרט האָט ער געהאַלטן די פויסט אין אַ באַקסער־הענטשקע, ער זאָל קאָנען זיך ווערן קעגן די, וואָס פלעגן אים באַפאַלן.

ווען די חסידים האָבן געזען, אַז זיי קענען נישט פטור ווערן פון משה פנחסן און פון זיין חבר שמואל זאַקס, די ציוניסטישע פירער פון שטעטל, האָבן זיי אונטערגעשטעלט אַן אונטערוועלטניק, אהרן מלך, פאַר וועלכן גאַנץ בעלז האָט געציטערט. ער איז געווען אַ הפקר־יונג און אַ מעסער־שטעכער. וועגן דעם האָט זיך דערוווּסט מיין טאַטע ר' מרדכי יהודה, און ער האָט באַ־שלאָסן, אַז מען דאַרף דעם אהרן מלכ'ן איינשטילן.

איין מאָל, אין אַ שבת, האָט אים מיין טאַטע געטראָפן פאַר דער שול און געפרעגט אים: „אהרן מלך, וואָס האָסטו צו מיין יינגל?" דער אהרן מלך

האָט, ווי זיין שטייגער איז, געענטפערט דעם טאַטן מיט חוצפּה. דאַן האָט דער טאַטע אים אָנגענומען פאַרן קאָלנער און אַזוי לאַנג געשאָקלט מיט אים, ביז ער האָט אים צוגעזאָגט, אַז ער וועט מער נישט טשעפּען משה פּנחסן.

נאָך דעם האָט דער קאַמף פון די ציוניסטן זיך פאַרשטאַרקט און זיי האָבן געעפנט אַ פאַראיין אין אַ לאָקאַל. ווי אַ קליין יינגל נאָך פלעג איך זיך פאַר־גנבענען און נאָכקריכן ביז צום פאַראיין. דאָרט האָב איך געטראָפן אַחוץ מיין ברודער אויך שמואל זאַקס און יוסף געצל. אויף די ווענט זענען געהאָנגען בילדער פון הערצל, ביאַליק און פּרץ. אָט די בילדער האָבן געמאַכט אויף מיר אַ שטאַרקן רושם.

דערווייל איז משה פּנחס אַוועק אין מיליטער. איינמאָל, ווען ער איז געקומען אויף אורלויב, האָט ער דערקלערט דעם טאַטן, אַז ער קערט זיך נישט אום מער אין מיליטער. וואָס איז געשען? ער האָט דערציילט, אַז ווי אַ גוטער שווימער האָט ער זיך אויסגעצייכנט אין אַ פאַרמעסט. ער האָט געדאַרפט דערפאַר באַקומען אַ מעדאַל. מ׳האָט אים שוין געהאַט צוגעזאָגט. אָבער אַוועקגעגעבן דעם מעדאַל האָט מען דער אָפיציר, דעם גוי. דערפאַר האָט ער באַשלאָסן מער נישט צוריקצופאָרן אין מיליטער. מיין טאַטע האָט געפּרוווט טענהן מיט אים, אַז אַזאַ דעזערציע דראָט מיט טויט־שטראַף, אָבער משה פּנחס איז געבליבן ביי זיינס: ער גייט נישט צוריק.

אין עטלעכע טעג אַרום זענען געקומען צוויי זשאַנדאַרמען אים אַרעסטירן. משה פּנחס איז אָנגעפאַלן אויף זיי און זיי געשלאָגן. מען האָט אים גענומען אין אַ שפּיטאָל. אין אַ וואָך אַרום איז מען געקומען אין שטוב און געפרעגט דעם טאַטן וואָס עס איז געשען מיט זיין זון. דערויף האָט ער זיי געענטפערט: „מיין זון איז געווען אַ שטילער און רואיקער בחור, דאָס האָט איר פון אים געמאַכט אויס מענטש״. אין שפּיטאָל האָט מען אים אויסגעפּרוווט צי ער איז נאָרמאַל. אין מיטן רעדן האָט ער גענומען דעקלאַמירן לידער פון געטע, שילער און היינע. נאָך די אַלע פּרוּוון האָט מען פעסטגעשטעלט, אַז ער איז גייסטיק אומנאָרמאַל און מען האָט אים באַפרייט פון מיליטער.

נאָך דער באַפרייאונג האָט ער געשאַפן אין בעלז אַ ציוניסטישן יוגנט־פאַראיין: מ׳האָט אים גערופן: „דער טאַטע פון דער יוגנט״.

נאָך דער מלחמה איז פאָרגעקומען אַ ציוניסטישע קאָנפערענץ אין לעמבערג. פון אָט דער קאָנפערענץ האָט משה פּנחס זיך אומגעקערט 12 אַזייגער ביינאַכט, אַריינגעפאַלן מיט גרויס שמחה אין שטוב און אויפגעוועקט דעם טאַטן. ער האָט אים אָנגעזאָגט די בשורה, אַז ער איז שוין נישט מער קיין אַלגעמיינער ציוניסט, נאָר אַ מיטגליד פון „התאחדות״, דאָס הייסט ער איז אַ ציוניסט פון אַרבעטער־קלאַס.

מיין טאַטע האָט גענומען זעק און אַלע דריי זענען מיר אַוועק אין פאַראיין

און אַרויסגענומען די ביכער פון דער ביבליאָטעק. צו מאָרגנס, ווען מ׳האָט זיך דערוווסט וועגן דעם, האָבן זיך אָנגעהויבן קריגערייען צווישן די אַלגעמיינע ציוניסטן און די אָפּגעשפּאָלטענע התאחדותניקעס. ס׳איז שיער דערגאַנגען צו קלעפּ.

אין יאָר 1924 איז משה פנחס אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. דאָס גאַנצע שטעטל האָט אים באַגלייט. נישט אַלע האָבן געהאַט אויף בילעטן, זענען אַ סך געפאָרן אויפן דאַך און אויפן וועג קיין טישקעוו זענען זיי אַראָפּגעשפּרונגען. דעם צוג האָט מען אויסגעפּוצט מיט בלאָ־ווייסע פענער.

**חנולה מאיר**
**קבוצת שילר**

## לתולדותיה של „התאחדות״ בבלז

אחרי מלחמת העולם הראשונה, כשחזרו לעיירה החיילים המשוחררים וחלק ניכר מן הפליטים אשר בראשית המלחמה נמלטו לווינה ולהונגריה, קמה לתחייה האגודה הציונית, שנוסדה ב־1910 ושותקה עם פרוץ המלחמה וכיבוש העיירה על־ידי הצבא הרוסי. בשנות 1920—1919 שוקמה האגודה תחת השם „התחיה״.

בשנים הראשונות אחרי המלחמה (1923—1920) התנהלה האגודה על מי מנוחות. הפעילות הציונית היתה שיגרתית והצטמצמה באיסוף פרוטות למען הקרן הקיימת, הפצת שקלים, „יום פרח״ וכיו״ב. הבחירות לסיים הפולני הראשון שנערכו בשנת 1921, התסיסו לזמן קצר את הרוחות, והציונים גילו פעילות נרצת במערכת הבחירות למען הגוש הלאומי־ציוני. ואכן לסיים הראשון נבחרה נציגות יהודית גדולה, רובה ציונית (למעלה מ־40 צירים יהודים נבחרו לסיים ואחדים לסינט), ומקומה של גליציה היה ניכר מאד בייצוג היהודי בסיים הפולני. רוב הבוחרים היהודים בבלז נתנו את קולם לגוש הלאומי, פרי הפעולה הנמרצת של הציונים לפני הבחירות וביום הבחירות עצמו. ברם, אחרי ההתעוררות הזמנית הזאת חזרה הפעילות הציונית לשיגרתה, ליום קטנות.

כידוע, התאחדו ב־1920 בוועידה בפרג מפלגות „הפועל הצעיר״ בארץ־ישראל ו„צעירי־ציון״ בגולה תחת השם מפלגת העבודה הציונית „התאחדות״. גליציה הפכה עד מהרה למבצר החשוב ביותר של המפלגה המאוחדת. לעומת פולין הקונגרסאית, שם צריכה היתה לעמוד במאבק קשה עם פועלי ציון (ימין) על ההשפעה ברחוב הציוני־הפועלי, היתה „התאחדות״ בגליציה לתנועת העבודה

הציונית הראשית, לאחר שמפלגת פועלי ציון, אשר לפני מלחמת העולם הראשונה, כבשה לה מעמד נכבד בגליציה, ירדה אחרי תקומתה של פולין מנכסיה והשפעתה ברחוב היהודי היתה כמעט בלתי ניכרת.

התסיסה בקרב החברים הצעירים של אגודת „התחיה" התחילה בערך בשנת 1922, כשאהרן ראובן מאיר, בן העשרים, ציוני נלהב ומסור עד ביטול היש, עזב את בית הוריו ויצא ללבוב להכשרה. בלבוב הכיר את ראשי „התאחדות", ובהתלהבות האופיינית לו דבק ברעיון ההגשמה הציונית בדבקות חסידית. בחוזרו לבלז אחרי כמה חודשי עבודה קשה בבית־חרושת למרגרינה, דיור במרתף ומחסור שהגיע לפעמים עד רעב, גמלה בלבו ההחלטה לכבוש את לב צעירי „התחיה" לרעיון הציונות העובדת ולהפוך את האגודה הציונית הכללית, הבלתי מפלגתית, לסניף של „התאחדות". חברו לדעה היה יהושע פאלק (מת בשנת 1926 מדלקת ריאות דוהרת).

היכרתי את אהרון ראובן בקיץ 1922, בכ' תמוז, בעצרת זכרון לד"ר הרצל, זמן קצר אחר שובו מלבוב. באתי אז לבלז מווינה, שם גרתי עם הורי במשך תשע שנים מאז פרוץ המלחמה. שהותי בבלז היתה אז קצרה, שכן באתי לביקור חופש בלבד ורק שנה לאחר מכן חזרה המשפחה כולה לעיירת מולדתנו. משסיפרתי לאהרון ראובן וליהושע פאלק שמורי לעברית בווינה הוא ד"ר



סניף התאחדות בשנת 1928
התאחדות פאראיין אין יאָר 1928

חיים טרטקובר, זוכרתני ששניהם הגיבו בהתלהבות: „אם כן, הרי את שמאלית", ומיד התחילו לדבר אל לבי להצטרף לקבוצתם. משבאתי כעבור שנה עם הורי להשתקע מחדש בבלז, מצאתי את האגודה הציונית במלוא תסיסתה, ערב פילוג. שהרי אם עד אז היתה האגודה „התחיה" ציונית כללית, כלומר, שחבריה לא הגדירו את עצמם לשום מפלגה ציונית, הרי לאחר שאהרון ראובן מאיר ויהושע פאלק התחילו לעשות נפשות למען „התאחדות", הגדירה עצמה קבוצת חברים שלא נטו לרעיון העבודה כ„סתם־ציונים" (ציונים כלליים). אחרי וויכוחים סוערים ונוקבים החליטו ההתאחדותניקים להיפרד מ„התחיה" ולהקים סניף של מפלגת „התאחדות" בבלז. עד כמה שזכרוני אינו מטעני נמנו עם ראשוני „התאחדות" בבלז ופעיליה מלבד א. ר. מאיר ויהושע פאלק הח"ח משה פנחס ברגר, יצחק (אייזיק) רבהון ואברהם בר מויטנר (השניים האחרונים היו החלוצים הראשונים מבלז שעלו לארץ בשנת 1925), וכן אהרן ארליך, יואל ברגשטיין, יוסף שלום שיץ, נחום ברגשטיין, לייביש שפרונג, מוטל'ה רוט, לייב שטיגליץ, עטל וינר, שושנה ברגר, ציז'ה מאיר (אחותו של אהרן ראובן), חייצ'ה שיץ, כותבת הטורים האלה ורבים אחרים שאינני זוכרת את שמותיהם. כעבור זמן מה הצטרף למפלגה גם יוסף פאלק (אחיו של יהושע פאלק, שכבר אז היה ידוע כסופר ביידיש).

כשבוצע הפילוג נשארו ה„סתם־ציונים" (מאז קראו לעצמם כך והצטרפו למפלגה שנקראה בשם זה) עם הדירה — חדר שכור אצל גוי בדרך לבית־הקברות הנוצרי — ועם הספריה, שהיו בה ספרים בעברית, יידיש וגרמנית. חברי „התאחדות" תבעו לחלק את הספרים שהיו בספריה ולמסור להם את החלק המגיע להם לפי גודל מספרם, אך הנהגת „התחיה" סרבה וטענה: הואיל ונפרדתם לא מגיע לכם מאומה. ה„התאחדותניקים" לא השלימו עם פסק־דינם של חבריהם לשעבר, ובלילה אחד פרצו אל המועדון והוציאו חלק ניכר של הספרים.

דירה לא היתה לנו, ולכל שפנינו שישכירו לנו חדר, השיבו את פנינו ריקם, אם משום שנרתעו מפני הרעש וההמולה שהציונים הצעירים עלולים לעשות בבית, אם משום ש„הסתם־ציונים" הפעילו את השפעתם על משפחות שונות שלא ישכירו לנו חדר. בראות אבא ז"ל (יעקב טאובה) את מצוקתנו, אמר לי יום אחד: „חנולה, אני אשכיר לכם חדר". היה לנו בית מרווח, מוקף גן גדול ויפה, ואת החדר הכי גדול, שהיה אולם ממש, העמיד אבא לרשות „התאחדות". עכשיו, משהיתה לנו דירה, הבאנו את הספרים לבית המפלגה, השגנו כמה ספסלים, שולחן או שניים, השגנו גם מספר תמונות של מנהיגים ציוניים וסופרים עבריים ואידיים והתחלנו בפעולה.

ידענו שה„סתם־ציונים" לא יוותרו לנו בעניין הספרים, ולפי שמועות שהגיעו לאוזנינו פנו בעניין זה למשטרה. אמי ז"ל מצאה עצה: הבאנו את כל הספרים לאחד מחדרי המגורים של משפחתנו, וכאשר יום אחד הופיע קצין המשטרה



קבוצת חברים של התאחדות
אַ גרופּע התאחדות חברים

ושאל על הספרים ש„נגנבו" מאגודת „התחיה", ענו לו: לא דובים ולא יער. איש לא גנב ספרים מ„התחיה". הוא ביקש רשות להיכנס לאחד החדרים הפנימיים של המשפחה, אמי התירה לו והראתה לו מספר ספרים, רובם בגרמנית ואמרה שאלה הם הספרים, שאני, בתה, הבאתי אותם מווינה. קצין המשטרה לא היתה לו רשות לקחת את הספרים והלך. אך אנחנו לא היינו שקטים ופנינו לעו"ד ד"ר ליאון טאובה לבקש עצה. הוא ייעץ לנו כי לטובת העניין מוטב כי נפנה לעו"ד ד"ר סולוהוב האוקראיני. בין כה וכה פיזרנו את הספרים בין כמה חברים.

לפתע צצה בעיה חדשה: מישהו לחש באוזני מישהו שהספרים שאנו לומדים בהם, — שכן אחת הפעולות הראשונות של סניף „התאחדות" בעירנו היתה אירגון שיעורים ללשון והספרות העברית וכמות קטנה של ספרים נשארה בכוונה תחילה בסניף; ביניהם שירי ביאליק, מחזה על חנוכה, ספרי לימוד

וכדומה — מכילים חומר הסתה נגד המשטר. יום אחד באו מן המשטרה, לקחו את הספרים כדי לבדוק אם אין בהם חומר הסתה נגד הממשלה והמשטר. הביאו את הספרים לר׳ בן־ציון וורובל, יהודי תלמיד חכם, חרד וחסיד, שהשלטונות נתנו אמון בו, שיבדוק את הספרים ויחווה את דעתו על תוכנם. ר׳ בן־ציון בדק אותם ואישר כי הם כשרים בתכלית הכשרות, אין בהם שום דבר נגד הממשלה ונגד היהדות החרדית, ואין בהם רעיונות מהפכניים. סו״ס נפטרנו מפרשת הספריה והספרים.

כנאמר, לימוד עברית היתה אחת הפעולות הראשונות של הסניף. התארגנו קבוצה גדולה של בחורות ואהרון ראובן לימד אותנו עברית. פעולה מאד חשובה היתה העבודה למען הקרן הקיימת. רק משפחות מעטות נתנו הסכמתן לקבל את הקופסה הכחולה. הרי החסידים נלחמו בקנאות נגד כל גילוי ציוני, ורבים, גם כשלבם נטה לארץ־ישראל החדשה, לא העזו להמרות את פי הרב. הפעולה החשובה ביותר למען הקרן הקיימת נעשתה בחתונות. לפני כל חתונה (וחתונות לא חסרו בבלז) התארגנו מספר זוגות שבאו לחתונה ואספו תרומות לקרן הקיימת. לא אחת צריך היה ממש להילחם עם החסידים ועם חברי ה„בונד" בעד הזכות לאסוף תרומות בחתונות. אבל על הרוב היתה ידנו על העליונה, שכן בכל חתונה נמצאו תמיד אורחים ואוהדי הציונות ואלה תרמו.

ברם, עיקר הפעולה היתה תרבותית־חינוכית. כבר הזכרתי את השיעורים לעברית. מלבד זה התקיימו מפעם לפעם הרצאות על נושאים ציוניים וספרותיים, שניתנו ע״י מרצים מקומיים וע״י אורחים שבאו מהמרכז בלבוב ומערים אחרות. אני זוכרת הרצאות שניתנו בסניפנו ע״י ד״ר קופל שוורץ, פישל וורבר, ד״ר הלר, ד״ר ברוך, ד״ר מלצר, מגר׳ מיכאל שוורץ ורבים אחרים. בערבים ובשבתות אורגנו ערבי קריאה. אני זוכרת שקראנו בהדרכתו של אהרן ראובן „רומא וירושלים" של משה הס, מאמרים של „הפועל הצעיר" ו„דבר", מאמרים של א. ד. גורדון, אחד העם, שירי ביאליק ואחרים. בין המנחים והמסבירים היו אהרן ראובן מאיר, אהרן ארליך, מוטל׳ה רוט, נחום ברגשטיין ואחרים. כן היינו שרים שירים עבריים, שהושרו בימים ההם ורוקדים „הורה" עד כלות הכוחות.

יש לציין שרוב חברי „התאחדות" היו בני „בעלי־בתים"; בני בעלי־מלאכה כמעט שלא הצטרפו לשורות המפלגה. בכל זאת נמנו עם חברינו בני בעלי־מלאכה אחדים שאהרן ראובן ואחרים הוציאו אותם משורות ה„בונד" והם הפכו לחברים מסורים של „התאחדות". אני רוצה לציין במיוחד שניים: זישה שטיינברג, בנו של שמואל שוסטער (סנדלר) ונפלתי כ״ץ, בנו של שלום סטאַליאר (נגר). זישה שטיינברג שהיה ממשפחה אמידה, היה מפקידה לפקידה מעניק גמילות־חסדים למפלגה, ונפתלי כ״ץ, שהיה נגר, בנה במה קטנה ששימשה בעיקר לקיום הצגות (מערכונים ודו־מערכונים) שאורגנו ובוצעו ע״י חברי הסניף.

בשנת 1925 נוסדה תנועת הנוער „גורדוניה", וכרגיל, היה אהרן ראובן היוזם הראשי של התנועה ומדריכה. עשרות נערים ונערות היו מתאספים פעמים אחדות בשבוע ואהרן ראובן נתן להם שיעורים בעברית, בהיסטוריה יהודית וסיפר להם על ארץ־ישראל החדשה, החלוצית. לא ארחיב את הדיבור על „גורדוניה", שכן על נושא זה כתב במיוחד, יצחק מאיר ז"ל, חבר חולדה, אחיו הצעיר של אהרן ראובן.



במסיבת פרידה לחנולה מאיר לרגל עלייתה לארץ בשנת 1932
געזעגענונגס־אָוונט פאַר חנולה מאיר צוליב איר עולה זיין אין יאָר 1932

בשנות העשרים, היתה „התאחדות" המפלגה הציונית החשובה ביותר בבלז. מלבד העבודה החינוכית־תרבותית שעשתה בין עשרות חברים, היתה היא גם הכוח הראשי והמדרבן בפעילות הציבורית הכללית, כגון: בחירות לסיים הפולני, לקונגרסים הציוניים, לועד הקהילה (קולטוס־געמיינדע) וכו'.

„בית התאחדות" בבלז היה תמיד שוקק חיים. בכל ערב ומכל שכן בערבי־שבתות, בשבת אחרי־הצהריים ובמוצאי־שבת, התאספו בסניף עשרות חברים וחברות, ולא היה כמעט ערב ללא פעולה מיוחדת, כגון: הקראות, שיחות על נושאים אקטואליים או ספרותיים, שירה בציבור, וויכוחים ודיונים על שאלות אירגוניות וכו'.

לא אגזים אם אומר ש„התאחדות" היתה בית ועד לטובי צעירי בלז, ורבים רכשו בה השכלה ותודעה ציונית.

מאיר ראָטער
חיפה

# שטייגער און קולטור־לעבן

**צווישן די ווענט פון בית-מדרש**

דאָס יידישע קולטור־לעבן אין בעלז האָט זיך אויסגעווירקט אויף פאַר־שידענע שטחים און איז געווען פאַרבנרייך. דער עלטערער דור האָט זיך אויס־געלעבט קולטורעל בעיקר אין בית־מדרש, אין לערנען און אין חסידות. נאָך אַ לאַנגן אַרבעטס־טאָג, זאָרגנדיק פאַר פרנסה, איז מען פאַרנאַכט אַוועק אין בית־מדרש דאַווענען מנחה־מעריב. דאָס עצם גיין אין בית־מדרש אַריין פאַר־נאַכט איז געווען אַ ווענד־פונקט אין טאָג־טעגלעכן לעבן. מען האָט זיך אויס־געטאָן פון די פרנסה־זאָרגן און פון דער וואָכעדיקייט און אַריבערגעגאַנגען אין אַ וועלט פון גייסטיקער עקספּאַנסיע. דאָס גייסטיקע לעבן פונעם עלטערן דור איז געווען באַזונדער אינטענסיוו הערבסט און ווינטער, ווען די לאַנגע נאַכט און וואַרעמקייט פון בית־מדרש האָבן געשאָפן אַ גינסטיקן באָדן פאַר תורה לערנען.

אַ שטיק צייט פאַר מנחה האָבן שוין יידן זיך אָנגעהויבן פאַרזאַמלען אין בית־מדרש, ווער צו כאַפּן אַ שמועס מיט אַ באַקאַנטן, ווער זיך איינצוהערן אין זיסן נאָגענדיקן ניגון פון די שטענדיקע לומדים, וואָס זענען אַ גאַנצן טאָג געזעסן אין בית־מדרש און עוסק געווען אין הוויות אביי ורבא. יידן וואָס האָבן זיך געפילט היימיש אין די קליינע אותיות, פלעגן גלייך נאָך מעריב נעמען ביי מאָטקעלע שמש אַ ליכט און זיך אַוועקזעצן אַריינקוקן אין אַ גמרא, משניות אָדער שולחן־ערוך. אַ טייל האָבן געלערנט בחברותא, ד.ה. מיט אַ חבר, אַ טייל האָבן געלערנט פאַר זיך אַליין. די לומדים פלעגן געוויינלעך דורכגיין אין משך פון די ווינטער־חדשים אַ פּאָר מסכתות און לערנען ביז שפּעט אין אָוונט. אייניקע האָבן געלערנט בקול רם, מיטן ספּעציעלן גמרא־ניגון, אַנדערע האָבן געלערנט אין דער שטיל, קאָנצענטרירנדיק זיך אין דער סוגיא וואָס האָט זיי באַשעפטיקט. נעבן דער טיר פון בית־מדרש האָט מען געקענט קויפן אַ קיכל, אַ באָבעלע און פאַרטרינקען מיט אַ „קראַכער", זיך צו דערכאַפּן דאָס האַרץ. נישט איינמאָל פלעג טרעפן, אז זיצנדיק ביי דער גמרא, פלעג דער לערנער פון מידקייט און דער וואַרעמקייט וואָס האָט געהערשט אין בית־מדרש, איינ־שלאָפן ביי דער אָפענער גמרא, און פלעג זיך אויפוועקן ווען דאָס ליכט האָט אָנגעהויבן צאַנקען און צומאָלס אָנצינדן די גמרא אָדער דעם טיש.

אָבער נישט נאָר ביחידות און מיט אַ חבר האָט מען געלערנט אין בעלזער בית־מדרש. עס זענען געווען פאַרשידענע גרופּן, וואָס יעדע איז באַשטאַנען

פון צענדליקער לערנער. איין גרופע, פון „עמד", וואָס פלעגן אין אָוונט לערנען מיט אַ רבין משניות און „עין יעקב", און אייניקע גרופּן, אָנגעפירט פון ר' מעכעלע זשאָלקווער וואָס האָבן געלערנט גמרא און פּוסקים. ר' מעכעלע איינער פון די זיילן פון בעלזער חסידות, איז געווען אַ גרויסער למדן, אַ „יושב", וואָס איז כמעט אַ גאַנץ יאָר געזעסן אין בעלז און געווען פון די וואָרטזאָגער אין „הויף". זיין הויפּט־באַשעפטיקונג איז געווען לערנען מיט יינגלעך און דערוואַקסענע ש"ס און פּוסקים. פאַרטאָג, זומער 5 אַ זייגער און ווינטער 6, פלעג ער לערנען מיט אַ גרופּע בחורים (יושבים), נישט קיין בעלזער, וואָס פלעגן זיצן אין בעלז אַ גאַנץ יאָר, אַחוץ די זומער־חדשים, ווען דער רב פלעג פאָרן אין די קורערטער. דער שיעור האָט זיך געצויגן אַ 3—2 שעה. אַרום 8—9 אַ זייגער פלעג מען גיין טרינקען קאַווע אין דער „יושבים"־קיך, זיך אומקערן אין בית־מדרש, דאַוונען שחרית אין רבס מנין. דעם רעשט טאָג פלעגן די דאָזיקע יונגעלייט חזרן דעם שיעור פון אינדערפרי און שמועסן חסידות.

נאָך שחרית און אין די נאָכמיטאָק־שעהן האָט ר' מעכעלע געלערנט מיט גרופּעס תלמידים — בעלזער יינגלעך צווישן 13 און 16 יאָר. אַזוי ווי אין בעלז איז נישט געווען קיין ישיבה, האָט פאַקטיש דאָס לערנען ביי ר' מעכעלען פאַרנומען דאָס פלאַץ פון ישיבה־לערנען און איז אויך געשטאַנען אויף אַ ישיבה־הויך. פאַרשטייט זיך, אַז נישט יעדעס יינגל האָט זוכה געווען צו זיין ר' מעכעלעס אַ תלמיד. די כיתות זענען געווייִנלעך געווען קליינע (10—15 יינגלעך), און ביים אָננעמען די תלמידים פלעג ער אויסקלייבן נאָר די, וואָס האָבן געהאַט גוטע קעפּלעך און זיך אויסגעצייכנט אין לערנען אין די העכערע „חדרים".

אין די אָוונט־שעהן, אין די טעג, וואָס ר' מעכעלע איז נישט געווען פאַרנומען מיט חסידות, פלעג ער לערנען אַ גרופּע דערוואַקסענע בחורים און יונגעלייט. די גרופּע איז געווען אַ געמישטע. עס האָבן צו איר געהערט סיי בעלזער סיי „יושבים".

ר' מעכעלעס לערנען איז געשטאַנען אויף אַ הויכער מדרגה. ער איז געווען זייער אַ גוטער מסביר, אָבער אַ גרויסער קפּדן, האָט זיך באַצויגן שטרענג צו זיינע תלמידים און פון זיי פיל געפאָדערט.

ווי אַלע בעלזער חסידים איז ער געווען אַ קנאי און האָט געהאַלטן אַ וואַכזאַם אויג אויף זיינע תלמידים זיי זאָלן חלילה נישט אַריינקוקן אין אַ „טריף־פסול". „פסוק" (נ"ך) איז געווען שטרענג פאַרווערט צו לערנען, און אויב ער האָט געכאַפּט איינעם פון זיינע תלמידים אַריינקוקן אין נביאים אָדער כתובים, ווער שמועסט אין אַ העברעיש ביכל, פלעג ער גלייך אויסגעשלאָסן ווערן פון זיינע תלמידים, אויב ער האָט נישט פייערלעך צוגעזאָגט און געגעבן תקיעת כף, אַז ער וועט מער נישט נכשל ווערן און עוסק זיין אין „טריפענע" ענינים.

נישט לייכט איז געווען זיך אַריינפּאַסן אין ר׳ מעכעלעס לערן־סיסטעם און דיסציפּלין. אָבער די וואָס האָבן געהאַט אויסדויער און מיט אים געלערנט אַ פּאָר יאָר, האָבן דערוואָרבן יסודותדיקן וויסן אין ש״ס און פּוסקים און זיך פאַרעכנט אַלס תלמידי־חכמים.

דער „עמך״־קרייז איז געווען פון אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער און צוזאַמענשטעל. אין צווייטן חלק פון בית־מדרש, אין „אַלקער״, ווי מ׳פלעגט רופן יענעם טייל, פלעגן זיך יעדן אָוונט, נאָך מנחה און מעריב, אַוועקזעצן אַ פּאָר צענדליק יידן אַרום אַ לאַנגן טיש, און לערנען משניות אָדער עין־יעקב. דאָס זענען געווען פּשוטע יידן פון אַ גאַנץ יאָר. דער רוב בעלי־מלאכה, וואָס האָבן אַ גאַנצן טאָג שווער געהאָרעוועט אין זייערע וואַרשטאַטן; דאָרפס־גייער, וואָס האָבן זיך כּאַרנאַכט אומגעקערט פון אַרומשלעפּן זיך אַ גאַנצן טאָג, אין קעלט און אין שניי, איבער די נאָענטע דערפער צו ציען זייער חיונה; סוחרים, כביכול, וואָס זענען אַ גאַנצן טאָג געזעסן ביי זייערע „שטעלן״ אין מאַרק און גוט דורכגעפרוירן געוואָרן, און קרעמער, וואָס האָבן אַ גאַנצן טאָג אויסגעקוקט אויף אַ קונה. אָט די אַלע פּשוטע און ערלעכע יידן פלעגן אין אָוונט, נאָך מעריב, זיך אויסטאָן פון דער טאָג־טעגלעכער וואָכעדיקייט, און אַנשטאָט גלייך נאָכן דאַוונען אַהיימגיין, האָבן זיי זיך אויסגעזעצט אַרום זייער שטענדיקן טיש צו הערן אַ פּרק משניות. זייער רבי איז געווען ר׳ רפאל דיין (ראָט). ר׳ רפאל איז געווען אַן איש תם וישר, באַשיידן און עניוותדיק און באַליבט ביי די פּשוטע יידן — זיינע „תלמידים״. ער איז געווען איינער פון די דריי דיינים, וואָס האָבן אַמטירט אין בעלז, ווו דער רב, צוליב זיין ספּעציעלער פּאָזיציע אַלס פירער פון צענדליקער טויזנטער חסידים, האָט זיך נישט אָפּגעגעבן מיט שאלות און תשובות און דין־תורות. ער האָט באַטראַכט פאַר אַ גרויסער מצווה און זכיה, אַז ער האָט געקענט פּשוטע יידן מזכה זיין מיטן ריח של תורה. אַ זייטיקער צושויער האָט נישט איינמאָל געקענט אויפכאַפּן זיינס אַ פאַרשטעלטן שמייכל פון הנאה, וואָס ער האָט אים געזוכט צו באַהאַלטן אונטער זיינע געדיכטע ברעמען, ווען איינער פון זיינע צוהערער האָט ריכטיק תופס געווען דאָס געזאָגטע אין זיין שיעור.

ווען אַלע זענען שוין געזעסן אַרום טיש, פלעג ר׳ רפאל אָנפאַנגען דעם שיעור מיט אַ פראַגע: „נו, איר האָט שוין אַלע אויפגעמישט? זאָגט די משנה...״ ווי דער שטייגער פלעג ר׳ רפאל זאָגן די משנה אין אָריגינאַל און זי פאַרטייטשן אויף יידיש וואָרט ביי וואָרט. זיינע אויגן פלעגן ממש אויפלויכטן ווען איינער פון די צוהערער האָט אים געשטעלט אַ פראַגע אָדער גאָר אַ קשיה.

נאָכן פאַרענדיקן דעם שיעור משניות, וואָס פלעג זיך ציען אַ שעה־אַנדערהאַלבן, פלעגן נאָך דער רוב צוהערער בלייבן אַ לענגערע צייט אין בית־מדרש צו שמועסן שיחות חולין מיט באַקאַנטע.

אין פאַרבינדונג מיטן קרייז משניות־לערנער געפין איך פאַר נויטיק זיך אָפּשטעלן אויף אַן אייגנאַרטיקן טיפּ, אויף שימעלע בלעכער. שימעלע בלעכער איז געווען אַ קליין יידל, וואָס האָט געצויגן זיין חיונה פון בלעכעריי. ער פלעג מאַכן בלעכענע כלים, וואָס באַלעבאָסטעס האָבן ביי אים באַשטעלט, אָדער צוגרייטן גרייטע, וואָס ער פלעג זיי פאַרקויפן אין די געשעפטן און מאַרק־טעג. כּאַרטאָג איז ער געוועז דער ערשטער צום ערשטן מנין צו דאַוונען שחרית, און אין די אָוונטן איז ער געווען דער פאַקטישער „אָנפירער" פון דער חברה משניות. אין מערב־ווינקל פון בית־מדרש איז געשטאַנען אַ ספרים־שאַנק ווו ע׳ס זענען געשטאַנען די משניותן און שימעלע אַליין האָט געהאַלטן דעם שליסל פון דער דאָזיקער שאַנק. נאָך מעריב פלעג ער אַרויסנעמען די צענדליקער משניות און זיי ברענגען צום משניות־טיש. נאָכן פאַרענדיקן דעם שיעור, פלעג ער זיי צוריקטראָגן אין שאַנק און זיי פאַרשליסן. יעדן פרייטיק מיטאָק־צייט, פאַרן גיין אין מרחץ אַריין, פלעג ער קומען אין בית־מדרש, אַרויסנעמען די משניותן, זיי אויסלייגן אויף אַ לאַנגן טיש, זיי זאָלן זיך אויסלופטערן.

שבת פאַרנאַכט פלעגן זיך די דאָזיקע יידן פאַרזאַמלען אין בית־מדרש (טיילמאָל פלעג זייער צאָל דערגרייכן ביז 50—40), און נעבן אַ טיש ביי דער מזרח־וואַנט, האָבן זיי זיך אויסגעזעצט אויף צו הערן מדרש אָדער אַן אגדה פון יידן־לומדים, וואָס האָבן אויף זיך גענומען די מיסיע מהנה צו זיין די דאָזיקע פשוטע יידן מיט די קלוגע רייד און אגדות פון אונדזערע חכמים. די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה האָט די דאָזיקע מיסיע דערפילט ר׳ אלעזר (לוזער) יודענבערג ז״ל, וואָס פלעג מיט פשטות און חן מסביר זיין פאַר די דאָזיקע יידן פון אַ גאַנץ יאָר די רייד פון די חכמים.

אין פלוג איז נישט לייכט צו דערקלערן, וואָס פאַר אַ כוח האָט געטריבן די דאָזיקע, אַ גאַנצע וואָך אָנגעליטענע, אויסגעהאָרעוועטע יידן, אַראָפּוואַרפן פון זיך שבת די גאַנצע וואָכעדיקייט און שבת פאַרנאַכט, פאַר מנחה און שלוש־סעודות, קומען אין בית־מדרש הערן דברי תורה. וועגן נאָך איינעם אַזאַ פשוטן ייד וויל איך דערציילן און פאַראייביקן זיין נאָמען אין דאָזיקן בוך. די מעשה איז וועגן אַ פשוטן ייד, וואָס ווען זיין זון איז אַמאָל שווער קראַנק געוואָרן, האָט ער געטאָן אַ נדר ברענגען אין די הייסע זומער־חדשים פריש קאַלט וואַסער פאַר אַלע יידן, וואָס האָבן זיך שבת נאָכמיטאָק פאַרזאַמלט אין בית־מדרש. פון דעם נאָענטן ברונעם פלעג ער שלעפּן פולע עמערס וואַסער, און אויך ברענגען בלאָקן אייז פון דער נאָענטער לאָדאָווניע, נישט ווייט פון „הקדש", כדי צו שטילן דעם דורשט פון יידן אין די הייסע זומער־טעג. זיין זון איז נישט געזונט געוואָרן און געשטאָרבן יונגערהייט, אָבער מרדכי הייזלער, באַקאַנט אין בעלז מיטן נאָמען ברוך דער קרופּניק, האָט נישט אויפגעהערט מחייה זיין יידן מיט פריש קאַלט וואַסער אין די זומערדיקע שבתים.

צום קולטור־לעבן פון עלטערן דור דאַרף אויך צוגערעכנט ווערן דאָס גיין שבת נאָכמיטאָג אין „דער גרויסער שטוב", צום רבינס טיש, וואָס ער פלעג פראַווען ביז די שפּעטע נאָכמיטאָג־שעהן, כמעט ביז מנחה, אויף צו כאַפּן שיריים און הערן דעם רבס תורה־זאָגן.

וואָס פלעגן טוען די פרומע ווייבער אין די שבתדיקע נאָכמיטאָג־שעהן? אַ סך פלעגן זיך צוזאַמענקומען אין הויז פון איינער פון די ווילקענענדיקע יידענעס, און זי פלעג פאַר זיי פאָרלייענען די פרשת השבוע פונעם „צאינה וראינה" און קאָמענטירן יעדן יאָר פונדאָסניי די זעלבע געשעעניש פונעם חומש, בעיקר אין די ווינטער־חדשים, אין ווען עס ווערן געלערנט די סדרות פון בראשית און שמות, וואָס זענען רייך אין דערציילונגען וועגן די אבות און משה רבינו.

## ביבליאָטעקן

אין אַ קליין שטעטל ווי בעלז, וואָס האָט נישט פאַרמאָגט נישט קיין מיטל־שולן, נישט קיין טעאַטער און ביז 1930 אַפילו נישט קיין קינאָ, ווו די יידישע באַפעלקערונג איז קולטורעל געווען לחלוטין אָפּגעריסן פון דער נישט־יידישער — איז דאָך אַנטוויקלט און געפלעגט געוואָרן אַ קולטורעל יידיש לעבן, אָנגעפירט פון אַ פאַרהעלטנישמעסיק קליינער גרופּע יוגנטלעכע, וואָס דאָס קולטור־לעבן פון דעם עלטערן דור האָט זיי נישט באַפרידיקט און זיי האָבן געזוכט נייע וועגן אין גייסט פון דער צייט, וואָס קען כראַנאָלאָגיש באַצייכנט ווערן אַלס די עפּאָכע צווישן די צוויי וועלט־מלחמות.

באַטראַכטנדיק דאָס קולטור־לעבן פון אונדזער שטעטל אין דער אויבנ־דערמאָנטער תקופה, איז ממש צו באַוווּנדערן ווי אַזוי אַ קליינע גרופּע בחורים און מיידלעך האָבן, אָן דער הילף און אָריענטאַציע פון פּאַבלייט, דערגרייכט באַדייטנדיקע דערפאָלגן אין אַ גאַנצער ריי קולטור־געביטן מיט אייגענע כוחות. לאָמיר נעמען אַלסביישפּיל דעם ענין טעאַטער. יוגנטלעכע, וואָס זענען כמעט נישט אַרויס פון די ד' אמות פונעם קליינעם שטעטל, און וואָס האָבן קיינמאָל נישט געזען קיין אמתע טעאַטער־פאָרשטעלונג דורכגעפירט דורך פּראָ־פעסיאָנעלע אַקטיאָרן, האָבן באַוויזן מיט אייגענע כוחות צו אינסצעניזירן פאַר־שידענע פאָרשטעלונגען פון די בעסטע יידישע דראַמאַטורגן און מיט אַ גאַנץ באַדייטנדיקן דערפאָלג.

ביי דער געלעגנהייט דאַרף באַטאָנט ווערן, אַז יעדע קולטור־טעטיקייט אין אונדזער שטעטל איז געווען פאַרבונדן מיט געזעלשאַפטלעכע פאַקטאָרן, וואָס האָבן געפונען זייער אויסדרוק אין די סאָציאַלע און פּאָליטישע באַוועגונגען, וואָס

האָבן אויף אַן אינטענסיוון אופן אַקטואירט אין נאָך מלחמהדיקן פוילן, ד.ה. אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן.

ווי אין אַלע פּוילישע שטעט און שטעטלעך, האָבן זיך אויך אין בעלז אָרגאַניזירט אָפּטיילונגען פון די פאַרשידענע סאָציאַלע און פּאָליטישע באַוועגונגען וואָס האָבן אַקטואירט אויף דער ייִדישער גאַס, און יעדע באַוועגונג האָט געזען פאַר איינע פון אירע ערשטע און פונדאַמענטאַלע אויפגאַבן צו אָרגאַניזירן אַ קולטור־טעטיקייט אין אירע ראַמען און אין איינקלאַנג מיט איר אידעאָלאָגיע און צילן. די ציוניסטישע באַוועגונגען האָבן אָריענטירט זייער קולטור־טעטיקייט אין גייסט פון חלוציזם, עליה קיין ארץ־ישראל, העברעישן לימוד אדג״ל. דער „בונד״, וואָס זיין אידעאָלאָגיע האָט זיך באַזירט אויף דאָיִקייט, האָט געזוכט צו פלעגן פאָלקס־קולטור אויף ייִדיש און אין גייסט פון פּראָלעטאַרישן סאָציאַליזם.

יעדער פאַראיין האָט געהאַט זיין אייגענע ביבליאָטעק, פאַרהעלטנישמעסיק פאַרבנרייך, פאַרשטייט זיך לויט די מעגלעכקייטן פון אַזאַ שטעטל ווי בעלז. אין די ביבליאָטעקן ביי די ציוניסטישע פאַראיינען זענען די ביכער געווען צוויי־שפּראַכיק — אין ייִדיש און העברעיש. דאַקעגן די „בונד״־ביבליאָטעק איז געווען על טהרת היידיש.

איך וועל אָנפאַנגען מיט דער ביבליאָטעק ביי דער ציוניסטישער אַרבעטס־פאַרטיי „התאחדות״. אמת, איר ביבליאָטעק איז אין צאָל ביכער נישט געווען די גרעסטע אין בעלז, אָבער זי האָט זיך גערעכנט צווישן די גרויסע און גוט־אָרגאַניזירט ביבליאָטעקן. ווען אין די ערשטע צוואַנציקער יאָרן האָט זיך געגרינדעט אין אונדזער שטעטל דער „התאחדות״ פאַראיין, איז איינע פון זיינע ערשטע אויפגאַבן, וואָס ער האָט זיך געשטעלט, געווען איינקויפן נייע ביכער צום קליינעם סטאָק וואָס איז געווען פון פריער. די מיטלען פאַר דעם צוועק זענען געקומען פון פאַרשידענע מקורות: טאַנץ־אָוונטן, קאַמפּיינען צווישן חברים, מיטגליד־אָפּצאָל פון די לייענער און ביכער־זאַמלונגען ביי פריינט און סימפּאַטיזירער. די ביבליאָטעק האָט געהאַט אַ שטענדיקן ביבליאָטעקאַר (וואָס פלעג פעריאָדנווייז זיך בייטן מיט אַן אַנדערן), וואָס זיין אויפגאַבע איז געווען אַ פילפאַכיקע: 1) זאָרגן פאַר מיטלען אויף איינקויפן נייע ביכער; 2) אַרויס־געבן ביכער די לייענער (די ביבליאָטעק איז געווען אָפן יעדן טאָג אין די פאַרנאַכט־שעהן): 3) אָריענטירן די לייענער וואָסערע ביכער צו לייענען צוגעפּאַסט צום עלטער און בילדונגס־סטאַנדאַרט פון דער באַטרעפנער פערזאָן. ווי געזאָגט איז אין דער „התאחדות״־ביבליאָטעק געווען ביכער אין העברעיש און ייִדיש, און אין די לעצטע יאָרן פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז דאָרט אויך געווען אַ פּוילישע אָפּטיילונג. צוזאַמען האָט די ביבליאָ־טעק פאַרמאָגט קרוב צו טויזנט ביכער.

אויך די אַנדערע ציוניסטישע פאַראיינען, ווי „התחיה״ פון די כלל ציוניסטן, צעירי מזרחי און רעוויזיאָניסטן, האָבן געהאַט אייגענע ביבליאָטעקן, מיט אַ קלענערער צאָל ביכער ווי די „התאחדות״־ביבליאָטעק, וואָס ווי שוין געזאָגט, איז געווען די גרעסטע צווישן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. אויסער ביכער האָבן די ביבליאָטעקן אויסגעשריבן פאַרשידענע זשורנאַלן און צייטונגען, אין גייסט פון זייער באַוועגונג אין יידיש און העברעיש.

די ביבליאָטעק ביים „בונד״ איז געווען די עלטסטע אין בעלז. זי איז געגרינדעט געוואָרן נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה און שוין דאַן פאַרמאָגט אַ היפּשע צאָל ביכער. היות דער „בונד״ איז געווען פאַרבאָטן אין עסטרייך, האָבן זיך די בונדישע קעמערלעך אָרגאַניזירט אין מזרח־גאַליציע אַלס ביבליאָטעקן אונטערן נאָמען „יידישע פאָלקס־ביבליאָטעקן״. אויך אין בעלז האָט זיך אין ערשטן צענדליק פון דעם יאָרהונדערט אָרגאַניזירט אַזאַ ביבליאָטעק, וואָס האָט אויסער דערווערבן לייען־ביכער, געפירט צווישן אירע לייענער אַן אויפקלערערישע סאָציאַליסטישע טעטיקייט. מיטן אויסברוך פון דער מלחמה אין יאָר 1914, האָט זיך די ביבליאָטעק געראַטעוועט אַדאַנק דעם וואָס די ביכער זענען צעטיילט געוואָרן צווישן די חברים וואָס האָבן זיי אָפּגעהיטן ביז צום סוף פון דער מלחמה. נאָך דער מלחמה האָט די ביבליאָטעק אויפגעלעבט צוזאַמען מיטן „בונד״, וואָס האָט זיך פונדאָסניי אָרגאַניזירט. אויף וויפל מיין זכרון דינט מיר, איז די ביבליאָטעק צוערשט אָנגעפירט געוואָרן דורך משה בערעדאָווסקי, און נאָך זיין עמיגרירן קיין בראַזיל, האָבן זי אָנגעפירט אין פאַרשידענע צייטן די חברים משה לעוויטאַס, משה באָטקנעכט, נח שאָף, אביגדור שאָף און מאָטיע ראַפּ.

די „בונד״־ביבליאָטעק האָט פאַרמאָגט איבער 1500 ביכער. אַחוץ בעלעטריסטיק, האָט זי געהאַט אַ גרויסע צאָל ביכער אויף סאָציאַליסטישע טעמעס און וועגן דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג (אויסער דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער), ווי אויך פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג, בעיקר אין דייטש. פון ווייטנס פלעג מען קומען קיין בעלז, כדי זיך זשורנאַלן און צייטונגס־אויסשניטן וועגן דער יידישער און אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג. אַ חוץ ביכער האָט די ביבליאָטעק פאַרמאָגט אַ גרויסן אויסוואַל פון זשורנאַלן און צייטונגס־אויסשניטן וועגן דער יידישער און אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג, בעיקר אין דייטש. פון ווייטנס פלעגט מען קומען קיין בעלז, כדי זיך באַנוצן מיטן מאַטעריאַל, וואָס האָט זיך געפונען אין דער „בונד״־ביבליאָטעק צוליב פאָרשונגס־צוועקן. אויסער די לייענער וואָס פלעגן קומען בייטן ביכער אין דער ביבליאָטעק פלעגן די פאַרטיי־אַקטיוויסטן ברענגען ביכער אין די היימען פון די אַרבעטער, כדי זיי צו סטימולירן צו לייענען.

אין די דרייסיקער יאָרן, האָבן אַ גרופּע יוגנטלעכע, בעיקר מיידלעך, געשאַפן אין בעלז אַ פּוילישע ביבליאָטעק. דאָס איז געווען אַ „נייטראַלע״

ביבליאָטעק, ד.ה. זי איז נישט געווען פאַרבינדן מיט קיין שום פּאָליטישער פּאַרטיי. דער מאָטיוו צו גרינדן די ביבליאָטעק איז געווען דער פאַקט, וואָס אין די דרייסיקער יאָרן האָבן די פּאָליאַקן, די באַלעבאַטים פון דער אַלגעמיינער פּוילישער ביבליאָטעק אין דער „סאָקאָל־געביידע", דיסקרימינירט די יידישע לייענער, בעיקר די מיידלעך וואָס פלעגן קומען בייטן ביכער. כדי נישט צו זיין אָפּהענגיק פון די פּוילישע חסדים, האָבן זיי געשאַפן אַן אייגענע פּוילישע ביבליאָטעק. דער סוג ביכער זענען געווען בעלעטריסטישע. אָנגעפירט מיט דער ביבליאָטעק האָט באַשע מעלער ז"ל און איר צו לענגערע יאָר ריווע ראָזענגאַרטן. די ביבליאָטעק האָט זיך געפונען ביי די ראָזנגאַרטס אין הויז.

## רעפעראַטן, העברעיש און יידיש-קורסן, קעסטל-אָוונטן

ווי אין אַלע פּוילישע שטעטלעך פלעגן אויך בעלז באַזוכן רעדנער און רעפערענטן, וואָס פלעגן געשיקט ווערן פון די פאַרשידענע פּאַרטיי־צענטראַלעס. געוויינלעך פלעגן די רעדעס און רעפעראַטן טראָגן אַ פּאָליטישן און אידעאָלאָגישן כאַראַקטער. די רעפערענטן פון דער פרעמד זענען אָבער געווען נישט מער ווי אַ קליינער טייל פון דער אַלגעמיינער קולטור־טעטיקייט וואָס די פאַראיינען האָבן דורכגעפירט. די הויפּט־אַרבעט פלעג געמאַכט ווערן דורך היימישע כוחות, דורך די אָנפירנדיקע חברים, וואָס האָבן אַלס אויטאָדידאַקטן פאַרמאַגט אַ גאַנץ היבש וויסן אין ליטעראַטור און געזעלשאַפטלעכע פראַגן. די דאָזיקע טעטיקייט איז געווען אַ פילזייטיקע. איך וועל אויסרעכענען אייניקע פון אירע אַספּעקטן: איך וועל אָנפאַנגען מיט די העברעיש און יידיש־קורסן (העברעיש אין די ציוניסטישע פאַראיינען און יידיש אין „בונד"). עס וועט זיין איבעריק צו באַטאָנען, אַז אַלע קורסן זענען אָנגעפירט געוואָרן דורך וואָלונטירן און געגעבן געוואָרן אָן וועלכן עס איז אָפּצאָל. וואָס שייך די יידיש־קורסן אין „בונד", דאַרף געזאָגט ווערן, אַז זיי האָבן געהאַט אַפילו דערפאָלג. די אַלע וואָס האָבן זיי באַזוכט, האָבן זיך אויסגעלערנט לייענען און שרייבן יידיש; אויך די העברעיש־קורסן האָבן פאַרצייכנט באַדייטנדע דערפאָלגן און פיל אָנטיילנעמער האָבן אַדאַנק זיי באַקומען אַ צוטריט צו דער מאָדערנער העברעישער ליטע־ראַטור.

אַ קולטור־טעטיקייט, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס זענען געווען די „קעסטל־אָוונטן", וואָס פלעגן בעיקר פאָרקומען אין די ווינטער־חדשים (פרייטיק צונאַכטס). די מערסטע קעסטל־אָוונטן פלעגן פאָרקומען אין „התאחדות"־פאַראיין, און אַ געוויסע צייט אויך ביים „בונד". אין פאַרטיי־לאָקאַל איז געהאָנגען אויף דער וואַנט אַ „פראַגעס־קעסטל", און אין משך פון דער וואָך האָבן חברים דאָרט אַריינגעוואָרפן פראַגן אויף פאַרשידענע טעמעס — פּאָליטישע, ליטעראַרישע, היסטאָרישע א.א. מיטוואָך פלעג דער אָנפירער פון די קעסטל־

אָוונטן אַרויסנעמען די אָנגעזאַמלטע פראַגעס, כדי צו האָבן גענוג צייט צוגרייטן די ענטפערס אויף פּרייטיק צונאַכט.

אויף פראַגעס געוויינלעך פון אינפאָרמאַטיוון כאַראַקטער, פלעג ענטפערן דער לייטער פון אָוונט, אָן קאָמענטאַרן מצד די אָנוועזנדע. אויף פראַגעס פון פּאָליטישן, סאָציאַלן אָדער ליטעראַרישן כאַראַקטער, פלעג זיך געוויינלעך נאָכן ענטפער פונעם לייטער אַנטוויקלען אַ וויכוח, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט נישט נאָר חברים פון דער פּאַרטיי, ווו דער אָוונט איז פאָרגעקומען, נאָר אויך מיטגלידער פון אַנדערע פּאַרטייען, און טיילמאָל פלעגן זיך אַנטוויקלען לעבהאַפטע דעבאַטן וואָס זענען געשטאַנען אויף אַ באַדייטנדער הויך. די אינטערעסאַנטע און אָמבעסטן באַזוכטע קעסטל־אָוונטן זענען געווען פון „התאחדות", וואָס זענען אָנגעפירט געוואָרן דורך אהרון ערליך און נחום בערגשטיין ז"ל.

ווי שוין דערמאָנט פלעגן די קעסטל־אָוונטן באַזוכן אויך מיטגלידער פון אַנדערע פּאַרטייען. ספּעציעל פלעגן אויסנוצן די קאָמוניסטן די דאָזיקע טריבונע. זייענדיק פאַרבאָטן אין פּוילן, פלעגן זיי זוכן פאַרשידענע געלעגנהייטן צו לאָזן הערן זייער וואָרט. אין די קעסטל־אָוונטן פון „התאחדות" און אויך פון „בונד" פלעג זיין אַ שטענדיקער גאַסט שמואל טאַלקעס, אַ פאַרברענטער קאָמוניסט. זייענדיק אַן אויסגעצייכנטער פּאָלעמיקער פלעג ער האַלטן לאַנגע דרשות אויף די דאָזיקע אָוונטן, ווו נישט איינמאָל פלעגן אויסברעכן שאַרפע דיספּוטן צווישן אים און די אָרגאַניזירער פונעם קעסטל־אָוונט, וואָס פלעגן זיך טיילמאָל פאַר־ענדיקן מיט באַזייטיקן אים פונעם לאָקאַל

די קעסטל־אָוונטן זענען בדרך־כלל געווען זייער אָנגענומען אין בעלז און בעת די וויכוחים פלעג דער פּאַרטיי־לאָקאַל זיין איבערגעפּאַקט, און אַ טייל אָנוועזנדע פלעגן שטיין אויף די פיס שעהן לאַנג, נישט האָבנדיק קיין פּלאַץ ווו צו זיצן.

אויסער פּאַרטיי־רעדנער פלעגן אָפט באַזוכן דאָס שטעטל ליטעראַטן און כתם רעפערענטן. צום לויב פון דער בעלזער יידישער יוגנט דאַרף געזאָגט ווערן, אַז תמיד ווען עס איז געקומען אַ גאַסט פון דער פרעמד, פלעג דער לאָקאַל ווי ער האָט רעפערירט געווען איבערפולט.

### דראַמאַטישע קרייזן

אַ באַזונדער וואָגיק פּלאַץ אין דער קולטור־אַרבעט אין אונדזער שטעטל, האָבן פאַרנומען די דראַמאַטישע קרייזן. עס איז כמעט נישט געווען קיין איין פאַראיין וואָס האָט נישט געהאַט זיין דראַמאַטישן קרייז. די אָנטיילנעמער אין די דאָזיקע קרייזן האָבן נישט פּרעטענדירט אָנצוגיין אַלס פּראָפעסיאָנעלע אַקטיאָרן. די סיבה פון זייער עקזיסטענץ איז געווען אַ גאַנץ פּראָזאַישע. די פּאַרטייען

האָבן באַדאַרפט פאַנדן זיך אויסצוהאַלטן, ווי צאָלן דירה־געלט, איינקויפן נייע ביכער פאַר די ביבליאָטעקן, מאַכן אַ שטיקל מעבל, העלפן אַ חבר וואָס איז געפאָרן אויף הכשרה און דעקן די הוצאות, וואָס זענען באַזונדער געווען גרויס ווען עס זענען פאַרגעקומען וואַלן, אַלגעמיינע אָדער לאָקאַלע. היות פּראָפּעסיאָ־נעלע טרופּעס פלעגן זעלטן ווען באַזוכן אונדזער שטעטל, זענען די היימישע טעאַטער־פאָרשטעלונגען געווען אַ מקור פון באַדייטנדע הכנסות פאַר די פאַראיינען. אָבער נישט נאָר צוליב הכנסה־צוועקן אַליין האָבן זיך אָרגאַניזירט די דראַמאַטישע קרייזן. זיי האָבן אויך דערפילט אַ וויכטיקע דערציעריש־געזעלשאַפטלעכע אויפגאַבע. דאָס לערנען די ראָל און די אָפטע רעפּעטיציעס האָבן געשאַפן צווישן די „אַרטיסטן" אַ התלהבותדיקע שטימונג און זענען געווען אַ קוואַל פון פאַרוויילונג און חברישן צוזאַמענקום.

אין פאַרבינדונג מיט דער דאָזיקער טעטיקייט דאַרף דערמאָנט ווערן, אַז נישט ווייניק אומאַנגענעמלעכקייטן האָבן פאַרשאַפט אַ טייל פון די עלטערן, וועמענס קינדער האָבן אָנטיילגענומען אין אויפפירן די פּיעסעס. פרומע עלטערן האָבן בדרך־כלל געקוקט קרום אויף דעם וואָס זייערע קינדער פלעגן באַזוכן די פאַראיינען. אויב אָבער זיי האָבן נישט געהאַט קיין כוח אײַנגאַנצן צו פאַר־ווערן זייערע זין און טעכטער צו גיין אין פאַראיין, האָבן זיי אָבער בשום אופן נישט געקענט אַראָפּשלינגען, אַז זייערע קינדער זאָלן זיין „אַקטיאָרשטשיקעס" (קונצן־מאַכער) פאַר די אַפּיקורסישע ציוניסטן. פלעג טאַקע נישט איינמאָל טרעפן, אַז נאָך לאַנגער מי און אַרבעט, האָט זיך אין דער לעצטער רגע, אַ טאָג פאַר דער פאָרשטעלונג, אַ פאָטער פאַרעקשנט און בשום אופן נישט געלאָזט זיין טאָכטער (מיט די זין איז דער ענין געווען שווערער) שפּילן טעאַטער. דאָך האָט קיינמאָל נישט געטראָפן, אַז אַ פאַרוויילונג זאָל נישט צושטאַנד קומען צוליב אַזאַ אינצידענט. תמיד האָט מען געפינען אַן „אַרטיסט" וואָס האָט גערעאַ־טעוועט די סיטואַציע. פינאַנסיעל האָבן אַלע פאָרשטעלונגען תמיד געהאַט דער־פאָלג און אָנגעפילט די ליידיקע קאַסעס פון די פאַראיינען.

דער רוב פאָרשטעלונגען זענען געווען איינאַקטערס, צוליב פאַרשידענע טעמים : 1) אַן איינאַקטער פאָדערט נישט קיין גרויסן אַנסאַמבל ; 2) פאַר אַן איינאַקטער האָט מען נישט געדאַרפט דינגען קיין גרויסן סאַלאָן, וואָס האָט געפאָדערט אַ דערלויבעניש פונעם סטאַראָסטע, אַ זאַך, וואָס איז געווען פאַר־בונדן מיט גרויסע הוצאות ; 3) אַן איינאַקטער האָט מען געקענט פאָרשטעלן אין פאַרטיי־לאָקאַל, ווו עס איז געווייגלעך געווען אַ קליינע בינע ; 4) אַן איינ־אַקטער האָט מען געקענט פאָרשטעלן מער ווי איין מאָל. דאָך דאַרף געזאָגט ווערן, אַז פון מאָל צו מאָל זענען געמאַכט געוואָרן פּרווון דורכצופירן גאַנצע פּיעסעס מיט אַ באַדייטנדן דערפאָלג. אויף וויפל מיין זכרון דינט מיר, פלעג מען תמיד מקפיד זיין פאָרצושטעלן פּיעסעס פון בעסערן זשאַנר.

אַ באַזונדער אויפמערקזאַמקייט דאַרף געווידמעט ווערן דאָס אויפפירן ,,יוסף שפיל" אין די צוויי פורים־נעכט דורך דעם ,,בונדישן" דראַמאַטישן קרייז. די פאָרשטעלונג פלעג יעדעס יאָר פאָרקומען אין אוקראַינישן ,,פאָלקס־הויז", ,,דאָם נאַראָדני". יאָרן לאַנג איז אָנגעהאַלטן געוואָרן אַ דזשענטעלמען־אָפּמאַך מיט דער פאַרוואַלטונג פון ,,דאָם נאַראָדני", אַז די נעכט פון פורים און שושן־פורים איז דער סאַלאָן רעזערווירט פאַר דער ,,בונדישער" טרופּע. ביידע נעכט פלעג דער סאַלאָן זיין איבערפולט מיט צושויער. עס איז בכלל שווער צו באַגרייפן ווי אַזוי האָבן די זעלבע מענטשן געקענט יאָר איין יאָר אויס גיין זען די זעלבע פאָר־שטעלונג. די דאָזיקע דערשיינונג לאָזט זיך דערקלערן מיטן גרויסן הונגער וואָס די באַפעלקערונג האָט געהאַט צו טעאַטער.

די ,,יוסף־שפיל" טרופּע פלעג אויך מאַכן גאַסטראָלן אין די אַרומיקע שטעט־לעך און אויך דאָרט איז זייער שפּיל געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג.

אויף וויפל איך געדענק האָבן די הויפּט־ראָלן געשפּילט: חיים אַדאַווסקי, אַלס טאַטע יעקב, איטשעלע שטאַנגער אַלס יוסף, און ברוך (בוטשע) באַך אַלס יהודה.

פולע פּיעסעס (אַחוץ איינאַקטערס) האָבן פאָרגעשטעלט אויך די דראַמאַ־טישע קרייזן פון ,,התאחדות" און ,,מזרחי". צווישן אַנדערע האָבן זיי אויפגעפירט אַנדרעיעווס ,,זיבן געהאַנגענע"; האַופּטמאַנס ,,וועבער"; יעקב גאָרדינס ,,גאָט, מענטש און טייוול" און ,,מירעלע אפרת", שלום אַשס צווייאַקטער ,,מיטן שטראָם" און פּיעסן פון אַנדערע באַקאַנטע דראַמאַטורגן.

כמעט אַלע פאַראיינען האָבן געהאַט געזאַנג־כאָרן. אין די צוואַנציקער־יאָרן האָט זיך באַזונדער אויסגעצייכנט דער כאָר פון ,,בונד". נאָכדעם וואָס אייניקע פון זיינע חברים האָבן פאַרלאָזן די פּאַרטיי אָדער אויסגעוואַנדערט, איז זיין סטאַנדאַרט באַדייטנד אַראָפּגענידערט געוואָרן.

ביז די לעצטע 3—4 יאָר פאַר דער מלחמה האָבן די אָנפירנדע פּערזאָנען פון די פּאַרטייען שטאַרק מקפיד געווען, אַז צווישן די ווענט פון די פאַראיינען זאָל מען נישט שפּילן קיין האַזאַרד־שפּילן. דאַקעגן איז געווען שטאַרק פאַרשפּרייט דער שאַך־מאַט שפּיל. יעדן אָוונט, און אַמאָל בעת די טאָג־שעהן, האָבן אין פּאַרטיי־לאָקאַל צוויי, דריי פּאָרלעך געשפּילט שאַך, און אַרום זיי, ווי דער שטייגער איז, איז געשטאַנען אַ גרופּע ,,קיבעצער", וואָס האָבן געגעבן עצות דעם אָדער יענעם צד. אין בעלז זענען געווען אייניקע גוטע שאַך־שפּילער. איינעם פון זיי געפין איך פאַר נויטיק ספּעציעל צו דערמאָנען: דאָס איז געווען יאָסעלע שטיינפעלד ז"ל, ישראל ווערביזשערס זון. ישראל האָט זיך אַרויסגעצויגן פונעם דאָרף ווערביזש קיין בעלז אין די סוף צוואַנציקער יאָרן. ווי יעדער

דאָרפס־ייִנגל, וואָס איז אַריבער ווינען אין „שטאָט", איז יאָסעלע פאַרכאַפּט געוואָרן פון יעדער נייער זאַך, וואָס ער האָט נישט געזען אין דאָרף. באַזונדער האָט אים פאַרכאַפּט דער שאַך־שפּיל. אין עלטער פון 13—12 יאָר האָט ער שוין געהאַט אַ באַדייטנדע אַנונג אין דער שפּיל און פלעג באַזיגן אַלע „באַרימטע" שאַך־שפּילער פון שטעטל. דער שאַך־שפּיל האָט אים אויף אַזוי ווייט פאַרכאַפּט, אַז ער האָט גענומען אויסשרייבן שאַך־אויסגאַבן פון לאַנד און אויסלאַנד, און צוליב דעם שאַך האָט ער פאַרנאַכלעסיקט אַנדערע זאַכן.

איינמאָל האָב איך געהערט יאָסעלעס מוטער דערציילן פאָלגענדע מעשה: אַ געוויסע נאַכט האָט יאָסעלע גענומען רעדן פון שלאָף: „דער שוואַרצער מלך גייט פון פּאָס גימל־ד צו גימל־4, און דער ווייסער טורם פון פּאָס ח־1 צו ח־4 און זאָגט „שאַך" און נאָך אַזעלעכע דיבורים. די מוטער האָט זיך איבערגעשראָקן, ווער ווייסט וואָס דעם קינד איז געשען און אויף צומאָרגנס איז זי אַוועק מיט אַ „קוויטל" צום רבין בעטנדיק, ער זאָל מתפלל זיין, אַז איר קינד זאָל זיך אויסהיילן פון די „נאַכט־קאָשמאַרן".

אין בעלז האָט קיין שום שאַכמאַטיסט אים נישט געקענט מנצח זיין. ער פלעג שיקן אין די צייטונגען, אין די שאַכמאַט־אָפּטיילונגען, פאַרשידענע שאַך־פּראָבלעמען, און צענדליקער פון זיינע פּראָבלעמען און לייזונגען זענען דער־שינען אין נאָרוועגישן שאַך־פּעריאָדיזם, וואָס ווערט פאַררעכנט אַלס דער בעסטער אין דער וועלט. גרויס איז געווען יאָסעלעס פרייד ווען ער האָט באַקומען דעם ערשטן פּרייז פון נאָרוועגישן שאַך־פאַרבאַנד פאַר אַ קאָמפּאָזיציע אין דריי געגנג.

אין יאָר 1940 האָב איך באַגעגנט יאָסעלען אין קיעווער באַן־סטאַציע. איך האָב אים געטראָפן צוזאַמען מיט זיין חבר לאַזער שאַרגל. דאָס ערשטע וואָס ער האָט מיר געוויזן, איז געווען אַ לאָקאַלע צייטונג פון דער שטאָט סטאַלינאָ, אין דער געגנט פון דאָמבאַס, וווּ זיי האָבן ביידע געאַרבעט אין די קוילן־גרובן. אין דער צייטונג איז געווען אַ קאָרעספּאָנדענץ, אַז אין לאָקאַלן שאַך־טורניר האָט געזיגט דער יינגער „קוילנגרעבער" פון די באַפרייטע שטחים פון מערב־אוקראַינע, יוסף איזראַעלעוויטש שטיינפעלד. ווי פיל אַנדערע פּליטים, האָט אויך יאָסעלע מיט לאַזער שאַרגל פאַרלאָזט דעם דאָנבאַס און זיך אומגעקערט קיין לעמבערג. ווי טויזנטער אַנדערע האָט ער נישט געוווּסט וואָס עס דער־וואַרט אים.

### טאַנץ־אָוונטן

אַן אַנדער סאָרט פאַרווייַלונג זענען געווען די טאַנץ־אָוונטן, וואָס פלעגן אויך פּאַטראָניזירט ווערן פון די פאַראיינען. זיי פלעגן פאָרקומען אין פּאַרטיי־לאָקאַל

מיט אַ קליינעם אָפּצאָל און אין די גרויסע סאַלאָנען פון „נאַראָדני דאָם" און „סאָקאָל" מיט איינטריט־קאַרטן. די גרויסע טאַנץ־אָוונטן פלעגן געוויינלעך פאָר־קומען חנוכה, חול־המועד פסח און סוכות, און די רווחים זענען געווען באַשטימט פאַרן קרן קימת (די אָוונטן פלעגן אָרגאַניזירט ווערן דורך אַלע ציוניסטישע פאַראיינען), פאַר העלפן חלוצים עולה זיין אָדער דעקן די דעפיציטן פון די פאַראיינען.

צו דער סעריע פאַרווײַלונגען דאַרף מען צורעכענען אָרגאַניזירטע עקס־קורסיעס, זומער־קאָלאָניעס פון די חלוצישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס א.א. בקיצור, די בעלזער יידישע יוגנט איז באין אופן נישט געווען איניציאַטיוולאָז, און זי האָט נישט געשפּאָרט קיין מי אַריינצוברענגען קאָלאָריט און יום־טובדיקייט אין גרויען וואָכעדיקן לעבן פון דער יידישער אָרעמקייט, וואָס האָט געהערשט אין יידישן לעבן אין פּוילן.

*

אָפּטמאָל פלעגן באַזוכן אונדזער שטעטל אוקראַינישע טעאַטער־טרופּעס, וואָס זענען קינסטלעריש געשטאַנען אויף אַ מיטלמעסיקער הויך, מיט אַ פאַרבנ־רייכן רעפּערטואַר. אַ סך שטעטלישע יידן, בעיקר יינגוואַרג, פלעגן באַזוכן זייערע פאָרשטעלונגען. דער אוקראַינישער רעפּערטואַר האָט זיך ספּעציעל אויס־געצייכנט מיט זיין אַנטי־פּוילישער טענדענץ. היות אונטער דעם הערשנדיקן רעזשים האָט מען נישט געקענט עפנטלעך אויסדריקן די שטרעבונגען פון די אוקראַינער צו זעלבשטענדיקייט, פלעגן זיי עס מאַכן פאַרשטעלטערהייט, דורך טעאַטער־פאָרשטעלונגען.

זאָל באַטאָנט ווערן, אַז אויסער די פּיעסן פון אוקראַינישן אינהאַלט פלעגן זיי אויך געבן פאָרשטעלונגען איבערגעזעצטע פון יידישע מחברים, ווי למשל גאָלדפאַדנס אָפּערעטע „בר־כוכבא", אָדער „די מכשפה" א.א., כדי צוציען יידישע צושויער.

*

אין דער צווייטער העלפט פון די דרייסיקער יאָרן, ווען אין שטעטל איז איינגעפירט געוואָרן עלעקטרישע באַלייכטונג, האָט זיך געעפנט אין „סאָקאָל"־זאַל אַ קינאָ, צוערשט מיט שטימע פילמען, וואָס איז באַלד איבערגעגאַנגען צו קלאַנג־פילמען. די באַלעבאַטים זענען געווען פּאָליאַקן און די פּירערשאַפט איז איבערגעגעבן געוואָרן דער סאָקאָל־אַדמיניסטראַציע, וואָס אירע מיטגלידער זענען געווען אויסגעשפּראָכענע אַנטיסעמיטן. אַ סך פון די פילמען האָבן טאַקע געטראָגן אַ בולט יידנפיינטלעכן כאַראַקטער.

צוויי מאָל אין וואָך זענען געווען קינאָ־פאָרשטעלונגען: מוצאי־שבת און זונטיק אָוונט. מוצאי־שבת פלעג דער סאַלאָן זיין פול כמעט אויסשליסלעך מיט יידישע באַזוכער, און זונטיק אָוונט פלעג דער פובליקום זיין מערסטנס אַ פוילישער. אויב איך מאַך נישט קיין טעות, איז די מעשה וואָס איך וויל דאָ איבערגעבן פאָרגעקומען אין יאָר 1936, ווען אין פוילן האָט געבושעוועט אַן אויפגערייצטער אַנטיסעמיטיזם און עקסצעסן קעגן יידן זענען געווען מעשים בכל־יום; עקסצעסן, וואָס זייער קולמינאַציע־פונקט זענען געווען די פאָגראָמען אין פשיטיק, טשענסטאָכאָוו, ביאַליסטאָק און אַנדערע שטעט. פאַרשטייט זיך, אַז דער דאָזיקער גייסט האָט אויך אָנגעשטעקט די בעלזער פאָליאַקן, וואָס איז געקומען צו אַ ספעקטאַקולאַרן אויסדרוק ביי איינער פון די קינאָ־פאָרשטעלונגען אין „סאָקאָל" מוצאי־שבת. בעת דעם אינטערוואַל, זענען אַריינגעקומען אין פאָדער־זאַל אַ גרופע יונגע פוילישע כוליגאַנעס און זיך גענומען טשעפען צו דער יידישער יוגנט. אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט קללות און באַליידיקונגען, און פון רייד איז מען אַריבער צו קלעפ. היות די „סאָקאָל"־פאַרוואַלטונג האָט גאָרנישט געטאָן צו באַזייטיקן די כוליגאַנעס אָדער אַפילו צו פראָטעסטירן קעגן זייערע „מעשים טובים", האָט זיך אַלס פראָטעסט אויפגעהויבן דער גאַנצער פובליקום (וואָס איז באַשטאַנען כמעט אויסשליסלעך פון יידן) און פאַרלאָזן דעם לאָקאַל אינמיטן ספעקטאַקל.

היות די שטאָלצע פאָליאַקן איז נישט אָנגעשטאַנען צו געבן אַ מאָראַלישע סאַטיספאַקציע דער יידישער באַפעלקערונג, האָבן יידן גענומען באָיקאָטירן די קינאָ־פאָרשטעלונגען. די מוצאי־שבתים איז דער „סאָקאָל"־זאַל געווען כמעט ליידיק. דער יידישער באָיקאָט האָט פאַראורזאַכט גרויסע געלט־פאַרלוסטן די קינאָ־באַלעבאַטים, אויף אַזוי ווייט, אַז דער קינאָ האָט זיך געהאַלטן ביים שליסן. די „סאָקאָל"־אַדמיניסטראַציע האָט גענומען שיקן שטילערהייט פאַרמיטלער צו די פאָרשטייער פון דער יידישער באַפעלקערונג, צוזאָגנדיק אָנצונעמען מיטלען, אַז מער זאָלן אַזעלכע עקסצעסן נישט פאָרקומען און יידן וועלן מער נישט באַליידיקט ווערן אין די דלת־אמות פון „סאָקאָל"־זאַל. נישט האָבנדיק אָבער דעם מוט זיך עפנטלעך צו אַנטשולדיקן, האָבן זיי כלומרשט פאַרדינגען דעם קינאָ דעם אָפעראַטאָר פעטראָוו. אויף אַזאַ אופן האָבן זיי חלילה נישט געדאַרפט עפעס אַראָפּלאָזן פון זייער אויפגעבלאָזענער פוילישער גאווה און דער קינאָ האָט זיך פינאַנסיעל געראַטעוועט. פאַרשטייט זיך, אַז דער גאַנצער אָנשטעל איז געווען אַ סוד פאַר גאַנץ בראָד, און די יידישע יוגנט אין בעלז האָט געגעבן אַ לעקציע די פוילישע גרויסהאַלטערס, און בלית ברירה האָבן זיי געמוזט אַראָפּשלינגען די ביטערע פיל.

**מאיר רוטר**
חיפה

# תנועות השמאל („בונד" וקומוניסטים)

הזרעים הראשונים לתנועה הקומוניסטית בבלז, נזרעו עם פלישת הצבא האדום לפולין במלחמה הפולנית־הסובייטית בשנת 1920. הצבא האדום הגיע גם לבלז וזמן מה היתה העיירה תחת שלטון הבולשביקים.

היהודים שסבלו מהמלחמה יותר מאחרים ועם כינון פולין המחודשת הרגישו מיד ברוחות האנטישמיות שנשבו מהחלונות הגבוהים, ועל בשרם חשו את נחת זרועו של השלטון החדש (הפוגרום בלבוב והמעשים הנפשעים של ה„הלרצ'קים" — חיילי הגנרל הלר), אין לתמוה שחלק מהם, בעיקר הנוער, דמו לראות בקומוניזם, שדגל בשיווי זכויות לכל העמים, גואל ומושיע. ואכן חלק מהנוער היהודי המתוסכל הצטרף למחנה הבולשביקים, מתוך אמונה שאולי מכאן תצמח הישועה. גם בעיירתנו הצטרפו מספר צעירים יהודים לצבא האדום הכובש. היה מי שעשה זאת מפני שקסם לו הרעיון, היה מי שהצטרף מתוך עוני, והיו גם שעשו את הדבר מתוך יצר הרפתקנות. עם נסיגת הצבא האדום, הושארו מתנדבים אלה במקום, והפולנים המקומיים מסרו את שמותיהם לצבא הפולני. חלק מהצעירים היהודים הללו הצליחו להעלם מבעוד זמן ואילו שלושה נתפסו: הרש (צבי) וויניגר, בנו של פישל וויניגר; יצחק רוט, בנו של רב רפאל דיין, ובנו של חיים שטנגר (דער־שווארצער חיים). השלטון הפולני התנקם בהם באכזריות איומה. כפתו אותם לרגלי סוסים שדהרו במשך שעות בחוצות העיר, עד שגופותיהם התרסקו. לעת ערב השאירו את הגוויות המרוסקות בתעלה לא הרחק מן העיירה בצדי הדרך. כמה יהודים, חברי החברה קדישא ואחרים, שמו את נפשם בכפם, ובחשכת הלילה אספו את הגוויות והביאון בחשאי לקבר ישראל. זה היה פרק הדמים הראשון של פרשת הקומוניזם ברחוב היהודי בבלז.

עם התבססות השלטון הפולני, חזרו החיים הציבוריים למסלול רגיל, ומוסדות, אירגונים ומפלגות קמו והתארגנו בתוך האוכלוסיה היהודית. בהיות המפלגה הקומוניסטית מחוץ לחוק, לא היתה ניכרת פעולתה על פני השטח, ובמיוחד בעיירה קטנה כבלז, שלא היו בה מפעלי תעשיה, והאוכלוסיה הנוצרית בסביבתה היתה רובה ככולה כפרית־חקלאית.

עם התארגנותו המחודשת של ה„בונד", התרכזו בשורותיו בעיקר בני השכבות העניות, בעלי המלאכה והפועלים היהודים המעטים שהיו בתוך האוכלוסיה היהודית. בהיות ה„בונד" מפלגה, ששמה את הדגש על מלחמת המעמדות ושיחרור סוציאלי, ריכז ה„בונד" את רוב האלמנטים השמאלניים,

שעקב איסור החוק לא יכלו להפיץ רעיונותיהם בגלוי. הם ניצלו היותו של ה„בונד״ מפלגה ליגלית והצטרפו לשורותיו, אם כי חלקו על רבים מעקרונותיו. באמצע שנות העשרים חל פילוג במפלגת ה„בונד״ בפולין, וגם בבלז קמה אופוזיציה בתוך המפלגה. זאת היתה קבוצה מגובשת בעלת אידיאולוגיה קומוניסטית. הקבוצה הזאת יצרה קשרים עם מרכז המפלגה הקומוניסטית במחתרת, ממנה קיבלו הוראות וחומר הסברה להפצה. הקבוצה ניסתה ליצור קשרים גם עם לא יהודים, אבל ללא הצלחה, שהרי בבלז כמעט שלא היו קומוניסטים בתוך האוכלוסיה הפולנית והאוקראינית, חוץ מאחד או שני „סלון־קומוניסטים״. אומנם בכפרים, שהיו אוקראיניים, היו פה ושם מספר איכרים שדגלו ברעיון הקומוניזם, אולם הם היו בודדים. וגם אלה היו בעיקר מהגרים שחזרו מקנדה, ושם כנראה נדבקו באידיאולוגיה הקומוניסטית. אפילו בכפרים שהיו הרבה איכרים עניים, לא הצליחו הקומוניסטים לארגן בתוכם תאים של המפלגה. בסיכום, רק בין צעירים יהודים בעיירה, ואף אלה לא במספרים גדולים, הצליח הקומוניזם להכות שרשים.

כנאמר, היוותה הקבוצה האופוזיציונית ב„בונד״ את הגרעין של התנועה הקומוניסטית בעיירה. הבולט ביותר בקבוצה זו היה שמואל טולקס, בחור שניחן בכשרונות רב־צדדיים, בין בפעולה מקצועית בין בפעילות הסברתית. הוא היה אוטודידקט ובכוחות עצמו רכש השכלה ניכרת בשטחים שונים, שהיה זקוק להם בפעילותו המפלגתית. כאשר לשם פעולותיו האירגוניות היה זקוק לידיעת השפה האוקראינית, למד אותה במשך חודשים אחדים על בוריה, וספק רב אם רבים מבין האוקראינים המשכילים בבלז יכלו להתחרות עמו בידיעת השפה הזאת. רגשן היה שמואל, ובגלל נטיותיו לצדק ויושר, היה מגיב בזעם על כל עוול. את פת להמו הדל היה מתחלק עם כל רעב. לא אחת היה „מלווה״ לנצרך את פרוטותיו האחרונות ולעצמו קנה בהקפה מעט מזון בחנות מכולת זו או אחרת. קשה לתאר את הסבל והבזיונות שנפלו בחלקו בגלל רעיונותיו. לא תמיד היה שמואל בבלז. לעתים קרובות היה נעלם מן העיירה, והיה פעיל בלבוב, לובלין ווארשה. אבל גם אז לא ניתק את הקשרים עם חבריו בעיירה. פעילותו בערים גדולות, הרחיבו את אופקיו והעמיקו את ידיעותיו ונסיונו בשטח האידיאי והאירגוני. שמואל ניחן גם בכושר הבעה, היה נואם ופולמוסן מוכשר, עד שאפילו יריביו המושבעים הודו שנהנו מהרצאת דבריו והבעת רעיונותיו.

בהיות המפלגה הקומוניסטית בפולין מחוץ לחוק, התארגנו הקומוניסטים באירגונים מוסווים כגון: „פ.פ.ס. שמאל״ בין הפולנים; „סל־רוב שמאל״ בין האוקראינים, ו„אַלגעמיינע יידישע אַרבעטער פּאַרטיי״, בקיצור „א.י.א.פ.״ בין היהודים. עיקר פעולתה של המפלגה הזאת היתה בגליציה המזרחית ווולין. גם בבלז נפתח סניף של „א.י.א.פ.״, שרוח החיה בו היה שמואל טולקס. אומנם לא נמנה רשמית על חבריו, וזאת מטעמים ידועים, אך הוא היה האיש שעמד

מאחורי כל פעולה. הסניף של „א.י.א.פ." הוקם לפי כל הדרישות של החוק. לפי החוק צריך היה לבחור כל שנה בועד סניף חדש, במזכיר וביושב ראש, ולהביא הכל לאישור השלטונות. לפי החוק, כל אסיפה, הרצאה פומבית, נשף ופעולות אחרות, שהשתתפו בהם אנשים מחוץ לחברי האירגון (חוק זה חל על כל האירגונים), צריך היה לקבל אישור מראש מה„סטרוסטה" (מושל הנפה) שמקום ישיבתו היתה בסוקאל הסמוכה. למותר לומר שהשלטונות השתדלו להעניק ככל האפשר פחות אישורים להופעות. בכל זאת הצליחו לארגן, יחסית, הרבה הופעות והרצאות על נושאים שונים. כדי לא להזדקק לרשיון מראש, השתמשו רוב האירגונים ב„סעיף 2". שכן בחוק ההתכנסויות ואסיפות ציבוריות, קיים היה „סעיף 2" אשר לפיו אפשר היה לכנס קהל רק בחדרי האירגון, ע"י שיגור הזמנות אישיות. התכנסות כזאת היתה פטורה מקבלת אישור מראש מידי השלטונות. צריך היה רק להודיע מראש שבוע־שבועיים על קיומה ולציין את נושא הפעולה. תוכנן של ההזמנות היה בערך כך:

לכבוד...

לפי צו שר הפנים של ממשלת פולין מתאריך... ולפי חוק האסיפות משנת... ולפי סעיף 2 של החוק הנ"ל, הנך מוזמן לאסיפה־מסיבה־נשף, שיתקיים ביום... בשעה... ב..: ידובר על הנושא... בהשתתפות...

נא לראות בזה הזמנה אישית גרידא.

החתומים: יושב ראש ...

מזכיר ...

תאריך...

הנקל לתאר כמה עבודה צריך היה להשקיע רק בכתיבת ההזמנות, שהגיעו לפעמים למאות אחדות, באין בבלז בית־דפוס. את ההזמנות היו מחלקים אישית לכל מוזמן, משני טעמים: כדי ליצור מגע אישי ולחסוך בבולים. במשך זמן קיומה של „א.י.א.פ." נערכו כל אסיפותיה בחדרי האירגון, משום שמעולם לא הצליחה לקבל רשיון לקיים אסיפה באולם גדול. בראש „א.י.א.פ." שמרכזה היה בלבוב, עמדו 2 „יורדים" מארץ־ישראל שגורשו על ידי השלטונות הבריטיים בגלל פעילותם ב־פ.ק.פ. — המפלגה הקומוניסטית הפלשתינאית.

למרות היות „א.י.א.פ. מפלגה יהודית, והדעת נותנת שעיקר פעילותה צריכה היתה להיות מכוונת נגד הציונות, לא היה למעשה הדבר כך. בשל הקו הצנטרליסטי הקפדני של ה„קומאינטרן" כוונה עיקר מלחמתן של המפלגות הקומוניסטיות בתקופה ההיא, נגד מה שכונה בפיהן ה„סוציאל־פאשיסטים". כינוי שהודבק לכל המפלגות הסוציאליסטיות לכל גווניהן. נמצא שברחוב היהודי עיקר פעולת „א.י.א.פ." היה מכוון נגד ה„בונד", ובמקצת גם נגד

ה„התאחדות״, שבראשית שנות השלושים התאחדה עם מפלגת „פועלי־ציון״ ימין. סיבה נוספת שרוב חיציה של „א.י.א.פ.״ כוונו נגד ה„בונד״ נבעה מהעובדה שהאירגונים הציוניים רוב חבריה לא באו משכבות הפועלים ובעלי מלאכה, ואילו חברי ה„בונד״ גוייסו ברובם משכבות אלה. צריך להודות שההצלחה האירה פנים בשטח זה ל„א.י.א.פ.״, שכן בזמן הקצר שהאירגון היה קיים עברו אליו רבים מחברי ה„בונד״.

„א.י.א.פ.״ שמה את הדגש בעיקר על פעולות „תסיסה״. הואיל ובבלז לא היה קיים מעמד פועלים ממש מחוסר מפעלי חרושת בעיירה, ושביתות הרי צריך לארגן — כי כך הורה המרכז — ניצל הסניף בבלז את התקופה שלפני חג הפסח, כאשר לאפיית מצות נשכרו לעבודה הרבה נשים, בין נשואות, בין רווקות, כדי להרוויח משהו בשביל החג שהוצאותיו מרובות. העבודה היתה מפרכת, נמשכה 12—14 שעות ביום, ועשרות נשים היו עומדות בשני צדי שולחן העבודה ומגלגלות את המצות. התשלום היה לפי מספר ה„תנורים״ שהספיקו לאפות באותו יום. וה„וועלגערינס״ (אלה שעבדו במעגילה) היו לפי ה„דירוג המקצועי״ מהדרגה הנמוכה. במשך שבועיים־שלושה השתכרה עובדת כזאת לא יותר מ־100 זלוטי. התנאים הסניטריים היו מתחת לכל ביקורת. הרעש היה ללא נשוא — גערות וצעקות ללא הפסק מצד בעלי המאפיות וה„שיבערס״ (המרדאים), היינו, אלה שהיו מכניסים על המרדה את המצות לאפייה.

בשנת 1931, בתיך גל השביתות ש„א. י. א. פ.״ אירגנה בגליציה להטבת תנאי העבודה והשכר של הפועלים, הצליח הסניף בבלז לארגן עם „פרוליטריון״ זה שביתה בכל המאפיות לפני פסח שארכה יום וחצי. הלחץ והאיומים מצדדים שונים נגד השובתים לא הועילו, ורק אחרי משא־ומתן מייגע שופרו במקצת תנאי העבודה. ההישג העיקרי היה שיום העבודה לא ארך יותר מתשע שעות, וחלוקה יותר צודקת של ה„דירוגים״ ושל „דמי־השתיה״ שהעובדים היו מקבלים מבעלי־הבתים שבאו לאפות מצות לפסח.

שביתה שניה, וזו על רקע פוליטי מובהק, אורגנה במנסרה היחידה שהיתה בבלז, באחד במאי 1932. רוב העובדים במנסרה היו בני איכרים מכפרי הסביבה, אוקראינים, שמעולם לא שמעו ולא ידעו מה זה אירגון פועלים. בעזרת פועלים יהודים אחדים, שהוחדרו למנסרה ובעזרת מספר פועלים קבועים, בעיקר בעלי מקצוע, הצליחו אנשי א.י.א.פ.״ להשבית את המפעל בחג הפועלים. במנסרה עבדו אז למעלה ממאה פועלים, והשביתה עוררה את זעמה של המשטרה, שבאה עליה כרעם ביום בהיר. יתר על כן, לא רק העבודה במנסרה הושבתה, אלא גם הודבקו על שערי המפעל ועל הרבה קירות בעיירה כרוזים וכרזות של המפלגה הקומוניסטית לקראת האחד במאי. המשטרה אסרה מספר

פועלים, אבל לא הצליחה לגלות את מארגני השביתה. באין הוכחות שיחררה למחרת היום את העצורים.

בקיץ 1933 פורקו לפי צו משרד הפנים כל האירגונים השמאליים בגליציה ווולין: לפנות בוקר הופיעו אנשי המשטרה והבולשת בבתיהם של חברי הועד של „א.י.א.פ." וערכו חיפושים מדוקדקים בבתיהם. הביאו אותם לבית המפלגה, שם ערכו חיפוש נוסף, החרימו כל שהיה בתוך הבית, סגרו בחותם המשטרה את הכניסה ואת חברי הועד עצרו לשם חקירה. חברי הועד, שלושה בחורים ובחורה אחת היו במעצר קרוב לחודשיים. החמישי לא נעצר בגלל העדרו מהבית באותו בוקר והצליח להסתתר. תחילה נחקרו העצורים על ידי בלשים לא מבלז שבאו במיוחד. אחר כך הועברו לחקירה אצל שופט־חוקר. החקירות העלו חרס. מבלי לדעת את הסיבה, יש לציין שהחקירות לא התנהלו בשיטות המקובלות של המשטרה הפולנית, החוקרים הסתפקו באיומים ולא השתמשו באלימות. עוד יש לציין, שהסוהרים הממונים על בית־הסוהר בבלז, התייחסו באדיבות יוצאת מהכלל לעצורים, וגם עזרו להביא להם מזון נוסף ואפילו חומר קריאה על ידי בני המשפחה וחברים, דבר שהיה בהחלט נגד תקנות בית־הסוהר.

כך הקיץ הקץ לפעולה הליגלית של המפלגה הקומוניסטית בבלז. בסוף שנות השלושים, בעת „משפטי מוסקבה" הפסיקו רבים מחברי המפלגה את פעילותם. לא יצאו ימים מרובים ופרצה מלחמת העולם השנייה ויחד עם שאר היהודים נפוצו הקומוניסטים היהודים לכל עבר.

בנובמבר 1939 פגשתי בלבוב את שמואל טולקס, שהגיע לשם מלודז׳. זה היה כחודשיים אחר כיבוש מזרח פולין ע"י הצבא הסובייטי, וכבר ניתן היה להכיר מקרוב את טיבו של המשטר החדש. כששאלתי בתומי את שמואל לחוות דעתו על הסדרים החדשים, ענה לי בזו הלשון:

„הרי אתה מכיר אותי לא יום אחד ואתה יודע את עברי. אני אומר לך שאינני מתחרט על כל מה שעשיתי, ואינני מצטער על כל הסבל שעבר עלי בגלל אמונתי ופעלי. רק על מעשה אחד שעשיתי אני מצטער מאד. בפרוץ המלחמה הייתי בלודז׳. עם כיבוש העיר על ידי הגרמנים, ספגתי מכות רבות מידי ה„ס.ס.". בשומעי על הכיבוש הסובייטי של מערב־אוקראינה, שמתי פעמי לגבול. בעוברי עם עוד פליטים את הגבול, עצרו אותנו חיילים ממשמר הגבול הסובייטי. הדבר הראשון שעשיתי היה, שחיבקתי ונישקתי לחייל שעצר אותי". בסיום סיפורו אמר לי שמואל: „רק על ההתחבקות הזאת אני מצטער...". שמואל טולקס גורש יחד עם רבים אחרים לאזורים הרחוקים של ברית־המועצות, שם מת אחרי מחלות ורעב. מעטים מאוד מאותה קבוצה נשארו בחיים.

מאיר רוטר
חיפה

# בחירות

## בחירות לסיים (פרלמנט) הפולני

ב־1921 זכתה מדינת פולין המחודשת בחוקה דמוקרטית. באותה שנה התקיימו בחירות לשתי בתי הפרלמנט, לסיים ולסינט. לבחירות התייצבו רשימות רבות הן בסקטור הפולני הטהור, הן בסקטורים של המיעוטים הלאומיים השונים. בגליציה, בסקטור היהודי, הופיעו כל המפלגות הציוניות ברשימה אחת וה„בונד" ברשימה נפרדת. חוץ מחריגים לא חשובים נערכו הבחירות לסיים הפולני הראשון לפי כל כללי הדמוקרטיה. היהודים זכו בנצחון פרלמנטרי גדול ובסיים הפולני הראשון היו למעלה מארבעים צירים יהודים.

גם בבלז כמו במקומות אחרים התנהלה „מלחמת בחירות" והרושם הכללי היה כאילו רק היהודים משתתפים בבחירות לסיים הפולני. שכן הפולנים והאוקראינים תמכו מראש ברשימות הלאומניות שלהם, באין מפלגה סוציאליס־טית בעיירה, לא בסקטור הפולני ולא בסקטור האוקראיני. לעומת זאת, ולמרות המספר הלא גדול של בעלי זכות בחירה בעיירה כבלז, לחמו בחריפות הרשימות היהודיות על כל קול, והרעש היה גדול.

בשנת 1926, אחרי ההפיכה הצבאית של פילסודסקי, עברו רוב המפלגות בפולין, הימניות והשמאליות לאופוזיציה. משטר ה„סאנציה" (שם מפלגתו של פילסודסקי) היה דיקטטורי במהותו, וראשית פעולתו היו רדיפות ומאסרים של ראשי המפלגות האופוזיציוניות. בסקטור היהודי היו מפלגות שהשלימו עם המשטר החדש, תודות לאגדה שהיו לה מהלכים בין חוגים רבים של יהודי פולין, שפילסודסקי הוא אוהד יהודים. על יסוד אגדה זו השלים חלק של הציבור היהודי עם השלטון הפסבדו־פשיסטי של פילסודסקי. ברם, רוב המפלגות היהודיות לא השלימו עם המצב הזה ונלחמו ב„סאנאציה" בכל האמצעים שהיו בידן, להבטחת זכויות היהודים בפולין.

ש„אהדת היהודים" של פילסודסקי היתה אגדה יעיד המקרה הבא. מיד אחרי ההפיכה הצבאית ב־1926 פרצו מהומות אנטי־יהודיות באוניברסיטאות של פולין, שאורגנו על־ידי הסטודנטים האנטישמיים, בעיקר ממפלגת ה„אנדקים". באוניברסיטת לבוב נפצעו הרבה סטודנטים יהודים. משלחת של צירים יהודים מהסיים הפולני, בראשו של יצחק גרינבוים, התייצבה לפני פילסודסקי, ותבעה לנקוט באמצעים להפסקת הפרעות באוניברסיטאות. פילסודסקי שאל את המשלחת כמה הרוגים היו בין הסטודנטים היהודים, וכשנענה שהיו „רק הרבה" פצועים,

התרעם שבשביל דבר של מה בכך כזה, באו להפר את סדר יומו. הבאתי מקרה „פשוט" זה כעדות עד היכן הגיעה „אהדת היהודים" של הרודן הפולני המרשל פילסודסקי.

ב־1928 היו בחירות חדשות לסיים ולסנט, שהוכנו לפי כל כללי ה„דמוקרטיה החדשה". מעצרים ומאסרים של אלמנטים בלתי רצויים לשלטון היו דבר יום־יומי. אבל כדי להבטיח את ה„ניצחון" חתרו השלטונות לקבל תמיכה בין חלקים שונים של האוכלוסיה ואצל מנהיגים של מפלגות שונות. בין אלה נמנו החוגים הדתיים השמרניים בסקטור היהודי.

מפה לאוזן סופר כי ד"ר שמעון פדרבוש, ממנהיגי „המזרחי", שהיה מועמד לסיים ברשימה הציונית, ערך ביקור אצל הרבי ר' אהר'לה, שהבטיח לו את תמיכתו בבחירות שמשמשו לבוא. אבל לא כך גרסו המקורבים ו„אנשי המעשה" שבין החסידים. לדעתם יהיה „יותר טוב ליהודים", אם יצביעו בעד הרשימה הממלכתית. ואכן חסידי בלז נתנו מלוא תמיכתם לרשימת ה„סאנאציה". ומובן מאליו שהדבר נעשה בשמו של הרבי. אך יותר מהתמיכה עצמה למפלגת השלטון, אופייניים הצורה והאמצעים שננקטו ליישומה. בשבתות, לפני קריאת התורה, היה הגבאי „מכריז ומודיע" בשם הרב שכל יהודי חייב להצביע בעד רשימת ה־ב.ב. רשימת ה„סאנאציה". ולא עוד אלא גם נשלחו רצים לכל חלקי המדינה, להזהיר את חסידי בלז, שלא יתנו קולם בבחירות לרשימה של הציונים האפיקורסים.

אשר לבלז עצמה, התנהלה מערכת בחירות ערה ורבת תנופה על־ידי המפלגות הציוניות, שהבוחרים היהודים יצביעו בעד הרשימה הציונית המאוחדת. מכל המפלגות היהודיות היה ה„בונד" המפלגה היחידה שניהלה תעמולה גם נגד ה„סאנאציה", גם נגד הרשימה הציונית. למרבה הצער אני רואה חובה לציין שמלחמת הבחירות מצד החסידים היתה מהסוג הידוע של מלחמתם נגד הציונות בכלל. לא חסרו „מעשים יפים", כהלשנה וקיפוח פרנסות, והכל בנוסח של ה„נותן תשועה"... זכורה לי היטב השבת שלפני יום הבחירות, כאשר בבית־המדרש, לפני קריאת התורה, הוקרא „קול קורא" מטעם הרבי שעל היהודים להצביע בעד רשימת ה„סאנאציה". נשמעו קריאות ביניים מפי מספר צעירים נגד ה„קול קורא" ולטובת הצבעה בעד הרשימה הציונית. החסידים (ולשבחם של תושבי בלז) רובם לא בלזאים, תקפו את הצעירים, והיו פצועים משני הצדדים. בראות החסידים שידם של הצעירים על העליונה, הזמינו את המשטרה לבית־המדרש, שעצרה רבים מבין הציונים הצעירים. לעולם לא אשכח את המחזה המדכא, איך משני צדי הבמה (באלעמער), עמדו שוטרים פולנים עם רובים מכודנים, (אגב, לפי החוק אסור היה לשוטר להכנס עם נשקו לבית תפילה כלשהו) ועל הבמה במרכז, עמד מפקד המשטרה המקומית (ויונזק היה שמו), לשמור שהציונים לא יפריעו בקריאת התורה. הצעירים

שנעצרו הוחזקו במעצר עד אחרי הבחירות. אחדים מהם נתבעו אחר כך לדין בעוון הפרת הסדר הציבורי.

בתגובה על המעצרים ניפצו שניים־שלושה צעירים חמומי־מוח, את השמשות בבית הרבי. זה היה באותה שבת לפנות ערב, בעת עריכת הסעודה השלישית. בתגובה נערכו מעצרים נוספים. רק בהתערבותו הנמרצת של העורך־דין ד״ר ליאון טאובה שוחררו אחדים מהבחורים בערבות.

אך שיא ה„דמוקרטיה" היה ביום הבחירות. בעיירה נפתחו 2 קלפיות בלבד, אחת בבנין ה„סוקול", ואחת בבית ה„מגיסטרט" (העיריה). רוב חברי וועדת הקלפי היו מאנשי השלטון, ורק אחד או שניים היו מהרשימות האחרות. בחוץ לפני הבניין, שבו היתה הקלפי, עמדו משמרות של ה„שצ׳לצים" (רובאים) במדיהם כתגבורת לשוטרים, כדי לשמור כביכול על הסדר. שומרים אלה, רובם מבני המקום, הכירו את רוב בני העיר, וקבעו מי יכנס להצביע ומי ישאר בחוץ. בעד מחאה כל שהיא נגד ה„סדרים" האלה, עצרו מיד את המוחה בעוון הפרת הסדר, ואלה שלא נעצרו, זיכו אותם בדחיפות גסות, שחשו אותן זמן רב לאחר מכן. ומי שכבר הצליח להופיע בפני וועדת הקלפי, ערמו נגדו קשיים מקשיים שונים כדי למנוע ממנו רשות ההצבעה. לא הועילו ההתערבויות של חברי וועדת קלפי מהרשימות האחרות. התגובה של היו״ר, שהיה, כמובן, איש מפלגת השלטון, היתה: זכותכם לרשום את מחאתכם בפרוטוקול. מטעם ה„אונדא", הרשימה האוקראינית הלאומית, ישב בוועדת הקלפי העורך־דין סלהוב. הוא רשם כל היום את המקרים של הצבעה בלתי חוקית. לפנות ערב „קראו" לו לטלפון לחדר השני, ובחוזרו ראה שנעלמו כל הרשימות שרשם במשך היום. אשר למצביעים היהודים, תומכי הרשימה הציונית ושל ה„בונד", אלה ממש חרפו נפשם כדי שיוכלו להצביע. מופת נוסף לטהרת הבחירות תשמש העובדה, שברשימות בעלי זכות בחירה הופיעו הרבה שמות פיקטיביים ואף לא היססו להכניס בהן שמות של שוכני עפר. חוץ מזה הופיעו שמות של אנשים שאף לא גרו בבלז. אלה הצביעו בשני מקומות.

היו גם תופעות גרוטסקיות באותן „בחירות", לדוגמה:

לפני וועדת הקלפי הופיע „יושב" עם זקן ופיאות, לבוש קפוטה ואבנט, והציג תעודת זהות של אשה כבת 60. כל הנימוקים וההתנגדות של חברי וועדת הקלפי מטעם הרשימות האופוזיציוניות לא הועילו. ה„יושב" בעל תעודת הזהות של האשה הצביע. כך הופיעו נערים צעירים שקיפלו פיאותיהם מאחורי אוזניהם, פניהם עטופים במטפחת כאילו סבלו מכאב שיניים, ובידיהם תעודות זהות של אנשים שנפטרו מזמן. גם הם הצביעו. וכל זה נעשה כביכול לשם שמים, מפני שזה „טוב ליהודים". וכשהרבי הלך להצביע מלווה בהמון חסידיו ומקורביו, לא נעדר מחמת עינא בישא גם משמר כבד של שוטרים. ובכל זאת, בהגיע הרבי ופמלייתו למגרש שלפני העיריה כיבדוהו צעירי „גורדוניה" בזרים, ולאו דווקא של פרחים...

ולסיום הפרסה שכונו בחירות לסיים, נעצרו בעת ספירת הקולות המשקיפים מטעם הרשימה הציונית והבונדאית, אהרן ארליך ומשה בער אדובסקי, שהוחזקו במעצר עד גמר מנין הקולות. ובכל זאת, למרות הטירור והזיופים, קיבלה הרשימה הציונית מאות קולות.

לסיכום פרק הבחירות לסיים ב־1928, ברצוני לציין את שמותיהם של הפעילים ביותר למען הרשימה הציונית, והם: אהרן ארליך, אהרן ראובן מאיר, ד״ר ליאון טאובה, יוסף פלק, נחום ברגשטין, האחים שטיגליץ ומאוטנר. למען רשימת ה„בונד״ היו פעילים אדובסקי, שץ, בק, לשצ׳ובר, סטוליאר ואחרים.

בשנת 1935 התקיימו בחירות לסיים ולסינט לפי חוקי ה„קונסטיטוציה״ החדשה. בחירות אלו הוחרמו ע״י חלקים גדולים של האוכלוסיה, עפ״י המלצת מפלגות האופוזיציה שהחליטו להחרים אותן. רק אותן המפלגות, בין הנוצריות, בין היהודיות, כמו „אגודת ישראל״, שהסתגלו תמיד לקו הממשלתי לקחו חלק בבחירות אלה. גם בבלז היתה החרמת הבחירות כמעט מוחלטת. האוקראינים, שהתבדלותם הלאומנית גברה מיום ליום למרות ה„פציפיקציות״ עקובות הדם, שערכו מדי פעם השלטונות בכפרים, החרימו את הבחירות כמעט במאה אחוז; גם מהאוכלוסיה היהודית הלכו לקלפיות רק מ„אנשי שלומנו״ וקומץ זעיר של רביזיוניסטים, שמפלגתם לא החרימה את הבחירות, באזורים שלא הופיעה רשימה יהודית הצביעו בעד ה„סאנאציה״.

### בהירות לוועד הקהילה

בשנת 1930 או 1931 התקיימו בבלז בחירות לוועד הקהילה, שעד אז לא נבחר בבחירות כלליות. השתתפו כמה רשימות: הרשימה ה„מסורתית״ של מקורבי ה„חצר״, שהיתה מורכבת מאותם האנשים ששימשו תמיד כפרנסי הקהילה; המפלגות הציוניות הקימו רשימה מאוחדת, שנתמכה ע״י „אירגון הסוחרים״ ו„יד חרוצים״ — אירגון בעלי מלאכה; ה„בונד״ לא הופיע ברשימה נפרדת, ונתן יד חופשית לחבריו להצביע בעד הרשימה הציונית. זאת היתה הפעם הראשונה שה„בונד״ לא נלחם בציונים, אלא אף תמך בהם בסמוי בנותנו לחבריו אופציה להצביע בעד הרשימה הציונית. בראש הרשימה הציונית עמד העורך־דין ד״ר ליאון טאובה, שאומנם נבחר כראש וועד הקהילה. אם כי היה ברור כי רבות לא יוכל לעשות ב„וועד הקהילה״, הרי היתה השמחה גדולה במחנה הציוני, שכן בפעם הראשונה הצליחו הציונים לשבור מסורת של שלטון דורות של החסידים, שנהנו תמיד מתמיכת הרשות.

### בחירות מקומיות

גם בבחירות למועצה המקומית, שהתקיימו כל כמה שנים, חזרו ונשנו התחבולות והתככים של הבחירות לסיים. השוני היה רק בזה שעד לשנת 1935

נערכו הבחירות המוניציפליות בארבעה שלבים, לפי „קוריות", ירושה שקיבלה הרפובליקה הפולנית בגליציה מהקיסרות ההבסבורגית. האוכלוסיה היתה מחולקת לארבע קוריות. ובמשך ארבעה שבועות, הצביעה כל שבוע קוריה אחרת. הקוריות היו מחולקות לפי מעמד, רכוש, עיסוק וכיו"ב. בשבוע הראשון הצביעו האזרחים שנמנו על ה„אליטה"; בשבוע השני הצביעו בעלי רכוש: סיטונאים, בעלי קרקעות גדולים וכיוצא באלה; לקוריה השלישית השתייכו הקמעונאים, בעלי־מלאכה, רוכלים וכו'; וב„קוריה" הרביעית הצביעו אנשי „עמך". הזכות להצבעה ניתנה רק למשלמי המס העירוני. יצא שלתושבים רבים לא היתה זכות בחירה. האופייני בבחירות אלה היא העובדה שברשימה שנתמכה על־ידי השלטונות, הופיעו יחד מועמדים פולנים ויהודים „מטעם". אלא שלראש העיר נבחר תמיד פולני וליהודים חברי המועצה, ש„ייצגו" את האוכלוסיה היהודית, נותר התפקיד ה„מכובד" להצביע תמיד בעד הצעותיו של ראש העיריה. ואם אי־פעם השיגו היהודים הנחה כלשהי, היתה היא תוצאה של שתדלנות. ב־1935, עם נתינת „קונסטיטוציה" חדשה למדינת פולין, בטלו הקוריות, והבחירות המוניציפליות התקיימו לפי מיטב כללי ה„דמוקרטיה". גם אז נתמנה על־ידי הרשות המרכזית לראש העיריה פולני, קצין במילואים בשם ליפרט, שכיהן בתפקיד זה עד לפרוץ המלחמה.



בני משפחות

מיטגלידער פון די משפחות: וויינבערגער, אוסטער, דאַנער, לעסער, הייל‏מאַן. אַ טייל האָבן זיך געראַטעוועט און לעבן אין ישראל, דער רוב — אומגעקומען.



קבוצת חברות בראשית שנות השלושים.
אַ גרופּע חברות אין אָנפאַנג 30־קער יאָרן.



קבוצת חברים בראשית שנות ה־30.
אַ גרופּע חברים, אָנפאַנג 30־ער יאָרן.

פון רעכטס צו לינקס:
אייזיק בלאָך (אומגעקומען);
יהושע גראַסמאַן (אומגעקומען);
יהושע גרינער (אומגעקומען);
שמואל שפּינדל, לעבט אין ישראל.

ברוריה הוניגמן (פאלק)
חיפה

# בין שני נהרות

מקום הולדתי הוא בין שני נהרות שהקיפו מעגל בוצני. בתוכו — שורות בתי־עץ רעועים, צמודים זה לזה, מטים מעייפה, מרוב דאגה, מחסור וחרדה.

אמנם פה ושם העזו כמה בתי־אבן להתרומם מעל „דרגת העץ״, אך כולם כאחד בוססו בסימטאות אפילות, נושקים מדרכות צרות ורעועות.

גבירים ואביונים שמחו וצערו יחדיו בחול ובקודש.

וכיצד ידענו על המתרחש בעולם? בנו של יצחק „פוילישר״ ז״ל, הארוך, בבואו מתחנת הרכבת היה צועד בסך עם חבריו, והם, בשובם היו מוסרים מפה לפה חדשות לכל.

...הרב שלנו זצ״ל, בראש כולם עמד הוא איתן כמגדלור, ששפך אור על המוני העם. כולם נהרו לחפש עצה ותושיה, פורקן וחמימות בקרנו הארוכה.

ובחג? המונים רבים ממלאים את הרחוב. לבושי „שחור-חג״ ושפתם בבל, עד כי תמהתי אם בני עם אחד המה... אלה הם בני גולת פולין שהתקבצו להפיג כאבם הבלתי־נדלה, להזיל דמעותיהם ולצפות „בתשליך״ הנסחף בנהרות הרדודים שסבבו את העיר.

שמחת תורה היתה גם חגם של הילדים ומקור שמחתם. נחמן שמש ז״ל צעד בחלוקו הלבן ומקלו בידו, ועל גבו שק מעדנים. דרך ליצנים היה רבי נחמן משליך את תוכן שקו על הארץ הבוצית, ובהשתטח הילדים הרבים על קומץ התפוחים והסוכריות, היה שופך עליהם מים צוננים מדלי.

וגם לגויים היו חגים, חגים משלהם. שתי הכנסיות, הקתולית והפרבו־סלבית, ניצבו כשני זקיפים עם פעמוניהם הרמים והיו כמשמיעים לנו את אזהרתם, „לא תימלטו, לא תימלטו״, וצליליהם נשמעו עד ירכתי העיר, חלפו על פני גשרי „הנזירות״ והביאו דבר־חגם לערלי הכפר גורה ולעבר הביצה („זבלוטי״) שם נטמעה בשורתם...

**חיה רחל שטיגליץ (האַלצמאַן)**
**אורוגוויי**

# אין דער ערשטער וועלט־מלחמה

עטלעכע טעג פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן זיך אין בעלז אָנגעהויבן זאַמלען רעזערוויסטן, מערסטנס אוקראַינער פון די אַרומיקע דערפער, וועלכע זענען מאָביליזירט געוואָרן אין דער ארמיי. זייע זענען געקומען קיין בעלז מיט וועגענער, כדי צו פאָרן ווייטער מיט דער באַן. דערווייל פלעגן זיי זיך אַרומדרייען אין מאַרק און... באַפאַלן יידן, געשלאָגן און געכאַפּט וואָס ס׳האָט זיך געלאָזט.

עס איז דאַן געשאַפן געוואָרן אַן איינהייט פון לאַנדשטורמיסטן צו האַלטן אָרדנונג אין שטאָט. צווישן די לאַנדשטורמיסטן זענען געווען עטלעכע יידן. איך געדענק פון זיי: נפתלי מאַוטנער, פישל וויניגער און סענדער כאַמאַלקעס. זיי זענען געווען געקליידט אין בלאָע אוניפאָרמען פון עסטרייכישן מיליטער און האָבן געטראָגן געווער.

צווישן אַנדערע איז די אופגאַבע פון די לאַנדשטורמיסטן געווען צו פירן די באַפעלקערונג גראָבן אָקאָפּעס. אויף וויפל איך געדענק, האָט מען געגראָבן אָקאָפּעס נישט ווייט אויסער דער שטאָט, נעבן זאַמעק.

אַ געוויסן טאָג האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די רוסן זענען נאָענט און זיי וועלן אָקופּירן בעלז. די גוישע באַפעלקערונג האָט זיך מיט דעם נישט שטאַרק איבערגענומען. די יידישע באַפעלקערונג האָט אָנגעהויבן אויסבאַהאַלטן זאַכן אין די קעלערן און פאַרגראָבן ווערטזאַכן. דערנאָך האָט דער רוב פון דער יידישער באַפעלקערונג פאַרלאָזט בעלז — מען איז אַנטלאָפן קיין היוווניוו און אין די אַרומיקע דערפער. אונדזער משפחה — מיינע עלטערן, ביילע און יהושע האָלצמאַן ז״ל, מיין שוועסטער רישע און ברודער מענדל ז״ל — זענען אַנטלאָפן אין דאָרף קעלווו, עטלעכע קילאָמעטער פון בעלז, אין דער וויטקאָווער זייט. מיר זענען אַנטלאָפן מוצאי־שבת — צו פוס.

יעדער פון אונדז האָט גענומען מיט זיך עפּעס זאַכן. מיר, געדענק איך האָט מיין מאַמע איינגענייט אַ פּאַס מיט צירונג. אַ גאַנצע נאַכט זענען מיר געלעגן אויסער דער שטאָט, אין אַן אָרט וואָס האָט געהייסן **נעטרעס**, צווישן זשאַווערן. איך האָב זיך אין מיטן דער נאַכט פאַרלוירן פון מיינע עלטערן, ביז מיין פעטער וויגדער (אביגדור) האָט מיך געפונען, געהאַלטן מיך לעבן זיך און אין דער פרי מיך אָפּגעגעבן מיינע עלטערן. אין דער פרי איז אַן אַנדערער פעטער מיינער, אברהם בער, געגאַנגען קיין גירע, אַ דאָרף נאָענט צו בעלז, און געברענגט אַ וואָגן. מען האָט אויפגעלייגט דאָס ביסל זאַכן, די פרויען מיט די קינדער זענען אַרויף אויפן

וואָגן און אָנגעהויבן פאָרן קיין קעלווו. די מענער — מיין טאַטע, מיין זיידע משה, מיין פעטער אברהם בער א״אַ זענען נאָכגעגאַנגען צו פוס.

אין קעלווו האָבן דאַן געוווינט דריי אָדער פיר יידישע משפחות. ווען מיר זענען אַהין געקומען זענען ביי די עטלעכע יידישע משפחות שוין געווען הונדערטער יידישע נפשות, אַנטלאָפענע פון בעלז. מיר זענען אויך אַריין צווישן זיי און מען איז געזעסן אויף די פעקלעך, אין סטאָדאָלעס, אין הויף — ווו ס׳האָט זיך געלאָזט.

נאָך אַ טאָג־צוויי האָט אונדזער משפחה געדונגען אַ שטיבל ביי אַ גוי און מיר האָבן דאָרט געוווינט לערך צוויי וואָכן.

דעם ערשטן שבת נאָך אונדזער קומען קיין קעלווו האָבן מיר געזען פון דער ווייטנס ווי בעלז ברענט. עס איז געווען ביי נאַכט. אַלע בעלזער אין קעלווו זענען אַרויס אין געקוקט ווי דאָס שטעטל גייט אויף אין פלאַמען.

נאָך עטלעכע טעג פון אונדזער זיין אין קעלווו האָט זיך פארשפרייט אַ קלאַנג, אַז די רוסן קומען אַהער. מיר זענען אַלע אַנטלאָפן אין פעלד אַריין און זיך באַהאַלטן אין קאַנאַוועס. באַלד טאַקע האָבן אָנגעיאָגט רוסישע קאַוואַלעריסטן, קאָזאַקן מיט פיקעס, און די פערד זייערע זענען געשפּרונגען איבער אונדז בעת מיר זענען געלעגן אין די קאַנאַוועס.

אַ געוויסן טאָג נאָך דער שריפה איז מיין באָבע פייגע (פייגע משהלעס) און מיין טאַטע געגאַנגען קיין בעלז, זען צי ס׳איז וואָס געבליבן. זיי זענען צוריקגעקומען און דערציילט, אַז דער מאַרק איז אין גאַנצן אָפּגעברענט, בלויז איינצלנע געסלעך זענען געבליבן. צווישן אַנדערע איז ניצול געוואָרן אויך דאָס געסל, ווו ס׳איז געשטאַנען אונדזער שטוב. דאָס איז געווען אַ געסל קעגן אַלטן בית־עולם, נעבן דער פּאָסט.

נאָך אַן ערך 10 טעג אין קעלווו האָבן מיר זיך צוריקגעקערט קיין בעלז. דאָס פייער האָט נאָך אַלץ געטליעט. אויף די גאַסן האָבן זיך געוואַלגערט צעריסענע קליידער און זייער אַ סך פעדערן פון אויפגעריסענע קישנס און פערינעס — מען איז אויף די גאַסן ממש געזונקען אין פעדערן. ווי מיר האָבן זיך דערוווסט, האָבן צוזאַמענגעאַרבעט די אַריינגעקומענע רוסישע סאָלדאַטן מיט דער אָרטיקער באַפעלקערונג אינעם רויבירן און ראַבעווען יידיש האָב־און־גוטס: די סאָלדאַטן האָבן אונטערגעצונדן דאָס שטעטל, די אָרטיקע גויים האָבן גערויבט, וואָס עס איז געווען אין די הייזער אינעווייניק. און וואָס זיי האָבן נישט געוואָלט אָדער נישט געקאָנט רויבן, האָבן זיי צעריסן און צעוואָרפן איבער די גאַסן.

עס זענען אָבער אויך געווען אויסנאַמען.

אונדזער הויז איז געבליבן שטיין גאַנץ, און ווען מיר זענען דאָרט אַריין, האָבן מיר געטראָפן ליגן אַ בוך און אויף איינעם אַ בלאַט איז געווען געשריבן אויף יידיש: איך דער און דער (ליידער געדענק איך נישט דעם נאָמען), אַ יידי־שער סאָלדאַט פון דער רוסישער אַרמיי, פון דער און דער גובערניע,

האָב אָפּגעהיטן אייער שטוב. איך געדענק, אַז לאַנגע וואָכן נאָך דעם, פלעגן מיין טאַטע און מאַמע נאָכפרעגן וועגן יענעם ייד פון דער רוסישער אַרמיי, אָבער מיר האָבן אים נישט געפונען.

נישט די גאַנצע יידישע אַנטלאָפענע באַפעלקערונג איז דאַן צוריקגעקומען קיין בעלז — אַ טייל האָט אויסגעוואַנדערט קיין אונגאַרן אָדער קיין עסטרייך (דעם רבס משפחה איז אַוועק קיין ראַצפערד) — הונדערטער משפחות זענען אָבער צוריקגעקומען. די מערהייט הייזער זענען געוואָרן אָפּגעברענט. געבליבן זענען עטלעכע גאַסן, למשל, די גראָנצעס. האָבן זיך אין יעדן איבערגעבליבענעם הויז באַזעצט, אין שרעקלעכער ענגשאַפט, פיל משפחות. אין מיין באָבע לאהס הויז אויף די גראָנצעס האָבן געוווינט דריי אָדער פיר משפחות. ביי אונדז, אין איין צימער, האָבן זיך באַזעצט דריי משפחות — מיר, מיין מומע פון ענגלאַנד מיט דריי קינדער און מיינע זיידע־באָבע, משה און פייגע, מיט זייער זון אברהם־בער. דערצו פלעגט מען נאָך אַ מאָל ביי נאַכט אַריינברענגען רוסישע סאָלדאַטן אויף צו נעכטיקן. עס געדענקט זיך מיר באַזונדערס דאָס הויז פון צלאל דעם גבאי, אין וועלכן עס האָבן דאַן געוווינט ממש צענדליקער משפחות. מען האָט דאָרט געמאַכט „הימלבעטן", איינס אויף דעם אַנדערן, און מענטשן זענען דאָרט געווען איינגעדריקט, ווי הערינג אין פאַס.

עס האָט דאַן אין בעלז געבושעוועט אַ פּאָקן עפּידעמיע — די רוסן האָבן זי געברענגט. אָבער די ענגשאַפט האָט, פאַרשטייט זיך, צוגעהאָלפן זי פאַרשפּרייטן. כמעט אין יעדער משפחה זענען געווען פּאָקן־קראַנקע. אויך מיין טאַטע האָט געקרענקט אויף פּאָקן און אויף שטענדיק זענען אים געבליבן פּאָקן־סימנים אויפן פנים. פיל מענטשן זענען אויסגעשטאָרבן אין דער פּאָקן־עפּידעמיע. קיין דאָקטער איז דאַן אין בעלז נישט געווען, און די איינציקע „מעדיצינישע הילף" איז געגעבן געוואָרן דורך דעם „רופא" אברהם זינגער. (מען האָט אים גערופן זינגער, ווייל אין געבוירן־טאָג פונעם קיסר פלעגט ער אין שול זינגען „גאָט שיץ...". ער פלעגט קומען צום קראַנקן, טאַפּן דעם דופק, הייסן מאַכן אַ קאַנע און געגעבן האָפענונג.

ביסלעכוויז האָט מען זיך אָנגעהויבן איינאָרדענען. די רוסן האָבן זיך אויפגעפירט נישט שלעכט. די באַפעלקערונג האָט פון זיי געצויגן די אָרעמע חיונה: כמעט אַלע יידישע משפחות האָבן געבאַקן בולקעלעך, געקאָכט „טשיי" און דאָס פאַרקויפט די רוסישע סאָלדאַטן. נאָר איין פאַל פון אַכזריותדיקער אויפפירונג געדענק איך: חיה רייזל סעגאַל, וואָס אויך זי האָט זיך באַשעפטיקט מיט פאַרקויפן טיי די רוסן, איז באַשולדיקט געוואָרן אין עפּעס האַנדלס־„פאַרברעכן". דאַן האָט דער רוסישער אוריאַדניק (קאָמענדאַנט פון שטאָט) זי באַשטראָפט: מען האָט זי געשמיסן מיט קאַנטשיקעס.

אויך האָט מען זיך אָנגעהויבן „בויען". בעלז האָט געהאַט אַ וואַלד, וואָס האָט געהערט דער באַפעלקערונג. אָבער די יידן האָבן צוריק מיט יאָרן זיך

אָפּגעזאָגט פון זייערע רעכטן אויפן וואַלד (כדי נישט צו צאָלן געוויסע שטייערן). איצט אָבער האָט מען באַדאַרפט האָלץ אויף צו בויען. האָבן די יידן אָפּגעקויפט רעכט ביי די גויים, געברענגט האָלץ פון וואַלד און אַ סך משפחות האָבן אויפגעשטעלט בודקעס צו וווינען אין זיי.

פרילינג 1915 זענען די רוסן, דורך די דייטשע און עסטרייכישע אַרמייען, אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון אונדזער געגנט. פאַרן פאַרלאָזן בעלז האָבן די רוסן געזוכט „באַרישניעס". כדי צו ראַטעווען זיך פון זיי, פלעגן יונגע מיידלעך און פרויען זיך צוקלעפּן אויף די פּנימער פּאָקן, געמאַכטע פון שוואַרץ ברויט, און זיך לייגן אין די בעטן. די רוסן, אַריינקומענדיק אין יידישע שטובן נאָך באַרישניעס, און זעענדיק די „פּאָקן־קראַנקע", פלעגן זיי אַנטלויפן. אַחוץ „באַרישניעס" האָבן די רוסן געפּרוּווט פאַרכאַפּן מיט זיך מענער, צו אַרבעטן. פיל יידישע מענער האָבן זיך געראַטעוועט פון דעם פאַרשטעלנדיק זיך פאַר אַלטע פרויען; פיל אַנדערע איז נישט געלונגען זיך צו ראַטעווען. צווישן אַנדערע האָבן די רוסן דאַן פאַרנומען מיין זיידי משה. אויפן וועג איז ער אַנטלאָפן און נאָך דער מלחמה צוריקגעקומען קיין בעלז. פיל אַנדערע זענען פאַרנומען געוואָרן קיין רוסלאַנד און שוין נישט זוכה געווען זיך אומצוקערן אַהיים.

אַ נאַכט פאַרן רוסישן ריקצוג האָט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג זיך אויסבאַהאַלטן אין בית־מדרש. רוסישע סאָלדאַטן זענען צו צום בית־מדרש, אָבער קינדער און פרויען האָבן אויפגעהויבן אַזאַ יאָמערלעכן געוואַלד, אַז די רוסן זענען אַנטלאָפן — אַזוי איז געשען עטלעכע מאָל אין יענער נאַכט.

אין דער פרי איז פּלוצלונג געוואָרן זייער שטיל. עטלעכע דרייסטע מענער, נחמיה וויינגער, לייביש שאַרגעל, מיין פעטער אברהם־בער מאַוטנער און אַנדערע, זענען אַרויס פון בית־מדרש זען וואָס עס טוט זיך. איך בין מיט מיט זיי. מיר האָבן דערזען ווי עס קומען אָן פון דער ריכטונג פון זאַמעק דייטשע זעלנער — אונדזערע באַפרייער. די יידן האָבן פון גרויס שמחה געכאַפּט עטלעכע דייטשן און זיי געטראָגן אויף די הענט. מיך האָט מען אויפגעהויבן איך זאָל איינעם אַ דייטש געבן אַ קוש.

אין די קומענדיקע טעג זענען אַריין פיל דייטשע און עסטרייכישע מיליטערישע איינהייטן קיין בעלז, אין דער שול און אין דער מיידל־שולע (פון די „מאַטעטשקעס") האָט מען איינגעאָרדנט מיליטערישע שפּיטעלער פאַר פאַרוווּנדעטע סאָלדאַטן.

די באַפרייונג האָט מיט זיך קיין גרויסע גאולה נישט געבראַכט. ווידער האָבן אויסגעבראָכן עפּידעמיעס: טיפוס און כאָלערע. גאַנצע משפחות זענען אויסגעשטאָרבן. אויסער דעם האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאָביליזאַציע אין דער עסטרייכישער אַרמיי. פון אונדזער משפחה האָט מען גערופן מיין טאַטן, מיין זיידן פישל האָלצמאַן און מיינע פעטערס יעקב האָלצמאַן און אביגדור קעסלער. דעם זיידן און פעטער יעקב האָט מען נאָך עטלעכע מאָל מוסטערן באַפרייט. מיין טאַטן

און פעטער אביגדור האָט מען באַשלאָסן צו מאָביליזירן. זיי האָבן געפּרוּווט זיך אויסבאַהאלטן אין לעמבערג, אָבער דאָרט זענען געווען אָפּט אָבלאַוועס, אַזוי אַז ענדלעך האָבן זיי ביידע זיך געשטעלט צום מיליטער און האָבן געדינט עטלעכע יאָר.

פון צווישן בעלזער מאָביליזירטע יידן, זענען פיל געפאַלן אויפן פראָנט.

מען פלעג דאַן נישט טיילן קיין פּאָסט אין בעלז, נאָר יעדן נאָכמיטאָג פלעג מען זיך צונויפזאַמלען נעבן דער פּאָסט, עס פלעג אַרויסקומען אַ בריוונטרעגער און טיילן די פּאָסט. מיט באַזונדערער שפּאַנונג האָבן, פאַרשטייט זיך, געוואַרט אויף פּאָסט משפחות, וועלכע האָבן געהאַט ווּעמען אויפן פראָנט. פון צייט צו צייט האָבן זיך פון צווישן די פאַרזאַמלטע ביי דער פּאָסט געהערט יאָמערן און געשרייען: דאָס האָבן משפחות, דורכן רויטן קרייז, באַקומען אַ מעלדונג, אַז זייער זון אָדער מאַן איז געפאַלן „פאַרן אָפּפער פון פאָטערלאַנד"...

נאָוועמבער 1918 האָט זיך געענדיקט די ערשטע וועלט־מלחמה, אָבער דער כוס צרות, וואָס איז געווען באַשערט בעלז, איז, ווייזט אויס, נאָך נישט געווען פול. אין אונדזער געגנט האָבן זיך אומגעקערט פיל אוקראַינישע זעלנער, וועלכע האָבן געדינט אין דער עסטרייכישער אַרמיי, און בעלז איז אַרונטער אונטער אוקראַינישער מאכט. דער אוקראַינישער אַדוואָקאַט סאַלאַהוב איז געוואָרן סטאַ־ראָסטע און אַ צווייטער אוקראַינער, יאַוואָרסקי, וועלכער האָט אין דער עסטרייכישער אַרמיי געדינט אַלס פּאָרוטשניק, איז געוואָרן מיליטער־קאָמענדאַנט פון בעלז. זיי האָבן געהערשט אין בעלז לערך אַ האַלב יאָר, ביז ס'האָט זיך אָנגעהויבן די אָפענסיווע פון פוילישן מיליטער. קיין בעלז איז אַריין פּויליש מיליטער מיטן גענעראַל בערבעצקי בראש. יאַוואָרסקי האָט געריטן אויף אַ פערד און מיט אַ נאַהייקע אין דער האַנט געטריבן אוקראַינישע זעלנער, זיי זאָלן שטעלן אַ ווידערשטאַנד, אָבער אָן דערפאָלג. די אוקראַינישע זעלנער, אַלע פון די אַרומיקע דערפער, האָבן אַוועקגעוואָרפן דאָס געווער און זיך צעלאָפן אין זייערע היימען. די זיגרייכע פּוילישע אַרמיי האָט מאַרשירט ווייטער, נישט אָנטרעפנדיק זיך אויף קיין ווידערשטאַנד. אָבער נישט ווייט האָבן זיי פאַרמאַרשירט. נעכטיקנדיק אין די אַרומיקע אוקראַינישע דערפער, זענען זיי באַפאַלן געוואָרן דורך אָרטיקע פּויערים און אין שלאָף אויסגעשאָכטן געוואָרן. געראַטעוועט האָבן זיך בלויז די פּוילישע זעלנער, וועלכע זענען געבליבן אין שטאָט גופא. אין די דערפער האָבן ווידער געהערשט אוקראַינער און בעלז איז דורך זיי געווען באַלאַגערט. אַ גאַנצן ווינטער (1918/19) איז בעלז געווען אָפּגעשניטן פון דער וועלט און דערצו נאָך באַשאָסן. די גאַנצע באַפעלקערונג האָט יענעם ווינטער געלעבט אין קעלערס. אין איינעם אַ קעלער, ביי חיים פישלער, איז אַריין אַ שראַפּנעל און פינף מענטשן זענען דערהרגעט געוואָרן. עס איז נישט געווען אין שטאָט וואָס צו עסן. פאַרן מיליטער פלעגט מען ברענגען יעדן דאָנערשטיק, מיט אַ געפּאַנצערטער באַן, פּראָוויאַנט פון דער שטאָט ראַווע. ביי רפאל שאַרגעל האָט מען געבאַקן ברויט פאַרן מיליטער,

און מיר, די יידישע באַפעלקערונג, האָבן זיך גענערט מיט אַ ברייטל, וואָס ס'איז פון צייט צו צייט געלינגען אַראָפּצוגנבענען. ווי ס'האָט נאָך אַ יידישע משפּחה געהאַט אין זאַפּס עפּעס פּראָדוקטן, פלעגט עס דאָס מיליטער רעקווירירן. אמת, זיי די פּוילישע זעלנער, האָבן אויך נישט געהאַט קיין עסן צו דער זאַט. אין די שנייִיקע נעכט פלעגן זיי אויף זיך אַרויפוואַרפן ווייסע ליילעכער, באַפאַלן די דערפער און רויבן דאָרט עסנוואַרג. מיין פעטער איטשע האַלצמאַן, וועלכער איז דאַן אַלט געווען 16 יאָר — האָבן אים פּוילישע זעלנער געכאַפּט, ער זאָל אין אַזאַ נאַכט פאָרן מיט זיי אין אַ דאָרף, כדי צו רעקווירירן עסנוואַרג. איטשע האָט אָנגעטריבן מיטן פערד־און־וואָגן. ווען זיי האָבן זיך דערנענטערט צו אַ דאָרף — דוכט זיך מיר אָסטרדזיו — האָבן אוקראַינער זיי באַשאָסן. די זעלנער זענען אַנטלאָפן, און איטשע, פאַרשטייט זיך, אויך. דראָענדיק אים מיט אַ רעוואָלווער האָבן די זעלנער געצוווּנגען איטשען צוריקגיין ברענגען דעם וואָגן.

די באַלאַגערונג פון בעלז האָט געדויערט ביז פרילינג 1919, ווען די בעלזער געגנט איז באַהערשט געוואָרן דורך דער פּוילישער אַרמיי פון גענעראַל האַלער.

פאַר יידן זענען די האַלערטשיקעס געווען גאָר מאָדנע „באַפרייער". זיי האָבן יידן געריסן די בערד מיט דער הויט און אויף אַנדערע אופנים זיך איבער זיי איזדיעקעוועט.

יוסף פאַלק
**תל־אביב**

# אלול

**(פון דער סעריע: ימים נוראים אין בעלז)**

**אני לדודי ודודי לי**

די זון שפּילט זיך שוין צוביסלעך אין באַהעלטעניש. זי וויל זען, וואָס פאַר אַ מינע גאָט ברוך הוא'ס באַשעפענישן וועלן עפּעס מאַכן... זיי האָבן אויף איר אַלץ געהאַט פאַראיבל: די מענטשעלעך, די מיוחסים, פלעגן זיך האַלב־נאַקעט, צעכראַסטעט און כסדר זיך ווישנדיק דעם שווייס פונעם פּנים, באַהאַלטן זיך בחדרי חדרים, אונטער פלויטן, ביימער און וווּ נאָר ערגעץ אַן אָרט מיט אַ שטיקל שאָטן. אפילו די בהמות, אָט די בריאים, וואָס די גוטע זון האָט זיי אויסגעלייזט פון דער טעמנער שטאַל, ווו זיי זענען אַ גאַנצן לאַנגן ווינטער געשטאַנען און הונגעריק אַרויסגעקוקט אויף דער בעל־הביתטע, דער מילדער מחותנתטע, זי זאָל זיי דערלאַנגען אַ ביסל היי צי האָבער, שטרוי צי שיעטשקע, און דערפאַר אָוועקגעטראָגן פון יעדער אַ שעפל מילך—און זיי אַרויסגעפירט אויף דער גרויסער ווייטער לאָנקע מיט כל־טוב, דעם בהמהשן גן־עדן, אפילו זיי, די בהמות, זענען

אויך געשטאַנען אויף דער לאַנקע פאַרריסן די העלדזער און מאַרדעס צום הימל און גערעוועט מיד און מיט תרעומות אַקעגן דער זון: כאָטש צאָל זיי נאָך צו.

באַהאַלט זיך אַלע מאָל די זון און באַווייזט זיך ווידער. אָבער אויך דאַן ווען זי קוקט אַראָפּ פון איר הויך אויף דעם עולם, איז זי נישט מער די אייגענע, די אַמאָליקע תקיפטע, ווען עס האָט זיך איר פאַרגלוסט, פלעגט זי אַפילו די פיש אין וואַסער זייער קיל בעט אַזוי הייס מאַכן, אַז זיי האָבן פאַרשמאַכט געמוזט אַרויף אויף דער אויבערפלאַך און זיך לאָזן ביים ברעג כאַפּן פון קליינע קינדער מיט די הוילע הענט...

און איצט — זי לייכט און וואַרעמט נישט. זי שיקט אפילו יאָ שטראַלן, און דאָס גאַנצע סנאָפּעס, זי לאָזט זיי אָבער העגגען אין דער לופטן, נישט דערגרייכן די קעפּ פון די דרי־מטה — ווי איינער רעדט: אייך, אומדאַקבאַרע — אַזאַשע. איר האָט אַלץ געזוכט אַ שאָטן — נאָטס אייך שאָטנס. איר האָט געגאַרט נאָך אַ מחיהדיק ווינטל — קוויקט זשע אייך מיטן ווינט.

זענען טאָקע די באַשעפּענישן אומעטיק און צוגעלעגט. די בהמות אויף דער לאַנקע, און בפרט דאָס יונגוואַרג, בריקעווען, אמת, נאָך און ווייזן דער זון הינטער־פּיסלעך, אָבער וואָס פאַרשטייט, למשל, אַ נאַריש קעלבל? קוקט אָן דעם מענטש — ער ווייסט שוין מיט וואָס ס'שמעקט. דער פויער אַרבעט פאַרטיפט אויפן פעלד און מיט אַ מאָל גיט ער זיך, ווי דורך עפּעס אַ דערשרעקנדיקן געדאַנק, אַ כאַפּ אויף, גלייכט זיך אויס, מאַכט מיט דער האַנט אַ שירעם איבער די אויגן און קוקט אַרויף צו דער זון: ער ווייזט איר זיין פאַרזאָרגט פּנים.

אין די הערצער פון די מענטשן האָט זיך אַריינגעצויגן אַ האַרבסט־שטימונג, באַגלייט פון הרהורי־תשובה. ער גיט אַ זיפץ און זאָגט: „אין די טעג ציטערן אַפילו די פיש אין וואַסער"...

פאַר דער רעזידענץ פון אַ באַרימטער רבישער דינאַסטיע, איז אלול נישט בלויז אַ חודש פון זאָרג און תשובה, נאָר אויך אַן אָנזאָג און אַן אָנהויב פון אַ רעשדיקן לעבן, פון אַ קוואַל פון שפע, וואָס דאַרף באַלד, באַלד אָנהייבן פליסן אין שטעטל.

אין שטעטל באַגעגנט מען לעת־עתה נאָך נישט קיין איבעריק גרויסע צאָל פון פּנים חדשות, אַ חוץ אַזוינע, וואָס זענען געקומען אויף קבר־אבות, און אַזעלכע באַווייזן זיך דאָך צו דער צייט אויך אין אַנדערע מקומות. די פּאָר זריזים, „יושבים", וואָס זענען נאָך שבועות צעפאָרן אין זייערע היימען אויף אַ מין „וואַקאַציע" און זענען איצט צוריקגעקומען — זיי זענען אויף דעם בילד פונעם שטעטל נישט משפּיע, ווייל זיי באַוועגן זיך נאָר אומבאַמערקט צווישן רבינס הויף און זייער גענעראַל־קוואַרטיר ביי ר' יחזקאל־מרדכי־ישראלס, פון דעסטוועגן איז דאָ אלץ פול מיט דערוואַרטונג, אַז ס'רוקט אָן די צייט, ווען מענטשן פון

נאָענט און ווייט וועלן ווי לאַווינעס זיך שיטן פונעם באַן־הויף אַראָפּ אין שטאָט אַריין.

אָט די מאַסן מענטשן בלי עין־הרע —, ווי ס׳איז זיי אויפצונעמען און פאַר זיי דאָס נייטיקע צוצוגרייטן — איז איצט דאָס געבאָט פון דער שעה. זענען טאַקע די הכנות אין שטעטל פיבערהאַפטע: אין די גאַסטהייזער — און וואָס פאַר אַ הויז איז דאָ נישט קיין גאַסטהויז? — איז אַ הו־האַ אַ טאַראַראַם, מ׳טראָגט צונויף בעטן פון אונטער דער ערד, מ׳לופטערט, מ׳ציט אָפּ און מ׳ציט אָיף בעטגעוואַנד — מ׳רוימט, מ׳קלאַפּט, מ׳האַקט... די קעלנערס, ביז אַהער בעלפערס, וואָס זענען איצט צוגעשטאַנען צום קעלנער־פאַך, יאָגן אַרום ווי צעשפּלאָשעטע פערד — און אָפּגעהיטן זאָלט איר ווערן, אַז איר זאָלט אין אייער גאַנג, חלילה, אַרונטער אונטער די פאַדקאָוועס פון אַזאַ פאַרטראַכטן קעלנער...

גויים פון די שכנותדיקע דערפער האָבן אויף זייערע פורלעך, וואָס פולן אויס, ווי אויף אַ יריד, דעם גרויסן רינג, און אַלע געסלעך אָנגעברענגט כל־ערליי פּראָדוקטן און יידן און יידענעס דינגען, קויפן, לויפן.

נאָר דער גרויסער, ברייטער שולפּלאַץ, וואָס איז עתיד אין די נאָענטע טעג צו שפּילן אַזאַ וויכטיקע ראָלע און צו זיין דער צענטער פון דעם גאַנצן שווּיבלען און גריבלען, איז איצט ווי אָפּגעריקט פון דעם גאַנצן רעש און ווערט פון אים נישט דערגרייכט. אויף דעם ברייטן פּלאַץ שפּאַצירן זיך געמיטלעך אַהין און צוריק צוויי יונגעלייטלעך, יושבים — און שמועסן...

— כ׳האָב אַ מאָל געהערט — זאָגט איינער — פון אַ פאַרשוין פון „יענער חברה", ווי ר׳האָט אַליין געלייענט אין „זייערס" אַ ביכל, אַז ביים ועד־ארבע־ארצות, אין יאַראָסלאַוו איז געזעסן אַ סקאָלער רב. שטייט דאָרט בפירוש כהאי לישנא: „הרב דק"ק סקאָל מחוז בעלז".

— דו זאָגסט דאָס — ענטפערט דער אַנדערער — איך וועל דיר נאָך שענערס דערציילן. ס׳ווערט ערגעץ געברענגט, אַז סקאָל האָט זיך אַ מאָל געקלאָגט פאַרן ועד־ארבע־ארצות, פאַר וואָס ס׳מוז זיין אוטערליגן אונטער בעלז, כאָטש אין סקאָל זענען פאַראַן מער ש"סן ווי אין בעלז סידורימלעך. נו, זאָגט, כ׳בעט דיך, אַליין, צי מ׳זעט נישט בחוש, אַז בעלז איז פון הקב"ה אויסדערוויילט פון אַלע שטעט אויף תמיד און אייביק ?... סקאָל איז גאָרנישט געווען און איז גאָרנישט, אָבער בעלז, בעלז...

פון דער ווייבערשער שול לאָזט זיך הערן אַ קול־שופר. דאָס האָבן חברה קונדסים אָוועקגעגנבעט ביי מאיר שמש דעם שופר און זיי בלאָזן פון דער ווייבערישער שול אין דער וועלט אַריין...

ס׳פאָרט אָן אַ גוי אויף אַ הויכן וואָגן סנאָפּעס. ר׳האָט זיך פאַרשפּעטיקט מיטן אַריינברענגען דאָס נייע שניט. דערהערנדיק דאָס שופר־בלאָזן, גיט ער אומצופרידן אַ וואָרטשע: „זשידי ווזשע טרוביט" — און ער איז מכבד די פערדלעך זיינע מיט עטלעכע לייטישע בייטשן. זאָלן זיי אויך וויסן!

# דער צורר היהודים און זיין מפלה

(פון בעלזער לעגענדעס)

דאָס איז געווע אין די צייטן פונעם ב״ח (בית חדש), דער גאון ר׳ יואל בר׳ שמואל סירקיס (1640—1561), וואָס איז אַ געוויסע צייט געווען מרא דאתרא פון דער בעלזער קהילה.

ויהי היום, אין אַ טאָג ווען דער פּריץ, וואָס צו אים האָט געהערט בעלז, איז אַדורכגעפאָרן די שטאָט, איז דער וועג אויף וועלכן ער איז געפאָרן געווען פול מיט גריבער און שטרויכלונגען. גרויס איז געווען זיין צאָרן און ער האָט געגעבן אַ באַפעל זיינע משרתים אָפּצורוימען פונעם וועג אַלע שטיינער און העלצער, וואָס האָבן זיך דאָרט געפינען, און אויף צו פאַרשיטן די גריבער און אויסגלייכן דעם וועג האָט ער באַפוילן צו נעמען ערד פונעם אַלטן יידישן בית הקברות, וווּ עס האָבן געפינען זייער אייביקע מנוחה די בעלזער יידישע באַוווינער פון פריערדיקע דורות, צווישן זיי צדיקים און חכמים און פרומע לייט.

גרויס איז געווען דער ווייטיק און דער פאַרדרוס פון די בעלזער יידישע באַוווינער, און צוזאַמען מיט זייער רב, דעם ב״ח, האָבן זיי איינגעלייגט וועלטן אָפּצושרייען די ביטערע גזירה און פאַרמיידן דעם חילול השם. זיי האָבן מתפלל געווען, אָפּגעריכט תעניתים, געריסן קברים, דעלעגאַציעס פון די חשובסטע באַלעבאַטים זענען אַוועק צום פּריץ און געבעטן רחמים. קיין זאַך האָט אָבער נישט געהאָלפן. דעם פּריצס האַרץ איז געווען האַרט ווי שטיין און אַלע בקשות און השתדלותן נישט צו פאַרשוועכן דאָס הייליקע אָרט זענען געפאַלן אויף טויבע אויערן.

די ערד, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אין משך פון דורות אויפן בערגל ווו עס איז געווען דער אַלטער בית הקברות, איז אויסגעגלייכט געוואָרן דורך דעם פּריצס משרתים, און צוזאַמען מיט דער ערד האָבן זיי אויך אויפגעגראָבן די אַלטע קברים, אַרויסגעשלעפּט די ביינער פון די נפטרים און די צעבראָכענע מצבות, און מיט זיי פאַרדעקט די גריבער און אויסגעגלייכט דעם וועג.

גרויס איז געווען די פרייד פון די שונאי ישראל ווען דער וועג איז פאַר־ענדיקט געוואָרן און די גלחים פון די קאָשטשאָלן און מאָנאַסטירן האָבן באַשטימט אַלס חגא פאַר די גויים פון דער גאַנצער סביבה דעם טאָג ווען דער פּריץ וועט מיט זיין קאָלעס און פייערדיקע פערד אַרויספאָרן שפּאַצירן אויפן אויסגעגלייכטן וועג.

און ווי גרויס עס איז געווען די פרייד ביי די שונאי ישראל, איז נאָך גרעסער געווען דער טרויער און פאַרדראָס ביי די יידן.

ויהי היום... דעם טאָג וואָס דער פּריץ, דער רשע, האָט באַשטימט צו באַנייען

דעם וועג, האָט ער פאַרזאַמלט זיינע פריינד און באַקאַנטע, און ער, פאָרויס מיט זיין גאַנצער סוויטע, זענען אַרויסגעפאָרן אין לוקסוסדיקן קאַלעס מיט די ברענענדיקע פערד. פון גרויס שמחה האָט דער פריץ געשמיסן די פערד, כדי זיי זאָלן לויפן וואָס גיכער, וואָס ראַשיקער. די פערד זענען ווילד געוואָרן, וואָס וויל־דער זיי זענען געוואָרן, אַלץ שטאַרקער האָט דער פריץ זיי געשמיסן, ביז זיי זע־נען אינגאַנצן אַרויס פון די האַלאַבליעס, האָבן איבערגעקערט דעם קאַלעס און וויי־טער געלאָפן. דער פריץ איז שטאַרק פאַרווונדעט געוואָרן, און קוים אַ לעבעדיקער איז ער אַרויס פון דער גרויסער שמחה, וואָס ער האָט צוגעגרייט.

נישט נאָר די יידן האָבן געזען אין דעם אַ גרויסן נס, נאָר אויך דער פריץ האָט פאַרשטאַנען, אַז מן השמים איז אויף אים געקומען די שטראָף. ער האָט אָפּגעשאַפט די גזירה און דערלויבט די יידן צוריקטראָגן די הייליקע ביינער, מצבות און ערד פון בית הקברות און זיי מקבר זיין אויפן בערגל, ווו עס האָט זיך געפינען ביז צום גרויסן חורבן דער אַלטער יידישער בית הקברות.

דערציילט פון סימע היילמאַן און פאַרצייכנט דורך אברהם כהנא (אבר״ך)

**חנטשע האַלצמאַן**
**רמת־גן**

## זכרונות וועגן בעלזער רב

איך שטאַם פון שטעטל טשעשאַנאָוו. אַזוי ווי איך האָב חתונה געהאַט קיין בעלז, מיט יעקב (יוקעוו) האַלצמאַן, בין איך געקומען וווינען קיין בעלז. דאָס איז געווען זומער 1920. בעלז איז דאַן געווען כמעט אינגאַנצן אָפּגעברענט, ווייל די רוסן האָבן פאַרברענט דאָס שטעטל בעת דער מלחמה. די גאַסן אויסערן מאַרק זענען געווען גאַנץ, אָבער אין מאַרק זענען געשטאַנען אַ פּאָר צוזאַמענ־געקלאַפּטע בודקעס. אין יענער צייט זענען אין פיל משפחות, פרויען געווען די פרנסה־געבערינס.

ווען איך בין געקומען קיין בעלז, האָט דער רב זיך נאָך געפונען אין אונגאַרן, ווו ער האָט געפליכטעט מיט זיין גאַנצער משפחה ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. מען האָט געשמועסט, אַז דער רב האָט שוין געהאַלטן ביים צוריקקומען קיין בעלז, אָבער צוליב דעם, וואָס זיין הויז האָבן די רוסן פאַרברענט, האָט ער באַשלאָסן זיך איינצואָרדענען צייטווייליק אין האָלאָשיץ, ביז דער הויף וועט צוריק אויפגעבויט ווערן.

די יאָרן, וואָס דער רב איז געווען אין האָלאָשיץ, פלעג ער אַ פּאָר מאָל אין יאָר אַראָפּקומען קיין בעלז אויף עטלעכע טעג.

קורץ נאָך מיין קומען קיין בעלז איז דער רב ר׳ ישכר־בער געקומען אויף אַ וואָך אין אונדזער שטעטל. מאַסן מענטשן זענען געגאַנגען אָפּגעבן „קוויט־לעך״. איך, אַלס ניי־ער בעלזער, האָב פאַרשטייט זיך, אויך געוואָלט אָפּגעבן אַ „קוויטל״. איך האָב געבעטן מיין שווער, פישל האַלצמאַן, ער זאָל מיט מיר גיין צום רב. ער האָט מיר צוגעזאָגט, אָבער ער האָט ווייזט אויס מורא געהאַט פאַרן גרויסן געדרענג ביים רב און האָט זיך אויסגעדרייט פון זיין צוזאָג. איך בין נישט אַנטמוטיקט געוואָרן און בין פאַרנאַכט אַליין געגאַנגען צום רב. ביי דער טיר פון רבס חדר איז געשטאַנען דער גבאי משה שיניעווער. איך האָב אים געבעטן אַרויסרופן מיין שווער. מיין שווער איז אַרויסגעקומען און מיך אַריינגעפירט צום רב. איך געדענק, אַז פאַר מיר האָבן אָפּגעגעבן „קוויט־לעך״ וואָווע שוחט און יצחק משה שוחט מיט זייערע ווייבער. נאָך זיי האָבן מיר, ד.ה. מיין שווער און איך אָפּגעגעבן אַ „קוויטל״. באַלד נאָך דעם האָבן די גבאים אויפגעהויבן דעם רב׳ס שטול און דער רב מיטן גאַנצן עולם זענען אַוועק אין שול אַריין דאַוונען מנחה און מעריב.

דאָס איז געווען מיין ערשט „קוויטל״, וואָס כ׳האָב אָפּגעגעבן דעם בעלזער רב. שפּעטער פלעג איך אָפּגעבן „קוויטלעך״ יעדן חודש אלול. איין מאָל, ווען איך האָב געוואָרט אָפּצוגעבן אַ „קוויטל״, איז געקומען אַ גוי פון אַ נאָענט דאָרף און אויף זיינע פּלייצעס האָט ער געטראָגן זיין ווייב. ער האָט דערציילט אויף אוקראַיִניש — און אהרון שיע גבאי האָט איבערגעזעצט — אַז די גויע קאָן נישט גיין אויף די פיס. דער רב האָט געזאָגט אהרון שיען ער זאָל זאָגן דעם גוי, אַז ער זאָל פאָרן קיין לעמבערג צו אַ גרויסן דאָקטאָר. דערנאָך האָט ער געוווּנטשן: „אַלע יידישע קראַנקע זאָלן געהיילט ווערן״. דער גוי האָט ווייטער געבעטן: „די בהמות און פערד זאָלן אים זיין געזונט״; דער רב האָט געוווּנטשן: „אַלע יידישע בהמות און אַלע יידישע פערד זאָלן זיין געזונט״.

איינמאָל פאַר פסח, ווען מיין מאַן האָט זיך געפינען אין אַ שווערער פאַר־לעגנהייט, איז ער אַוועק צום רב ר׳ ישכר־בער. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן פאָלגענדן ענין: מיין מאַן בשותפות מיט שיעלע האַלפּערן האָבן אימפּאָרטירט פון אונגאַרן אַ וואַגאָן מעל. אַזוי ווי ס׳איז געווען פאַר פסח, איז מיין מאַן געגאַנגען צו ר׳ מרדכי דיין און אים געפרעגט צי מען דאַרף אויף דעם מעל מאַכן אַ שטר־מכירה. ר׳ מרדכי האָט געענטפערט: „אַז אַן אונגאַרישער ייד שיקט אַרויס מעל פאַר פסח, האָט ער געוויס געמאַכט אַ שטר־מכירה״. ווי דער שטייגער אין אַ קליין שטעטל האָבן מיר געהאַט קאָנקורענטן. איז איינער פון זיי געגאַנגען צום רב און אונדז פאַרמסרט, אַז מיר האַלטן ביים באַקומען אַ וואַגאָן מעל, אויף וועלכן עס איז נישט געמאַכט געוואָרן קיין שטר־מכירה. דער רב האָט געשיקט רופן מיין מאַן און שיעלע האַלפּערן. ביידע האָבן שטאַרק מורא געהאַט. אַ קלייניקייט, דער וואַגאָן מעל איז ווערט געווען צוויי טויזנט דאָלאַר,

און אויב דער רב וועט חלילה פסלען דאָס מעל, איז אונדז פאַרגעשטאַנען אַ גרויסער שאָדן. איידער ער איז געגאַנגען צום רב איז מיין מאַן זיך געגאַנגען באַראָטן מיט ר׳ רפאל דיין. ר׳ רפאל האָט אים געעצהט: ,,דו פאַרוף זיך אויף ר׳ מרדכי דיין״. ער האָט טאַקע אַזוי געטענהט פאַרן רב, אָבער אין האַרצן האָט ער מורא געהאַט, ווייל ער האָט נישט געוווּסט וויאַזוי דער רב וועט פסקענען. איינער פונעם רבס איינגיקלעך האָט מיין מאַן באַרואיקט און אים געזאָגט, אַז מען קומט פרעגן אַ שאלה וועגן אַן עוף, וואָס קאָסט צוויי זלאָטעס, בודקט מען און מען זוכט כדי עס כשר צו מאַכן, אַ פשיטא ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַזאַ גרויסן סכום, ווי פסלען אַ וואַגאָן מעל. דער רב האָט טאַקע נישט געפסלט. ער האָט אַרויפגעלייגט די הענט אויפן ספּאָדעק און געזאָגט: ,,איך זאָג, אַז דאָס מעל איז כשר און אין הימל זאָגט מען, אַז עס איז כשר״.

נישט לייכט איז אָנגעקומען אָפּגעבן אַ ,,קוויטל״ דעם בעלזער רב. איין מאָל, דאָס איז געווען אַן ערך אין יאָר 1926, בין איך געגאַנגען צוזאַמען מיט מיין שוויגער, לאה האַלצמאַן, אָפּגעבן אַ ,,קוויטל״ דעם רב. מיר זענען געגאַנגען נאָך מיטאָק. זייער אַ סך מענטשן האָבן געוואַרט, פרעמדע און בעלזער. מיר זענען געזעסן העכער צוויי שעה און געוואַרט. דאַן האָט דער גבאי אהרון־שיע אויס־גערופן: ,,ווער עס דאַרף צו דער באַן זאָל זיך צורוקן צום טיש; בעלזער וועלן היינט נישט אָפּגעבן קיין קוויטלעך״.

מיין שוויגער, הערנדיק דאָס, איז אַהיימגעגאַנגען, איך האָב באַשלאָסן צו בלייבן. איך בין צוגעגאַנגען צו אהרון־שיען און אים געזאָגט: כ׳בין טאַקע אַ בעלזערין, אָבער כ׳האָב איבערגעלאָזט אין דער היים קליינע קינדער, און כ׳בעט אים מיך צולאָזן.

אהרן־שיע האָט מיך געפרעגט ווער איך בין. ,,פישל האָלצמאַנס שנור״ — האָב איך געענטפערט. דאָס האָט געהאָלפן. דער גבאי האָט מיר געהייסן בלייבן און איך האָב טאַקע אָפּגעגעבן דאָס ,,קוויטל״.

דאָס לעצטע מאָל האָב איך אָפּגעגעבן אַ קוויטל דעם רב ר׳ אהר׳לע פאַר מיין שוועסטערס וועגן, אסתר, וואָס האָט געוווינט אין טשעשאַנאָוו. זי האָט מיר געשריבן, אַז אַ שכנטע, אַ גויע האָט זי פאַרמסרט, אַז זי האָט כלומרשט באַליידיקט די פוילישע מאַן. פאַר אַזאַ זאַך האָט אין פוילן געדראָט אַ האַרבע שטראָף, און מיין שוועסטער האָט שטאַרק מורא געהאַט. איך בין געגאַנגען צום רב און אָפּגעשטאַנען אַ גאַנצע נאַכט ביז עס איז דערגאַנגען מיין ריי. ווען דער רב, ר׳ אהר׳לע, האָט איבערגעלייענט דאָס קוויטל, האָט ער אָנגעהויבן מורמלען: ,,אַ וואַסער, אַ וואַסער, ס׳וועט ווערן אַ וואַסער״. ערשט אינדערפרי בין איך אַהיימגעקומען. אַ צופרידענע האָב איך באַלד אָנגעשריבן מיין שוועס־טער, אַז דער רב האָט געזאָגט, אַז פונעם בלבול וועט ווערן אַ וואַסער.

עס איז טאַקע פונעם בלבול געוואָרן אַ וואַסער...

רפאל ביטערמאַן
הרצליה

# אַ שריפה אין בית־מדרש

שמיני עצרת אין יאָר 1924 בין איך שפּעט ביינאַכט געגאנגען שפּאַצירן מיט משה פנחס בערגער. פון די נידעריקע הייזלעך האָבן אַרויסגעפינקלט די קאַנעצלעך. ס׳איז געווען קיל. פון די שטובן איז דערגאַנגען דאָס געוויין פון קליינע קינדער. דאָ און דאָרט איז דורכגעלאָפן אַ קאַץ, אַן איינזאַמער הונט. דאָס בילד פון דעם שטעטל בעלז איז געווען געוווג מרה־שחורהדיק, אָבער אין אונדזערע יונגע אויגן איז געווען ליכטיק — מיר האָבן אַ סך דערוואַרט פון דער צוקונפט.

מיר זענען געגאַנגען און פאַנטאַזירט אויפן קול וועגן דער נייער וועלט וואָס וואַרט אויף אונדז, — וועגן פאַרלאָזן אַט די חושכדיקע אָרעמע היים און אַוועקפאָרן קיין ארץ־ישראל. פּלוצים האָבן מיר דערזען ווי פון דעם בית־מדרש אַרויס זעצט אַ רויך. מיר זענען צוגעלאָפן צום בית־מדרש און דער רויך איז געווען אַ שטיקנדיקער. מיר האָבן געמאַכט אַן אַלאַרם, אָנגעהויבן רופן הילף.

דער רויך האָט אַרויסגעשלאָגן פון דער קאַמער, וווּ ס׳איז געשלאָפן דער שמש, דער „ליטוואַק״. ווי נאָר מיר האָבן געעפנט די טיר, האָט פון דאָרט אַ שלאָג געטאָן אַ פלאַם. ווייזט אויס, אַז די לופט פון דרויסן האָט אויפגעבלאָזן דאָס פייער, וואָס האָט געטליעט און זיך געשטיקט.

די קאַמער ווו דער שמש מיט זיין זון זענען געשלאָפן, איז פול געווען מיט שיימעס פון סידורים, מחזורים, חומשים און גמרות. דאָס אַלץ האָט זיך געדי־שעט און געררויכערט און געשטיקט דעם שמש מיט זיין זון.

קודם כל האָבן מיר אַרויסגעראַטעוועט דעם שמש מיטן זון. דערווייל איז זיך צונויפגעלאָפן אַ גרויסער עולם. אַלע האָב געשריגן, זיך געשטופּט. געווען אַזעלכע וואָס האָבן שוין באַוויינט די ספר־תורהס וואָס וועלן אַוועק מיטן רויך.

דאָס פייער האָט שוין פאַרכאַפּט די הילצערנע טרעפּ, און כדי צו ראַטעווען די ספר־תורה׳ס פונעם שניידערישן שילעכל, וואָס איז געווען אויבן, איז נישט געווען קיין אַנדער וועג, ווי דורך די פענצטער, אָבער כדי צוצוקומען צו אַ פענצטער האָט מען געדאַרפט האָבן הויכע לייטערס.

מיר האָבן שנעל געכאַפּט לייטערס פון די שכנים, צוגעבונדן איינעם צום אַנדערן מיט גאַרטלען, און איבער זיי האָבן אָנגעהויבן קלעטערן פרומע יונגעלייט.

אָבער ווי נאָר דער רויך האָט זיי אָנגעהויבן שטיקן, זענען זיי צוריק אַראָפּ. די צונויפגעבונדענע לייטער איז געווען זייער נישט מאַסיוו. באַלד האָבן אָנגעהויבן קלעטערן „ווילע יונגען", אָבער אויך זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן צוליבן שטיקנדיקן רויך.

דאַן זענען מיר ביידע, מיין חבר און איך אַרויף אויף די צונויפגעבונדענע לייטערס און אויפגעריסן אַ פענצטער. אין ערשטן מאָמענט האָט דער רויך אַ זעץ געטאָן אין די אויגן און איך האָב גאָרנישט געזען. מיט פאַרמאַכטע אויגן בין איך אַרויף אויפן געזימס פון פענצטער און אָנגעהויבן אַראָפּלאָזן זיך אינעווייניק אין שולעכל.

איך בין שנעל אַוועק צום ארון קודש, וואָס איז צום גליק געווען אָפן, און דאָס פרוכת איז געווען אויפגערוקט. איך האָב אַרויסגענומען אַ ספר־תורה, אַרויפגעקראָכן אויפן באַלעמער, און פון דאָרט — צום פענצטער, און פון דאָרט האָב איך איבערגעגעבן דאָס ספר משה פנחס'ן. אַליין בין איך צוריק אַראָפּ־געשפרונגען. דאָס איז נישט געווען אַזוי לייכט. יידן אין דרויסן האָבן געזאָגט תהילים, געשריגן „שמע ישראל" און געוויינט.

ענדלעך זענען אויך אָנגעקומען די בעלזער פייערלעשער. זיי האָבן צו יענער צייט געהאַט שוין געוויסע כלים צום לעשן שריפות. אָבער ביי דער שריפה האָבן זיי קיין צו גרויסן אינטערעס נישט אַרויסגעוויזן. די אַלע פייערלעשער זענען געווען קריסטן און דער אַנטיסעמיטיזם זייערער איז אַרויסגעקראָכן פון זיי. מען האָט אָבער נישט געוואַרט ביז זיי וועלן נעמען לעשן. ווער ס'האָט געהאַט אַ האַנט און אַ פוס האָט געכאַפּט אַן עמער און געשעפּט וואַסער פון דער מקווה, וואָס האָט זיך געפונען נישט ווייט פונעם בית־מדרש. אַזוי אַרום האָט מען פאַרלאָשן די שריפה.

✶

וואָס שייך דעם שמש דעם „ליטוואַק", האָט מען געשמועסט, אז ער איז אַ למדוואָווניק. ער איז געשלאָפן צווישן די שיימעס און זיך צוגעדעקט מיט שמאַטעס, געפרוירן געוואָרן אין דער קעלט. איז אָבער געשען אַזוי אַז בעתן ראַטעווען אים פון דער שריפה, האָט מען ביי אים געפונען געלט. דער „ליטוואַק" פלעגט קריגן קצבה און מסתמא האָט ער דאָס צונויפגעזאַמלט. אָבער מ'האָט דאָס געלט צוגענומען ביי אים און אָפּגעגעבן אויף אַ צוועק. ער אַליין האָט זיך געטרייסט מיטן זיצן איבער עפּעס אַ ספרל. באַנוגנט האָט ער זיך מיט געבראָטענע קאַרטאָפל. ער האָט קיין ווייב נישט געהאַט. ער איז געווען איינער פון די אינטערעסאַנטע טיפּן אין בעלז.

מאיר רוטר
חיפה

# משפחות עמלים

## יעקב לשצ׳ובר (יענקאלע בניומצ׳יס) ובני ביתו

עוד בדירתו הקודמת, הסמוכה לטחנת הקמח של ד״ר פרוסטיג, כשכל בני ביתו עוד היו בבלז, היתה באחת מפינות הבית מעין במה מורמת מעל הריצפה, עליה ישבו על שרפרפים נמוכים קלועים ברצועות עור כל הגברים של המשפחה ועסקו במלאכת הסנדלרות. מי שעסק בעשיית נעליים לפי הזמנה, ומי בהכנת סחורה סטנדרטית לימי ה„יריד״ הקרובים. אחד הבנים היה עסוק בגזירת העור ותפירת החלקים העליונים של הפנתאות ובתי השוקיים של הנעליים או המגפיים. ואילו יענקל׳ה עצמו, ראש המשפחה, היה לרוב גוזר את הסוליות על ידי סימון עם „מודלים״ (דגמים) מתוך חשש למסור ל„צוציקים״ (זאטוטים) שלו את העבודה העדינה הזאת, — שמא לא יפיקו די סוליות מלוח העור השלם ויגרמו הפסד ממון. גם הבנות לא הלכו בטלות. אחת עזרה באריזת הסחורה, ואחת בציחצוחה. אם הבנות, רבקה־לאה, היתה חולשת על עבודות הבית והכנת טרף ל„זוללים״ שלה. אבל אם קרה ואחד הבנים לא כילה את ארוחתו, היתה מתחננת לפניו שיאכל עוד, שכן מאין „יקח כוח לעבוד כל כך קשה״, וכשנימוק זה לא הועיל היתה מוסיפה: „פון וואנען וועסטו נעמען כוח צו טאַנצן ביינאַכט מיט מיידן אין דער פאַריין, טפוי אויף זייערע קעפ״ (מנין תקח כוח לרקוד בערב עם הריבות, מארה על ראשיהן). המסכנה לא ניחשה, כי לחוסר התיאבון הפתאומי הזה היתה סיבה. „התכשיט״ שלה בלע סעודת ביניים של לחמניות טריות ונקניק בהכשרו של צ׳רביץ (נקניקיה של בשר חזיר). כיהודיה מן הדור הישן תבעה מבניה שיניחו תפילין, ואלה, על אף היותם חברים במפלגה אנטי־דתית כה„בונד״, כדי לא לצער אותה, היו מצטודדים לפינה ו„מודדים״ את התפילין לדקות מספר. כשהודיעו לה שכבר גמרו להתפלל, היתה מגיבה: „אפילו אַ באַן פאַרט נישט אַזוי שנעל״ (אפילו רכבת אינה נוסעת כל כך מהר). על רקע דרישותיה מסוג זה ארעו לא פעם מקרים משעשעים. הייתי פעם בביתם בשעות בין הערביים, כאשר בן הזקונים ברישל, קנה לו נקניק מהתוצרת ה„ידועה״ ולחמניות. כשהתחיל אוכל, צעקה האם מהמטבח, „בערישל אפיקורס, אפשר וואלסטו אנגעטון דאס היטל און געמאַכט אַ ברכה?״ (ברישל, אולי תחבוש את הכובע ותברך על הפת?). ברישל חבש את הכובע ובירך בקול רם „המוציא לחם מן הארץ״, ואמו ענתה אמן, בתוספת ברכה „אגעזונט אויף דיין קאפ״ (תהיה בריא). הבנים הוקירו

רגלם מבית־הכנסת. רק ראש המשפחה היה מתפלל בשבתות ב„שניידערשן שולכל" (בית־הכנסת של בעלי־המלאכה). בכל ימות השבוע היה מניח תפילין ומתפלל תפילה קצרה בבית.

יהודי מכל השנה היה יענקל'ה בניומצ'יס ולא שאף לגדולות. רק במקצועו היה יומרני, אבל גם כאן על הרוב לא האירה לו הצלחה פנים. בשנות העשרים בעוד בניו היו עמו בבית, היתה הפרנסה מצויה יותר, אך הצרכים היו מרובים, ולא בנקל ניתן היה לפרנס משפחה בת עשר נפשות. רב היה גם הצורך להחליף את הדירה, שכן הבית בו גרו חציו היה שקוע באדמה. כשהיו יורדים מכיוון הבאר שעל יד ר' פייבישל חזן לעבר מגוריו של יענקלע בניומצ'יס, היו יכולים מבלי מאמץ גדול לעלות ישר על הגג. לימים החליף את הדירה וקנה את ביתו של יצחק וייקסלבום, מול „חצר" הרבי. אבל עוד לפני זה נתדלדלה המשפחה. הבכור ברוך, נשא אשה והקים בית משלו; הבן השני מיכאל והבת יחצ'ה היגרו לקנדה. שנים אחדות לאחר מכן הצטרפו אליהם גם הבת קילה ואחיהם שמואל.

עם התארגנותו מחדש של ה„בונד" אחרי מלחמת העולם הראשונה, הצטרפו למפלגה רוב בני משפחת לשצ'ובר. בסוף שנות העשרים, עם הפילוג ב„בונד", שלא פסח גם על הסניף בבלז, הצטרפו לפלג השמאלי, אשר כידוע שימש הסוואה לפעולה והתארגנות קומוניסטית. בני לשצ'ובר היו מן הפעילים ביותר *.

המארגנים הראשונים והעומדים בראש אירגון זה בבלז היו שלושת האחים אברהם ובעריש, שנספו בשואה, וחיים־לייב החי כיום בקנדה. הם התמסרו לעניין בכל מאודם, אם כי ידעו היטב שבכל רגע צפוי להם מעצר או חיפושים של המשטרה. ואכן לא אחת ערכו חיפושים בביתם, וההורים למרות אי־קורת רוחם מהפעילות הזאת מעולם לא הוכיחו את בניהם על כך. הם אף גילו במידה מסויימת הבנה לעניין. וכשפורק ה־א.י.א.פ. על ידי השלטונות ב־1933, המשיכו האחים בפעולה בלתי ליגלית. רק ב־1937 לרגל „משפטי מוסקבה" החלו אף הם כרבים אחרים לפקפק בנכונות דרכם.

ההורים, שהזדקנו לא יכלו לפרנס את עצמם, וחיו מתמיכת ילדיהם בבלז ובקנדה. עם בריחת היהודים מבלז באוקטובר 1939, ברחו גם בניו של יע'נקלה בניומצ'יס, מי לסוקאל ומי ללבוב. אך הזקנים לא רצו בשום אופן לעזוב את ביתם למרות ההפצרות והתחנונים של הבנים. יומיים אחרי המנוסה הגדולה, ביקרתי בעיירה עם עוד מספר אנשי בלז, ומצאנו משפחות יהודיות ספורות שסרבו לעזוב את העיירה. בבוקר השכם פגש אותנו הרש לייב צאן ז"ל וסיפר לנו כי בלילה שעבר מת יענקלע בניומצ'יס ואין מנין יהודים שיביאו אותו לקבר ישראל. לאחר מכן נודע לי כי בהלוויה השתתפו חמישה יהודים;

* על סעיף א. י. א. פ. בבלז ראה את הפרק „תנועות השמאל".

פישל הולצמן, הרש־לייב צאן, משהל׳ה אברהם אבא׳ס, מנדל מילער (ילדמן) ומאיר לשצ׳ובר, זכר כולם לברכה.

האם הזקנה רבקה־לאה נאלצה למחרת מות בעלה לחפש מחסה בבית אחר. באותו בוקר שרפו פורעים מקומיים עוד לפני כניסת הגרמנים את רוב בתי היהודים של אותה סביבה. חלק גדול ממשפחת לשצ׳ובר ניספה בשואה וחלק חי עד היום בקנדה.

**משפחת סטוליאר („טשודאַק״)**

בני עיירתנו הזוכרים את שנות העשרים ואת השנים שלפניהן, יזכרו בוודאי את הרש „טשודאק״, הלא הוא הרש סטוליאר, שגר עם משפחתו הגדולה בת 12—10 נפשות בצריף עץ נמוך, שמבחוץ היה מטוייח בטיט מעורב בתבן, ובפנים היו הקירות מסויידים לרוב בצבע ירוק, כפי שמקובל היה בשנים ההן. לפי הערכתי, לא עלה גודל הצריף על 25 ממ״ר.

הרש סטוליאר, כפוף־גב מרוב עמל משחר ילדותו, היה בן להורים עניים, שבגיל צעיר התייתם משני הוריו, ובעודנו ילד נאלץ היה לחפש את מחייתו. תמיד חשבתי שהשם טשודאק בא מהמילה האוקראינית „תמהוני״, אבל לאחר שיחה עם בנו ברוך התברר לי שהכינוי הזה הודבק לאביו בגלל שיום יום היה חי בנס ובצעירותו היתה שגורה בפי אביו המילה „טשודה״, שמשמעותה באוקראינית נס. ובאמת היו כל חייו בבחינת נס. ממה התפרנס הרש טשודאק? מסחיבת דליי מים לבתי היהודים בעיירה, ומנשיאת משאות ושקי סחורה על גבו, ורוב ימי נעוריו היה ישן על ספסל בבית המדרש. ובכל זאת התחתן האיש, הקים בית והביא ילדים לעולם.

בניו, אף הם נאלצו לעבוד מגיל צעיר, אבל לא כאביהם נשכרו ללמוד מקצוע, על הרוב סנדלרות. רק איצ׳לה למד חייטות; ואילו הבנות למדו תפירה, או שעבדו כעוזרות־בית, ולפני פסח עבדו כ„העלפערינס״ (עוזרות) באפיית מצות. הרש „טשודאק״ היה באמת איש „יוצא דופן״ בעיירה. בשבת שהיו קוראים בה את פרשת ה„תוכחה״, זכה בעלייה לתורה. שהרי לפי המנהג, לא היו „קופצים״ לעלות לתורה לפרשה זו המכובדים שבין בעלי־הבתים. הפעם ויתרו על הכבוד, ותמיד נמצא איזה ביש־מזל שנאות לקבל את כל הקללות והחרמות שבפרשה זו. בבלז היה הרש טשודאק הזוכה בפרשת התוכחה, וצדקה עשו עמו שלא רק וויתרו על ה„נדר״, אלא אף זיכו אותו בפיצוי כספי.

בשנת 1929 מת הרש סטוליאר משחפת ושנתיים אחר מותו מתה גם אשתו אסתר־מלכה. הגדול בבנים, יוסף, כבר היה נשוי וגר עם משפחתו בסוקאל, שאר בני המשפחה נשארו לגור בבית ההורים. הגדול בבנים אחרי יוסף, ברוך הפך באופן טבעי לראש המשפחה. ברוך, שהיה סנדלר, עבד לרוב אצל שמואל שטינברג. המפרנסים בבית היו, כפי שזכור לי, ברוך, בריינה, רוניה ואיצ׳לה. בנוסף לעבודה הקשה, שארכה בדרך כלל 12—13 שעות ביום, טיפלו האחים

והאחיות באחיהם ואחיותיהם הקטנים ומילאו את מחסוריהם ככל שהשיגה ידם. על ידי לימוד עצמי ובעזרת חברים וידידים, למדו בניו של הרש טשודאק לכתוב, וברוך אף מצא זמן לקרוא ספרים שנושאם בעיות חברתיות. היה חבר ב„בונד", ואחר כך ממייסדיה הראשיים של א.י.א.פ. ואף שימש מזכיר הסניף בבלז.

בשנת 1933 עם פירוק האירגון על ידי השלטונות, נאסר יחד עם חברי הועד האחרים, והוחזקו במעצר למעלה מחודשיים. הבית שנשאר ללא ראש משפחה קיבל עזרה מידי חברים וידידים שלא נתנו להם לסבול חרפת רעב.

הילדים גדלו, וכל אחד מהם מצא לו עיסוק או למד מלאכה. הגדולים נישאו והקימו משפחות. מכל המשפחה הגדולה הזאת נשארה בחיים רק הבת בריינה עם בעלה חיים־לייב לשצ׳ובר שהיגרו לקנדה.

**שעיה ביטרמן — ישעיהו שואב המים ובנו דוד יוסל**

שעיה וואַסער־פירער ובנו דוד־יוסל, שניהם היו גבוהי קומה, רחבי גרם וחסונים, זקניהם ירדו על מידותיהם ולחייהם היו מעוטרות בפיאות ארוכות. פרנסתם היתה הובלת מים בעגלה רתומה לסוס אחד, ועליה חבית עץ סגורה ורק בדופנה האחורי היה פתח קטן סתום בפקק של עץ. משנשלף הפקק זרמו המים בקילוח דק לדלי עד מלואו. לשאוב את המים היו נוסעים לבאר או לנהר, הכול לפי סוג המים שהיו צריכים לספק לבתים — מי שתייה מן הבאר, ומים לצרכים אחרים כגון כביסה ושטיפת ריצפה וכיו"ב מן הנהר. כשמילאו את החבית במים, היו נוסעים מבית לבית ומוכרים אותם לעקרות הבית לפי תעריף מסויים. בצד העגלה היו תלויים שני דליי עץ, אותם מילאו מחביתם והריקם לתוך הכלים של בעלות הבית.

רבים בוודאי זוכרים את תעלולי הקונדסים שהיו נתלים מאחורי העגלה, כדי ליהנות מנסיעת חינם, וכ„פיצוי" לשירות היו שולפים את הפקק מן החבית, שהיתה משקה את הרחוב, דרכה נסעה העגלה. ואכן לא אחת נאלץ שעיה וואסערפירער לחזור לבאר או לנהר כדי למלאות מחדש את החבית שנתרוקנה בדרך. בכל זאת ולמרות הנזק והעמל הנוסף שנגרם לו, מעולם לא הרים שעיה יד על ילד יהודי. יש והיה מאיים עליו בשוט, או מזהיר אותו שיספר לאביו איזה „תכשיט" הוא מגדל. יותר מזה לא הספיק לו כוח העונשין. שכן שעיה וואסערפירער היה אדם נוח מטבעו ונהג בסלחנות לגבי כל בריה.

האב והבן דוד־יוסל, שמן התקופה שאני זוכר אותו היה כבר אב לשלושה ילדים, גרו בבית אחד, היו קמים לפנות בוקר להתפלל עם ה„ותיקין", כלומר עם המניין הראשון בבית המדרש. ומיד אחרי ארוחת הבוקר היו יוצאים לעבודה.

יהודים עמלים היו האב ובנו, יהודים פשוטים, לא בקיאים ביותר ב„אותיות הקטנות", אך יראי שמים. בערבים היו מן המתמידים שלמדו פרק „משניות" אצל ר׳ רפאל דיין, ובשבתות מדרש אצל ר׳ לאזער (אלעזר) יודנברג. ולא רק המצוות שבין אדם למקום היו שוקדים לקיים, אלא גם המצוות שבין אדם

לחברו. אין אני יודע אם ידוע לבני בלז רבים ששעיה וואַסערפירער היה „מתן־בסתר" לנצרכים יותר גדולים ממנו במשך הרבה שנים. לא מעטים מחנווני העיירה ובעלי הדוכנים היו יכולים בכל עת לקבל אצלו גמילת חסד של כמה עשרות או אף מאות זלוטי, ללא רבית וללא ערבות כלשהי, וכאמור, בצינעה. זכורה לי עוד מצווה שקיים שעיה וואַסערפירער. כידוע, היה נהוג בכל קהילות ישראל לקחת „אורח־לשבת". אך לא כל יהודי היה שש לקיים מצווה זו. לא כן שעיה. לא היה ליל שבת שלא היה מביא עמו הביתה אחרי קבלת שבת בבית־הכנסת לפחות שני אורחים כאלה. האחראי על „האורחים", כבר ידע שלשעיה וואסערפירער צריך לתת אורחים „מכובדים". ובערבי שבת, ולמחרת בסעודת צהריים, בקעו מביתו „זמירות" כיאה לכל בית מכובד בישראל.

פראדל, אשתו של דוד־יוסל, היתה ביום חמישי ושישי, בעת אפיית חלות ולחם ועוגיות בשביל המשפחה לכל השבוע, מפרישה „מעשר" לעניים. כלומר, בנוסף לחלות, לחם ועוגות שהיתה אופה בשביל המשפחה, היתה ממלאה „תנור" מיוחד עם דברי מאפה לחלוקה בין נצרכים, שלצערנו לא היו נדירים בעיירתנו.

אפשר להוסיף כהנה וכהנה למעשיהם הטובים של בני המשפחה הזאת, שעמלו קשה לכלכלת בני ביתם, אנשים ישרים היו, מצניעי לכת, שמצוות וחי אחיך עמך היתה כל השנים נר לרגליהם.

בפרוץ המלחמה, היה ישעיהו ביטרמן וודאי כבן שמונים והוא עוד במלוא כוחותיו. משפחתו כיתר בני עירנו, עזבו את בלז בהגיע הידיעה שהגייסות הגרמניים מתקרבים לעיירה. כפי שנודע לי מצאו מקלט בני משפחתם בסוקאל, ושם נספו יחד עם כל יהודי סוקאל בידי הגרמנים ועוזריהם האוקראינים.

**לייבוש רייזער (יאַכנער)**

מבין כל העגלונים שבעיירתנו היה לייבוש יאכנער המסודר ביותר, וניתן אפילו לומר הכי אמיד, לפי מושגי בלז. בעגלונות ממש עסקו האב ושני בניו הגדולים נתן ואשר (ארטשע). שלושתם, גברתנים היו, נותני הטון בעגלונות בבלז. באורוותם נמצאו תמיד 5—6 סוסים טובים וחסונים; העגלות שלהם היו גדולות וחזקות מהעגלות של שאר העגלונים שבעיירה. חוץ מהובלות בתוך העיר, היו מובילים בני יאכנער סחורות מלבוב ומסוקאל וממקומות אחרים.

כל שבוע, בימי ראשון ושלישי, היה אחד הבנים יוצא עם עגלה (לפי גודלה יאה לה השם קרון־משא) רתומה לשני סוסים אבירים, גדושה סחורה ו„פסז'ירים" ללבוב. ובחזרה היו מביאים סחורות בעיקר לסוחרי המכולת, הסיטונאים, שהוזמנו על־ידיהם אצל הסיטונאים בלבוב. לסוקאל הסמוכה היו נוסעים כמעט כל יום. בני יאכנער היו נוסעים בכל מזג אוויר בעוד עגלונים אחרים פחדו להסתכן בנסיעה במזג אוויר גרוע. בגשמים זועפים, בסערות שלג, היו שומרים בני יאכנער בקפדנות על לוח הזמנים הקבוע. שגורה היתה בפיהם האימרה: „הבטחת — קיים". אם הובטח לסוחר פלוני להביא סחורה בתאריך מסויים, צריך להביא אותה, ויהי מה. התייחסותם לעבודה ולרכוש היתה רצינית ביותר.

שמירתם על הסחורות שלא ינזקו בדרך היתה מעולה מאוד, והיה וסחורה ניזוקה בדרך היו מוכנים תמיד, לפי יכולתם, לכסות את ערך הנזק (בל נשכח שביטוח סחורות היה דבר בלתי ידוע בימים ההם בבלז).

לייבוש יאכנער עצמו לא היה מרבה לנסוע מחוץ לעיר. ראשית, בגלל גילו; שנית, בגלל יראת הכבוד שרחשו לו בניו. עיקר עבודתו היה הובלת סחורות מתחנת הרכבת למחסני הסיטונאים, ומהם לקמעונאים. אמנם מחוספס היה בחיצוניותו ובהליכותיו, אבל ביסודו היה איש טוב לב ומוכן לעזור לזולת בכל מקרה. זוכר אני מקרה, שפעם, בהובילו עגלה עם פחם מתחנת הרכבת העירה, פגש בדרך עגלון אחר שנשבר גלגל בעגלתו. לייבוש לא היסס רגע, העמיד את עגלתו בצד ושאל לאותו עגלון, מה הוא מעדיף, שיעזור לו לתקן את הגלגל ואז צריך יהיה להוריד את הסחורה, או מוטב שיחכה עד שיחזור ויעביר את הסחורה לעגלתו ויובילה לתעודתה. העגלון הנ״ל העדיף את האופציה השנייה, וכעבור חצי שעה חזר לייבוש יאכנער עם עגלה ריקה, העביר יחד עם עמיתו את המשא לעגלתו והביא את הסחורה לתעודתה. ודאי לא הצטער על שהפסיד „סיבוב״ נוסף שיכול היה לבצע באותו זמן.

כנאמר, נחשב לייבוש יאכנער יחסית לאיש אמיד בבלז. ביתו היה מסודר, הלבוש נאה וידו פתוחה להגיש עזרה לנצרך.

תענוג מיוחד נועד למי שנסע עם נתן הבן לסוקאל או ללבוב. נתן, שהיה חייל בצבא האוסטרי במלחמת העולם הראשונה, נפל בשבי בידי הרוסים. ברוסיה שהה שנים אחדות, עד לשנת 1920. מובן ששם עברה עליו המהפיכה הבולשיביקית. בקושי רב הצליח לחזור הביתה, לאחר שנות סבל ויסורים שהיו מנת חלקם של מיליונים ברוסיה באותה תקופה. לנתן היה מלאי לא נדלה של סיפורים על שעבר עליו ברוסיה ומה שראה שם. אמנם סיגנונו לא היה מהוקצע ביותר, אבל בלשונו הפשוטה והמחוספסת, ידע לשתף את השומע בחוויותיו בצורה חיה כזאת כאילו חי הוא עצמו אותן. למרות היותו אנטי־בולשביק, היה חוזר פעמים אין ספור על חווייתו שהוא, נתן בן לייבוש יאכנער מבלז, הקשיב לנאומו של לייבל׳ה טרוצקי. בהזדמנויות שונות היה חוזר על אמירתו „אבל מי זכה לראות במו עיניו את טרוצקי? — נוסן (נתן) לייבוש יאכנערס, ואתה את מי ראית? את השמש של השניידער־שולכעל״ (השמש של בית־הכנסת של בעלי־המלאכה). כחסיד המספר בהערצה את מופתי רבו כך סיפר נתן על טרוצקי.

הבן השני ארטשע, היה עובד יומם וליל. הוא גם שרת בצבא הפולני. הוא לא התעניין בחיי ציבור, רוב מעיניו היו נתונים לחיי ה„עולם הזה״. הוא אהב לבקר בנשפים ובמסיבות ריקודים, להתגנדר בלבוש וכיוצא באלה. נוסף לנתן ואשר היו ללייבוש יאכנער בת בשם מלכה, שנישאה לברוך לשצ׳ובר, והיא ילדה לו שלושה ילדים. ברל הבן הצעיר של לייבוש היגר לאחת מארצות דרום־אמריקה, הבת מינצ׳ה התחתנה בבלז.

פרט לברל נספתה כל המשפחה, למעלה מעשרים נפשות, בשואה.

### שמואל שטינברג ובני ביתו

בתנאים הכלכליים ורמת החיים ששררו בבלז, נחשב שמואל שטינברג לאדם עשיר. סנדלר היה, אך תחת לקבל הזמנות של בודדים, התמסר אחרי מלחמת העולם הראשונה לעבודה סטנדרטית בשביל השוק הלא־יהודי וההצלחה האירה לו פנים. מלבד בניו, שכולם עבדו במקצוע והיוו את כוח העבודה העיקרי של המשפחה, העסיק גם מספר פועלים בסנדלריה שלו, וכן היה מוסר עבודה לסנדלרים אחרים בקבלנות. כפי הנראה היתה התוצרת שלו מטיב מעולה, אחרת ודאי האיכרים לא היו באים מקרוב ומרחוק, לקנות מגפיים ונעליים אצל שמואל שטינברג. המוניטין שלו היתה כה גדולה שלפעמים היו האיכרים ממתינים שעות רבות לתורם למדוד זוג מגפיים או נעליים. היתה להם אמונה עיוורת בטיב סחורתו של „שמיל".

משק ביתו של שמואל שטינברג נוהל ביד רחבה, כיאה לאדם אמיד. המשפחה היתה בת עשר נפשות: ארבעה בנים וארבע בנות. אם המשפחה דבורה, אשה חרוצה ומסורה לביתה ומשפחתה, היתה ידועה בעיירה בנכונותה להגיש תמיד עזרה לנצרכים. נתנה צדקה משלה, ובכוח זה דרשה מבעלי־יכולת אחרים שיתנו אף הם. באמצעותה נאספו מדי שבוע מצרכי מזון בכמות ניכרת שחולקו בצנעה לנצרכים. ולא רק למזון דאגה, אלא תרמה והתרימה אחרים להספקת בגדים, עצי־הסקה לחורף וכיוצא באלה, לעניים. דוגמת האם נתנה אותותיה בבנים. שכן בני שטינברג, איש איש בחוגו, לא טמנו יד בצלחת כשהיה צורך לעזור לחבר במצוקה. רוב הבנים היו פעילים בתנועות אידיאולו־גיות. אחד, נחמן, היה חבר ב„בונד", זוסיא הבן הבכור היה חבר פעיל ב„התאחדות" והוא משך אחריו את רוב אחיו ואחיותיו. הוא עצמו היגר לאמריקה ואחותו מרים היגרה עם בעלה פייבל זלצר לאורוגוואי. ואכן רק הם ניצלו. כל השאר שנשארו בבלז עד למלחמה ניספו בשואה.

שמואל שטינברג היה אדם נעים ומצניע לכת. בשבתות היה מתפלל עם המנין הראשון בבית־הכנסת של בעלי־המלאכה. בשנים האחרונות התפלל בבית־הכנסת של הציונים שה„חצר" והחסידים לא ראו אותו בעין יפה.

כששמואל שטינברג השיא בן או בת היה מעניק להם נדוניה הגונה נוסף לבית מגורים שבנה לזוג הצעיר.

משפחת שטינברג היתה מעין יוצאת דופן בין בעלי־המלאכה בבלז, הן בשל אמידותה, הן בשל היותה ברובה ציונית, וראש המשפחה נמנה עם התורמים המכובדים לקרנות הציוניות.

פרט למרים החיה עם משפחתה בישראל, לא נשאר בחיים אף איש מהמשפחה הגדולה הזאת, שיחד עם נכדיה הגיעה כמעט לעשרים נפש.

**ביילע האַלצמאַן**
נתניה

# די מעשה פונעם בעלזער רבין מיט ר׳ בערעלע מאַרשעליק און דעם קאָמיסאַר בראַנדעל

ווי באַוווּסט, איז בעלז נישט געווען קיין סטאַראָסטווע; בעלז האָט געהערט צו סאָקאַל. דער קאָמיסאַר פון דער קולטוס־געמיינדע אין סאָקאַל איז געווען אַ קריסט מיטן נאָמען בראַנדעל. ער איז געווען אַן איידעלער מענטש און געטאָן אַ סך גוטס יידן, און דערפאַר האָבן אים אַלע יידן גערן געהאַט.

האָט איינמאָל פּאַסירט, אַז דעם קאָמיסאַר בראַנדעלס יינגעלע איז קראַנק געוואָרן אויף דיפטעריט. מ׳האָט גערופן דאָקטוירים, זיי האָבן געגעבן פאַר־שידענע רפואות, אָבער דאָס האָט נישט געהאָלפן. דעמאָלט איז די יידן איינ־געפאַלן צו פאָרן צום בעלזער רבין נאָך אַ ברכה און אַ רפואה פאַר דעם קאָמיסאַרס יינגעלע.

גראָד אין יענער צייט האָט בערעלע מאַרשעליק געדאַרפט חתונה מאַכן אַ טאָכטער. ער האָט זיך גענויטיקט אין אַ הלוואה, אָבער קיינער האָט אים נישט געוואָלט באָרגן קיין געלט. אַ פאַרצווייפלטער איז ער אַריינגעפאַלן צום רבין בעטן אַן עצה, אָבער ווי נאָר דער רבי האָט אים דערזען האָט ער אים אַ פרעג געטאָן: „בערעלע, בערעלע, אפשר קענסטו מיר זאָגן, וואָס פאַר אַ רפואה מען גיט צו דיפטעריט?״ דערויף האָט בערעלע מאַרשעליק תיכף געענטפערט: „רבי, צו דיפטעריע גיט מען מילך מיט הינערן־שמאַלץ״.

אין שטאָט איז דאָס, ווייזט אויס, געווען אָנגענומען. ווען דאָס קראַנקע קינד פלעגט דאָס איינגעמען האָט עס אָנגעהויבן ברעכן, די מכות האָבן זיך געעפנט און דאַן איז געקומען די רפואה.

דער רבי האָט זיך אָנגערופן צו בערעלען: „לויף שנעל קיין סאָקאַל. בראַנ־דעלס יינגעלע איז קראַנק אויף דיפטעריע. זאָג דאָרט וואָס מען דאַרף טאָן און גאָט זאָל העלפן״.

מיטן ערשטן צוג איז בערעלע אַוועקגעפאָרן קיין סאָקאַל און באַלד אַוועק צו בראַנדעלן. ער האָט אים דערציילט וואָס דער רבי האָט געזאָגט. די דאָקטוי־רים דאָרט האָבן געלאַכט פון דער רפואה, אָבער בראַנדעל האָט געענטפערט, אַז ווען דער בעלזער רבי זאָגט עפּעס, דאַרף מען פאָלגן.

און גאָט האָט געהאָלפן, דאָס קינד איז געזונט געוואָרן. ווען בראַנדעל האָט זיך דערוווּסט, אַז בערעלע האָט נישט קיין געלט אויף חתונה צו מאַכן די טאָכטער, האָט ער אים געשאַפן אַן הלוואה און בערעלע מאַרשעליק האָט מיט מזל חתונה געמאַכט די טאָכטער.

# אַ מעשה מיט אַ בעלזער חסיד
# וואָס איז געפאָרן קיין ארץ־ישראל

ר׳ שמואל רבי נתן׳ס פלעג אַלע יאָרן פאָרן קיין בעלז. האָט ער געהאַלטן ביים אָפּשליסן אַ געשעפט, איז ער פריער געפאָרן זיך אַן עצה האַלטן מיטן בעלזער צדיק; האָט ער געדאַרפט אַ שידוך טאָן מיט אַ זון אָדער אַ טאָכטער, איז ער פריער געפאָרן קיין בעלז; ווער שמועסט יום־טוב, אָדער אַפילו אַ סתם יומא דפגרא, האָט ר׳ שמואל איבערגעלאָזט ווייב און קינד, אַוועק קיין בעלז זיך געפינען אין דער מחיצה פונעם הייליקן צדיק און זיינע חסידים.

אַזוי האָט ער זיך געפירט אין משך פון לאַנגע יאָרן. גאָט האָט אים געהאָלפן און מיטן בעלזער צדיק׳ס ברכה האָט ער מצליח געווען אין מסחר וואָס ער האָט געפירט מיט די גויים פון די דערפער; זיינע זין און טעכטער וואָס האָבן דערגרייכט צו דער צאָל פון די שבטים, האָט ער חתונה געמאַכט אין עושר און אין כבוד, און פון זיי דערלעבט נחת; גאָט האָט אים געבענטשט מיט בנים און בני בנים, וואָס האָבן עוסק געווען אין תורה און מצוות, אין גייסט און לויטן שטייגער פון בעלזער חסידות.

רויִק זענען געלאָפן די טעג און יאָרן פונעם חסיד ר׳ שמואל, ביז אין איינעם אַ טאָג איז צו אים געקומען זיין בן זקונים און אים געזאָגט בזה הלשון: גענוג געווען אין גלות, עס איז געקומען די צייט צו נעמען דעם גורל אין די הענט אַריין. איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן קיין ארץ־ישראל און העלפן אויפבויען דאָס חרובע לאַנד, ווייל נאָר דורך באַזעצן זיך אין לאַנד פון די אבות וועט פאַרקירצט ווערן דער וועג פון משיחן.

ווי אַ דונער אין אַ העלן זומער־טאָג האָבן דעם זונס ווערטער אָפּגעקלינגען אין פאָטערס אויערן. כידוע, האָט דער בעלזער צדיק נישט געהאַלטן פון די ציוניסטן און איז געווען קעגן די דוחקי הקץ. ר׳ שמואל האָט געפּרוּווט משפּיע זיין אויף זיין בן־זקונים און אים אָפּווענדן פונעם געדאַנק, וואָס ער האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ. עס האָט אים אָבער גאָרנישט געהאָלפן. דער זון האָט זיך געהאַלטן פעסט בײַ זיין באַשלוס און אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל.

די ערשטע יאָרן זיינע אין לאַנד זענען געווען זייער שווערע: אַרבעטס־לאָזיקייט, מאַלאַריע, טעג ווען ס׳איז נישט געווען וואָס צו עסן, ווי עס שטייט געשריבן: „אין ארץ־ישראל נקנית אלא ביסורים". ער האָט אָבער מיט גאָטס הילף, גובר געווען אַלע שטרויכלונגען, זיך אַקלימאַטיזירט, זיך איינגעאָרדנט ביי אַ סטאַבילער אַרבעט, און טראָץ דעם, וואָס ר׳ שמואל האָט אים נישט געגעבן זיין פאָטערלעכע ברכה ווען ער איז אַוועקגעפאָרן, האָט אים דער זון אין יעדן

בריוו, צוערשט מיט רמזים און שפּעטער אויף אַ דירעקטן אופן, אָנגעהויבן צורעדן צו פאַרלאָזן דעם גלות און זיך באַזעצן אויף די עלטערע יאָרן אין הייליקן לאַנד. און נאָך האָט ער אים געשריבן: מיין עקאָנאָמישע סיטואַציע איז איצט נישט קיין שלעכטע, אַז דו וועסט קומען אין לאַנד אַריין, בין איך גרייט צו זאָרגן אַז די און דער מאַמען זאָל גאָרנישט פעלן. איר וועט נישט דאַרפן וווינען ביי מיר. וועסט זיך קענען אויסוויילן אַן אָרט צום וווינען לויט דיין געשמאַק, ווי למשל, ירושלים, צפת אָדער טבריה, שטעט פול מיט חסידים, יראים ושלמים, וועסט קענען ממשיך זיין דיין לעבנס־שטייגער און אויך מקיים זיין די מצווה פון ישיבת ארץ־ישראל וואָס איז אַ גרויסע מצווה.

ווי טראָפּנס וואַסער וואָס פאַלן אַן אויפהער האָבן אָנגעפאַנגען דעם זונס רייד אַריינדרינגען אין ר׳ שמואל׳ס מחשבה, און חדשים לאַנג האָט ער געוויגן און געמאָסטן און אַריינגעטראַכט אין דעם ענין און נישט געקענט אָננעמען אַ באַשלוס. וואָלט זיך עס געהאַנדלט וועגן אַ מסחר אָדער אַ שידוך, וואָלט ער גלייך אַוועק צום בעלזער רב און אים געפרעגט אַן עצה און געטאָן ווי ער וואָלט אים געהייסן, ווי ער איז געוואוינט געווען אין משך פון לאַנגע יאָרן. אין דעם ענין אָבער האָט ער געוווּסט פון לכתחילה וואָס פאַר אַן עצה דער צדיק וועט אים געבן, און היות אין האַרצן האָט זיך ביי אים געשטאַרקט די נטיה אָנצונעמען דעם זונס פאָרשלאַג, האָט ער נישט געוואָלט זיך אַוועקשטעלן אין אַ סיטואַציע צו דאַרפן חלילה ממרה זיין דעם רב׳ס עצה.

און ווען דער באַשלוס אָנצונעמען דעם זונס פאָרשלאַג איז ביי אים רייף געוואָרן, האָט ער דעם ענין פאַרבאָרגן פונעם צדיקס אויער, איז אַוועקגעפאָרן קיין לעמבערג, באַצאָלט אַלע חובות וואָס ער איז שולדיק געווען די הורט־סוחרים, ליקווידירט שטילערהייט די סחורות וואָס ער האָט געהאַט און דעם טאָג וואָס ער איז אַלט געוואָרן 70 יאָר, האָט ער צוזאַמען מיט זיין זוגתו פאַרלאָזט זיין וווין־שטעטל און אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל, נישט אַריינפאָרנדיק קיין בעלז זיך געזעגענען מיטן צדיק און נעמען זיין ברכה.

קומענדיק קיין ארץ־ישראל האָט ער זיך באַזעצט אין דער הייליקער שטאָט צפת, אין אַ קליינעם צימער וואָס ער האָט געדונגען. פון דעם געלט וואָס ער האָט מיטגעבראַכט נאָכן ליקווידירן זיינע געשעפטן, און אַביסל וואָס ער האָט באַקומען פון דער „חלוקה", האָבן ר׳ שמואל און זיין ווייב זיך מפרנס געווען. ביים זון האָט ער גאָרנישט געוואָלט נעמען, זעענדיק ווי שווער עס קומט אים אָן מפרנס צו זיין זיך און זיין משפחה פון דער אַרבעט.

אין צפת האָט ר׳ שמואל מדקדק געווען זיך צו פירן לויטן בעלזער שטייגער, האָט זיך אַפילו געפרוווט אויסמישן מיט אַנדערע חסידים און מקובלים, עס האָט אים אָבער געפעלט די בעלזער לופט, דער בעלזער שטייגער. אין די שבתים און

ימים טובים בעיקר, פלעגן זיך ביי אים פאַרשטאַרקן די בענקעניש נאָך בעלז. עס האָט אין די תפילות געפעלט די בעלזער התלהבות, די ריקודים און ניגונים שמחת־תורה זענען נישט געווען על פי נוסח בעלז, און אַוודאי ער האָט זיך געקערט און געוועגדט האָט אים געפעלט דער נוסח און דער ברען פון בעלזער חסידות. נאָך אָפזיין אַ יאָר אין צפת האָבן זיך מיט יעדן טאָג געשטאַרקט זיינע בענקענישן נאָך בעלז, ביז אין אַ געוויסן טאָג האָט ער שטילערהייט פאַרלאָזט צפת און ארץ ישראל, נישט געזעגענענדיק זיך מיטן זון און זיין בני־בית און צוריקגעפאָרן קיין גאַליציע.

ווען צום בעלזער צדיק איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז ר׳ שמואל רבי נתן׳ס האָט פאַרלאָזט ארץ־ישראל און צוריקגעקומען קיין גאַליציע, האָט ער אים געשיקט רופן, און אים געזאָגט בזה הלשון: איך בין אויף דיר אין כעס פאַר צוויי זאַכן: א) וואָס ביזט אַוועקגעפאָרן און זיך אַפילו ניט געקומען געזעגענען; ב) פאַרוואָס האָסט פאַרלאָזט ארץ ישראל. אמת, האָט דער רבי פאַרגעזעצט, איך בין קעגן די ציוניסטן און האַלט נישט וואָס זיי טוען אין ארץ־ישראל, אָבער איין זאַך איז מלכתחילה און אַ צווייטע זאַך איז בדיעבד. אויב דו האָסט שוין זוכה געווען און געוווינט אין ארץ הקודש, האָסטו נישט געדאַרפט פאַרלאָזן דאָס לאַנד. און ווייסטו פאַרוואָס ביזט פון דאָרט אַוועקגעפאָרן, ווייל ס׳פעלט דיר אהבת ארץ־ישראל. און פאַר דעם וואָס האָסט מזלזל געווען אין ארץ־ישראל און זיך אומגעקערט אין גלות, וואָלט איך מן היושר דיך נישט געדאַרפט אויפרופן צו דער תורה, ווייל זיי וויסן, אַז פאַרלאָזן ארץ־ישראל איז געגליכן צו בזיון התורה. איך וועל אָבער האַנדלען כלפי דיר לפנים משורת הדין, און ווי ס׳שטייט געשריבן „על כל פשעים תכסה אהבה״ „וזכרתי לך חסד נעוריך״. 50 יאָר ביסטו געפאָרן קיין בעלז און געווען אַ געטרייער חסיד, און אין דעם זכות וועל איך דיר מוחל זיין און וועל דיך מכבד זיין מיט אַן „עליה״. און ר׳ שמואל בן ר׳ נתן איז עולה לתורה געווען און געבענטשט ברכת הגומל, וואָס ער איז אַריבערגעפאָרן דעם ים בשלום, אָבער דעם צדיק׳ס רייד זענען אים טיף אַריין אין האַרץ און האָבן אים נישט געגעבן קיין מנוחה. ער האָט טיף חרטה געהאַט וואָס ער האָט נישט געקענט ביישטיין דעם נסיון און האָט פאַרביטן ארץ ישראל אויף בעלז. ווייל ווי גרויס און הייליק בעלז זאָל נישט זיין אין זכות פון אירע צדיקים און חסידים — איז אָבער ארץ ישראל גרעסער און הייליקער.

דערציילט פון סימע היילמאַן און
פאַרצייכנט דורך אברהם כהנא
(אבר״ך)

ביילע האַלצמאַן
נתניה

# די מעשה מיטן שטאָט־פּרעזעס און מיטן אַלטן בית־עולם

ווען מיין באָבע איז געווען אַ מיידעלע פון אַ יאָר 6—7, איז שטאָט־פּרעזעס אין בעלז געווען אַ שלעכטער מענטש. ער האָט געליטן פון דעם שלעכטן וועג. שטענדיק, ווען זיין בריטשקע איז פאַרבייגעפאָרן דעם בית־הקברות, האָבן די פערד פאַרגריזנעט אין זאַמד אָדער אין בלאָטע און די בריטשקע איז געוואָרן אויסגעשמירט.

דאָס האָט דעם שררה שטאַרק פאַרדראָסן. ער האָט באַפוילן אויסצולייגן אַ וועג פאַר אים פון די מצבות און פון די ביינער אויפן בית־עולם. און אַזוי האָט מען געטאָן: מען האָט גענומען די מצבות, די ביינער און די שטיינער און מ׳האָט מיט זיי אויסגעפלאַסטערט אַ וועג פאַר דעם פּריץ.

ווען דער פּריץ איז צום ערשטן מאָל געפאָרן אויפן נייעם וועג, האָבן די פערד זיך ספּאַלאָשעט. זיי זענען געשפּרונגען אויפן אָרט און נישט געוואָלט ווייטער גיין. דער פּרעזעס איז אַראָפּגעפאַלן פון דער בריטשקע און דערהרגעט געוואָרן.

די גויים אין בעלז האָבן מורא געקריגן. זיי האָבן געבעטן די יידן, אַז מען זאָל צוריקלייגן די ביינער און די שטיינער אויפן בית־עולם.

**וועגן דעם זעלבן גיט צו משה הדרי**

ס׳איז געווען גאָר אַן אַלטע פּרוי אין שטעטל, אפשר הונדערט יאָר איז זי אַלט געווען, האָב איך געהערט איר דערציילן די מעשה אַזוי:

ווען זי איז נאָך געווען אַ קינד, האָט זי אַליין געהאָלפן צונויפנעמען די ביינער. דער רבי האָט געהייסן צונויפלייגן די ביינער אין דער ווייבערשער שול. די ביינער האָבן זיך געוואָרפן. אין שטעטל האָט מען געוויינט, מען האָט געזאָגט תהילים און געלערנט משניות. מען האָט אויך גוזר־תענית געווען. ביז וואַנען דער פּריץ האָט איינגענומען אַ מיתה משונה. דאַן האָבן די גויים געבעטן, מ׳זאָל צוריקלייגן די ביינער אויפן בית־הקברות.

ס׳איז געווען ווינטער. קינד און קייט האָבן גענומען די ביינער — מיט דער בלאָטע און מיט די שטיינער — דאָס אַלץ איז דאָך געווען הייליק, און זיי האָבן דאָס צוריקגעלייגט אויפן בית־עולם. אויף דעם האָט מען אָנגעשיט אַ גרויסן באַרג, אויף וועלכן ס׳איז אויסגעוואַקסן גראָז.

**יוסף פאַלק**
**תל־אביב**

# ערב יום־כיפור

**(פון דער סעריע: ימים נוראים אין בעלז)**

**אני כברוש רענן ממני פריך נמצא.**
(הושע י״ד)
**פאַר ד״ר אנזעלם קליינמאַן אַ מתנה.**

דער חלל איז פול מיט סליחות־ניגונים. שוין צוויי וואָכן רייסן זיך יעדן אין דער פרי אַרויס די תחנונים־טענער פון דער גרויסער בעלזער שול, פאַר־שפרייטן זיך איבערן גאַנצן שטעטל, פאַרשמעלצן זיך און גייען אויף אין דער סליחות־סימפאָניע, וואָס הוידעט זיך אין חלל און פילט אים אויס נאָך פון די פריערדיקע טעג. ווי אונטער אַ שווערן לופטדרוק בייגט זיך דער מענטש, דער בוים און ס׳בייגען זיך, דאַכט זיך, אויך די הייזלעך.

ס׳יידישע האַרץ, דאָס אייגענע, וואָס האָט פון זיך אַרויסגעשטויסן אָט די טענער, אָטעמט זיי צוריק איין, און גיט זיי, ווי אַ ווענטיל פון אַ מאָטאָר, געפרעסט, ברומענדיק און פייפנדיק, ווידער פון זיך אַרויס אומעטום ווי דער ייד שטייט און גייט: אין שטוב, אין גאַס,ביים עסן, ביי דער אַרבעט. אַפילו נחמן, דער איינציקער אַפיקורס אין שטעטל, הערט נישט אויף אונטערצוברומען דעם ניגון פון כל־נדרי, אָט דעם ניגון פון די ניגונים — און שעפטשעט אַלץ ווי זיך פערענטפערנדיק: דאָס איז עפּעס... עפּעס אַזוינס...

ערב יום־כפור איז די אַטמאָספער שוין דורכגעדרינגען פון דער הכרה, אַז אַזאַ חניקה־טעמפעראַטור קאָן שוין נישט לענגער אָנהאַלטן. זי מוז אָנהייבן נאָכצולאָזן. ס׳איז נאָר נאָך צו דערוואַרטן אַ לעצט געשעען, וואָס מוז קומען פאַר דער אָנטשפּאַנונג.

ס׳גאַנצע שטעטל זעט אויס ווי אַ גרויסער רוישנדיקער באַזאַר מיט פאַנטאַס־טישע שטעלן און אויסלאַגן, אַרום וועלכע ס׳שטופּען זיך קונים. וואָס אַ מענטש קאָן נאָר פאַרקויפן, און דער אַנדערער קויפן — דאָס טרעפט איר אויף די שטעלן: פירות, מעטער־לאַנגע ליכט, חלב־לעמפּלעך, ספרים, גאַרטלען, יאַרמולקעס, שטעקשיך, עסגעשיר, גלעזער, מעסערלעך, בקיצור: אַלצדינג, וואָס אַ ייד דאַרף האָבן אויף יום־הקדוש און אויף אַ גאַנץ יאָר. און יידן, פרעמדע יידן, קויפן מיט

אַזאַ חשק, גלייך ווי די מציאות טרעפן זיי נאָר אין בעלז און זיי זענען, אייגנס, געקומען אַהער צו קויפן... ווען איר זעט, מיט וואָס פאַר אַ צופרידענעם ערנסט דער באַלעבטער, פאַרסאָפּעטער אונגאַרישער חסיד מיט דער געגאָלטער באָרד רייסט זיך אַרויס פון דעם געדרענגעניש מיט אַ שקאַרמעץ ווייַנטרויבן אין דער אויפגעהויבענער האנט, וואָלט איר געשווירן, אַז דער ייד האָט ערשט איצט דער־טאַפּט אַ זעלטענע, חשובע פּרי אויף אַ „שהחינו"...

פון די הינטערגעסלעך (דורכן מאַרק קען מען נישט דורכגיין), שיטן זיך אויסגעסטראָיעטע יונגעלייטלעך און בחורים חברותותווייז צו דער באַן: זיי גייען אָפּוואַרטן די אורחים, וואָס דאַרפן אָנקומען מיטן צוג, מיט דער הרחבה און צופרידנקייט פון שוין היימישע בעלי־בתים, וואָס האָבן די זכיה זיך צו האָבן איינגעאָרדנט און צו פאַרמאָגן, לאָז זיין אַ בשותפותדיק געלעגער, אָבער אין אַ בעט, און נישט ביי ר' מאָטיע סטאָליער אויפן בוידעם... בחורים, כאָטש געקומען צום רבין, און כאָטש ס'איז ערב יום־הקדוש, וואַרפן אויגן אויף יונגע „ראש־השנהקעס" — דאָרפישע מיידלעך, וואָס שטייען אין זייער שענסטן פּוץ אויס־געשטעלט ביי די טירן פון דער באַנגאַס, פון וואַנען מ'קאָן אַזוי גוט זען און ווערן געזען...

קומט אָן דער צוג, הייבט אָן זיך צו וויקלען, ווי פון אַ קנויל, פון באַנהויף אין שטאָט אַריין, אַ פאַס מענטשן וואָס האָט, דאַכט זיך, נישט קיין עק. מיט געסט אָנגעפּיקעוועטע פיאַקערס און וועגעלעך יאָגן פון דער באַן ווי מזיקים: לאָז זיך טאָן וואָס ס'וויל, עטלעכע יאַזדעס מוזן זיי נאָך כאַפּן... און די שורה מענטשן ציט זיך און ציט זיך. דאָ און דאָרט כאַפּט זיך עמעצער אַרויס פון דער שורה, לויפט אַריבער מיט לעבנסגעפאַר דעם שטראָז און פאַרשווינדט אין אַ טיר אַריין — אָבער אין דער שורה בלייבט נישט קיין קארב. ס'האָט זיך אונטערגערוקט אַן אַנדערער, און די שורה איז, ווי פריער, גלייך — צו מעסטן מיט אַ וואַסער־וואָג...

דער שולפּלאַץ איז דער טרעפפּונקט פאַר אַלע פרעמדע, און אַזוי ווי דער פריש־אָנגעקומענער אורח האָט נאָר ערגעץ־ווו אַנידערגעלייגט זיין רענצל צי טלומעקל, איז ער שוין אויפן שול־פּלאַץ. דאָ טרעפט מען קרובים און באַקאַנטע פון נאָענט און ווייט, סיי אַזוינע, וואָס מ'האָט דערוואַרט זיי דאָ צו באַגעגענען, סיי אַזוינע, וואָס מ'האָט זיך אויף זיי גאָרנישט גערעכט. איז דער פּלאַץ פול מיט רוישיקן לעבן. דער רעש איז אָבער נישט דער אייגענער, ווי ערגעץ אַנדערש אין שטעטל, נאָר פון אַ גאַנץ אַנדער מין. אַחוץ די פּאָר שטעלן מיט ספרים צווישן דער שול און דעם בית־המדרש, זעט מען דאָ גאָרנישט, וואָס שמעקט מיט גאַס. ס'הערשט דאָ אַן ענגעניש, וואָס איז אַן אמתע הרחבה, ממש עומדים צפופים ומשתחוים... יידן באַגעגענען זיך, דערקענען זיך און באַקענען זיך. מ'גיט זיך אָפּ שלום־עליכם, מ'פרעגט אויפן בני־בית און מען לאָזט זיך אַריין אין אַ שמועס פון תורה מעניני דיומא. דאָ איז דאָס בעסטע מקום צו פאַרהערן אַ חתן:

געפעלט ער, מאַכט מען אַ וואָרט; געפעלט ער נישט, זאָגט מען צו, איה״ש חול־המועד־סוכות, צו שיקן די יידענע אויפן אָרט, אַנצוקוקן „די שטוב״.

אַ ייִנגעלע, וואָס דער טאַטע האָט אים דאָס ערשטע מאָל אַהער מיטגענומען, באַגאַפט די קוגלען אויבן אויפן שול־דאַך. און פרעגט דעם טאַטן, צי זיי זענען אמת גאָלד.

ענטפערט דער טאַטע:

— קינד מיינס, וואָס איז גאָלד? גאָלד, דאָס איז עפּעס אויסענווייניקס, גאָלד איז נאָר פאַרן אויג... יעדער ציגל פון דער שול איז מער ווערט ווי דאָס גאָלד פון דער גאַנצער וועלט... אַ מענטש קען דען תופס זיין, וויפיל קדושה ס׳איז איינגעזאַפּט און די ווענט?... מען דערציילט, אַז באַלד ווי די שול איז נאָר אויסגעפּאַרטיקט געוואָרן. איז ר׳ שמעון יאַראָסלאַווער זצ״ל אַהער אַראָפּגעקומען „אָנקוקן״, און מחמת ר׳איז געווען אַ סגי־נהור, איז ער אַרומגעגאַנגען אַרום די ווענט, זיי בעטאַפּט און זיין פּנים האָט כסדר געשמייכלט... פון זיינע בלינדע אויגן האָט אַרויסגעשטראַלט די אמתע שמחה... אויף איין אָרט אָבער האָט זיך זיין האַנט אַראָפּגעגליטשט, זיין צורה האָט זיך ווי פאַרקרומט און ער האָט אַ זאָג געטאָן: אָט... דאָ פעלט עפּעס... ווען מען האָט דערפון דערציילט גאָר דעם אַלטן צדיק, וואָס האָט געבויט די שול, און אים געפרעגט וועגן דער סיבה פון ר׳ שמעונס אומצופרידנהייט, האָט דער הייליקער צדיק זי״ע מיט אַ שמייכל געענטפערט: „אַ קלייניקייט... ווען מען האָט דאָס שטיקל געמויערט, בין איך נישט געווען הי. אָבער דעם פּגם אין דער וואַנט וועלן שוין מיינע חסידים מתקן זיין מיט זייערע תפילות״.

פון דער טיר פונעם רבינס הויז פּאַכעט אַ האַנט מיט אַ רויטער פּאַטשיילע, אַזוי ווי אַ וועכטער פאַכעט מיטן פענדל, ווען אַ צוג שיבט. דאָס גיט דער גבאי ר׳ אורי אַ צייכן, אַז דער עולם זאָל מאַכן אַ וואָרע און לאָזן דורכגיין דעם רבין אין מקווה אַריין. דער עולם גיט זיך בדחילו ורחימו אַ צעטייל ווי צוויי ווענט, דער צדיק גייט גיך דורך און דער עולם לאָזט זיך נאָך אים.

פאַר „כל־נדרי״ איז די „גרויסע שטוב״ איבערפולט מיט יידן, איינגעהילטע אין טליתים, אַזוי איבערפולט, אַז נישט אַ שפּילקע אַריינצוואַרפן. מען שטייט אויף די פענצטער און אויף די בענק, זיך איינס דאָס אַנדערע צוהאַלטנדיק; מ׳הענגט, ווי די פליגן אויף די ווענט. אין איין ווינקל שטייען ווייבער, ווינטשעווען זיך און כליפּען. דאָס כליפּען האָבן זיי נאָך מיטגעברענגט פון דערהיים און זיי קענען גאָרנישט אויפהערן. דער גאַנצער פלאַץ פאַר דער „גרויסער שטוב״ איז באַלאַגערט פון מענטשן, וואָס קענען מער נישט אַריין — שרייט מען אין די פענצטער אַריין: שאַ... שטיל... זאָלן די ווייבער שטיל זיין! דער עולם איז פול מיט דערוואַרטונג.

דערווייל איילן אַהערצו גיך, גיך פון אַלע זייטן, פאַרשפּעטיקטע יידן, און די טליתים פלאַטערן מיטן אָוונט־ווינטל. צוגעקומען און זעענדיק, ווי ווייט מ׳בלייבט שוין פון הינטן, העלפט מען אונטערשרייען: „שאַ... שטיל... זאָלן די ווייבער שטיל זיין!״

ס׳דערהערט זיך עפענען אַ טיר, די טיר פונעם רבינס חדר־מיוחד. אין דער גרויסער שטוב ווערט איצט שטיל, דער עולם דריקט זיך אַ ביסל אַריין און מאַכט פריי אַ שטיקל פּלאַץ פאַר דער שוועל. כאָטש די ווייבער האָבן זיך שוין אויך באַרויִקט, ווינקען נאָך אַלץ צו זיי הענט פונעם פענצטער. מ׳ווייסט: נשים דעתן קלות, און זיי קענען נאָך ווידער אַרויסשיסן מיט אַ געוויין. נישט איינער בייסט פעסט אַריין די ציין אין די ליפּן, מיינענדיק, אַז אַזוי וועט ער דערשטיקן דאָס כליפּען, וואָס רייסט זיך דאָרט אין די ווייבערס העלדזער און וויל אַרויס.

ס׳עפנט זיך די טיר, און אויף דער שוועל באַווייזט זיך דער רבי, באַגלייט פון גבאים און מקורבים. דער צדיק בלייבט שטיין נישט ווייט פון דער שוועל, וואַרפט אַ בליק איבערן עולם, הילט איין טיפער דעם קאָפּ אין טלית און הייבט אָן זאָגן. תחילת רעדט ער שטיל, בקול דממה דקה, דערנאָך הייבט ער אָן רעדן העכער און העכער און דאָס קול ציטערט, וויינט, אַ קול יונה הומיה.

ימים יצרו אחד מהם... מאַכט רש״י: דערויף זענען דאָ צוויי פשטים. איין פשט איז, אַז דאָס מיינט מען שבת, דער אַנדערער — יום־כיפור. הייַנט, אַז יום־כיפור געפאַלט אום שבת, געהערט דער טאָג נאָך ביידע דעות דעם אויבערשטן. לכן, אַז מיר גענענען אין אַזאַ טאָג פאַר דעם אויבערשטן מיט אַ האַרץ אַ צע־בראָכנס פון תשובה און חרטה, קענען מיר זיך אויסבעטן אַ מחילה גמורה אויף אונדזערע אַלע חטאים און עוונות... דער נביא זאָגט: אני כברוש רענן ממני פריך נמצא... די שכינה הקדושה זאָגט צו די יידן: איך בין ווי אַ צווייגהאַפּטיגער בוים און דערלאַנג מיט מיינע צווייגן אַראָפּ ביז צו דער ערד, און ווער ס׳וויל נאָר דערלאַנגען מיט די הענט, קאָן פון די פירות נהנה זיין...

ביי די ווערטער ווערן פול אַלע הערצער און גייען איבער פון יראה און דבקות. ווייבער קענען זיך שוין מער נישט באַהערשן און הייבן אָן וויינען אויפן קול. הענט שטרעקן זיך. ס׳דאַכט זיך יעדן: אָט איז אַזוי נאָענט אַ צווייג פונעם ברוש רענן... און די פירות זענען אָט־אָט, מיט די הענט צו דערלאַנגען...

דאָ גיט זיך דער צדיק אַ דריי אויס צו דער טיר און גייט אַרויס.

פון די פענצטער ווינקט מען אין דרויסן אַרויס.

מ׳גייט צו „כל־נדרי״ אין שול אַריין.

יונהברינגער
יפו

# מלמדים

דער ערשטער רבי מיינער איז געווען יעקב־שראל. ווען דער רבי פלעגט לערנען די קינדער, זיי זאָגן עפּעס און דערנאָך איבערפרעגן, האָט אַמאָל אַ קינד אים אָפּגעענטפערט: „רבי, זאָג דו, דו ווייסט דאָך בעסער".

נאָך צוויי יאָר האָט מען מיך אָפּגעגעבן צום קרומען לייבוש. דער איז שוין געווען אַ גרעסערער מומחה. ביי אים אין חדר האָבן געלערנט אַ 50 קינדער.

אין דעם צימער האָבן געלערנט די 50 תלמידים, און דערנעבן, אין אַלקער, איז געזעסן זיין איידעם, יעקב, אַ קירזשנער, און ער האָט געאַרבעט.

מיר, קינדער, פלעגן אַרונטערקריכן אונטערן טיש, ווו ס'איז געווען צוגע־בונדן אַ קאָץ. עס האָט געטראָפן, אַז די קאָץ האָט געכאַפּט אַ מויז און מיר, די קינדער, האָבן געמאַכט גוואַלדן. ווען איך בין אַלט געוואָרן 8 יאָר, האָט מען מיך געשיקט צום מלמד הערש סאָבעלס. דער איז געווען אַ גאַנץ גוטער מלמד, און אַ רואיקער. ער האָט נאָר ליב געהאַט אין סאַמע מיטן לערנען כאַפּן אַ דרימל. האָבן מיר אַמאָל אונטערגעשמירט דעם טיש מיט קנאָבל. דער רבי האָט ליב געהאַט קנאָבל, ס'האָט אים גוט געשמעקט. איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ טיפן שלאָף, און ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער נישט געקענט אָפּרייסן די באָרד פונעם טיש; זי איז געווען צוגעקלעפּט.

ער האָט גענומען שרייען, רופן דאָס ווייב און די טאָכטער נעשע — זיי זאָלן ברענגען אַ הייסן טשייניק וואַסער אונטערצופאַרען און באַפרייען די באָרד. ווען ער האָט ענדלעך זיך אָפּגעריסן פון טיש, האָט ער געכאַפּט אַ שייט האָלץ און געטיילט קלעפּ אויף רעכטס און אויף לינקס. די קינדער האָבן געמאַכט קולות, ביז דאָס ווייב האָט זיך גענומען בעטן ביי אים: „גזלן, דו וועסט דאָך פאַר־טרייבן די קינדער, און מיר וועלן בלייבן אָן פרנסה!"

הערש סאָבעלס איז אָבער געווען אַ גוטער מלמד. ער האָט גוט געהאָרעוועט מיט די קינדער איבער אַ פּרשה חומש.

שפּעטער האָב איך אָנגעהויבן לערנען ביי דוד מאָדער, מיטן צונאָמען דוד באָרג. ביי אים פלעגן שוין לערנען גרעסערע ייִנגלעך און אים האָט מען געמוזט באַצאָלן פאַר אַ גאַנצן זמן פאָרויס. פאַרשטייט זיך, אַז זייער ווייניק פון די באַלעבאַטים זענען געווען בכוח צו צאָלן פאַר אַ זמן פאָרויס. זיי האָבן געדאַנקט גאָט, אַז זיי קענען באַצאָלן פאַר יעדן חודש, און דאָס — נאָכן חודש. אָבער נאָך צוויי וואָכן פלעגט שוין זיין ווייב סאָבעלע קומען צוגיין און זיך אָוועקגעשטעלט אַ טרויעריקע אין דער טיר. דער טאַטע ע"ה האָט שוין פאַר־

שטאַנען, אַז זי דאַרף אויף שבת. די מאַמע האָט געוווּסט וואָס סאָבעלע וויל און האָט איר געגעבן די פּאָר זלאָטעס.

נאָך 4 זמנים האָט מיין טאַטע געהאַלטן, אַז ס׳איז גענוג — אַז מ׳דאַרף איבערפירן די קינדער צו אַ גרעסערן מלמד. ווי דוד באָרג האָט דאָס דערהערט, האָט ער גענומען וויינען, אַז אויב דער טאַטע וועט אָפּנעמען פון אים זיינע קינדער, וועט ער בלייבן אָן איין קינד און אָן פּרנסה.

נאָן אַלעמען, האָבן מיר ליב געהאַט צו לערנען ביי אים. ער פלעגט אָפּט פאָרן אָנקוקן שידוכים פאַר זיין זון לייבוש. מיר האָבן דאָס באַלד געוווּסט, ווי נאָר לייבוש האָט גענומען פאַרקעמען זיין בערדל און סאָבעלע האָט אַביסל אָפּגעוואַשן ס׳פּנים. מיר האָבן דאַן פאַרשטאַנען, אַז דעם טאָג וועלן מיר האָבן פריי.

אָבער ווען דוד באָרג האָט מכבד געווען מיט זיין שטעקן, פלעגט ווערן פינצטער אין די אויגן. איך האָב אָפּט אַריינגעכאַפּט פון אים און געזוכט אַ געלעגנהייט זיך אָפּרעכענען מיט אים. די איינציקע געלעגנהייט איז געווען תשעה באב, ווען איך פלעג אים מכבד זיין מיט באָדעקעס (בערעלעך) אין זיין באָרד. ער האָט שוין געוווּסט וועגן דעם, און תשעה באב פלעגט ער זיך אַרומבינדן די באָרד מיט אַ פאַטשיילע, כדי די באָדעקעס זאָלן אים נישט טרעפן אין דער באָרד.

דעמאָלט האָבן מיר אים אָפּגעטאָן אַן אַנדער שפּיצל: נאָך די קינות פלעגט דער רבי איינדרימלען. געבליבן זענען אין שול בלויז עטלעכע אַלטע יידן. איך, איציקל דעם שוחטס און שיקע אַדעלמאַן האָבן געכאַפּט דעם רבינס שטענדער און אַרויפגעשלעפּט אויף דער לייטער — 16—18 מעטער הויך. שבת, ווען דער רבי איז געקומען אין שול, האָט ער דערזען, אַז דער שטענדער איז נישטאָ. ער לויפט צום טאַטן און שרייט: „חיים לייב, דיין זון, דער יונגאַטש, מאַכט מיך אומגליקלעך!". צומאָרגנס, ווען איך בין געקומען אין חדר, האָט ער מיר גוט אָנגעריסן די אויערן. אָבער אויפן צווייטן יאָר האָב איך ווידער געטאָן דאָס זעלבע, און ווי לאַנג איך האָב ביי אים געלערנט, האָב איך אים באַצאָלט פאַר זיינע קלעפּ.

סוף כל סוף האָט דער טאַטע גענומען זוכן פאַר מיר אַן אַנדער מלמד. איך בין שוין דעמאָלט אַלט געווען 12 יאָר. מען האָט מיך אַריינגעגעבן צו שלום פּוילישער. ער איז געווען אַ גאַנץ גוטער מלמד. ער פלעגט אָבערליידן אויפן קאָפּ. ווי נאָר די קינדער זענען געקומען, האָט ער זיך אַרומגעבונדן דעם קאָפּ מיט אַ האַנטעך.

דאָס ווייב פלעגט אַרומגיין זאַמלען ברויט און דאָס צעטיילן פאַר אָרעמע־לייט. מיר, קינדער, פלעגן אַרויפקריכן אויפן בוידעם, וואָס איז געווען פול אָנגעלייגט מיטן געזאַמלטן ברויט.

שלום פוילישער האָט געהאַט אַ גוטן קאָפּ, אָבער לערנען האָט ער נישט געהאַט קיין חשק. מערסטנטייל זענען מיר געלעגן ביי שלמה קלוגער אין דער צווייטער זייט. מאיר לייב האָט געהאַט ביימער מיט באַרנעס און מיר פלעגן אויך מעלקן די קו. דעם צווייטן האַלבן טאָג פלעגן מיר פאַרברענגען ביי משה קלוגערס אַ זון, משה, אַ צעדרייטער נעבעך.

ס'איז געווען נאָך אַ מלמד: דער היוועניוער. ביי אים האָב איך נישט געלערנט. ביי אים האָבן געלערנט קינדער, וואָס זייערע טאַטעס זענען נישט געווען ביכולת צו צאָלן. ביי אים איז געווען אינגאַנצן פריי. ווינטער פלעגן די קינדער גיין אויפן פעלד און אויפקאָפּען דאָס קרויט וואָס איז דאָרט געלעגן באַהאַלטן. זיי האָבן געגעסן די קאַטשאַנעס פונעם קרויט.

**משה הדרי**

**גבעתיים**

# אין „חדר"

דער מלמד „דער קרומער לייבוש" איז געווען אַ מיטגליד אין דער חברה־קדישא. כמעט יעדן טאָג איז געווען אַ לוויה, און נאָך אַ לוויה דאַרף מען דאָך כאַפּן אַ כוסע פון 96־קער יי"ש. ער איז געווען אַ שטאַרקער טרינקער. פון אַזאַ לוויה פלעגט ער צוריקקומען אַרום 12 אָדער 1 אַזייגער, און דעמאָלט האָט ער גענומען גרייטן זיין מיטאָג. דער קרומער לייבוש איז געווען אַן אלמן. ער האָט געוווינט מיט זיינע טעכטער. איינע פון זיי, רבקה, איז געווען יעקב קירזשנערס ווייב. זיי זענען געווען מטופל מיט אַ סך קינדער, און אין אַלקער, וווּ זיי האָבן געוווינט, איז אויך געווען דער וואַרשטאַט. דאָרט איז שטענדיק געווען אָנגעוואָרפן שטיקלעך פעל און שטאָף.

אין שטוב איז אויך געווען אַ טאָכטער, אַן אַלט מיידל. איר נאָמען איז געווען מירל, און גערופן האָט מען זי „מירל זשאַבע". אָבער דער קרומער לייבוש האָט נישט געטרויט דאָס פלייש אין די הענט פון זיינע טעכטער, אַז זיי זאָלן דאָס צוגרייטן צום מיטאָג; ער איז אַ ריינער. ער האָט שרעקלעך נישט געקענט פאַרטראָגן קיין פליגן און אין אַזאַ שמוץ פעלן דאָך נישט קיין פליגן: 50 תלמידים, עטלעכע הינער און קאַטשקעס, און דער קירזשנער־וואַרשטאַט. טייל קינדער האָבן געהאַט בלאָטערן און אַפילו פאַרכעס, פון דעם אַליין האָבן די פליגן געמאַכט אַ לעבן.

דערפאַר פלעגט ער אַלץ אַליין פאַר זיך צוגרייטן: ער פלעגט זיך קאָכן דאָס יאַיכעלע און מאַכן זיך אַ גרויסע ציבעלע מיט אייער. ער האָט זייער ליב

געהאַט האַרבע ציבעלע. נאָכן אויפעסן דעם גרויסן טעלער ציבעלעס, פלעגט ער אָפּגרעבצן, און דעמאָלט זענען אַלע פליגן זיך צעלאָפן.

נאָכן מיטאָג האָט ער זיך צוגעלייגט אַביסל. ער האָט געהאַט אַ האַרטן שלאָף. דעם דרימל האָט ער זיך צוגעגרייט מיט שכל. איין תלמיד איז געשטאַנען איבער אים מיט אַ פלעדערוויש, אַ געגדזענעם פליגל, און מיט אים געפאָכעט די גאַנצע צייט, אָפּגעטריבן די פליגן. אַ צווייט יינגל האָט אים געקיצלט אין די פּאָדעשוועס מיט אַ טייטל און דאָס האָט אים פאַרשאַפט אַ גרויסן פאַר־געניגן.

אין דער זעלבער צייט האָבן די תלמידים זיך אַרויסגערוקט אין דרויסן און אָנגעהויבן שפילן זיך אונטער אַ גרויסן בוים. די קינדער האָבן געוווּסט, אַז כל־זמן מען פאָכעט און מען קיצלט דעם רבין, וועט זיי גאָרנישט געשען.

איך און נאָך אַ יינגל, הערש רייזשיס, האָבן דערווייל געמאַכט ביזנעס: מיר האָבן געשטעלט פּאָקן די קינדער. מיט וואָס? מיט אַ שפּרייז פון אַ פעדער... מיר האָבן זיי מיט דעם צעדראַפּעט און געמאַכט ווונדן. די מאַמעס זענען שפּעטער געקומען זוכן די מערדערס. מיר האָבן אויך געמאַכט אַ „רולעטקע". מיר האָבן גענומען אַ מעשענע טאַץ, אויפגעשריבן נומערן, דערצו אַ ווייזער מיט אַ האַנט און אַ קינד האָט גגעגעבן אַ דריי. די געווינסן זענען געווען אַ צוקערל, אַ שטיקל צוקער. דערפאַר האָט דער שפּילער באַצאָלט מיט אַ גראָשן אָדער מיט אַ קנעפּל. אויב אַ קינד האָט פאַרשפּילט אין דעם האַזאַרד אַלץ, די פּאָר גראָשן און די קנעפּלעך, האָט ער געמוזט אָפּרייסן פון זיך די קנעפּלעך, אַפילו פון די הויזן. די הויזן האָט ער צוגעבונדן מיט אַ שטריקל און אַזוי איז ער אַהיים געגאַנגען.

דער מלמד האָט סוף כל סוף זיך אויפגעכאַפּט פון זיין שלאָף. די פליגן האָבן זיך צוגעכאַפּט צו אים. צעטומלט נאָך פונעם שלאָף, האָט ער געכאַפּט דעם שטעקן אין האַנט, אַוועקגעשטעלט זיך פאַרן אַריינגאַנג און אַ געשריי געטאָן: „אַריין!" די קינדער האָבן אָנגעהויבן אַריינלויפן און יעדער האָט אַריינגעכאַפּט דאָס זייניקע.

די טאָכטער מירל זשאַבע האָט די קינדער געמאַטערט. זי האָט זיי געקנייפּט, צוגענומען ביי זיי דאָס עסן. די מאַמעס האָבן פון דעם נישט געוווּסט; זיי האָבן געמיינט, אַז זייערע קינדער האָבן אַזאַ גוטן אַפּעטיט. דערצו איז אין חדר נישט געווען קיין קלאָזעט. די קינדער פלעגן זיך זעצן אונטער אַ בוים...

דעם רבינס איידעם, יעקב, איז געווען אַ גרויסער אָרעמאַן. ער איז געווען אַ גוטער, אַ רואיקער, אָבער תמיד הונגעריק. מען האָט אים אַמאָל געפרעגט: „וואָס וואָלסטו זיך געווּנטשן, יעקב?" האָט ער דערויף געענטפערט: „איך ווינטש זיך, אַז דער טייך זאָל זיין אַ באָרשט און אין מיין אַלקער זאָלן פון ביידע זייטן הענגען גענדזלעך, און איך זאָל עסן די גענדזלעך און מיט וויאַדרעס

שעפן דעם באַרשט פון טייך״. פון דעם קען מען פאַרשטיין ווי הונגעריק דער מענטש איז געווען.

✶

דוד מאדער האָט געהאַט דריי שטעקנס. דעם לאַנגן שטעקן האָט ער גערופן „מחותן״, דעם מיטעלן שטעקן האָט ער גערופן „איידעם״ און דעם קליינעם האָט ער גערופן „זון״. מיט דעם „מחותן״ פלעגט ער געבן אַ שטאַרק אַ יינגל, וואָס איז געזעסן ווייט פון אים. מיט דעם „איידעם״ האָט ער דערלאַנגט אַ נענ־טער יינגל, און מיטן „זון״ פלעגט ער שלאָגן דעם וואָס איז געזעסן נעבן אים. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקע האַנט. ער איז געווען אַ הויכער ייד מיט אַ ווייסער באָרד. די קינדער האָבן פאַר אים זייער מורא געהאַט.

דאָס חדר איז געווען אויף אַ שטאָק. דאָרט איז אויך געווען אַ „קורניק״, אַ שטיבל מיט עופות, און אינעווייניק איז אויך געלעגן דאָס פאַרגרייטע האָלץ. מיר האָבן דאָרט זיך געשפּילט, און ס׳פלעגט טרעפן, אַז די הינער האָבן אָנגע־הויבן פליען, צעוואָרפן דאָס האָלץ און אָנגעהויבן שפּרינגען איבער די קעפּ. געוויינלעך האָט דער רבי געפּאַקט עמעצן, וואָס דער טאַטע זיינער האָט נישט באַצאָלט צו דער צייט דאָס רבי־געלט, און ער האָט אים אַריבערגעלייגט, אַראָפּ־געצויגן די הויזן און אַריינגעהאַקט ווי אין קרויט אַריין.

געלערנט האָט ער מיט אַ 20—30 קינדער און יעדעס קינד האָט ער געהאַט אויפן אויג. פון אים איז דער תלמיד אַרויס מיט מער דרך־ארץ ווי מיט תורה. ביי הערש סאָבעלעס איז געווען מער תורה ווי דרך־ארץ. פון דוד ליבעס (מאדער) חדר איז דער תלמיד אַוועק לערנען אין בית־מדרש אָדער אין דער ישיבה. די שוואַכערע תלמידים האָט מען אַריבערגעפירט אין אַ צווייטן חדר: צו שלום פּוילישער אָדער צו לייבעלע הערש קעליוווער.

✶

איינמאָל האָט ער אָנגעטראָפן מיטן „פעקל" אויף אַ תכשיט און יענער האָט אים אָנגעלערנט: ער האָט דעם טאָפּ מיט וואַסער איבערגעקערט אויפן טיש — אויף אַלע קינדער, אויף די חומשים — און גענומען טאַנצן. ס'איז געוואָרן אַ טעאַטער. דער רבי איז אַנטלאָפן, אַרויס אין דרויסן און גענומען רעדן צו זיך. ס'איז געווען ביי זיי אַ גרויסע אָרעמקייט און זיי האָבן אַ סך געליטן, אָבער די תלמידים האָבן זיך נישט גערעכנט דערמיט.

שלום פוילישערס טאָכטער האָט חתונה געהאַט מיט פנחסל שווימערס זון. פנחסל שווימער איז געווען אַ מלמד. מען האָט אים גערופן שווימער, ווייל בעתן גיין אין גאַס פלעגט ער מאַכן מיט די הענט אַזעלכע באַוועגונגען ווי ביים שווימען אין טייך.

**יוסף רובין**
**תל־אביב**

# גמרא־מלמדים

אויב איך האָב נישט קיין טעות, איז ר' דוד באָרג געווען דער ערשטער גמרא־מלמד, דאָס הייסט, אַז ביי אים האָט מען אָנגעהויבן לערנען גמרא, די מסכתא „בבא מציעא". מיט די העכערע כיתות האָט ער געלערנט „קדושין" און „כתובות".

ר' דוד באָרג איז געווען אַ ייד מיט אַ הדרת־פנים. דאָס האָט אַרויסגערופן דרך־ארץ צו אים, אָבער קיין שטרענגער מלמד איז ער נישט געווען. ער האָט ליב געהאַט צו לערנען אויבערפלעכלעך, צו „זופן", נישט גרינטלעך.

זיין סדר איז געווען אַזאַ: זונטיק אינדערפרי, ווען די קינדער זענען געקומען אין חדר, פלעגט ער עפענען די גמרא אין דער געגעבענער כיתה (ער האָט געהאַט עטלעכע כיתות) און ער האָט אָנגעהויבן צו דערקלערן דעם שיעור. די תלמידים האָבן נישט שטאַרק זיך צוגעהערט צו זיינע רייד. נאָכן זאָגן דעם שיעור האָבן די תלמידים פון דער כיתה געהאַט פריי אַ גאַנצע וואָך, ביז דאָנערשטיק. זיי פלעגן אין משך פון די טעג צווישן זונטיק און דאָנערשטיק דאַרפן חזרן דעם שיעור, און דאַן האָט ר' דוד באָרג זיי „פאַרהערט".

ביי ר' דודן האָט מען אויך געלערנט חומש מיט רש"י — אַלע כיתות צוזאַמען. ווי אומעטום האָט מען געלערנט די סדרה פון דער וואָך. דעם לימוד האָט מען אָנגעהויבן זונטיק נאָכמיטאָג און ממשיך געווען אין די אַנדערע טעג, ביז מען האָט געענדיקט די סדרה. זומער־צייט האָבן מיר געמאַכט אַ לעבן. ר' דוד האָט געהאַט נאָך אַ צימער, האָט ער אונדז אַהין אַריינגעשיקט „חזרן", ווייל ער אַליין האָט זיך פאַרנומען מיט אַ יינגערער כיתה. מיר האָבן אַזוי „גע־

חזרט״, אַז דאָרט ווו מיר האָבן אָנגעהויבן זענען מיר געבליבן שטיין די גאַנ־צע צייט. אין דעם צווייטן צימער איז געווען אַ גן־עדן. מיר האָבן דורך דאָרט געזען ווען דער רבי שטייט אויף, און דאַן האָבן מיר זיך גענומען צום לערנען. ווינטער אָבער איז געווען שווערער, ווייל אין יענעם צימער האָט מען נישט געהייצט. דערפאַר האָט מען געמוזט זיצן אין אַלגעמיינעם צימער צוזאַמען מיט אַלע קינדער, ווו דאָס אויג פונעם רבין איז געווען וואַכזאַמער, אָבער אויך דאָרט האָט מען מער געבטלט ווי געלערנט, און דאָס האָט טאַקע געגעבן זיינע רעזולטאַטן.

ווי אומעטום, אין אַלע שטעטלעך, איז אויך אין בעלז געווען אַ מנהג צו שיקן שבת די תלמידים צו די בעלי־בתים, אַז מען זאָל זיי „פאַרהערן״. עס זענען געווען אַזעלכע ספּעציעלע „פאַרהערערס״, צווישן זיי — ר׳ לוי דיין. ביי אים איז געווען נאָך אויסצוהאַלטן: ער פלעגט נישט איבערפרעגן, און אויב ער האָט אַמאָל יאָ געפרעגט, האָט ער באַלד אַליין געגעבן אַ תשובה אויף דער שאלה. נאָכן פאַרהערן פלעגט ר׳ לויס פרוי מכבד זיין די „פאַרהערטע״ מיט שבת־אויבסט. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב ליב געהאַט מען זאָל מיר שיקן „פאַרהערן״ צו ר׳ לוין. אַ ביטערער „פאַרהערער״ איז אָבער געווען ר׳ מרדכילע. ער האָט דעם ענין גענומען ערנסט און ביי אים פלעגט מען געוויינלעך דורכ־פאַלן. דוד באָרג פלעגט זעלטן ווען פירן די תלמידים צו ר׳ מרדכילען, נאָר כמעט שטענדיק — צו ר׳ לוין.

מיין פאָטער ע״ה, איז געווען אַ שטיקל עקשן און ער האָט זיך נישט געוואָלט פאַרלאָזן נישט אויף ר׳ לוין און נישט אויף ר׳ מרדכילען. איין מאָל אין צוויי חדשים בערך האָט ער אַליין געוואָלט מיך פאַרהערן. דאַן איז ר׳ דוד געקומען. מיין מאַמע האָט אים מכבד געווען מיט צימעס און מיט טיי, דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן דאָס פאַרהערן.

איך געדענק נישט וואָס פאַר אַ מסכתא דאָס איז געווען — „קידושין״ צי „כתובות״. איך ווייס נאָר, אַז ר׳ דוד האָט ליב געהאַט צו לערנען מיט די קינדער „סדר נשים״. האָט דער טאַטע אָנגעהויבן מיך אויספרעגן — און ס׳איז נישט געגאַנגען. דער טאַטע האָט דעם רבין אַריינגעזאָגט גאַנץ שאַרף. ר׳ דוד האָט געזען, אַז איך הינקע אונטער, האָט ער גענומען מיר אונטערהעלפן. דער טאַטע האָט אים עטלעכע מאָל אָפּגעשטעלט, און לסוף האָט ער צו אים אַזוי געזאָגט: „הערט מיך אויס, ר׳ דוד, אַז דער רבי אַליין קען — ווייס איך; אַז דער רבי צוזאַמען מיטן תלמיד קענען — ווייס איך אויך; איך וויל אָבער זען צי דער תלמיד קען אַליין, אָן דעם רבין״.

דער רבי איז, נעבעך, אַועקגעגאַנגען אַ דערשלאָגענער, און אויף צומאָרגנס, זונטיק, ווען איך בין געקומען אין חדר איז ער שוין נישט געווען כתמול־שלשום. ער איז געווען צו מיר זייער קאַלט און די גאַנצע וואָך איז ער געווען

צו מיר זייער שטרענג. ער האָט מיך נישט אַרויסגעלאָזט פון חדר, אַכטונג געטאָן ווי איך חזר, און טאַקע געוואָלט, אַז איך זאָל גוט קענען דעם שיעור.

דעם צווייטן שבת האָט דער טאַטע מיך ווידער „פאַרהערט". דאָס מאָל איז עס שוין געווען אַביסל בעסער, אָבער דער טאַטע איז נאָך אַלץ געווען נישט צופרידן, הגם דעם רבין האָט ער דאָס מאָל גאָרנישט געזאָגט. דער רבי איז אַוועק אַ צופרידענער.

אין אַ וואָך־צוויי אַרום האָט מיין טאַטע אין בית־מדרש ביים דאַווענען זיך אויסגעדריקט נישט זייער פּאָזיטיוו וועגן דער שיטה פון דוד באָרגס לערנען און עמיצער האָט דאָס צוגעטראָגן דעם רבין. דאָס האָט אים שטאַרק געטראָפן. צו מאָרגנס, ווען איך בין געקומען אין חדר, האָט דער רבי אָנגעשריבן אַ פּאָר ווערטער אויף אַ צעטעלע, מיך אַהיים געשיקט, און געזאָגט: „נאָ, גיב עס אַוועק דעם טאַטן".

אויפן וועג האָב איך איבערגעלייענט דאָס צעטעלע און געזען וואָס דער רבי שרייבט: אַז אויב דער טאַטע וועט אים נישט באַצאָלן ביז דינסטיק דאָס געלט, וואָס ער איז אים שולדיק פאַר שכר־לימוד, האָב איך נישט וואָס צו קומען אין חדר אַריין. דער טאַטע איז, ווייזט אויס, נישט געווען קיין גרויסער גביר און ער איז געווען אַביסל הינטערשטעליק מיטן באַצאָלן שכר־לימוד. איך האָב געוווסט, אַז דער טאַטע האָט איצט נישט קיין געלט צו באַצאָלן דעם רבין — און ביי מיר איז געווען יום־טוב: איך וועל זיין פּטור פונעם חדר! וכך הווה. ווען כ'האָב אָפּגעגעבן דעם טאַטן דאָס בריוועלע, האָט ער זיך אויפ־געגט און זיך אָנגערופן: „גייסט נישט מער אין חדר. ביינאַכט וועסטו לערנען מיט מיר". און איך געדענק, אַז דעם זעלבן שיעור, וואָס כ'האָב נישט געקענט ביי ר' דודן האָט מיין פאָטער מיר אויפגעקלערט און איך האָב אים פאַרשטאַנען. מיין טאַטע איז געווען אַ גוטער מסביר.

אָבער איז דען דאָס אַ תכלית? וועל איך זיך אַרומדרייען בטל אַ גאַנצן זמן? אויפן צווייטן אָדער דריטן טאָג האָט מיין טאַטע אָנגעשריבן אַ בריוול צו ר' דודן און איך האָב ווידער אָנגעהויבן ביי אים לערנען.

דער רבי האָט זייער נישט ליב געהאַט קיין קנאָבל, נישט געקענט פאַר־טראָגן דעם ריח. ער האָט אָנגעזאָגט די קינדער, אַז זיי זאָלן נישט דערוועגן צו עסן קנאָבל. אָבער די יידישע קינדער, וואָס האָבן זיי געקענט מיטברענגען פון דער היים צו עסן? אַ שטיקל ברויט, אַ שווענצל פון אַ הערינג און אַ שטיקל קנאָבל, וואָס מ'פלעגט אָנרייבן אויפן ברויט.

נאָך מנחה־מעריב פלעגט דער רבי בלייבן אַביסל אין בית־מדרש און אין דער דאָזיקער צייט איז אין חדר געווען פריילעך. און איין מאָל, אַז אויבן, ביי אונדז איז געוואָרן גאָר פריילעך, איז אַרויפגעקומען די רביצין. אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, און איך האָב איר געזאָגט עפּעס, וואָס איז איר שטאַרק נישט

געפעלן געוואָרן. ווען דער רבי איז צוריקגעקומען פון בית־מדרש, האָט זי אים דערציילט און ער האָט מיר דערלאַנגט די אמתע קלעפּ, און צום סוף האָט ער געזאָגט: „פון דיר וועט שוין גאָרנישט אַרויסקומען. דו וועסט נישט זיין קיין ייד און נישט קיין גוי". דערויף האָב איך אים געענטפערט: „וועל איך זיין אַ פריידענקער!" פאַר אָט דעם זאָג האָב איך געכאַפּט פון אים נאָך אַ פּאַרציע.

דעם אַנדערן טאָג איז ר' דוד אַליין אַריבערגעגאַנגען צום טאַטן און אים געזאָגט, אַז אַזאַ מחוצף קען ער מער נישט האַלטן ביי זיך און ער בעט אים, אַז ער זאָל מיך אַרויסנעמען פון חדר. פאַר דעם טאַטן איז דאָס געווען אַ גרויסע בושה, ער איז מושווה געוואָרן מיטן רבין, און פון דאַן אָן האָב איך זיך אויפגעפירט גוט: נישט געגעסן קיין קנאָבל צווישן מנחה און מעריב, נישט באַליידיקט די רביצין און אויך מער נישט דערקלערט זיך פאַר אַ פריידענקער...

*

דער גרעסטער מלמד אין שטעטל איז געווען, אויב כ'האָב נישט קיין טעות, ר' אליעזר (לייזער) בינעמס. ביי אים האָט מען געלערנט נישט בלויז גמרא מיט תוספות, נאָר אויך אַ שטיקל מהרש"א, חושן משפט, יורה דעה. ער איז געווען אַן איידעלער מענטש און זעלטן אַנגעררירט אַ תלמיד. די גרעסטע מעלה זיינע איז געווען, וואָס ער איז געווען זייער אַ גוטער מסביר. אַז ער האָט מסביר געווען דעם שיעור, האָט מען מער נישט געדאַרפט „חזרן". לייזער בינעמס האָט געהאַט אַ טבע צו פרעגן קשיות פון דעם מהרש"א און פון אַנדערע מפרשים. די ערשטע צייטן פלעגן מיר זיך ווונדערן פון וואַנען ער האָט אַזעלכע קשיות. ער האָט נישט דערציילט פון וואַנען ער נעמט זיי, ס'האָט געהייסן, אַז די קשיות פרעגט ער אַליין.

ביז אין אַ געוויסן טאָג האָבן מיר אָנגעהויבן אַליין אַריינקוקן אין די מפרשים. מען איז שוין געווען בכוח אַליין צו פאַרשטיין אין די קליינע פּינטעלעך. מיר האָבן דעמאָלט גראָד געלערנט „בבא־בתרא". ער האָט ליב געהאַט „נזיקין", אַ שכלדיק לערנען. מיר האָבן גענומען דעם שיעור און אָנגעהויבן זוכן אין בית־מדרש ביי אַלע מפרשים.

און דעמאָלט האָבן מיר זיך דערוווּסט פון וואַנען ר' אליעזר בינעמס נעמט זיינע קשיות. און ווען מען האָט אָנגעהויבן לערנען אַ נייעם שיעור, האָט איינער נאָכן צווייטן זיך געווענדעט צו אים, אַז ער האָט צו פרעגן אַ קשיא. מיר האָבן געפרעגט די קשיות. דער רבי האָט זיך געכאַפּט, אַז מיר האָבן אַנטדעקט זיין סוד, און פון דעמאָלט אָן האָט ער שוין מער נישט געפרעגט קיין קשיות, און אויב יאָ, האָט ער באַלד צוגעגעבן פון וואַנען ער נעמט דאָס.

בכלל איז זיין לערנען געווען שכלדיק און אינטערעסאַנט. ס'איז געווען אַ פאַרגעניגן צו זיצן ביי זיין שיעור, און מ'האָט טאַקע געקענט, ווייל מ'האָט

געלערנט מיט התמדה. ער איז אויך געווען דער ערשטער מלמד אין שטעטל, וואָס האָט געשטעלט נאָטן (ציונים) די קינדער, אַזוי ווי אין די וועלטלעכע שולעס.

ר׳ לייזער בינעמס האָט געוווינט אין זייער אַן ענגער דירה. ער האָט געהאַט אין שטוב דריי בוגרתן, וואָס האָבן געמאַכט זאַקן. געלערנט האָבן צוויי כיתות און ס׳איז שווער געווען צו לערנען, ווייל די מאַשינען האָבן אָנגעמאַכט אַ שרעקלעכן רעש און דערפאַר פלעגן מיר זומער־צייט לערנען אין דער ווייבערשער שול. דאָרט איז געווען זייער גרוים און לופטיק. ווינטער אָבער איז די שול נישט געוואָרן באַהייצט און מיר האָבן געמוזט לערנען אין חדר, אין דער ענגשאַפט און אינעם רעש.

איינמאָל, דאָס איז געווען זומער, איז ר׳ לייזער בינעמס אומגעפאַלן און געקריגן אַ בלוט־שטורץ. מיר האָבן וואָכן־לאַנג נישט געלערנט. זומער איז געווען, זענען מיר אַוועק צום טייך. דעם רבין האָבן מיר טאַקע ליב געהאַט, פונדעסטוועגן האָבן מיר מתפלל געווען, אַז ער זאָל וואָס לענגער קראַנק זיין, כדי מיר זאָלן זיין פריי און זיך באָדן אין טייך.

מיט יאָרן שפעטער, ווען כ׳האָב אויפגעהערט צו לערנען און אָנגעהויבן גיין אין פאַראיין, האָט ר׳ לייזער בינעמס מיך צוגערופן און מיר געזאָגט: „דו ביסט געווען מיינער אַ תלמיד, האָסט אַ גוטן קאָפּ. איך האָב געהערט, אַז דו לייענסט ביכלעך און אַז דו ביסט אַ ציוניסט״. ער האָט מיר אָנגעהויבן צורעדן, אַז איך זאָל צוריק אַרויפגיין אויפן דרך הישר און נעמען זיך צום לערנען. דערויף האָב איך אים געענטפערט: „ר׳ לייזער, טוב תורה עם דרך־ארץ. מען קאָן זיין אַ ייד און אויך אַ ציוניסט; מען קאָן לערנען גמרא און אויך לייענען אַ בוך. איך זע נישט אין דעם קיין סתירה״. ר׳ לייזער האָט אַ קרעכץ געטאָן: „איך וועל מתפלל זיין פאַר דיר.״

איך בין שוין געווען אַ בר־מצווה־בחור און ס׳האָט זיך געענדיקט מיט די מלמדים. קיין ישיבה איז נישט געווען אין בעלז, מ׳האָט געלערנט אין בית־מדרש, וואָס איז געווען ווי אַ ישיבה. צווישן די יושבים (די לערנערס) איז געווען איינער אַ גרויסער תלמיד־חכם, ר׳ מעכעלע זשאָלקעווער. ער האָט גענומען אויף זיך צו לערנען מיט די בחורים (פאַרשטייט זיך — שלא על מנת לקבל פרס) די העכערע לימודים, ווי נדרים מיטן ר״ן און „יורה־דעה״״.

ר׳ מעכל זשאָלקעווער איז געווען אַ גוטער מסביר, אָבער גלייכצייטיק אַ גרויסער כעסן. אָנקומען צו אים לערנען איז נישט געווען אַזוי לייכט; ביי אים האָט מען געמוזט זיין אַ גוטער תלמיד. זיין „שיעור״ איז געווען אינטערע־סאַנט, אָבער מ׳האָט געמוזט זיצן שטיל און אויפמערקזאַם אויסהערן אים.

איך האָב געלערנט ביי אים אַ „זמן״ צי צוויי, אָבער איך בין שוין געווען „אָנגעברענט״. איך פלעג גיין אין „גורדוניה״ און דאָרט לערנען „פסוק״. לסוף

האָט מען וועגן דעם צוגעטראָגן ר׳ מעכעלען. דאַן האָט ער מיר דערקלערט: אָדער — אָדער; אָדער דו לערנסט ביי מיר אָדער דאָרט. איך האָב אים צוגע־זאָגט, אַז איך וועל מער אַהין נישט גיין. איך בין אָבער יאָ געגאַנגען, און מ׳האָט אים ווידער צוגעטראָגן. דאָס מאָל האָט ער שוין מיט מיר גערעדט האַרבע דיבורים און מיך אויפגעפאָדערט געבן תקיעת־כף, אַז איך וועל מער נישט גיין אין „גורדוניה״. קיין תקיעת כף בין איך נישט גרייט געווען צו געבן. אַז ער האָט מיט מיר אָנגעהויבן איינטענה׳ן אויף אַ שטרענגן לשון, בין איך אַרויס פון די כלים, און אים אָפּגעענטפערט חוצפּהדיק, אַז איך קען אים געבן „תקיעת רגל״... פאַרשטייט זיך, אַז מער האָב איך שוין נישט געלערנט ביי ר׳ מעכעלען.

צו מיין גליק, איז שוין אין יענער צייט מיין טאַטע געווען אין אַרגענטינע, און פאַר דער מאַמען האָב איך ווינציק וואָס מורא געהאַט. כדי אָבער נישט אַרומצוגיין בטל, האָבן מיר געפינען אַ פּשרה: מיין פעטער פון דער מאַמעס צד, ר׳ איציק דוד, איז געווען אַ ייד אַ תלמיד־חכם, האָט געהאַט אַ סך קינדער, אַלע מיידלעך און נאָר איין זון — בן־ציון ע״ה, וואָס איז אומגעקומען דורך די נאַציס. מען האָט באַשלאָסן אַז ר׳ איציק דוד וועט לערנען מיט בן־ציונען, מיט מיר און צו אונדז איז צוגעקומען לייביש טישקעווער, אַ יינגל מיט אַ גוטן קאָפּ, וואָס האָט געוווינט אין טישקעווו, אַ דאָרף נישט ווייט פון בעלז.

אַזוי ווי ר׳ איציק דוד איז געווען אַ ייד אַ גרויסער אָרעמאַן, פלעג ער יעדן טאָג גיין קיין טישקעוו האַנדלען מיט די גרים, און מיר פלעגן לערנען דעם שיעור פאַרטאָג. איך געדענק, אַז יעדן טאָג פלעגן מיר אויפשטיין אַרום 5 אַזייגער און גיין אין בית מדרש אַריין לערנען. אַזוי ווי לייביש האָט געוווינט אין דאָרף, האָט מיין מאַמע ע״ה מסכים געווען ער זאָל שלאָפן צוזאַמען מיט מיר, כדי איך זאָל ווינטער נישט דאַרפן אַליין גיין אין בית־מדרש אַריין.

לייביש און איך פלעגן זיך אויפהויבן פאַרטאָג, און ווינטער, אין שנייען, זאַווערוכעס און פרעסט, פלעגן מיר מיט אַ לאַמטערן גיין פריער אויפוועקן ר׳ יצחק דודן און בן־ציונען. ר׳ יצחק דוד האָט געמאַכט טיי פאַר אונדז אַלעמען, און דאַן פלעגן מיר צוזאַמען גיין אין בית־מדרש. מיר פלעגן לערנען בערך ביז אַ זייגער אַכט, אָפּדאַוונען און אַהיימגיין עסן פרישטיק. ר׳ יצחק דוד פלעגט נאָכן דאַוונען גיין אין דאָרף אַריין. דעם גאַנצן טאָג זיינען מיר פאַקטיש געווען פריי. דאָך פלעגן מיר איבערחזרן דעם שיעור, כדי אים צו קענען אויף ביי־נאַכט, ווען נאָך מנחה־מעריב פלעגן מיר צום צווייטן מאָל לערנען ביי ר׳ יצחק־דודן.

פאַרשטייט זיך, אַז ר׳ יצחק־דוד האָט מיט אונדז געלערנט שלא על מנת לקבל פּרס. מיין פעטער און זיין גאַנצע משפחה איז אומגעקומען דורך די נאַציס. שלום זייער אָנדענק.

דוד מאיר רייס
תל־אביב

# אַ בילבול אויף אַברהם העשעלעס

אַברהם העשעלעס איז געווען אין בעלז אַ העכערער פּאָסט־באַאַמטער. ער איז געווען זייער באַליבט ביי דער יידישער באַפעלקערונג. אויך די קריסטלעכע אינטעליגענץ האָט אים זייער געשעצט און ליב געהאַט.

ווען דער אַלטער פּאָסט־שעף איז אַוועק אויף פּענסיע, איז אַראָפּגעקומען קיין בעלז אַ נייער שעף, וועלכער איז געווען אַ שונא ישראל. ער האָט נישט געקענט דולדן דעם ייד העשעלעס. באַזונדערס האָט אים געערגערט, וואָס די קריסטלעכע אינטעליגענץ האָט מער גערן העשעלעסן איידער אים, דעם גוי. האָט דער נייער שעף אָנגעהויבן זוכן בילבולים, כדי דעם ייד צו באַזייטיקן. ער האָט גענומען צו הילף איינע פון די באַאַמטע, אַן אַלטע פריילין, און פאַרמסרט העשעלעסן, אַז ער טרייבט כלומרשט קאָמוניזם אויף דער פּאָסט.

די פּאָסט־דירעקציע פון לעמבערג האָט אַראָפּגעשיקט קיין בעלז אַן אויס־פאָרשונגס־קאָמיסיע און מען האָט פאַרהערט עדות. די קריסטלעכע אינטעליגענץ מיטן גלח דימיטראָווסקי בראש, האָט זיך גלייך געשטעלט צו העשעלעס פאַר־טיידיקונג. די קאָמיסיע האָט פעסטגעשטעלט, אַז די מסירה איז געווען אַ פאַלשער בילבול און געלאָזט העשעלעסן אויף זיין אַמט. דאַקעגן איז דער שעף, דער שונא ישראל, געוואָרן באַזייטיקט.

אין דער צייט פון דער היטלער־אָקופּאַציע האָט העשעלעס געאַרבעט אויף דער פּאָסט אין מאָסטי וויעלקיע מיט נאָך יידישע באַאַמטע. שפּעטער איז ער דורך די דייטשן, מיט פיל אַנדערע, אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין ראַווא רוסקאַ און דאָרט אומגעבראַכט געוואָרן.

בלומע בערגער
הרצליה

# צו וואָס פאַנאַטיזם קען דערפירן

אין יאָר 1924 איז משה פנחס עולה געווען קיין ארץ־ישראל. אהרן ראובן מאיר האָט פאַרלאַנגט, אַז איך זאָל פאָרן צוזאַמען מיט מיין מאַן, אָבער מיין פאָטער האָט נישט געלאָזט. ער האָט געזאָגט, אַז משה פנחס וועט נאָך בעטן הוצאות צוריקצופאָרן, ווייל יידן אָן גויים קענען נישט עקזיסטירן... אין יענער צייט האָבן טאַקע אַ סך יידן זיך אומגעקערט פון ארץ־ישראל.

איך בין געבליבן מיט צוויי קינדער און שפּעטער האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן, אַז איך שוואַנגער. בעת דער שוואַנגערשאַפט האָט מען מיך געוואָרנט, אַז איך זאָל אָפּשערן די האָר. אויב נישט וועט מען נישט מל זיין דאָס קינד, אויב ס׳וועט געבוירן ווערן אַ יינגל. איך האָב געשריבן צו משה פּנחסן, אַז אויב ס׳וועט געבוירן ווערן אַ יינגל, וועל איך מוזן זיך אָפּשערן די האָר. ער האָט מיר געענטפערט, אַז איך זאָל די האָר נישט אָפּשערן אין קיין שום פאַל.

ס׳איז טאַקע געבוירן געוואָרן אַ יינגל. און דאַן איז געקומען פריידע גאָלדעלעס מיט אַ גרויסער שער כדי מיר אָפּצושערן די האָר. איך האָב איר געוויזן מיין מאַנס בריוו און איר געזאָגט, אַז דעם בריוו גיב איך איבער מיין שווער און מיין שווער וועט אים איבערגעבן דעם רב, און ווי דער רב וועט באַשטימען, אַזוי וועל איך טאָן.

דער רב האָט געפּסקנט, אַז איך דאַרף פאָלגן דעם מאַן, אָבער מיר האָט מען דאָס נישט איבערגעגעבן. נחמן שמש פלעגט קומען יעדן טאָג און מיר געדראָט, אַז אויב איך וועל נישט אָפּשערן די האָר, וועט מען דאָס קינד נישט מל זיין. אמת, אהרן ראובן מאיר און אהרן ערליך האָבן געזאָגט, אַז זיי זענען נישט בדלות, אויב מען וועט נישט מל זיין דאָס קינד, אָבער איך האָב געזען ווי מיין שווער און מיין טאַטע ליידן דערפון, און איך האָב געוואָלט מען זאָל יאָ דורכפירן דעם ברית־מילה.

אין טאָג ווען ס׳האָט געזאָלט פאָרקומען דער ברית, זענען אַלע קרובים און באַקאַנטע געווען פאַרזאַמלט און געוואַרט אויפן מוהל. זיי זענען געזעסן

ביז 3 אַזייגער נאָכמיטאָג, אָבער דער מוהל איז נישט געקומען. דאַן האָט מען געשיקט אַ טעלעגראַמע צו ד״ר קינדלער, און ווען ד״ר טאַובע האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט, האָט ער געמאָלדן, אַז ער פאַרמאַכט די מקוה, ווייל זי איז נישט געווען איינגעאָרדנט לויט די סאַניטאַרע כללים. דעמאָלט איז מען שנעל געקומען מל זיין דאָס קינד, אָבער דער עולם איז שוין געהאַט זיך פונאַנ־דערגעגאַנגען.

אהרן ראובן מאיר האָט מורא געהאַט אָנצוטרויען דאָס קינד אין די שמור־ציקע הענט פון דעם מוהל. איך געדענק נישט ווער ס׳איז געווען דער מוהל. דאָס קינד האָט טאַקע באַלד באַקומען בלאָטערן. איך בין אַוועק צו ד״ר פראָסטיג און ער האָט פאַרשריבן עפּעס אַ מעדיקאַמענט, אָבער דאָס קינד האָט ווייטער זיך געפילט נישט גוט. דערצו האָט דאָס קינד זיך אָנגעשטעקט מיט אַ קייכהוסט, און כאָטש איך בין געגאַנגען מיטן קינד שפּאַצירן צווישן די פעלדער, האָט עס נישט געהאָלפן און דאָס קינד איז געשטאָרבן.

מען האָט געדאַרפט דאָס קינד מקבר זיין, אָבער די חברה קדישא האָט דערקלערט, אַז כל זמן כ׳וועל זיך נישט אָפּשערן, וועלן זיי נישט מקבר זיין דאָס קינד. „דערפאַר ווייל בלומע האָט נישט געוואָלט פאָלגן דעם רב און נישט אָפּגעשוירן זיך די האָר, איז דאָס קינד געשטאָרבן. איצט וועט זי טייער באַצאָלן אויך פאַר משה פנחסן דעם ציוניסט". דאָס האָט געזאָגט דוד קיילע מעכעלעס. מען האָט דאָס דערציילט לייזער בערגערן, האָט ער דערלאַנגט פּעטש דודן און נחמן שמש, און לייזערן האָט מען אַרעסטירט.

שפּעטער האָט די חברה קדישא געשיקט צום טאַטן און אים געזאָגט, אַז איך דאַרף באַצאָלן פאַר דער קבורה 150 דאָלאַר. ווען מיין טאַטע האָט זיי געפרעגט „פון וואַנען זאָל זי נעמען 150 דאָלאַר?" האָבן זיי געענטפערט: אויב זי האָט געהאַט צו באַצאָלן פאַר דער רייזע קיין ארץ־ישראל, וועט זי אויך דעם אויך האָבן."

דאָס קינד איז געשטאָרבן שבת און זיי האָבן דאָס געלאָזט ליגן ביז זונטיק ביינאַכט. און דאָס איז גראָד געווען אין די גרויסע היצן פון חודש תמוז. ערשט דעמאָלט האָט מען מקבר געווען דאָס קינד.

וועגן דעם סקאַנדאַל האָט מען געשריבן אין די צייטונגען. דאָס איז דער־גאַנגען צו משה פנחסן און דאַן האָט ער זיך באַמיט מיך אַרויפצונעמען. איך בין אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1926. מיר האָבן געוווינט אין אַ צריף. אין שלעכטע באַדינגונגען. מיר האָבן די גאַנצע צייט זיך געראַנגלט פאַר פרנסה. אין יאָר 1940 איז משה פנחס געשטאָרבן.

**מאיר הולצמן**
רמת־גן

# בלז — מושג

בלז, לכאורה, שם של עיירה כשל מאות עיירות אחרות בגולה היהודית בפולניה, עיירה אשר רוב תושביה יהודים — ומיעוטם גויים; אשר רוב אוכלוסיה קבצנים — ומעטים בה העשירים; אשר גדול מספר תושביה הולכים בטל — וקטן מספר העובדים המרוויחים כדי פרנסת משפחתם; אשר בתי־הכנסת ובתי־המדרש שבה מלאים תמיד מתפללים, לומדי גמרא ומשניות ואומרי תהלים.

כך בוודאי תצטייר דמותה של בלז בעיני כל אחד שלא הכיר אותה,



קבוצת בחורות בטיול בחורף בשנות העשרים המאוחרות
אַ גרופּע מיידלעך בעת אַ ווינטער־שפּאַציר אין די שפּעטע 20־ער יאָרן

וודאי יתפלא אם יגידו לו כי שונה היתה בלז מכל העיירות והקהילות שבגליציה ופולין.

בלז היתה מעיין לא אכזב של אמונה. ולא רק חסידים שבאו מקרוב ומרחוק שאבו מביקור אצל הרבי עידוד ובטחון, אלא די היה לבוא לבלז ולשוחח עם איש המקום, יהיה אשר יהיה, כדי להידבק ברעננותם, תסיסתם והבטחון העצמי בהם הצטיינו הבלזאים. וזאת ללא הבדל, אם היה האיש חסיד או לא.

יהודי בלז, לא נמנו על בית־הלל, הקיצוניות היתה טבועה בנפשם. מלחמת אמונות ודעות חריפות התנהלה בין החסידים לבין הציונים „האפיקורסים", אשר לא נרתעו גם מעישון סיגריה בשבת במועדוניהם. הפעילות הציבורית היתה ערה בשני המחנות. בנים מרדו באורח־החיים של הוריהם וההורים נלחמו בשצף קצף בבניהם ש„יצאו לתרבות רעה". על רקע זה התרחשו טרגדיות במשפחות, וצער וסבל נגרמו גם לדור הקשיש, גם לדור הצעיר. אבל אלה ואלה לא היו מוכנים לוותר לצד שכנגד.

בלז, ככל העיירות בגליציה ובפולין — כפרים סובבוה. ובכל כפר התגוררו מספר משפחות יהודיות. יהודים כפריים אלה היו קשורים לבלז בנפש וברוח, וממנה שאבו כוח לגור לצורכי פרנסה בין „הגויים". ואילו ב„הושענא־רבא", היו יהודים כפריים אלה רותמים סוסיהם לעגלות, מושיבים עליהן בני ביתם ונוסעים לבלז, להתפלל בבית־הכנסת הגדול של הרבי. אגדה התהלכה בבלז שבבוא המשיח יעבור בית־הכנסת על גשר של נייר לארץ־ישראל. התפילה ארכה עד לשעה שלוש אחרי־הצהריים, אבל אין לתאר את הרגשת הבטחון והאושר שמילאה את נפשם של יהודים כפריים אלה בשובם הביתה לכפריהם, אחרי התפילה במחיצתו של הרבי.

הנוער היהודי בבלז לא שקט על שמריו. בחורים תוססים היו ובראותם שאין להם עתיד בפולין, נסעו לכל ארצות תבל, לכל מקום שניתן היה להגר. אין להתפלא איפוא שבלזאים רבים השתקעו בארגנטינה, בברזיל, באורוגבי, בארצות־הברית, בצרפת ובמדינות אחרות. יחסית חיים בארצנו מספר יותר גדול של בלזאים מאשר מעיירות אחרות. מעטים הגיעו לפני השואה, ורובם אחרי הקמת מדינת ישראל.

כשאני מעלה בזכרוני את בלז, הריני רואה בעיני רוחי לא סתם עיירה יהודית, כי אם מושג הכולל תוכן חיים, אופי, צורה והתנהגות מיוחדים שלא היו מצויים בעיר אחרת. על כן קשה שבעתיים להשלים עם העובדה שגם בלז, עם הייחודי והסגולי שבה, נחרבה ונמחקה בשואה האכזרית שפקדה את בית ישראל באירופה במלחמת העולם השנייה.

אייזיק ליבערמאַן
תל־אביב

# יאָסעלע בראָדער — דער משיח־זוכער

## א.

אין בעלזער בית־מדרש איז דער קול־תורה קיין מאָל נישט איינגעשטילט געוואָרן. מען האָט געלערנט באַ טאָג און באַ נאַכט. חוץ די בעלזער לומדים־בחורים און אויך פאַרהייראַטע — האָבן זיך תמיד געפונען אין בעלז הונדערטער „יושבים" (חסידים פון אַנדערע מקומות), וואָס פלעגן עוסק בתורה זיין יומם ולילה.

צווישן אַט די „יושבים" האָט זיך אויך געפונען יאָסעלע בראָדער, דער משיח־זוכער, וואָס האָט חתונה געהאַט קיין בעלז, אָבער דאָס האָט אים נישט



קבוצת בלזאים בשנות השלושים הראשונות
אַ גרופע בעלזער אין די פריע 30־קער יאָרן

געשטערט נישט משנה צו זיין זיין פריערדיקן לעבנס־שטייגער כחוט־השערה: דער זעלבער הילוך, דאָס זעלבע געלעגער אויף דער האַרטער בית־מדרש־באַנק. קיינער האָט נישט געוווּסט פון וואַנען ער שטאַמט, און צו דער נאָמען יאָסעלע בראָדער איז טאַקע זיין ריכטעקר נאָמען. מען פלעגט דערציילן, אַז ער שטאַמט פון אַן אַסימילירטער היים, געוואָרן דערצויגן אין רייכטום, און ווען ער האָט שוין געהאַלטן ביים ענדיקן די לימודים אין אוניווערזיטעט, איז ער בן־לילה נעלם געוואָרן פון דער היים, אַוועק קיין בעלז און געוואָרן אַ בעל־תשובה.

יאָסעלע בראָדער איז געווען אַן אויסנאַם צווישן די בעלזער „יושבים" — מיט זיין אומרו־קייט און גריבלעבישן אין אַלטע ספרים. ער האָט זיך אַריינ־געגומען אין קאָפּ אַריין, אַז ער מוז אַראָפּברענגען משיחן. די תחנונים פון זיינע חברים די „יושבים", אז מ'טאָר נישט „דוחק זיין דעם קץ", האָבן נישט געהאָלפן. פאַרקערט, יאָסעלע האָט געטענה'ט, אַז מ'טאָר נישט זיצן בחיבוק ידיים — לערנען תורה און וואַרטן לביאת המשיח. אויב משיח קומט נישט צו אונדז, פלעגט ער זאָגן, מוזן מיר אים אויפזוכן. פלעגט ער טאַקע נעלם ווערן אויף טעג, וואָכן און חדשים, און זיך אַוועקלאָזן זוכן משיחן פון שטאָט צו שטאָט און דאָרף צו דאָרף, ביז ער איז אַן אויסגעמאַטערטער צוריקגעקומען קיין בעלז, אָן משיחן — אפשר דערפאַר, ווייל די וועלט איז קיינמאָל נישט כולו זכאי און קיינמאָל נישט כולו חייב. דאָס האָט אים נישט אָפּגעהאַלטן צו פּרוון נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל בבחינת אף־על־פי שיתמהמה...

## ב.

ויהי היום, מאַכט זיך אַזאַ מעשה: יאָסעלע בראָדער לאָזט זיך אַרויס, ווי זיין שטייגער איז, אין וועג אַריין אויפצוזוכן משיחן. ער איז מתפלל מיט גרויס כוונה, אולי ירחם... אפשר וועט ער דאָך מיט זיינע תפילות איבערציען דאָס צינגל פון דער וואָגשאָל לכף זכות און די וועלט וועט גרייט זיין צו ביאת המשיח.

דאָס מאָל איז יאָסעלע גאָר אַ לאַנגע צייט נישט צוריקגעקומען. זיין פאַר־שווונדן איז געבליבן אַ געהיימניש ביז מען האָט זיך דערוויסט, אַז יאָסעלע בראָדער איז אַוועק קיין דייטשלאַנד, אויסגעביטן זיין יידישן הילוך אויף מאָדערנע בגדים, און אָנשטאָט אַרומשוועבן אין דער וועלט פון קבלה און משיח־זוכענישן — האָט ער זיך פאַרטיפט אין דער דייטשער פילאָזאָפיע, קונסט און ליטעראַטור. דאָרט האָט ער געזוכט דעם שליסל צו זיינע זוכענישן.

עס איז אַוועק אַ יאָר און נאָך אַ יאָר און היטלער איז געוואָרן דער הערשער אין דייטשלאַנד. די נאַציס האָבן אויך די אַסימילירטע יידן דערמאָנט אין זייער יידישקייט און יאָסעלע בראָדער האָט געגומען מאַכן זיין חשבון־הנפש, דעם וועג פונעם בעלזער בית־מדרש ביז דער דייטשער פילאָזאָפיע.

יאָסעלע האָט צו זיך געטענהט: „ווי אַזוי האָב איך, דער ,יושב׳ און מקובל, געקענט זונקען אין אַזאַ טיפן תהום? ווי אַזוי האָב איך מיט אַזאַ לייכטזין געקאָנט אויסבייטן אונדזער בעל־שם־טוב און ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער אויף דייטשע פילאָזאָפן. ווי אַזוי האָב איך געקענט פאַרבייטן די שפּראַך פון אונדזערע נביאים, אויף דער שפּראַך פון היטלער, גערינג און געבעלס, ימח שמם, וועלכע לערנט גזלענען, ברענען, מאָרדן?״

ווי אַזוי קאָן מען אַפילו פאַרבלענדט ווערן פון אַ טאָלסטאָי מיט זיין אַלטרואיזם, וואָס איז נישט רעאַל, פאַרגעסנדיק אין דעם שענסטן וואָס אונדזער תורה האָט געגעבן דער מענטשהייט, דעם אוניווערסאַלן „ואהבת לרעך כמוך?״

און יאָסעלע בראָדער איז געקומען צום אויספיר: ווייל איז מיר, וואָס כ׳האָב אמאָל געלערנט יידישקייט און אַ דאַנק דעם האָב איך אַ וועג אויף צוריק. אין אַן ערגערער לאַגע געפינען זיך די פאַרבלאָנדזשעטע יידישע נשמות, וואָס האָבן קיינמאָל נישט באַקומען קיין יידישע דערציאונג. זיי האָבן נישט קיין תיקון, קיין אויסוועג; פאַר זיי איז כלו כל הקצין...

ער האָט אויסגערופן מיט באַגייסטערונג: „מה טובו אהליך ,יעקב משכנותיך ישראל״! איצט פאַרשטיי איך ערשט די ריכטיקע באַדייטונג און דעם טיפן זין פון די דאָזיקע ווערטער.

בעת די היטלעריסטן האָבן אַרויסגעטריבן פון דייטשלאַנד די פוילישע יידן, איז יאָסעלע בראָדער געווען פון די ערשטע קרבנות. ער איז צוריק־געקומען קיין פוילן בעירום ובחוסר כל. מיט די לעצטע כוחות האָט ער זיך דערשלעפּט צום בעלזער בית־מדרש, ווו ער האָט געטיילט דעם ביטערן גורל פון אַ סך אַנדערע יידן. ער האָט נאָך באַוויזן איבערצולאָזן אַן אָנגעשריבענע צוואה אין דער פאָרם פון אַן „אני מאמין״:

א. איך גלויב בביאת המשיח, דאָס מאָל — אין דער גאולה פונעם יידישן פאָלק אין זיין אייגן לאַנד, כאָטש איך וועל דערצו נישט זוכה זיין.

ב. איך גלויב אין דעם גרויסן הבדל צווישן ליכט און פינצטערניש, צווישן טאָג און נאַכט, כאָטש פאַר מיר איז דאָס לעבן געווען איין לאַנגע נאַכט.

ג. איך גלויב, אַז דער בורא עולם שפּייזט אַלע זיינע באַשעפעניש אויף דער ערד, כאָטש איך, יאָסעלע בראָדער בין פון אים פאַרגעסן געוואָרן.

מאיר רוטר
חיפה

# מנהגים

## הכנסת-ספרים לבית-המדרש בזאת חנוכה

בעיירתנו היה מנהג, שביום השמיני לחנוכה (זאת חנוכה), היו מכניסים ספרים (למותר לומר שהמדובר בספרי קודש) לבית־המדרש. חדשים רבים לפני חנוכה היו קונים ואוספים אצל אנשים פרטיים ש״ס־ים וספרים אחרים, ובזאת חנוכה, אחרי הצהריים, היו בטקס מיוחד, שהשתתפה בו העיירה כולה, מביאים אותם לבית־המדרש, שבלאו הכי היה מלא וגדוש בגמרות ומשניות, עין יעקב, וספרי פוסקים ומפרשים ראשונים ואחרונים. בבית־המדרש בבלז ישבו על התורה ועל העבודה, ובמשך השנה היו הרבה ספרים מתבלים ונקרעים או הולכים לאיבוד והיה צורך למלא את החסר. הספרים שנרכשו (המכורכים למחצה נמסרו מבעוד זמן לכורכי הספרים לכריכה) הועברו לביתו של איציק (ווארזשער) שטרנברג, ומשם הובאו ברוב כבוד בתהלוכה חגיגית לבית־המדרש.

וזה היה סדר הכנסת הספרים: אחר־הצהריים, היו מתאספים על־יד ביתו של איציק ווארזשער מאות ילדי ה„חדרים" ומלמדיהם. כל ילד היה מקבל נר שעוה קלוע (הנרות הוכנו על־ידי בחורי בית־המדרש) ו„לעקאכל" (עוגה). הילדים הסתדרו בשורות (לחלק מהם היו גם דגלונים ססגוניים) ועם נרות דולקים, מעין תהלוכת לפידים, בליווי תזמורת, שמו פעמיהם אל בית־המדרש. בבית־המדרש מסרו את הספרים לידי המבוגרים שהעמידו אותם, כל ספר במקומו המיועד. (משניות במדף מיוחד, גמרות במדף אחר וכו׳). אין ספק שמנהג נאה זה רב היה ערכו החינוכי בהאדרת לימוד התורה בעיני תינוקות דבית רבן.

לא רק היהודים אלא גם הגויים שבעיירה העריכו את המנהג היפה הזה. פעם שמעתי מפי הכומר האוקראיני קוחלביטש, שנחשב לאדם ליברלי, וכזה היה גם יחסו ליהודים *, אומר בשעה שהתבונן בתהלוכה: הלוואי ועדת המאמינים של כנסייתי היתה מוקירה כך את ספרי הקודש שלנו כפי שילדי ישראל מוקירים את ספריי־הקודש שלהם.

טקס „הכנסת־הספרים" היה מן העליזים ביותר בבלז. שכן עם גמר הטקס המשיכו לשיר ולרקוד עד לתפילת ערבית.

---

* אגב, הודות לכומר הזה ניצלה בימי השואה אשה יהודיה מסביבות ראווה־רוסקה, ששימשה כעוזרת בביתו בשנות השואה. פניה ה„אריים" וידיעתה את השפה האוקראינית עמדו לה שלא יגלו את יהדותה. אך הכומר עצמו ידע שהיא יהודיה. האשה הזאת חיה בארץ, בחיפה.

## חתונות

מדורות היה נהוג בבלז לסדר חופה וקידושין תחת כיפת השמים על הרחבה שבין בית־הכנסת ובית־המדרש. יהא המרחק ממקום החתונה לבית־הכנסת כאשר יהיה, היו „מובילים" את החתן והכלה בליווי תזמורת עד לבית־הכנסת, כדי להעמיד שם את החופה.

בהיות שטח העיירה לא גדול, נשמע קול המנגנים בעיר כולה, ומה עוד שהטקס התקיים בשעות הערב, כשהעיירה כבר היתה שרויה בדממה. רבים מהתושבים, שגרו ברחובות בהם עברה התהלוכה של המחותנים והמוזמנים היו מצטרפים לתהלוכה ומלווים את החתן והכלה עד למקום החופה. בייחוד היתה גדולה שמחתם של הילדים, שהיו מתגודדים מסביב לתיזמורת. זאת היתה הזדמנות טובה למעשי קונדסות שונים. אם זה היה בחורף, למשל, היו זורקים כדורי שלג מעל המדרגות של בית־המדרש וכיוצא באלה מעשי שובבות. עם תום החופה היו „מובילים" בליווי התיזמורת בחזרה את הזוג הנשוי והמחותנים לבית שמחתם לסעודת החתונה.

העמדת החופה על־יד בית־הכנסת לא נתקיימה רק במקרים יוצאים מן הכלל, כגון במזג־אוויר סוער ביותר, או אם היה מוטל מת בעיר שטרם הובא לקבורה, מתוך חשש שמא יעברו על־יד הבית שבו היה המת וצלילי התיזמורת יגיעו לאוזני האבלים.

ב„חצר" הרבי היה נוהג, שבימי המשתה, היו המחותנים והמקורבים מקיימים ביקורים זה אצל זה. קראו לזה „מען גייט לאשצינע". גם ביקורים אלה היו בליווי תיזמורת, וזה היה סדר המנהג: כל יום בבוקר ואחרי הצהריים, הלכו ממקום אחד לשני לביקור, על הרוב בהשתתפות הכלה. הביקור היה כמובן מלווה באירוה נאה, כיאה למחותני הרבי ומקורביו.

## „ליוסניקים" (מחוייבי גיוס)

בידוע, שיהודים לא ששו לשרת בצבא בארצות מגוריהם (הכוונה למזרח אירופה). והיו סיבות שונות לכך. לשומרי מצוות היה הדבר קשה ביותר מטעמי כשרות, ובצבא האוסטרי לפני מלחמת העולם הראשונה, ובצבא הפולני אחר כך, אכלו החיילים מאותו „קעסל" (סיר). אבל עיקר הרתיעה של בחור יהודי לשרת בצבא היה היחס העויין כלפיו גם מצד הקצונה, גם מצד החיילים הפשוטים. החיילים היהודים שימשו גם מטרה ללעג ולבוז עקב „פחדנותם", אפילו כשהצטיינו באומץ ובגבורה. אין תימה איפוא שצעיר יהודי עשה הכל כדי לא לשרת בצבא של מולדתו שהיתה בבחינת אם חורגת. ואם בצבא האוסטרי שררה אווירה יותר ליברלית ויהודים אף הגיעו לדרגי קצונה גבוהים, הרי בצבא הפולני, הדרגה הגבוהה ביותר אליה היה יכול להגיע יהודי היתה סמל. אין להתפלא איפוא שהשירות בצבא נחשב בעיני היהודים

לתקופה של סבל ועינויים. מכאן שבהגיע בחור יהודי לגיל הגיוס (21) חיפש כל מיני דרכים לא למצוא־חן בעיני וועדת־הגיוס, ולהיפסל לשירות או לפחות לקבל דחייה לשנה. עילה חוקית להשתחרר מהגיוס, כגון בנים יחידים וכיוצא בזה, הקל עליהם הדבר. והמתגייסים האחרים, אם היתה באפשרותם ליצור „קשר" עם חבר אחד או אחדים מוועדת־הגיוס, על פי רוב סודרו עניינים אלה על־ידי מתווכים ומתן שוחד — שוחררו אף הם. ואילו רוב המתגייסים שהיו בריאים בגופם, שלא יכלו לצפות לשיחרור, לא מטעמי בריאות ולא בעזרת „קשרים מיוחדים", היו נוהגים חדשים אחדים לפני מועד ההתייצבות לסגף את עצמם, להוריד מן המשקל הנורמלי בצורה דרסטית ולהיראות חלושים. הדבר נעשה לרוב על־ידי מיעוט אכילה, ימי צום תכופים, הליכה מרחקים גדולים, ובעיקר הושם הדגש על מיעוט בשינה במשך חדשים רבים. אחדים אף הטילו מום בגופם בכוונה תחילה. כמובן, שגם מסירת „קוויטל" לרבי, נחשב לאמצעי בדוק להינצל מידי הגויים, בייחוד בשביל צעירים אדוקים או בני הורים חרדים.

אך מה יעשו בחורים בני עשרים, שאינם ישנים בלילות חורף והתחלת אביב ? (שכן על הרוב התקיימה ההתייצבות בחודשי מאי ויוני). למותר לומר שמקום ההתכנסות המתאים ביותר הוא בית־המדרש, המקום היחיד בעיירה שלא היה נעול בלילות. שם קבעו ה„ליוסניקים" מושבם עד עלות השחר. וכדי לא להירדם ולהשתעמם, היו מארגנים כל מיני משחקים ומעשי קונדס. היו משחקים בדומינו, בקלפים וכיוצא באלה. אבל זה לא היה העיסוק היחיד של ה„מסתגפים" בלילה שלם ללא שינה. צריך היה גם לטעום משהו. אבל מאין יקחו כסף ל„סעודות לילה" אלו ? עם התחלת הסיגוף, היו בוחרים באחד מהם בתור „וואַיט", היינו ראש החבורה, ולפי הוראותיו היו מתאספים בשעות הערב המוקדמות במקומות שיועדו לכך. משם היו הולכים מבית לבית לבקש תרומות ל„הוצאות". הדרישה היתה בדרך כלל בהתאם ליכולת הכלכלית של המשפחה אליה פנו. והיה ובעל־בית או בעל עסק פלוני סירב להשתתף ב„תקציב", גמלו לו כערכו. באמצע הלילה, שעה שכל העיירה היתה שקועה בשינה, היו ניגשים לביתם של המסרבים ושוקלים להם למטרפסיה. „העונש" המקובל היה, סיוד חלונות ביתו בסיד או מריחה בזפת, הורדת שלטים מהחנויות והעלמתם, עד שהואילו לפדות אותם, שכן רשיון חדש לשלט מהעיריה עלה יותר ביוקר. היו מקרים שהעלו על גגות המסרבים עגלה שנסחבה מאי־שם, או חביות שמילאו אותם במים, מיטות ודרגשים וכל מיני גרוטאות, אשר למחרת צריך היה בעל הבית להוריד אותם מהגג, דבר שעלה בעמל ובכסף רב יותר מכפי שנדרש על־ידי החבריה.

ספק אם ה„ליוסניקות" הועילה הרבה להשתחרר מהשירות בצבא. היא היתה יותר צורה של הרפתקה והתפרקות, שהצעירים היו זקוקים להן. והראיה

לכך, שמעטים מאוד, שכושר בריאותם לא היה לקוי בצורה רצינית נחלצו מהשירות בצבא. עדות לכך ישמשו עשרות הבחורים היהודים ששרתו בצבא הפולני למרות סיגופם לפני ההתייצבות.

יום ההתייצבות הפך למעין „שבתון" לרבים מבני העיירה. מסביב לבניין, שבו ישבה וועדת הגיוס, היו נאספים בני משפחות המתייצבים, וסתם סקרנים. כאן, ניתן היה לראות את השוני בין המתייצבים היהודים והלא יהודים. אלה האחרונים היו מגיעים מהכפרים בשיירות ארוכות בעגלות עמוסות בני־אדם, על הרוב נערות שליוו את הבחורים שלהן. והיה ובן כפר לא אושר לשירות, היה כל הכפר לועג לו. אחרת היתה התמונה אצל המתייצבים היהודים. ההורים לא חסכו כל מאמץ שבניהם ישוחררו. מה עשו ומה לא עשו ההורים? כבר הזכרתי את ה„קוויטל" לרבי, רבים היו משתטחים על קברי צדיקים ואבותיהם הנפטרים שירעישו את העולמות־העליונים לשיחרור ילדיהם מידי הגויים, ואמירת תהילים וכיוצא באלה היו אף הם אמצעים בדוקים. מתייצב שעבר את הבדיקה ונודעה התוצאה — היתה התגובה לפי טיב ההחלטה של וועדת הגיוס: יללה, בכי, או איהולי „מזל טוב". עם תום עבודת הוועדה, שבו היהודים לבתיהם. איש איש עם התוצאה שלו. ואילו הגויים היו מתפזרים על פני בתי המרזח ושותים כמנהגם לשכרה. אחרי כן היו חוזרים לכפריהם בשירה אדירה שהיו שומעים אותה ממרחקים.

בקשת הרחבה של מנהגים והווי בבלז, נועד מקום לא נטול חשיבות גם ל„ליוסניקות" וכל הכרוך בה.

### לוויות

כבכל קהילה יהודית היתה קיימת גם בבלז „חברא־קדישא", שקראו לחבריה „מלוצ'ס" (סבורני שזה שיבוש מהמלה מלווים). אנשי „החברא־קדישא" היו מתנדבים שמתפקידם היה לטפל ולקבוע את מקום זמן קבורתו.

מקומות הקבורה בבית־העלמין היו מחולקים לפי סדר מסויים, היינו, שורות של כוהנים, של ילדים רכים, של נשים וגם של מיוחסים. היתה גם חלקה נפרדת לרבני העיר וצדיקיה. החולש על כל ענייני הקבורה היה למעשה ר' נחמן שמש.

כשנפטר יהודי, היו מודיעים לר' נחמן שמש, שאצלו נמצא ספר, בו היו רשומים הנפטרים של יהודי בלז במשך מאות בשנים. ר' נחמן היה מתקשר עם אנשי ה„חברא־קדישא" ויחד היו קובעים את סידורי ההלוויה והקבורה של הנפטר. באין בבלז בית־דפוס, היו מעבירים את הידיעה על נפטרים וזמני ההלוויות, לפי הסדר הבא: רב נחמן היה עובר עם מקלו בחוצות העיירה

ומכריז בקולו החזק (שזכור בוודאי לרבים) על „מת־מצוה". כרגיל, היה רב נחמן שמש הולך עם מקלו בצורה המקובלת, והיה והפך את הידית המעוגלת של המקל — שימש הדבר סימן שמישהו מיהודי המקום נפטר. אז היו שואלים אותו מי הוא הנפטר ומתי תתקיים ההלוויה. אם יהודי נפטר בשעות הלילה, היה ר' נחמן עובר לפני עלות השחר עם פטישו (זה היה פטיש־עץ עשוי בצורת ריש) ודופק על פתחי הבתים של היהודים. הסימן היה שדפק שתי דפיקות בלבד. זאת היתה ההודעה שיש נפטר בעיירה.

את סדר ה„טהרה" היו עושים לרוב בביתו של הנפטר, רק נפטרים שהובאו מחוץ לעיר, או נפטרים, שצריך היה לפי החוק לנתחם לאחר המוות, היו עושים את ה„טהרה" בחדר המתים שליד בית־העלמין. כל הלוויה ללא יוצא מן הכלל היתה יוצאת מביתו של הנפטר. נושאי „המיטה" ומלוויהם שמו פעמיהם קודם לרחבה שלפני בית־הכנסת. שם היו עורכים את תפילת האשכבה, ולאחר מכן ממשיכים לבית־העלמין. לנשים אסור היה להגיע עד לבית־הקברות ולהיות נוכחות בזמן הקבורה. אלא היו מלוות את הנפטר רק עד הצטלבות הדרכים, במקום שנקרא „דאָס בערגל (הגבעה). ובהעלם שיירת־ההלוויה מעיניהן של המלוות היו חוזרות הביתה.

בדרך לבית־הקברות היהודי היה בית־הקברות הנוצרי, ומוכרחים היו לעבור לידו. בהגיע ההלוויה למקום הזה, היו עוברים עם מיטת הנפטר ממש בריצה, כדי שלא ייטמא חלילה המת הטהור.

בהיות ר' נחמן שמש המסדר את סידורי ההלוויות והקבורה, היה הוא למעשה הקובע את מקום הקבורה של הנפטר.

לבית־הקברות היהודי בבלז שנתמלא כמעט בשנות השלושים, הוסיפו שנים אחדות לפני פרוץ המלחמה חלקת קרקע גדולה צמודה לבית־הקברות הקיים, שקודשה באחד הימים, על־ידי צום של כל בני הקהילה. המבוגרים בילו כל היום בחלקה החדשה באמירת פרקי תהילים. בשעות שאחר הצהריים נערכו 7 הקפות מסביב לחלקה עם ספרי־תורה, כאשר בפי המשתתפים מזמורי אבל וקינה. נשים, כמובן, לא השתתפו בטקס הזה.

אלמלא השואה, היתה החלקה הנוספת לבית־העלמין מספקת להביא לקבר ישראל יהודי בלז שהלכו לעולמם לעוד מאה שנה.

**פרץ זייפרט**
**גבעתיים**

# אני מתקין תאורה חשמלית בבית הרבי

כשהותקנה תאורה חשמלית ב„חצר", פסחו על שלושת חדריו של הרבי ר׳ אהר׳לה. שאל ר׳ אהר׳לה את ר׳ שלום שטרוביצר: „אצל אבי זצ״ל היה חשמל?". וכשר׳ שלום אמר לו שלא, פסק הרבי: „אם כן גם אני לא צריך חשמל". ואכן בדירתו של הרבי לא היתה תאורה חשמלית עד שחלה בעיניו ורופא עיניים מפורסם מגרמניה אליו נסע לבדיקה (דומני ששמו היה פרופ׳ רוזנהוף) הורה לו לא להוסיף ללמוד בלילות לאור נרות או עששית נפט אלא באור חשמלי. מאין ברירה קראו ליעקב הוטר והזמינו אצלו אינסטלציה חשמלית בשביל דירת הרבי. תנאי אחד היתנה ר׳ אהר׳לה שהרשת בדירתו תהיה נפרדת מהרשת הכללית. הלכו והתקינו על עמודים חוטי חשמל מתחנת כוח (שהיתה שייכת לשמריה אוסטר ושלמה ברקשטין ז״ל ויבדל לחיים לייב גולד) עד לבית הרבי והתקינו בו מערכת חשמל נפרדת.

יעקב הוטר נדב נברשת יפה בקיבול של 4 מנורות: 3 למעלה עם אהילי זכוכית קטנים, ואחת גדולה למטה עם קוראלים (חרוזים) מסביב. עלי הוטל לתלות את הנברשת. לפי עצת הרופא שמתי נורות חלב — שלוש למעלה של 60 ואט, ואחת למטה של 100 ואט. הרבי היה בחדר הסמוך בזמן שאני עבדתי בחדר האמצעי. לפנות ערב נכנס הרבי לחדר שבו עבדתי ואמר: „פרץ, הפסק את העבודה ובוא להתפלל מנחה ומעריב". הפסקתי והלכתי ל„די גרויסע שטוב" (האולם הגדול), שם היו מתפללים הרבי ומקורביו בימות החול. משנסתיימה התפילה חזרתי לעבודתי. הרבי נשתהה זמן מה ב„די גרויסע שטוב", ובינתיים גמרתי את העבודה. משחזר הרבי לדירתו אמרתי: רבי, העבודה נגמרה, אפשר להדליק את האור. הוא אמר: „חכה, עוד לא", ושאל: „איך זה מסודר, כל הנורות יודלקו בבת אחת?". לא, אמרתי, בסיבוב הראשון תודלק הנורה התחתונה, בסיבוב השני תודלקנה שלוש הנורות העליונות, ובסיבוב השלישי תודלקנה כל הארבע. „אם כך — שאל — מי ידליק בסיבוב הראשון?" שלח לקרוא לר׳ פינחס דוברומילר וכיבד אותו בסיבוב הראשון. אחר כך קרא לאחיו ר׳ מוטלה, הרב מבילגוריי, וכיבד אותו בסיבוב השני. לצערי אין אני זוכר את מי כיבד בסיבוב השלישי. כשכל הנורות דלקו אמר הרבי: „איזה אור יפה, איזה אור יפה!". ואחר פנה אלי ואמר: „כבה את המנורה התחתונה" ושאל: „איזה נורות שמת, פרץ? לפי עצת הרופא צריך הייתי לומר שהנורות העליונות הן של 40 ואט והתחתונה של 60 ואט, וכך אמרתי, הרבי אמר: „טוב מאוד, כבה, כבה, כבה" (שלוש פעמים).

שבוע ימים לא הורה הרבי להדליק את האור החשמלי. באמצע השבוע נקראתי לרבנית והיא שאלה אותי מדוע אין הרבי משתמש באור החשמלי, אך לצערי לא היתה בפי תשובה. בשבוע השני: נקראתי שוב לרבי אחר תפילת מנחה ומעריב. כשנכנסתי לחדר מצאתיו שותה תה בחלב. הרבי שאלני אם אאות לחכות עד שיגמור לשתות. ודאי שהסכמתי. הרבי הזמין אותי לשבת. עם תום הארוחה הקלה וברכת בורא מזונות, ביקש הרבי שאתקרב לשולחנו ושאלני: „פרץ בן נחמן, האם יודע אתה מדוע אין אני משתמש בחשמל?". לא — עניתי. „ובכן, אמר, אין אני רוצה להיות שונה מכל יהודי אחר בעיר, הגד בבקשה: אילו נורות הכנסת בנברשת?". נוכחתי ששגיתי בזה ששמעתי בקול הרופא ולא אמרתי לרבי מראש את האמת, אך פחדתי לחזור בי ואמרתי: הנורות למעלה הן של 40 ואט וזו שלמטה היא בת 60 ואט. הרבי כיבד אותי בסיבוב ראשון. הדלקתי את הנורה התחתונה והוא אמר: „הרבה אור, הרבה אור, אני מכבד אותך בסיבוב השני והשלישי". הדלקתי את הנורות העליונות, והרבי הפטיר: „די, שישאר כך". אמרתי: רבי, הנורות העליונות מפיצות אור בחדר כולו, ואילו בשביל הרבי יוטב אם תהיה דולקת רק הנורה התחתונה, כך יהיה אור טוב ללימוד ולקריאה. הרבי אמר: „טוב, יהא כך, אבל אמור לי פרץ, באיזו נורה משתמש כל בעל־בית בעיר?" אמרתי שלא הכל משתמשים בנורה אחידה, יש שמשתמשים ב־60 ואט ויש שמשתמשים ב־100 ואט. „ובארבעים ואט איש לא משתמש?", שאלני. אמרתי שבחדרים קטנים, או אנשים עניים מסתפקים בנורות של 40 ואט. הוסיף הרבי לשאול: „איצ'ה מושליס, למשל, באיזו נורה משתמש?". ב־100 ואט, עניתי. „אהא, העיר, לו יש חנות והוא זקוק להרבה אור. נקח בעל־בית אחר, אבא שלך, באיזו נורה משתמש הוא?" גם כן ב־100 ואט, עניתי. „נו, טוב, אמר, אצלכם אכסניה, גם אכסניה צריכה הרבה אור, אולם רוב היהודים משתמשים בוודאי בנורות של 25 ואט או 40 ואט, ניחשתי?". ניסיתי להסביר לו שנורה קטנה מדי נותנת מעט אור והיא מזיקה לעיניים. הרבי ביקשני לכבות את האור ובזה נסתיימה השיחה. חיכיתי רגעים אחדים ובראותי שהרבי שותק הבנתי שאני צריך ללכת.

למחרת נקראתי ע"י נחמן־הירש לבוא לפנות ערב אל הרבי. כשנכנסתי אמר הרבי ישירות: „נמלכתי בדעתי, לא אשתמש באור חשמלי אלא אם תחליף את הנורות: אלה שלמעלה ל־25 ואט, וזו שלמטה ל־40 ואט". ועוד שאלני, אם אני יכול לעשות סידור שלמעלה תארנה שתי נורות ולא שלוש. אמרתי שזה ניתן לעשות. הואיל וזה היה ביום המישי, הזמינני ליום שלישי הבא.

ביום שלישי באתי, התקנתי מפסק נוסף תלוי על־יד הנברשת והחלפתי את הנורות ליותר קטנות כדרישת הרבי. כשסיימתי את העבודה שאלני הרבי: „הנכון שעכשיו לא אשתמש ביותר חשמל מבעל־בית רגיל?". הסכמתי. אז אמר: „נחמן־הירש, תן לו שני זלוטים". לאחר שנתן לי את הכסף, אמר:

„תן לו עוד שני זלוטים". נחמן־הירש נתן ואני לקחתי והוספתי: תודה, רבי. שוב פנה הרבי לנחמן־הירש ואמר: „תן לו עוד שני זלוטים". לקחתי גם את שני הזלוטים האלה. שאלני הרבי: „אתה שבע רצון?". כן, רבי, אמרתי. אז הוסיף: „תן לו עוד שני זלוטים". דבר זה נשנה שבע פעמים. לא הבנתי למה מתכוון הרבי בהורותו מדי פעם לנחמן־הירש להוסיף לי שני זלוטים. הייתי קצת במבוכה. הרבי הבין לרעי ואמר לי: „כשתהיה שבע־רצון תגיד לי בעצמך". אז הבנתי את כוונתו של הרבי. אמרתי מיד: רבי אני שבע־רצון. רק אז נרגע. ביקשתיו שיברך אחד המטבעות. הרבי נאות, אבל לא את הכסף שכבר נתן לי. ביקש מנחמן־הירש שיניח על השולחן מטבע של שני זלוטים, עם האיקונין למטה, נגע במטבע וברך אותו.

לקחתי את המטבע ובלחש ביקשתי את נחמן־הירש שיתן לי פיסת נייר כדי לארוז את המטבע המבורך שלא יתערב עם שאר המטבעות. מסתבר שהרבי ניחן בשמיעה חדה ואמר: „נחמן־הירש, תן לו מהנייר שלך וגם מהנייר שלי", ולאהרון יהושע, הגבאי הראשי, אמר: „תן לו גם אתה מהנייר שלך"; וליעקב יוסף, משמשו האישי, אמר: „תן לו גם אתה", וגם לשמואל צאליס ולכל המקורבים שנכחו אמר: „תנו לו גם אתם פיסת נייר".

לאחר שכל הנוכחים נתנו לי כל אחד פיסת נייר, פנה שוב לנחמן־הירש ושאלו אם שילם לי גם בעד התיקון האחרון. וכשנחמן־הירש ענה לו בחיוב, בירכני והלכתי.

פרץ זייפערט
גבעתיים

# איך אָרדן איין עלעקטרישע באַלייכטונג אין רבינ'ס הויז

ווען מען האָט אַריינגעפירט עלעקטרישע באַלייכטונג אין רבינ'ס הויף, האָט מען אויף ר' אהר'לעס אָנזאָג אויסגעלאָזן זיינע דריי צימערן. ר' אהר'לע האָט אַ פרעג געטאָן ר' שלום שטרוויצער: „ביי מיין טאַטן זצ"ל איז אויך געווען עלעק־טריע?" און אַז ר' שלום האָט אים געענטפערט אַז נישט, האָט ער געפסקנט: „אויב אַזוי דאַרף איך אויך נישט קיין עלעקטריע". און פאַקטיש איז אין רבינס צימערן נישט געווען קיין עלעקטריש ליכט, בז ער איז קראַנק געוואָרן אויף דער ראיה, און אַ באַרימטער אויגן־דאָקטאָר האָט אים פאַרזאָגט נישט צו לערנען ביינאַכט ביי ליכט אָדער אַ לאָמפּ און געהייסן אַריינפירן אין רב'ס צימערן

עלעקטריש ליכט. בדלית ברירה האָט מען באַשטעלט ביי יעקב הוטער עלעקטרישע אינסטאַלאַציע פאַרן רבינ׳ס וווינונג. איין תנאי האָט ר׳ אהר׳לע אויסגענומען, אַז די אינסטאַלאַציע אין זיינע צימערן זאָל זיין אָפּגעטיילט פון דער אַלגעמיינער אינסטאַלאַציע. און ווירקלעך האָט מען אויף ספּעציעלע סלופּעס געצויגן עלעק־טרישע דראָטן פון דער קראַפט־סטאַציע צום רבינ׳ס וווינונג און איינגעאָרדנט אַ באַזונדערע אינסטאַלאַציע.

יעקב הוטער האָט געגעבן דעם רבין אַ מתנה אַ זשיראַנדאָל מיט 4 לאָמפּן. קלענערע אויבן מיט גלעזערנע קוגלען און אַ גרויסער אונטן, אַרומגענומען מיט קאַראַלן. איך האָב געדאַרפט אויפהענגען דעם זשיראַנדאָל. דער דאָקטאָר האָט מיר געעצה׳ט געבן אויבן דריי מילך־לעמפּלעך פון 60 וואַט און אונטן פון 100 וואַט. בעת איך האָב אינסטאַלירט דעם זשיראַנדאָל אין מיטלסטן צימער, איז דער רבי געזעסן אין דערבייאיקן צימער און געלערנט. פאַרנאַכט איז ער אַריינגעקומען אין צימער, ווו איך האָב געאַרבעט, און אַ זאָג געטאָן: „פּרץ, זיי מפסיק די אַרבעט און קום דאַווענען מנחה ומעריב״. נאָכן דאַווענען אין דער „גרויסער שטוב״ האָב איך פאַרגעזעצט די אַרבעט. ווי זיין שטייגער, האָט זיך ר׳ אהר׳לע פאַרזוימט אין דער „גרויסער שטוב״. דערווייל האָב איך פאַרענדיקט די אַרבעט. ווען דער רב איז אַריינגעקומען אין צימער, האָב איך אַ זאָג געטאָן: „רבי, איך האָב פאַרענדיקט, מען קען אָנצינדן די לאָמפּן״. — וואַרט אַ רגע — האָט ער געזאָגט, — „צינד נאָך נישט אָן״, און אַ פרעג געטאָן: „ווי אַזוי האָסטו עס געמאַכט, אַלע לעמפּלעך וועלן לויכטן מיטאַמאָל ?״ — ניין האָב איך געענטפערט — צוערשט וועט זיך אָנצינדן דאָס אונטערשטע לעמפּל, דערנאָך די דריי אויבערשטע, און צום דריטן מאָל אַלע פיר. „אויב אַזוי ווער וועט אָנצינדן דער ערשטער ?״ ער האָט געשיקט רופן ר׳ פנחס דוברומילר און אים מכבד געווען אָנצו־אָנצוצינדן דער ערשטער; זיין ברודער ר׳ מאָטעלע האָט ער מכבד געווען אָנצו־צינדן די דריי גלעזערנע לעמפּלעך. ליידער געדענק איך נישט ווער איז געווען דער דריטער. ווען אַלע לאָמפּן האָבן געברענט, האָט דער רבי אויסגערופן: „וואָס פאַראַ שיין ליכט, וואָס פאַראַ שיין ליכט !״ דערנאָך האָט ער מיר אַ זאָג געטאָן: „פאַרלעש דעם אונטערשן לאָמפּ״, און צוגעגעבן: זאָג מיר, פּרץ, וואָס פאַראַ לעמפּלעך האָסטו אַריינגעשטעלט ?״ לויטן דאָקטאָרס עצה האָב איך געזאָגט אַ קליינעם ליגן: די קליינע לעמפּלעך זענען פון 40 וואַט און דאָס גרויסע פון 60. „זייער גוט, אַזוי, אַזוי, אַזוי״ (דריי מאָל) האָט געזאָגט ר׳ אהר׳לע.

עס איז אַוועק אַ וואָך און דער רבי האָט נישט אָנגעצונדן דאָס עלעקטרישע ליכט. אינמיטן וואָך האָט מיך געשיקט רופן די רביצין און מיך געפרעגט פאַרוואָס נוצט נישט דער רב דאָס עלעקטרישע ליכט. ליידער האָב איך נישט געוווּסט וואָס איר צו ענטפערן. די צווייטע וואָך האָט מיך דער רב געשיקט רופן נאָך מנחה ומעריב. איך האָב אים געטראָפן טרינקען טיי מיט מילך. דער

רבי האָט מיך געפרעגט אויב איך בין גרייט צו וואַרטן ביז ער וועט ענדיקן טרינקען. פאַרשטייט זיך, אַז איך בין געווען גרייט. ווען ער האָט פאַרענדיקט טרינקען און געבענטשט „על המחיה", האָט ער מיך געבעטן צוגיין נענטער צום טיש ווו ער איז געזעסן און מיך געפרעגט: „זאָג מיר, פרץ בן נחמן, צי ווייסטו פאַרוואָס איך נוץ נישט דאָס עלעקטרישע ליכט?" ניין — האָב איך געענטפערט. „זיי ווייסן, האָט ער ווייטער געזאָגט, אַז איך וויל נישט זיין אַנדערש פון אַלע בעלזער יידן, וואָס נוצן עלעקטריע. זאָג מיך וואָסערע לעמפּלעך האָסטו אַריינגעשטעלט?" איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך בין באַגאַנגען אַ פעלער, וואָס איך האָב אים נישט דערציילט דעם אמת. איך האָב אָבער נישט געהאַט קיין ברירה און געמוזט אַנהאַלטן מיין ערשטע ווערסיע און געזאָגט: די קלענערע זענען פון 40 וואַט, און דאָס אונטערשטע לעמפּל האָט 60 וואַט.

דער רבי האָט מיך געבעטן אָנצינדן דאָס אונטערשטע לעמפּל. „אַ סך ליכט, אַ סך ליכט" — האָט ער זיך אָפּגערופן. ער האָט מיך געבעטן אָנצינדן צום צווייטן און דריטן מאָל. איך האָב אָנגעצונדן די אויבערשטע לעמפּלעך און פאַרלאָשן דאָס אונטערשטע. „גענוג, זאָל בלייבן אַזוי" — האָט געזאָגט ר' אהר'לע. „רבי, — האָב איך זיך אָפּגערופן — די אויבערשטע לעמפּלעך פאַרשפּרייטן ליכט איבערן גאַנצן צימער, אָבער אויף צו לערנען איז בעסער פאַרן רבין עס זאָל ברענען דאָס אונטערשטע לעמפּל, וואָס קאָנצענטרירט דאָס ליכט אויפן טיש. „גוט, האָט געזאָגט ר' אהר'לע, זאָל זיין אַזוי ווי דו זאָגסט. זאָג מיר מיט וואָס פאַראַ לעמפּל באַנוצט זיך אַ געוויינלעכער באַלעבאָס אין שטאָט?" נישט אַלע נוצן די זעלבע לעמפּלעך. ווער ס'נוצט 60 וואַט, ווער 100. — „און 40 נוצט קיינער נישט?" פאַר קליינע צימערן — האָב איך געענטפערט, — איז 40 וואַט גענוג. אויך אָרעמערע נוצן לעמפּלעך פון 40 וואַט. „זאָג מיר — האָט ר' אהר'לע ווייטער געפרעגט — וואָס פאַראַ לעמפּל נוצט איטשע משה'לעס?" הונדערט וואַט — האָב איך געענטפערט. „נו גוט, ער האָט אַ געוועלב, דאַרף ער אַ סך ליכט. לאָמיר נעמען אַן אַנדערן באַלעבאָס, דיין טאַטע, למשל, וואָס פאַראַ לעמפּל נוצט ער?" — אויך 100 וואַט — האָב איך געענטפערט. „גו גוט, ביי אייך איז אַן אַכסניה. אַן אַכסניה דאַרף אַ סך ליכט. דער רוב יידן אָבער נוצן לעמפּלעך פון 25 און 40 וואַט. כ'האָב געטראָפן?"

איך האָב אים געפרוווט אויפקלערן, אַז אַ קליין לעמפּל גיט ווייניק ליכט און ס'איז נישט געזונט פאַר די אויגן. דער רב האָט מער נישט רעאַגירט. ער האָט מיר געהייסן פאַרלעשן דאָס עלעקטרישע ליכט און דער שמועס האָט זיך געענדיקט.

אויף צומאָרגנס האָט מיר נחמן־הירש מודיע געווען, איך זאָל פאַרנאַכט זיין ביים רב. קומענדיק צום רב, האָט מיר ר' אהר'לע גלייך אַ זאָג געטאָן? „איך

האָב זיך באַרעכנט. איך וועל נישט נוצן קיין עלעקטעריש ליכט ביז וועסט מיר נישט איבערבייטן די לעמפּלעך. די פון אויבן אויף 25 וואַט יעדע איינע, און פון אונטן אויף 40 וואַט. ער האָט מיך אויך געפרעגט אויב איך קען מאַכן, אַז אויבן זאָלן ברענען נאָר צוויי לעמפּלעך און נישט דריי. איך קען — האָב איך געענטפערט. אַזוי ווי ס'איז געווען דאָנערשטיק, האָט ער מיר געהייסן קומען קומענדיקן דינסטיק.

דינסטיק האָב איך צוגעמאַכט אַ הענגענדיקן שאַלטער אין זשיראַנדאָל און איבערגעביטן די לעמפּלעך אויף קלענערע. ווען כ'האָב פאַרענדיקט די אַרבעט, האָט דער רב מיך געפרעגט: „אמת, אַז אַצינד וועל איך נישט נוצן מער עלעקטריע ווי אַ געוויינלעכער בעלזער באַלעבאָס?" איך האָב באַשטעטיקט. דאַן האָט ער אַ זאָג געטאָן: „נחמן־הירש, גיב אים צוויי זלאָטעס". נאָכדעם ווי נחמן־הירש האָט מיר געגעבן די מטבע, האָט דער רב געזאָגט: „גיב אים נאָך צוויי זלאָטעס". נעמענדיק ביי נחמן־הירשן די צווייטע מטבע, האָב איך געזאָגט: אַ דאַנק, רבי. ר' אהר'לע האָט צו נחמן־הירשן געזאָגט צום דריטן מאָל: „גיב אים נאָך צוויי זלאָטעס". נעמענדיק דעם דריטן סכום, האָט מיך דער רב געפרעגט: „ביסט צופרידן?" — יאָ, רבי, האָב איך געענטפערט. „גיב אים נאָך צוויי זלאָטעס" — האָט ר' אהר'לע געזאָגט צו נחמן־הירשן. די דאָזיקע סצענע האָט זיך איבער־געחזרט זיבן מאָל. איך האָב נישט פאַרשטאַנען דעם רבינס מיין, און איך בין געווען פאַרווירט. זעענדיק מיין פאַרווירטקייט, האָט דער רב מיר געזאָגט: „ווען מיר זאָגן ווען וועסט זיין צופרידן". ערשט יעצט האָב איך פאַרשטאַנען דעם רבינס כוונה. איך האָב גלייך אַ זאָג געטאָן: „רבי, איך בין צופרידן". צום סוף האָב איך אים געבעטן ער זאָל בענטשן איינע פון די מטבעות. דער רבי האָט מסכים געווען און געבעטן נחמן־הירשן ער זאָל אַוועקלייגן אויפן טיש נאָך אַ מטבע פון צוויי זלאָטעס מיטן בילד פון אונטן. ער האָט אָנגערירט די מטבע מיט די פינגער און זי געבענטשט. איך האָב גענומען די מטבע און שטילערהייט געבעטן נחמן־הירשן ער זאָל מיר געבן אַ שטיקל פּאַפּיר זי איינצוּוויקלען, כדי זי זאָל זיך נישט אויסמישן מיט די אַנדערע מטבעות. דער רב, וואָס האָט געהאָט אַ שאַרפן געהער, האָט אַ זאָג געטאָן: „נחמן־הירש, גיב אים פון דיין פּאַפּיר און אויך פון מיינעם." אויך די אַנדערע גבאים און מקורבים, וואָס זענען געווען אין צימער, האָט ער געהייסן מיר געבן פון זייער פּאַפּיר. נאָכדעם ווי אַלע האָבן מיר געגעבן פון זייערע שטיקלעך פּאַפּיר, האָט ער געפרעגט נחמן־הירשן, צי ער האָט מיר אויך באַצאָלט פאַר דעם שאַלטער, וואָס כ'האָב צוגעמאַכט. נאָכדעם ווי נחמן־הירש האָט אים געענטפערט אַז יאָ, האָט ער מיר אָנגעווינטשעוועט און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך קען שוין גיין.

**מרים אליאש**
בת הרב בן־ציון ורובל
תל־אביב

# בלז עיירתי!

על אדמתך יצאתי לאויר העולם, בך הקימו הורי את קן משפחתם, ובך טעמו ראשית האושר של ימים טובים. בך גם חשו לראשונה צער גידול בנים ואבל, משמתו בעודם רכים ארבעת הראשונים מתוך עשרה שהביאו לעולם.

עם פרוץ מלחמת העולם הראשונה בא הקץ לימי השלווה. בטרם מלאו להם 40, נמלטו בחפזון ובבהלה מהעיר ששכנה על הגבול הרוסי. ברכבות, בעגלות וברגל נדדה המשפחה כולה מעיר לעיר. בפראג הרחוקה, שם השתקעה משפחתי בשנות המלחמה, התגעגעתי אליך בלז, ויותר מכל נכספתי לפקוד את בית הקברות, שם נחה אמי היקרה מנוחת־עולמים. אך בשובי אליך מקץ 4 שנים, ראיתי רחובותיך ההרוסים, משכנותיך הדלים ועולליך הרכים אשר רובם אמרו קדיש.

בלז עיירתי!

זכורים לי חיי בניך היהודים בימים ההם. עניים מרודים, מלאי דאגה לפת לחם וכסות לעורם. ומסביבם בני עשיו בריאים ושלווים מפעפעי שנאה סמויה וגלויה. כמה פחד ידעו הגויים המגושמים האלה להחדיר בלב היהודים — מתינוק רך ועד בא בימים. במלחמות בין אוקראינים ופולנים ובין פולנים ובולשביקים סבלנו מכל הצדדים. פרעות ושוד, ישיבה במרתפים ורעדה מתמדת היו מנת חלקנו במשך כמעט שנתיים.

בעצם ימי מלחמות קודרים אלה, בסוף 1920, נפטרה אחותי הגדולה פייגה־פסיל והיא בת 23. בביתנו היתה היא הראשונה שנתפסה לציונות, אולם על מנת למנוע צער מאבינו תמכה בסתר בקרן הקיימת, ובזה הביעה את הזדהותה עם התנועה הציונית בדרך שקטה.

בשעת גסיסה היתה בהכרה מלאה ואנו כולנו עמדנו ליד מיטתה. למרות שהדיבור עלה לה ביסורים רבים אמרה: „אבא, עוד מעט אבוא לעולם הבא ובמה יכירוני שאני בתך? דל מטעני, אנא, תן לי צידה לדרך".

ואבא השיב בדמעות: :„בתי, את כשרה וטהורה וצדקת ובזאת יקבלו אותך!"

תמו המלחמות. יצאנו מהמרתפים והתחילה מלחמה חדשה — מלחמת הקיום. ערומים כמעט ויחפים הסתובבו ילדי העיירה. אבותיהם חיפשו פרנסה וכשלא נמצאה, פנו לפרנסות מסוכנות, כגון הברחת מזון ללבוב.

הג׳וינט בא בימים ההם לעזרת יהודי גליציה המזרחית, השדודה וההרוסה. גם בבלז הקים מסעדה שהתנהלה ע״י מתנדבים — בחורים ובחורות. במסעדה זו קיבלנו ילדי בלז, בוקר בוקר, כוס קקאו, לחם ומרק. חושבתני שבאותם הימים לא נמצא מנין של ילדי בלז שיכלו לוותר על ארוחה זו.

עלובים היו החיים הגשמיים, אך לא כן החיים הרוחניים. מבית־המדרש בקע קול התורה יומם ולילה, למדו צעירים וזקנים, בעלי־בתים וסתם בטלנים, מי גמרא ומי משניות, ואלה שלא עסקו לא בזה ולא בזה — אמרו פרקי תהילים.

הוד והדר היו אצורים בחיי הנפש של יהודים אלה. בשבתות ובחגים עטפה את העיירה שלוות נפש וטוהר, כמו נמחקו בבת־אחת כל הצרות והיסורים. כל השבוע סבלו בדומיה ואת השבת קיבלו בשמחה וברוב כבוד והדר. זמירות שבת בקעו מכל בית בנעימות של הודיה ושמחה מזה ועצב וגעגועים ובקשת רחמים מזה. נרות השבת האירו וחיממו את חשכת הדלות מליל־שבת אחד למשנהו.

אלה היו פני יהודיך, בלז, היו ואינם! אבדו ללא שוב.

על אלה אני בוכיה, ועל צעיריך וצעירותיך ששאפו לפרוץ את החומה, לעלות לארץ־ישראל או להגר לארצות אחרות, בהן ביקשו לבנות חייהם מחדש, אך להוותנו, צעדו עם ילדיהם אלי קבר.

מקללת אנוכי את אדמתך בלז — שונאת אני את בניך — בני עשיו, אשר נתנו ידם להכחיד את כל הנשמות הטהורות, את בני עיירתי ובני משפחתי, את חברותי וחברי, — את מותם אני מבכה עם כל בית־ישראל.

תהיינה נשמותיכם צרורות בצרור כל הנשמות הקדושות שנספו בשואה ומונצחות בחיי האומה המתחדשת במולדתנו.

מ — ח

# הרצח המזעזע של מאניה צאן

ביום א׳ דחול המועד פסח, בשנת 1938, קרוב ל־8 בערב נשמעו לפתע זעקות אימה מביתו של הירש לייב צאן. שכנים שנזעקו לביתו מצאו את מאניה, בתו של הירש לייב, שוכבת בשלולית דם על ריצפת אחד החדרים במצב של גסיסה. מבלי להידבר רצו רבים אל רופא העיירה, ד״ר איזאק שטרנברג. גם אני הייתי בין הרצים אל הרופא, אבל הרופא לא היה אותו ערב בביתו, וכאשר חזרנו לביתו של צאן, כבר נפחה מאניה את נשמתה.

היא נרצחה על־ידי שני „שקצים" מכפר שכן. הם באו לביתו של צאן ושאלו אם „שיקסה" פלונית עובדת אצלם כמשרתת. ומשקיבלו תשובה שלילית ציוו על בני־הבית להרים ידיים. הירש־לייב חש כנראה שמטרתם היתה שוד, ובהיותו יהודי חסון ניסה להיאבק אתם. בהיאבקו עם אחד מהם שלף השני אקדח, לחץ על ההדק והכדור שנפלט פגע לרוע המזל בלבה של מאניה, בת ה־17.

העיירה כולה התאבלה על מותה הטרגי של מאניה, ותושביה היהודיים ליוו אותה בהמוניהם למנוחת עולם.

כעבור ימים אחדים נעצרו מספר חשודים.

אמה של מאניה, לאה צאן, הובאה למיסדר זיהוי. היא זיהתה אחד מהם, את שירה את היריה הקטלנית.

כעבור חודשים מספר נערך בבלז משפטם של שני הרוצחים. השופטים היו מלבוב וכן עורך־דין מפורסם. השניים נידונו למאסר ממושך. המשפט נסתיים בשבת, ולמחרת בבוקר ראינו את הרוצחים מובלים, כבולים בידיהם, לתחנת הרכבת. אך למעשה לא ריצו את מלוא עונשם. כשנה לאחר מכן בהיותי בסוקאל, פגשתי בשוק את רוצחה של מאניה צאן.



משפחת צאן היתה מן המכובדות בעירנו.

הירש־לייב היה בעל שדות נרחבים וכן היה שותף לטחנת־קמח. המשפחה היתה ידועה במתן צדקה ביד פתוחה. לאה צאן היתה אשה משכילה, מן המעטות בעיר שקראה יום־יום עתון פולני וספרים בפולנית. היא היתה פעילה במפלגת הציונים הכלליים ותורמת קבועה לקק"ל.

למשפחה היו ארבע בנות: פייגה, חנה, מאניה ומינדז'ה ובן אחד: גצל.

פייגה נישאה וקבעה דירתה בקרקוב. בפרוץ המלחמה כאשר קרקוב כבר היתה כבושה בידי הגרמנים, ניסו הירש־לייב ולאה צאן להיוודע על אודות גורלה של פייגה, אך לשווא. עובדה זו הוסיפה על דיכדוכה של המשפחה מוכת־האסון. על־כן, כאשר רוב רובם של תושביה היהודיים של בלז עזבו, בהתקרב הגרמנים, את העיירה, החליטה משפחת צאן להישאר. רק הבן גצל נשלח ללבוב. ב־1941, כאשר הגרמנים כבשו גם את לבוב, חזר גצל להוריו לבלז. אך לא לזמן רב. יחד עם שאר בני המשפחה ניספה אף הוא מידי הנאצים.

משה הדרי
גבעתיים

# די שול און דער בית־מדרש

ווי באַוווּסט האָט ר׳ שלום, דער גרינדער פון דער בעלזער דינאַסטיע, אויפ־געבויט די גרויסע בעלזער שול און זי באַצירט מיט גאָלדענע קוגלען.

די בעלזער שול איז געווען באַרימט אַלס איינע פון די גרעסטע און שענסטע שולן אין גאַליציע. זי האָט אַריינגענומען טויזנטער מתפללים. זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף פיר גרויסע, דיקע זיילן און זי האָט געהאַט ניין רונדע סטעליעס. די ווענט זענען געווען אַנדערהאַלבן מעטער די ברייט, און איר הויך איז געווען פון אַן ערך 15 מעטער.

די סטעליעס האָט געמאָלן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אַ מאָלער פון אַמעריקע. די הוצאות האָט מנדב געווען אַ חסיד, אַ גרויסער גביר. דער גרונד פון די סטעליעס איז געווען הימל־בלוי, און נאָך לאַנגע תחנונים האָט דער בעלזער רבי ר׳ ישכר בער דערלויבט דעם מאָלער אויסצומאָלן אויפן הימל־בלויען גרונד די זון, די לבנה, שטערן און אויך חיות און פרוכטן, וואָס איז נישט פאַרווערט על פי דעם יידישן דין. דער נדבן האָט אויך געוואָלט איינאָרדנען אין שול עלעקטרישע באַלייכטונג, אָבער צו אַזוי פיל מאָדערניזם האָט שוין דער רב נישט געקענט מסכים זיין.

פון די סטעליעס זענען אַראָפּגעהאָנגען גרויסע הענגל־לייכטערס. איין הענגל־לייכטער האָט געמאַכט דער בעלזער מעשאָנזשניק (קופּערשמיד) לכבוד די קראָקעווער ישיבה־בחורים. דער הענגל־לייכטער האָט געוווּיגן מער ווי אַ טאָן. אויפן נאָמען פון די אַמעריקאַנער חסידים האָט דער קופּערשמיד געמאַכט אַ הענגל־לייכטער, וואָס האָט געוווּיגן 600 קילאָגראַם. די דאָזיקע הענגל־לייכטער זענען געווען געמאַכט מיט געשמאַק, באַצירט מיט פאַרשידענע פרוכט און חיות. חסידים און סתם געסט, וואָס האָבן באַזוכט בעלז, האָבן אויסגעדריקט זייער באַוווּנדערונג איבער דער שיינקייט פון די הענגל־לייכטער.

די באַלעמערס זענען געווען באַצירט מיט בראָנזענע קוגלען, די באַלעמערס זענען געווען גרויסע און עס האָבן געקאָנט אויף זיי שטיין ביז 100 מענטשן. דעם „שויתי״ האָט געמאַכט דער אַלטער קופּערשמיד, ממש מעשה בצלאל.

די אַקוסטיק אין דער שול איז געווען זייער אַ גוטע. ווען דער בעל־תפילה איז געשטאַנען ביים עמוד, האָט זיין קול זיך געקייקלט איבער דער ריזיקער שול און איז קלאָר געהערט געוואָרן פון די טויזנטער מתפללים.

אויף צו רעמאָנטירן די שול און ווען מען האָט געמאָלן די סטעליעס, האָט




בית הכנסת הגדול עם אחד מאגפיו
די בעלזער שול מיט איינער פון אירע פליגלען

מען געמוזט צוגרייטן אַ הויכע לייטער פון פיר זיילן אויף פיר הילצערנע רעדער, כדי מען זאָל זי קענען איבערפירן פון איין אָרט אויפן צווייטן. די לייטער וואָס איז שטענדיק געשטאַנען אין שול, האָט געניצט נישט נאָר צו בדק־בית, שמחת־תורה פלעגן יינגלעך אַרויפקריכן אויף דער לייטער און פון דאָרט געקענט זען דעם ריזיקן עולם וואָס איז געקומען צו די הקפות. ביז איין מאָל זענען צוויי יינגלעך אַראָפּגעפאַלן פונעם לייטער און זיך שטאַרק צעקלאַפּט. פון דאַן אָן האָט דער גבאי פאַרווערט צו קלעטערן אויפן לייטער.

*

אין שול פלעג מען דאַווענען נאָר זומער, ווייל מען האָט זי ווינטער נישט געהייצט. ווינטער פלעג מען דאַווענען און לערנען אין בית־מדרש. אין בית־מדרש איז געשטאַנען ביי דער טיר אַ גרויסער אויוון, וואָס מען פלעגט אים הייצן מיט גאַנצע קלעצער. דערפאַר איז דאָרט ווינטער געווען זייער וואַרעם. נישט איינמאָל פלעג אַ ייד דורכגייענדיק זיך אַריינכאַפּן אין בית־מדרש זיך אָנוואַרעמען. די טישן זענען געווען גרויסע און שווערע. „יושבים", באַלעבאַטים און גרעסערע יינגלעך פלעגן דאָרט לערנען גמרא און פוסקים. די פשוטע ידן,

וואָס האָבן אַליין נישט געקענט לערנען, פלעגן ווינטער ביינאַכט, אין צווייטן הלק, לערנען מיט אַ רבין משניות און „עין יעקב״. אויך אין בית־מדרש זענען געווען שיינע הענג־לייכטער. די באַלעמערס האָבן געהאַט קוגלען און דער „שויתי״ איז אויך געווען אויסגעמייסטערט פונעם אַלטן קופּערשמיד.

ווינטער פלעג מען אין בית־מדרש פאַרקויפן געפרוירענע עפּל און וואַרעמע קניזשעקלעך. יינגלעך, וואָס האָבן געהאַט אַ פּאָר גראָשן אין קעשענע, האָבן זיך פאַרגינען צו קויפן אַ קניזשעקל מיט אַ „קראַכער״ (זעלצער־וואַסער). אָרעמע בחורים, בעיקר די „יושבים״, האָבן געשלונגען די סלינע, דאָס האָט אָבער זיי נישט געשטערט צו לערנען מיט התלהבות.

אין בית־מדרש איז געווען אַ פּלוש, אָדער ווי מען האָט עס גערופן „דאָס אַנדערע חלק״. אַהין פלעג מען אַרויסגיין בעתן דאַוונען אָדער לערנען כאַפּן אַ שמועס. אינמיטן וואָך האָט מען דאָרט אויך געלערנט, בעיקר די חברה „משניות״ און חברה „עין יעקב״. אויפן שטאָק איז געווען די ווייבערשע שול. אין דער זייט, אויפן שטאָק, האָט זיך געפינען דאָס שנײדערשע שולעכל, ווו עס האָבן שבת און יום־טוב געדאַוונט די בעלי־מלאכות. אין דער זייט איז געווען אַ קאַמער, ווו עס פלעגט שלאָפן דער שמש — אַ ליטוואַק — מיט זיין זון און אייניקל. די קאַמער איז געווען פול מיט שיימעס.

פאַר דער שול און בית־מדרש איז געווען אַ גרויסער פרייער פּלאַץ. אַלטע לייט פלעגן דערציילן, אַז דער פּלאַץ האָט אַמאָל געהערט צו אַ פּריץ, אַ גרויסער שונא־ישראל. ער האָט צו להכעיס די יידן באַשלאָסן דאָרט צו בויען אַ קלויסטער. דאָס איז נאָך געווען אין ר׳ שלום׳ס צייטן. עס האָבן נישט געהאָלפן קיין השתדלותן און געלט־פאַרשלאַגן. ווען דער פּריץ האָט שוין געהאַלטן ביים לייגן דעם פונדאַמענט פאַרן קלויסטער, איז געשען אַ נס, ווען ער איז געווען אויף יאַגד, האָט אַ פאַרבלאָנדזשעטע קויל פון אַ יעגער אים געטראָפן אין די אויגן. די גויים האָבן געזען אין דעם פאַל אַן אצבע אלוקים, און דעם פּריצס יורשים האָבן דעם פּלאַץ פאַרקויפט דער בעלזער קהילה.

✶

אין פאַרבינדונג מיטן בית־מדרש וויל איך ברענגען פאָלגענדן פאַקט. אין בית־מדרש פלעג זיך דרייען אַ פּשוטער בחור, נישט קיין לערנער און נישט קיין חסיד. פאַרקערט, ער איז געווען אַ חבר פון „בונד״. זיין דרייען זיך אין בית־מדרש האָט געהאַט אַ געוויסן ציל: ער פלעגט שטילערהייט אַריינרוקן די בחורים בונדישע בראָשורן.

געהייסן האָט ער דוד און איז געווען אַ זון פון אַן אָרעמען סטאָלאַר, יעקב דינטער. דער דאָזיקער בחור האָט געהאַט אַ גאָלדן האַרץ. תמיד איז ער געווען גרייט צו העלפן יעדן איינעם אָן אויסנאַם. אין רבינס הויף און אין בית־מדרש

פלעגט ער פאַריכטן די טישן און די בענק. ער פלעגט פאַרמאַכן די פענצטער פאַר אַ רעגן און ביינאַכט.

איין מאָל, מוצאי יום־כיפור, האָט דער גבאי ר׳ דוד מעכעלעס געבעטן דוד דינטערן, ער זאָל פאַרמאַכן די פענצטער אין שול, ווייל עס איז געוואָרן אַ ווינט. דוד, זייער אַ פלינקער, איז ווי אַ פויגל אַרויף אין דער הויך פון אַ 10 מעטער, אַרומגעקלעטערט איבער די געזימסן צו פאַרמאַכן די פענצטער. אויף איין פלאַץ איז ער געשטרויכלט געוואָרן און אַראָפּגעפאַלן. ער איז דערהרגעט געוואָרן און גאַנץ בעלז איז געווען איינגעהילט אין אַ שווערן טרויער. עס איז געלעגן עפּעס סימבאָלישס אין דעם וואָס ער איז אומגעקומען מוצאי יום־כיפור, ווען יעדן ייד ווערט פאַרגעבן די זינד. דער רבי האָט אויף אים געזאָגט, אַז ער איז געווען אַ למד־וואָווניק, אַז אין אים איז געזעסן אַ נשמה פון אַ גרויסן צדיק.

פרץ זייפרט
גבעתיים

# משחק המלכים

משחק השח־מט היה מקובל מאוד בעיירתנו, הכל משחקים. כמעט 90% מהנוער ומבוגרים רבים שיחקו שח־מט. בין המצטיינים במשחק היו נחום ברגשטיין, אורי פרוינדליך ונטע אקסלר (או כפי שקראו לו „נטע פאיעס"). אך העו"ד ד"ר ליאון טאובה, עלה על כולם. והיכן משחקים? במועדוני המפלגות (בעיקר ב„התאחדות" ואצל הציונים הכלליים).

צעיר אחד היה בבלז שהירבה לשחק בשח־מט אך לא במועדונים. היו מספרים עליו שהוא משחק עם עצמו בשתי מערכות הכלים (הלבנים והשחורים). ולא עוד אלא שיחק בעיניים עצומות, ובעת המשחק היה משיח עם עצמו. יוסף שטינפלד היה האיש ששיחק עם עצמו עד לאותו מקרה עליו יסופר להלן.

שבת אחת, בשעות שלפני הצהריים, נזדמנתי למועדון של הציונים הכלליים. כרגיל, ישבו לפני לוח השח־מט ד"ר טאובה ונטע פאיעס — שני השחקנים המעולים שבעיירה. כנהוג, עמדו סביבם הרבה „קיבצרים", וביניהם יוסף שטינפלד. כידוע, אסור ל„קיביצר" להתערב במשחק לטובת אחד הצדדים. החוק אומר: „קיבעץ שתוק". אך לא כך נהג יוסף שטינפלד. הוא התערב לפני ואחרי כל מהלך ולאו דווקא לטובת אחד הצדדים. התערב פעם לטובת המשחק בלבן ופעם לטובת המשחק בשחור ללא אפליה. ובשביל מה עשה זאת? משום שרצה לשחק ודווקא עם ד"ר טאובה. לא הועילו כל הבקשות והתחנונים שיפסיק להתערב. הוא הפסיק להפריע רק לאחר שד"ר טאובה הבטיח לו

שישחק עמו עם גמר המשחק עם נטע. ד״ר טאובה גם היתנה תנאי — שהוא ישחק עם צריח אחד בלבד. יוסל׳ה לא הסכים, הוא דרש תנאים שווים.

המשחק נגמר ויוסל׳ה שטינפלד ישב במקומו של נטע. המשחק התחיל וכבר במהלכים הראשונים פתח יוסל׳ה בהתקפה, שעד מהרה הפכה למוחצת. מצבו של ד״ר טאובה הלך ורע ולבסוף הפסיד. ד״ר טאובה טען שהפסיד משום שלא התייחס ברצינות לבר־הדבב שלו. יוסל׳ה תבע משחק שני, וגם במשחק השני והשלישי הפסיד ד״ר טאובה. כנראה שהדבר חרה לו, עזב את המועדון ובמשך שבועות אחדים לא בא לשחק. כשנרגע הזמין את שטינפלד לביתו לשחק עמו. לא עברו ימים מרובים והכל הודו בעליונותו של יוסל׳ה על כל שחקני בלז, לרבות ד״ר טאובה, ולא עוד אלא ד״ר טאובה חידש את ביקוריו במועדון, וכל משחק בינו ובין יוסל׳ה שטינפלד הפך למאורע ורבים היו הצופים שעקבו בענין אחר מהלכיהם.

**פרץ זייפערט**

**גבעתיים**

## דער מלכים־שפיל

שאַך איז געווען זייער אַן אָנגענומענע שפּיל אין אונדזער שטאָט. אַלע האָבן געשפּילט. אַלס גוטע שאַך־שפּילער האָבן זיך גערעכנט נחום בערגשטיין, אורי פּרוינדליך און נטע אַקסלער (אָדער ווי מען פלעגט אים רופן „נטע פּאַיעס״). דער בעסטער שאַך־שפּילער אין בעלז איז געווען דער אַדוואָקאַט ד״ר לעאָן טאובע. שפּילן פלעגט מען געוויינלעך אין די פּאַראַיין־לאָקאַלן (בעיקר אין „התאחדות״ און ביי די סתם־ציוניסטן).

אַ יונגער בחור איז געווען אין שטעטל — יוסף שטיינפעלד — וואָס פלעגט טאָג און נאַכט שפּילן שאַך, אָבער נישט אין די פּאַראַיין־לאָקאַלן, נאָר מיט זיך אַליין, מיט די שוואַרצע און ווייסע פיגורן אין איין צייט. מען פלעגט אויך דערציילן, אַז בעתן שפּילן האָלט ער פאַרמאַכט די אויגן.

אין אַ געוויסן שבת בין איך אַריינגעפאַלן אין לאָקאַל פון די סתם־ציוניסטן. ביים שאַך־ברעט זענען געזעסן ד״ר טאובע און נטע פּאַיעס — די צוויי בעסטע שאַך־שפּילער אין שטעטל. ווי דער שטייגער, זענען זיי געווען אַרומגערינגלט פון אַ חברה „קיביצער״, צווישן זיי אויך יאָסעלע שטיינפעלד. ווי באַקאַנט טאָרן זיך די „קיביצער״ נישט אַריינמישן אין שפּיל. דער געזעץ זאָגט: „קיביצער שווייג״. יאָסעלע שטיינפעלד האָט עובר געווען אויף דעם דאָזיקן געזעץ און האָט די גאַנצע צייט נישט אויפגעהערט זיך אַריינמישן און נישט ספּעציעל פאַר איינעם פון די צדדים, אַמאָל לטובת דעם שפּילער מיט די שוואַרצע פיגורן, און אַמאָל לטובת דעם קעגנער. פאַרוואָס האָט ער עס געטאָן? ווייל ער האָט דווקא געוואָלט

שפילן מיט ד״ר טאובע. אַלע בקשות און תחנונים ער זאָל אויפהערן געבן עצות האָבן נישט געהאָט קיין פעולה, ער האָט אויפגעהערט זיך אַריינמישן נאָר דאַן ווען ד״ר טאובע האָט אים צוגעזאָגט שפילן אַ פּאַרטיע ווען ער וועט פאַרענדיקן דעם שפּיל מיט נטע׳ן. ד״ר טאובע האָט אים געוואָלט געבן פאַרשוס אַ טורעם, אָבער יאָסעלע האָט נישט מסכים געווען. ער האָט געפאָדערט אַ שפּיל אין גלייכע באַדינגונגען.

ד״ר טאובע און נטע האָבן פאַרענדיקט און יאָסעלע האָט זיך אָוועקגעזעצט אויף נטע׳ס פּלאַץ. שוין ביי די ערשטע געגג האָט יאָסעלע גענומען אַטאַקירן און מיט יעדן גאַנג איז די אַטאַקע געוואָרן שטאַרקער. ד״ר טאובעס לאַגע איז אַלעמאָל געוואָרן קריטישער און צום סוף האָט ער פאַרשפּילט. ד״ר טאובע האָט געטענה׳ט, אַז ער האָט פאַרשפּילט מחמת ער האָט נישט גענומען ערנסט זיין פּאַרטנער. יאָסעלע האָט געפאָדערט אַ צווייטע פּאַרטיע, און אויך די און די דריטע האָט ד״ר טאובע פאַרשפּילט. דער דורכפאַל האָט דעם ד״ר טאובע, ווייזט אויס, שטאַרק ווײ געטאָן און במשך אַ פּאָר וואָכן איז ער נישט געקומען שפּילן אין פּאַרטיי־לאָקאַל. ווען ער האָט זיך באַרויִקט, האָט ער איינגעלאַדן שטיינפעלדן צו זיך אַהיים און דאָרט האָבן זיי ביידע געשפּילט אָן עדות.

עס איז אַוועק אַ קורצע צייט און אַלע בעלזער שאַכשפּילער, אַריינגערעכנט דעם ד״ר טאובע, האָבן אָנערקענט, אַז קיינער פון זיי קען זיך נישט פאַרגלייכן צו יאָסעלען אין שאַך־שפּילן. ד״ר טאובע האָט אויך פונדאַסניי אָנגעהויבן קומען אין פּאַרטיי־לאָקאַל און יעדער שפּיל צווישן אים און יאָסעלען האָט אַרויס־גערופן גרויס אינטערעס ביי די בעלזער שאַכשפּילער.

**איזיק ליבערמאַן**
**תל־אביב**

# דריי טיפּן

## א.

ווי ס׳איז באַקאַנט, פלעגן צום בעלזער רבין קומען אויף די ימים־טובים פיל חסידים ספּעציעל אויף שבועות און ראש־השנה. אין בעלז זענען געווען ווייניק האָטעלן און פּענסיאָנען, און אַז ס׳זענען זיך צונויפגעפאָרן טויזנטער חסידים, פלעג כמעט יעדעס הויז זיך פאַרוואַנדלען אין אַ מין קליינעם האָטעל, כדי די חסידים זאָלן האָבן וווּ צו שלאָפן. צווישן די דאָזיקע אימפּראָוויזירטע „האָטעלן״ און פּענסיאָנען האָט זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט דער פּענסיאָן פון בערעלע מאַרשאַלעק. בערעלע איז געווען אַ קלוגער ייד, אָבער פּרנסה האָט ער געהאַט קנאַפּ. אַז עס זענען געקומען די ימים־טובים, האָט בערעלע מאַרשאַלעק

אָנגענומען צום שלאָפן ווער ס'איז נאָר צו אים געקומען. מילא, מיט אַ פלאַץ צו שלאָפן גיט מען זיך אַן עצה. אַ טייל לייגט מען אויף דער ערד, אַ טייל אויפן בוידעם, אַ טייל אויפן פּיעקאַליק, אָבער מיט וואָס וועט מען זיך צודעקן? איז ער געפאַלן אויף אַ המצאה: אַזוי ווי אַלע געסט קומען נישט צו־מען שלאָפן, און מיד זענען זיי פונעם טאַנצן און זינגען ביים רבין, איז ווי איינער איז נאָר איינגעשלאָפן, האָט ער אַראָפּגעצויגן פון אים דעם צודעק און אים געגעבן אַ צווייטן, אַ דריטן, אַ פערטן. א.א.וו. וואָס טוט נישט אַ ייד צוליב פרנסה? האָט ער פאַר דער אַרבעט גענומען אַ באַזונדערן אָפּצאָל, וועלכן ער האָט געקרוינט מיט אַ ספּעציעלן נאָמען: „חל״צ־געלט״, און ווען די געסט האָבן אים געפרעגט וואָס איז אַזוינס חל״צ־געלט — פאַרן עסן, פאַרן שלאָפן האָבן זיי פאַרשטאַנען, אָבער חל״צ־געלט? — האָט ער זיי דערקלערט: חל״צ איז די ראשי־תיבות „חאַ־לאָפּ־צאָפּ״. ווען איר זייט געשמאַק געשלאָפן, האָב איך באַדאַרפט האָרעווען — אַראָפּציען דעם צודעק פון איינעם און אים געבן דעם צווייטן, קומט מיר דערפאַר געצאָלט...

ב.

איטשע וואַרזשער איז געווען אַ ווילער ייד און זייער אַ פרומער. מילא אַ גאַנצע וואָך איז ער געווען סתם איטשע וואַרזשער, אָבער שבת, ווען ער האָט אָנגעטאָן די „בגדי מלכות״, איז ער געגאַנגען אויפן טראָטואַר מיט די הענט אין דער ברייט, און יידן, ווי להבדיל גויים, האָבן אים געמוזט מאַכן אַ וואַרע, און ווען מ'האָט אים געפרעגט: ר' איטשע, פאַרוואָס גייט איר אַזוי אין דער ברייט און לאָזט קיינעם נישט אַדורכגיין? — האָט ער געענטפערט: ס'איז דאָך היינט שבת, איז כאָטש איין מאָל אין דער וואָך מעג איך זיין אַ מלך... און ווען ער איז אַהיים געקומען שבת פונעם דאַווענען, האָט ער אַריינגעשריגן אין שטוב אַריין: גוט שבת חייטשע! חייטשע גוט שבת! דאָס איז געווען אַ סימן אַז דער „מלך״ איז געקומען און מען דאַרף עפענעןביידע אַריינגאַנג־טירן...

ג.

איך דערמאָן זיך אַ פאַל ווען די פוילישע פּאָליציי האָט אַרעסטירט דעם פאַרברענטן קאָמוניסט שמואל טאָלקעס און אים געשלאָגן ער זאָל אויסגעבן דעם אָנפירער פון דער פּאַרטיי. ער האָט כלומרשט זיך מודה געווען און געזאָגט, אַז דער הויפּט־אָנפירער איז דער פאַן „זשאַלאַנדעק״, און זיי אָנגעוויזן אויפן בויך, ד.ה. דער הונגער. נישט קענענדיק ביי אים אַרויסקריגן קיין שום דאַטן און נישט האָבנדיק קיין באַווייזן וועגן זיין קאָמוניסטישער טעטיקייט, האָבן זיי אים באַפרייט.

**חנה באַשע דאָנער**
**תל־אביב**

# יידישע מאַמעס אין עלטערן־קאָמיטעט

אין בעלז זענען געווען צוויי פאָלקס־שולעס, פון זיבן קלאַסן יעדע איינע. איין שולע איז געווען פאַר יינגלעך, און איינע פאַר מיידלעך. די יינגלעך־שולע האָט פונקציאָנירט אין בנין פון דער גמינע (געמיינדע), און די מיידלעך האָבן געלערנט אין בנין פון אַ פרויען־מאָנאַסטיר. דאָס איז אויך געווען די סיבה וואָס די שולע איז אָנגעפירט געוואָרן דורך מאָנאַשקעס, און פון זיי האָבן זיך אויך רעקרוטירט די וויכטיקסטע לערערקעס. עס איז איבעריק צו באַטאָנען, אַז די יידישע קינדער איןביידע שולעס האָבן געליטן פון דיסקרי־מינאַציעס סיי מצד די תלמידים, סיי מצד די רוב לערער, וועלכע זענען געווען אַנטיסעמיטן.

ביידע שולן האָבן געהאַט עלטערן־קאָמיטעטן. די עפּיזאָדן וואָס איך וועל דערציילן אין די קומענדיקע שורות באַציען זיך נאָר צו דער מיידלעך־שולע (וועלכע איז אגב געווען בעסער אָרגאַניזירט ווי די יינגלעך־שולע), ווייל אין עלטערן־קאָמיטעט פון דער שולע האָב איך פאַרטראָטן די יידישע קינדער.

דער קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון 15—20 עלטערן, אַלע קריסטלעכע פרויען. איך בין געווען די איינציקע יידישע פרוי אין קאָמיטעט, טראָץ דעם וואָס די פּראָפּאָרץ פון די יידישע קינדער איז געווען אַ גאַנץ הויכע.

יעדעס יאָר פלעג די שולע איינאָרדענען אַ פאַרוויילונג פאַר די קינדער. עס האָט אויך פונקציאָנירט אַ בופעט, און די שילערינס פלעגן קריגן אין בופעט די פּראָדוקטן, וואָס זענען דאָרט געווען אומזיסט. היות די באַציאונגען צווישן קריסטלעכע און יידישע שילערינס זענען נישט געווען קיין איבעריק פריינד־לעכע, (פאַרשטייט זיך נישט צוליב דער שולד פון די יידישע קינדער), האָבן די פרוי מאדער און איך (אַלס מיטגליד פון עלטערן־קאָמיטעט) באַשלאָסן צו זאַמלען פּראָדוקטן פאַר די יידישע קינדער און געמאַכט אַ ספּעציעלן טיש פאַר זיי. ביי אַן אייגענעם טיש, האָבן מיר געוווסט, וועלן זיי זיך פילן היימיש.

פאַר ווייַנאַכטן פלעגן די קריסטלעכע פרויען פון קאָמיטעט זאַמלען געלט אויף צו קויפן וואַרעמע בגדים און שיך פאַר די אָרעמע קינדער. די יידישע באַפעלקערונג האָט, ווי דער שטייגער ביי אַזעלכע זאַמלונגען, געגעבן די גרעסטע צאָל באַשטייערער. דאָך, אַז עס איז געקומען צו פאַרטיילן די בגדים, איז דער לייבן־חלק אַוועקגעגעבן געוואָרן די קריסטלעכע קינדער. מער ווי 4—5 יידישע אָרעמע קינדער האָבן נישט זוכה געווען עפּעס צו באַקומען פון דער אַלגעמיינער פאַרטיילונג.

אין יאָר 1938 האָט מיר געמאָלדן די פרוי גראָס (איר מאַן אַ געשמדטער ייד איז געווען דער אַפטייקער אין בעלז), אַז זי קען מער נישט זאַמלען קיין קליידונג אויך פאַר די יידישע אָרעמע קינדער, ווייל זי האָט נישט ווער עס זאָל איר העלפן אין דער אַרבעט. זי האָט מיר איבערגעגעבן די ליסטע פון די יידן ביי וועמען זי פלעג זאַמלען געלט אין די פאַריקע יאָרן, און מיר פאָרגעשלאָגן, אַז איך זאָל אַליין מאַכן די זאַמלונג פאַר די יידישע קינדער. צוזאַמען מיט דער פרוי מאַדער האָבן מיר דורכגעפירט די זאַמלונג און געשאַפן אַ באַדייטנדן סכום, פאַר וועלכן מיר האָבן אַנגעקויפט פיל ווינטער־זאַכן. ביי אַ געלעגנהייט האָט מיר דערציילט די פרוי פונעם אַדוואָקאַט באַדער (אַגב, אויך אַ געטויפטער ייד), אַז די סיבה פאַרוואָס די פרוי גראָס האָט זיך אָפּגעזאָגט אַריינצונעמען די יידישע קינדער צווישן די וואָס דאַרפן באַקומען ווינטער־מלבושים, שטאַמט פונעם פוילישן גלח, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט: „געגנוג מיטגעאַרבעט מיט די יידן". פאַקטיש האָבן מיר נישט געהאַט קיין שום גרונט צו באַדוירען וואָס די „שותפות" איז אויפגעלייזט געוואָרן. ווייל פאַר דעם געלט וואָס מיר האָבן געזאַמלט ביי דער יידישער באַפעלקערונג האָבן מיר געקויפט



תלמידים ומורים בבית־הספר העממי־הממלכתי לנערים בבלז.
חלק ניכר של התלמידים הם ילדים יהודיים

שילער און לערער אין דער בעלזער מלוכה־שול פאַר יינגלעך. די יידישע קינדער בילדן אַ באַדייטנדן טייל פון די תלמידים.

**מתנות פאַר 40 קינדער אָנשטאָט פאַר 4—5 ווי עס איז געווען אין די פריער־דיקע יאָרן.**

**אין דער ייִנגלעך־שולע איז געווען אַ יידישע לערערין (פלעגער). חנוכה האָבן מיר צוזאַמענגענומען די יידישע שילער פון דער צווייטער שולע און פאַר־טיילט ווינטער־זאַכן פאַר די נויטבאַדערפטיקע, צוגעבנדיק יעדן קינד אַ פעקעלע גוטע געבעקס וואָס מיר האָבן ספּעציעל פאַר זיי אָפּגעבאַקן.**

**לײַדער האָבן מיר נישט מער ווי איין יאָר געקענט אָנפירן די דאָזיקע פאַרטיילונג. אין יאָר 1939 איז אויסגעבראָכן די מלחמה און בעלז איז געבליבן יודן־ריין.**

**פרץ זייפּרט**
**גבעתיים**

## ברל'ה ולייבל'ה ופסק־דינו של הרבי

מי מהבלזאים לא הכיר את ברל'ה מארשאליק (הבדחן)? ומי לא הכיר את לייבל'ה גולער (הספר)? ומי לא זוכר היכן גרו ברל'ה ולייבל'ה? ברל'ה גר בשכונתנו, בדרך לבית־המדרש, ולייבל'ה — ביתו, כלומר, המספרה ומגוריו, היו ברחוב הראשי מול ביתנו. ואם תשאלו מה פתאום באתי לספר על ברל'ה ולייבל'ה? — יש דברים בגו, בשביל מעשה שהיה, שבעיני ראיתיו ובאזני שמעתיו.

ומעשה שהיה כך היה: בליל שבת של קיץ, עם תום התפילה, כשכל היהודים הלכו להנאתם לבתיהם להקביל את פניהם של מלאכי השרת, מלאכי השלום, לקדש על היין (או על חלות למי שידו לא השיגה להכין יין צימוקים לקידוש ולהבדלה) ולהתענג על סעודת השבת, שמעתי צעקות בחוץ. כשיצאתי לראות על מה ולמה הצעקות נתגלתה לעיני תמונה מוזרה: ברל'ה עמד ליד דלתו של לייבל'ה ודפק בה בחזקה, וכל הקשה מלווה בזעקות גנאי „שבת־גוי, מחלל שבת רחמנא ליצלן!" צעקותיו של ברל'ה ארכו שעה ממושכת ומשלא באה כל תגובה מביתו של לייבל'ה, הסתלק ושם פעמיו לביתו.

אך זה היה רק ראשיתו של המעשה. למחרת, עם צאת השבת, הלך ברל'ה אל הרבי ר' אהרל'ה ושטח לפניו את הסיפור הבא: „אמש, בליל שבת, כשחזרתי מבית־הכנסת ראיתי אור בוקע מהמספרה של לייבל'ה הספר. ניגשתי, עליתי על המדרגות (שלוש מדרגות היו לפני ביתו של לייבל'ה) והצצתי דרך אחד החלונות והנה, אוי לעיניים שכך רואות: לייבל'ה עמד וגילח בשבת!"

כשסיים את סיפורו, שאלו הרבי: „האם אתה בטוח שלייבל'ה גילח בשבת?

האם ראית בעיניך את אשר סיפרת ?". ברל'ה הבטיח לרבי שבמו עיניו ראה את לייבל'ה מגלח בשבת, ואין לו צל של ספק שכך היה הדבר.

ר' אהרל'ה שלח את שמשו יעקב־יוסף לקרוא ללייבל'ה. חרדה אחזה את לייבל'ה בשמעו שהרבי קורא אותו אליו. מלבד זה חסר היה בגד מתאים להתייצב לפני הרבי. לייבל'ה נכנס אלי וביקשני שאשאיל לו מעיל ארוך (איבערציר) וקאפעלוש (מגבעת), שהרי, כידוע, היה לייבל'ה חובש תמיד קסקט על ראשו. השאלתי לו את מעילי הארוך והמגבעת, ובלב מלא חרדה הלך לייבל'ה אל הרבי.

כשנכנס לחדרו של הרבי, הפטיר בקול נכאים „שבוע טוב", ומיד ניגש ר' אהרל'ה לחקירה: „האם ידוע לך מה שברל'ה אומר עליך ? הוא אומר שאמש, בליל שבת, ראה אותך מגלח. האם אמת הדבר ?". לייבל'ה הכחיש את הדבר מעיקרו ואמר: „חס וחלילה, רבי, לא גילחתי בשבת, זו עלילה שברל'ה מעליל עלי בזדון. שאילולא כן, מה ראה ללכת לביתו מבית־המדרש דרך ביתי ?" פתח הרבי ואמר לכל המסובים: „היא הנותנת, הרי לא ייתכן שיהודי יגלח בשבת". אולם ברל'ה עמד על שלו וטען: „רבי, הוא משקר, בעיני ראיתי אותו מגלח בשבת". הרבי היסה אותו ואמר: „כלום ייתכן שיהודי יגלח בשבת ? ודאי טעית, ודאי רק נדמה לך". ומבלי לתת לשניהם להמשיך בטענותיהם פסק: „אותך, לייבל'ה אני מחייב בשני קילוגרם נרות לבית־הכנסת כדי שלא יידמה לאיש שאתה מגלח בשבת; ואותך ברל'ה, אני מחייב בשני קילוגרם נרות לבית־המדרש כדי שלא יידמה לך שיהודי מסוגל לגלח בשבת. שבוע טוב לכם, ולכו הביתה בשלום".

פרץ זייפערט

גבעתיים

## בערעלע און לייבעלע און דעם רב'ס פסק־דין

וועלכער בעלזער האָט נישט געקענט בערעלע מאַרשאַליק דעם בדחן ? און ווער האָט נישט געקענט לייבעלע גאָלער ? ווער געדענקט נישט ווי בערעלע און לייבעלע האָבן געוווינט ? בערעלע האָט געוווינט נישט ווייט פון אונדז אויפן וועג צום בית־מדרש און לייבעלע האָט געהאַט זיין פריזערניע צוזאַמען מיט זיין וווינונג אויף דער הויפט־גאַס אַקעגן אונדזער הויז. אויב איר וועט פרעגן וואָס פּלוצים האָב איך זיך גענומען דערציילן וועגן בערעלען און לייבעלען — האָב איך אַ סיבה דאָצו — אַ מעשה שהיה, ווי איך בין געווען עד ראיה.

אין אַ זומערדיקן פרייטיק צונאַכטס, נאָכן דאַווענען, ווען אַלע בעלזער יידן זענען אַהיימגעגאַנגען בניחותא, בשמחה יתרה'דיק פון שול, האָב איך מיטאַמאָל

דערהערט קולות לעבן מיין שטוב. אַרויסגייענדיק זען פון וואַנען נעמען זיך די קולות, האָב איך דערזען אַ מאָדנע בילד. בערעלע איז געשטאַנען לעבן לייבעלעס הויז און געקלאַפּט מיט זיינע פויסטן אין דער טיר פון דער פּריזערניע שרייענדיק בקולי־קולות: „שבת־גוי! מחלל שבת!". אַ לענגערע צייט איז געשטאַנען בערעלע ביי לייבעלעס טיר און געשריגן, און היות לייבעלע האָט נישט רעאַגירט אויף די געשרייען איז דער ענין בערעלען נמאס געוואָרן און ער איז אַוועק־געגאַנגען. דאָס איז אָבער געווען דער פּראָלאָג פון דער מעשה. צומאָרגנס, מוצאי־שבת, איז בערעלע אַוועק צו ר' אהר'לען און אים דערציילט: „נעכטן, פרייטיק צו נאַכטס, אַהיימגייענדיק פון שול האָב איך געזען ליכט אין לייבעלעס פּריזערניע. איך בין צוגעגאַנגען, אַריינגעקוקט דורך איינעם פון די פענצטער און דערזען אַ שוידערלעך בילד: לייבעלע איז געשטאַנען און געגאָלט אום שבת". דער רב האָט אים געפרעגט: „בערעלע, ביסט זיכער, אַז לייבעלע האָט געגאָלט אום שבת? האָסט אַליין געזען?" בערעלע האָט פאַרזיכערט דעם רבין, אַז ער האָט מיט זיינע אייגענע אויגן געזען לייבעלען גאָלן. ער איז גרייט צו שווערן, אַז ער האָט נישט געהאָט קיין טעות.

ר' אהר'לע האָט געשיקט דעם שמש רופן לייבעלען. לייבעלע האָט זיך דערשראָקן, דערהערנדיק אַז דער רב רופט אים און דערצו נאָך מוצאי שבת. אַחוץ דעם האָט ער נישט געהאָט קיין לייטיש מלבוש (אָן איבערציער און אַ קאַפּעליוש) צו דערשיינען פאַרן רב. ער איז אַריינגעקומען צו מיר און געבעטן איך זאָל אים לייען מיין איבערציער און קאַפּעליוש. איך האָב אים געגעבן מיין איבערציער און קאַפּעליוש, און מיט אַ ציטער אין האַרץ איז ער אַוועק צום רב.

„גוט וואָך", האָט לייבעלע אַרויסגעפּליסטערט, איבערטרעטנדיק די שוועל פון ר' אהר'לעס חדר. ר' אהר'לע האָט אים גלייך אַ פרעג געטאָן: „ס'איז אמת, לייבעלע, אַז דו האָסט געגאָלט אום שבת?" לייבעלע האָט געלייקנט שטיין אוןביין. „בערעלע האָט אויף מיר אויסגעטראַכט אַ בילבול, אַ ראַיה, צוליב וואָס האָט ער אַהיימגייענדיק פון שול געדאַרפט אַדורכגיין מיין שטוב?"

ר' אהר'לע האָט ווענדנדיק זיך צום גאַנצן פאַרזאַמלטן עולם אַ זאָג געטאָן: „עס קען דאָך נישט געמאָלט זיין, אַז אַ ייד זאָל גאָלן אום שבת". בערעלע האָט זיך אָבער איינגעעקשנט און געטענה'ט, אַז לייבעלע זאָגט אַ ליגן. ער האָט מיט זיינע אייגענע אויגן געזען לייבעלען גאָלן אום שבת. דער רב האָט אים איינגע־שטילט און געזאָגט: „עס קען נישט געמאָלט זיין, אַז אַ ייד זאָל גאָלן אום שבת, דו האָסט זיכער אַ טעות געהאַט, עס האָט זיך דיר אויסגעוויזן", און גלייך געפּסקנט: „דיך לייבעלע קנס'ע איך מנדב צו זיין צוויי קילאָ ליכט פאַרן בית־מדרש, כדי אַ ייד זאָל זיך נישט אויסדאַכטן, אַז דו גאָלסט אום שבת, און דיך, בערעלע, קנס'ע איך מנדב צו זיין צוויי קילאָ ליכט פאַרן בית־מדרש, כדי ס'זאָל זיך דיר נישט אויסווייזן, אַז אַ ייד איז מסוגל צו גאָלן אום שבת. אַ גוטע וואָך און גייט ביידע געזונטערהייט אַהיים."

חיה ברינגר
גבעתיים

# לא נולדתי בבלז

ילידת ארץ-ישראל אני, אך מאז הגעתי לגיל בו מסוגלת הייתי למיין סיפורים ולתייקם במקומם הנאות בחדרי לבי, ידעתי שנועד לעיירה בלז מקום של כבוד ויקר בנפשי.

אין לי צורך לחטט במוחי כדי לדלות זכרונות. הם צפים ועולים מאליהם. בית אמא ואבא שופע סיפורים על אנשי עיירה זו שבעיני הם דמויות טרגיות וקומיות כאחד. ובהאזיני לסיפוריהם קמה לנגד עיני עיירה דמיונית, רבגונית כבסיפורי שלום-עליכם.

אחרי השואה, עם תקומת מדינת ישראל, באו לארץ פליטי חרב, ובפיהם סיפורי אימים. רק קומץ זעיר נותר בחיים מתושביה היהודיים של העיירה שנחרבה בידי המפלצת הנאצית. אך קולם העגום והלאה עדיין מצלצל באוזני ועודני רואה את עיניהם הבוהות. משמימים ישבו ותמהו: על מה ולמה שפר גורלם מהאחרים ודווקא הם נותרו בחיים ?,



כינוס יוצאי בלז בתל־אביב בראשית שנות החמישים
צוזאמענטרעף פון בעלזער אין תל־אביב אין די פריע 50־ער יאָרן

ולא ידעו אודים מוצלים אלה שהוטל עליהם ייעוד: לספר לעולם מה שעבר עליהם ולהציל מהשכחה את זכר עיר מולדתם.

עם חלוף השנים השתדל כל אחד להדחיק בקרבו את זכרונות הזוועה ולנסות לבנות חיים חדשים על הריסות העבר. רק במסתרים מנקר בהתמדה עיקשת הכאב הצורב על מה שהיה ואיננו עוד.

והנה, לפתע, נתעוררה בכל עוזה התודעה שיש להעלות זכרונות, שיש להנציח את זכרם של אלה שלא זכו לשבת עמנו. יקרא נא הדור הצעיר זכרונות אבותיו ואולי יחוש באמצעותם את גודל הזוועה שבאה על עמנו, שהיתה לדראון עולם לכל העמים שראו והחרישו בהיכרת עם בידי זדים.

עולת-ימים אני, וידעתי שאין דומה שמיעה וקריאה לכאב צורב בבשר החי. בכל זאת למדתי שלכאב צורב זה שותפת גם אני וכל אלה שיבואו אחרי. שכן אין להפריד בין השואה לבין עם ישראל בכל מקום שהוא. השואה זה אני, זה אתה, זה הוא. כולנו!!! זה כאב שלא ימוג לעולם.

ואם קם קומץ אנשים, אנשי בלז, שלא חסכו מאמץ וזמן ודלו ואספו שברי זכרונות, תבוא עליהם הברכה. וישמשו שורות אלה עדות שלא לשוא עמלו, כי תודות לכך, אני הצעירה, שלא טעמה פרגול אימים על בשרה, חשה בנבכי נשמתי הסוערת חלק מזוהרו של עולם אבותי שהיה ואיננו עוד.

# הרב ר׳ פינחס טברסקי (ר׳ פיני׳לה)



## בית צ׳רנוביל

אחד מצעירי תלמידיו של רבי ישראל בעל שם טוב, מייסד החסידות ומחוללה, היה ר׳ נחום, מעיירה צ׳רנוביל הקטנה והבלתי ידועה, השוכנת ב„תחום המושב" היהודי בלב המישור של רוסיה הלבנה.

אחרי הסתלקות הבעש״ט היה ר׳ נחום לאחד מגדולי תלמידיו של המגיד ממזריטש, רבי דובר. ענוו היה האיש, מלומד ביסורים ובסבל ונשא את כאבו בדומיה.

כשנסתלק רבי דובר ממזריטש, הגיעה שעתם של תלמידיו להמשיך במסורת רבם ולהפיץ את תורת החסידות. הם התפזרו למקומותיהם, מי לליטא, מי

לפולין, מי לגליציה ומי לאוקראינה. ר׳ נחום חזר לביתו שברוסיה הלבנה, לצ׳רנוביל, והוטל עליו לפעול למען החסידות במחוזו.

לא כל תלמידי המגיד ממזריטש שהפכו לאדמו״רים, קיבלו את המשימה הזאת ברצון. היו כאלה שהפירסום והכבוד היו להם לזרא והצטערו על כך, אולם הם ראו בזה צו השעה, שאין מנוס ממנו. בין אלה שלא רצו בכבוד וסרבו לשררה זו היה גם ר׳ נחום מצ׳רנוביל.

ענוותנותו לא מנעה את דבר היוודעו לרבים, ועד מהרה התגלה ר׳ נחום בכל ישותו והדרתו, ומקרוב ומרחוק נהרו אליו חסידים לאלפים. נוסדה שושלת חדשה בחסידות, שושלת צ׳רנוביל.

ר׳ מרדכי מצ׳רנוביל, בנו וממלא מקומו, היה שונה מאביו. במקום הצימצום וההסתפקות במועט, הנהיג רחבות וגינוני מלכות. בימיו הגיעה חסידות צ׳רנוביל לשיאה. קהילות שלמות ורבות מרוסיה הלבנה ומאוקראינה היו לחסידיו; רבבות דבקו בו והפכו את צ׳רנוביל לאחד ממרכזי החסידות הנודעים ביותר.

שמונה בנים היו לר׳ מרדכי, כולם גדולי ישראל, וכולם נעשו לאדמו״רים. צעיר בניו, ר׳ יוחנצ׳י, קבע מושבו ברחמיסטריבקה, העיירה היפה, הקטנה והענייה, השוכנת בפינה נידחת בגבול שבין אוקראינה ורוסיה הלבנה.

### בית רחמיסטריבקה

בצניעות ובענוותנות הקים את חצרו. תמימות, ישרות ואצילות היו לסמל לו ואיפיינו את מהותו ואת רוחו. בהתלהבות נפלאה ישב יומם ולילה על התורה ועל העבודה, ואט אט התרכזו סביבו חסידים רבים, שהלכו ורבו משנה לשנה.

מידת הכנסת אורחים, אהבת ישראל ואהבת הבריות סימלה את רחמי־סטריבקה. מעולם לא נשמעה גערה או צעקה בחצר זו, שהיתה למשל ולדוגמה למידות תרומיות. בהתמדה שקד ר׳ יוחנצ׳י הזקן להקנות למקורביו, חסידיו ואנשי ביתו מידותיו הנעלות.

זקן ושבע ימים נסתלק ר׳ יוחנצ׳י. בנו ר׳ נחום נשאר ברחמיסטריבקה כממלא מקומו, ובנו בכורו ר׳ מוטילה, התיישב בזלטיפולה, שם המשיך במסורת אביו ושם נולד לו בנו בכורו ר׳ פינחס.

בשנת תר״ם (1880), שנים מספר לפני פטירת סבו הגדול, נולד ר׳ פינחס והיה ילד שעשועיו של ר׳ יוחנצ׳י. מסבו ספג את המידות התרומיות ואת ההתלהבות העצומה לתפילה. שונה היה הילד פינחס מבני גילו וחבריו. הוא לא השתתף במשחקי ילדים ואף התרחק מסביבה של ילדים. הוא נולד גדול — אמרו עליו.

כבר בהיותו בן חמש־שש התבלט בהתמדתו. התלהבותו בעת תפילתו הדהימה את החסידים הישישים שבחצר אביו האדמו״ר. „הוא נוצר לגדולות״,

התלחשו החסידים. בהערצה גלויה התייחסו הוריו לילד המחונן, ילד שעשועים של בית רחמיסטריבקה.

וכאבותיו כן ר׳ פינחס אהב את הצניעות, את הסוד, את הרז. היה ממעט לדבר עם אנשים וסירב לדבר על עצמו. הכבוד רדף אחריו והוא ברח ממנו. התרחק מפירסומת כמטווחי קשת.

הוא אהב כל יצור, כל אדם, כל נפש מישראל. כשנשאל פעם מדוע אמרו חכמינו ז״ל „גדולה הכנסת אורחים יותר מקבלת פני השכינה״, השיב:

— כאן ברוסיה, בימי חורף הקרים אפשר להבין זאת. אדם מישראל העומד בחוץ, בקור גדול ובשלג, עלול חלילה לקפוא מקור, ולכן יש למהר ולהכניסו לחדר, אולם השכינה, לא תקפא מקור...

פעם, בימי נעוריו, טיפל באשה אלמנה מרת־נפש ומלאה רוגז על הכול. היא תבעה מגבאי חצרו של אביו כסף שלא היתה לה כל הצדקה לתבוע. סירב הגבאי לתת לה ור׳ פינחס צידד לזכותה. טען הגבאי לפני ר׳ פינחס:

— הלא היא אינה צודקת?

השיב לו ר׳ פינחס:

— כתוב בתורה: „כל אלמנה ויתום לא תענון, אם ענה תענה אותו כי אם צעוק יצעק אלי שמוע אשמע צעקתו״. ונשאלת השאלה, האם רק אלמנה ויתום אסור לענות? ואם אדם שאינו יתום יצעק אל הקב״ה האם לא ישמע תפילתו ח״ו? הלא חנון הוא?!

— אמור איפוא — המשיך ר׳ פינחס — אדם שאינו יתום ונטול משען, אם יצעק ויתפלל להקב״ה תיבחן תפילתו במידת צדקתו. אם צודק האיש בזעקתו — ישמע לו הקב״ה, ואם אינו צודק — תפילתו לא תתקבל. אולם אלמנה ויתום כי יזעקו — וישמע הקב״ה בין שהם צודקים ובין שאינם צודקים, כי חנון הוא הקב״ה... ועל כן — סיים ר׳ פינחס בפנותו אל הגבאי — שמע בקולי ותן לה את מבוקשה, כי אחרת תזעוק עליך אל הקב״ה, ומי יודע מה יהיה אז...

בשנת תרס״ב (1902) נשא לאשה את בתו של הרבי מבלז, ר׳ יששכר בר את חנה רח׳לה. בגיל עשרים עבר לבית חותנו, לסביבה חדשה ולעולם חדש.

**בית רחמיסטריבקה ובית בלז**

שונה היה בית־בלז מבית־רחמיסטריבקה. במקום השקט הנפשי והצעדים המדודים של הרחמיסטריבקאים ידעו אנשי חצר בלז תסיסה מלווה המולה של המונים. ברחמיסטריבקה גרסו מתינות ולימוד זכות על כל אדם, ובבלז ידעו ללחום באומץ, בחירוף נפש נגד כל סטיה מהמסורת של היהדות החרדית. ברחמיסטריבקה ברחו כמטחווי קשת מכל שמץ של מחלוקת או ריב, ואילו בבלז ראו תמיד את המטרה ולא נרתעו ממאבקים.

ברחמיסטריבקה שמו את הדגש על מידותיו של האדם, על טוהר נפשו,

טוהר מידותיו וטוהר בגדיו של הנספח לחסידות. שם למדו להחמיר כלפי עצמו ולהקל כלפי הזולת; חסיד רחמיסטריבקה לא היה מעולם רואה זכות לעצמו וחובה לאחרים. לעומת זאת, טיפחו בבלז את ההתלהבות ואת מסירות האדם עם כל אשר לו — לחסידות, לעבודת השם. בבלז דרשו מחסיד לשכוח עולם ומלואו, לבטל כל יש ולעבוד בהתלהבות את הבורא, בשמחה ובהתרוממות הנפש.



החתונה התקיימה בבלז, מקום שם התאספו אלפים. מסעם של האדמו״רים מרחמיסטריבקה שברוסיה לבלז בגליציה האוסטרית, הפך למסע ניצחון של החסידות. ליד כל תחנה התאספו המונים שהריעו לכבוד המחותנים, ובבוא המסע לבלז הגיעה השמחה לשיאה. חסידים מחופשים כקוזקים וחיילים, רוכבים על סוסים אבירים ובידיהם חרבות מדומות, ליוו את האדמו״רים עם היכנסם לבלז, ושיוו לבואם אופי של מסע אבירים.

הצעיר המחונן עבר מרוסיה לגליציה, מחצר רחמיסטריבקה לחצר בלז. ממסורת צ׳רנוביל של מתינות ושקט חיצוני, למסורת בית בלז התוססת. הענף רב הפאר שהועבר מגזע לגזע השתרש יפה במקומו החדש, בסביבתו החדשה והבלתי־מוכרת לו.

ר׳ פינחס ידע עד מהרה לרכוש לעצמו הערצה ויראת כבוד. אמנם מנהגי בלז היו מוזרים לו, וסערת חצר חותנו לא התאימה להליכותיו. מאידך גיסא, לא הורגלו חסידי בלז למדידת צעדים ודיבור שקט, כמעט חשאי של צ׳רנוביל. אולם לא היה בהבדלים הגדולים כדי ליצור הפרדה. מסורת בלז ודרכה לא פגעו באישיותו של ר׳ פינחס, אלא להיפך, השלימו את הדמות המופלאה הזאת.

האברך מרוסיה, חתן הרבי, הפך לתלמידו הנאמן והמסור של האדמו״ר רבי ישכר דב חותנו, ונעשה לאהובם של רבבות חסידי בלז. בקלות מצא שביל זהב בין שתי השיטות המנוגדות שמיזגן לאחת. הוא דבק בעולמו החדש, אולם אף לרגע לא שבק את העולם הישן שלו.

**שלושים שנה בבלז**

בבלז היו לר׳ פינחס האפשרויות הבלתי מוגבלות להשתלם בתורה ובחסידות ולעלות מעלה מעלה בסולם עבודת ה׳. התנאים המתאימים וסיפוק כל צרכיו, שיחרורו מכל דאגה לפרנסתו ולפרנסת ביתו, איפשרו לו להשקיע את עצמו בעבודת הקודש.

פרוש מכל תענוגי העולם, נבדל מהשאון היום־יומי, מהחולין שבחיים, מהטרדות האפורות המרובות, השקיע עצמו ר׳ פינחס בעבודת הבורא. סדר יומו היה גדוש. אף רגע לא הלך לבטלה. במשך שלושים שנות שבתו בבלז ישן

רק שעתיים ביממה ואף זה במלבושיו, שינה ארעית, חטופה. במשך שבועות שלמים לא יצא מפתח ביתו, פרט לבית־מדרשו של חותנו לשמוע תורתו.

ואכן, בשנים הראשונות ידע מנוחה לנפשו, איש לא הטרידו ולא הפריע מנוחתו. אולם במרוצת השנים הפך ר׳ פנחס לתל תלפיות לרבבות חסידי בלז. כל חסיד שהגיע לחצר נכנס גם לר׳ פיני׳לה (כך קראוהו בלשון חיבה) מי לספר על צרותיו, מי לשמוע דבר תורה, ללמוד פירוש לדברי האדמו״ר ר׳ ישכר דב, חותנו, או סתם ליהנות מזיוו.

יומם ולילה החלו החסידים להטרידו ממנוחתו, אולם ר׳ פינחס קיבל כל איש בסבר פנים יפות, בלבביות ובחמימות. איש לא הרגיש שהדבר הוא למורת רוחו. עם כל אחד דיבר כלשונו וכפי הבנתו. גדולי התורה שהגיעו לבלז שוחחו עמו בדברי תורה; חסידים שמעו מפיו תורות, שאמר חותנו האדמו״ר, כי על כן היה ידוע כבקי להפליא בדברי חותנו. אלפי שיחות חסידיות של האדמו״ר מבלז נשמרו בזכרונו בלי להחסיר אף הגה או אות.

הוא לא היפלה בין הבריות. איש נדכא מפשוטי־העם או למדן וחסיד מופלג, את כולם קיבל בבת־צחוק משיבת נפש, את כולם אהב וקירב עד מאד. „אוהב ישראל אמיתי הוא ר׳ פיני׳לה״, אמרו חסידי בלז.

ביחס לאחרים ידע להקל, לא גרס צומות וסיגופים, להיפך, הדגיש תמיד שקיימת מצווה של ונשמרתם לנפשותיכם. אולם לא כן ביחס לעצמו. כאן ידע רק חומרות. פעמיים ביום אכל ר׳ פינחס ורק ארוחות קלות ביותר, מיטתו מיטת ברזל היתה, והריהוט בחדרו פשוט ודל.

הוא הירבה לעסוק בדברים שבצדקה. פיזר לעניים מהונו. את כל אשר לו חילק לאחרים, לעצמו לא השאיר מאומה ולא הצטרך למאומה.

עשרות שנות שבתו בבלז בצל חותנו האדמו״ר איפשרו לו להגיע לשיא הדרגות בסולם התורה והחסידות, ומצעיר מצניע לכת הפך לאישיות מרכזית מוקפת הערצה.

אולם הכבוד הרב שנפל בחלקו לא השפיע עליו, הוא נשאר ענוו ושפל־רוח, מצניע לכת. את תורתו לא העלה על הכתב, ומעולם לא עלה על דעתו לחבר ספר. וכי מה לו ולחבר ספרים? על הפצרות מקורביו השיב תמיד בתימהון: „מה ערך יש לדברי תורה שלי?״.

### צל המכורה שנחרבה

שש־עשרה שנים אחרי שעזב ר׳ פינחס את רחמיסטריבקה שברוסיה ועבר לבלז שבגליציה, הקיץ הקץ על חצר רחמיסטריבקה בפרט ועל החסידות ברוסיה בכלל. הבולשביקים הגיעו לשלטון וראשית דבר הרסו עד היסוד את „חצרות״ האדמו״רים. דם יהודי רב נשפך בלי הרף על ידי הכנופיות

הלבנות, האנטי־קומוניסטיות, קהילות שלימות נחרבו בעיקר באוקראינה, מקום המיועד לפורענות. גם רחמיסטריבקה וזלאטופולי נתרוקנו מיהודים.

אביו ר׳ מוטילה סבל רבות מההיידמקים ונמלט על נפשו. חולה, שבור ורצוץ עלה לירושלים והתיישב בה. בני משפחתו התפזרו לכל עבר. חצר רחמיסטריבקה אשר במשך תשעים שנה עמדה כתל תלפיות באוקראינה, ואליה נהרו אלפים ורבבות חסידים, נחרבה. בית המדרש העתיק, שכה הירבו להתפלל בו, ללמוד תורה ימים ולילות, נהרס. הבית של הסב, ר׳ יוחנצ׳ה, שהפך במשך שנים למקום מקודש — נשרף. דרכי החסידים ברוסיה אבלו. אין יוצא ואין בא.

חורבנה של יהדות רוסיה בכלל ושל חסידות רוסיה בפרט העיק על לבו של ר׳ פינחס. הוא חקר ובדק כל ידיעה שהגיעה מגיא החורבן. השתתף בלב ובנפש בצער אחיו, כאילו לא עזב את רוסיה שש־עשרה שנה לפני זה.

אביו, האדמו״ר מרדכי, שהשתקע בירושלים נפטר כעבור שנים אחדות. ר׳ פינחס לא השתתף בהלוויתו ואף לא ראה את פניו מאז ירדה השואה על יהדות רוסיה.

## מבלז לאוסטילה

עשרים וחמש שנים אחרי בואו של ר׳ פינחס לבלז, נסתלק לעולמו חותנו ומורו, האדמו״ר ר׳ ישכר דוב.

גדול היה אבלו של ר׳ פינחס, שהתרגל לחותנו ומורו, שאהבו אהבה עזה, ושמשעת פטירת אביו נחשב בעיניו גם כאב. לא היה כמוהו איש שקלט בשלימות כזאת את משנתו של ר׳ ישכר דוב, שבהתאם למסורת בלז לא חיבר שום ספר. במוחו של ר׳ פינחס היו שמורים אלפי שיחות ודברי תורה של חותנו על תגיהם וצורות הביטוי המדוייקים שלהם.

אנשים רבים דבקו בר׳ פינוזס, לא הרפו ממנו, והוא דחפם בעדינות ובנימוס, שלחם לגיסו האדמו״ר.

אולם חלפו שנים מספר ונעשה צר המקום לר׳ פינחס בבלז, והסכים להתיישב בקהילת אוסטילה, אשר בה נתקבל לרב עוד בחיי חותנו.

באוסטילה הקטנה והמרוחקת שבוולין מצא שוב ר׳ פינחס מנוחה לנפשו. התרחק מהשאון הבלזאי, מהמרכז החסידי. בפינה שקטה זו ניתן לו שוב להתמסר כולו לתורה ולעבודה. באוסטילה התמסר ר׳ פינחס לתורת הקבלה הנסתרת. התרומם יותר ויותר לשמי הרום של קדושה והתעלות נפשית.

לאוסטילה החלו נוהרים בשבתות המוני החסידים ובעיקר חסידי בלז, אשר דבקו בר׳ פינחס מימים שעברו. התבלטו ביניהם רבנים וגדולי תורה, ראשי ציבור ואנשי מעשה. אוסטילה הקטנה והמרוחקת הפכה למרכז. מעיירות וולין הקטנות והגדולות נהרו חסידים לאוסטילה. מיום ליום ומשנה לשנה

גדל מספר חסידיו של ר׳ פינחס, אשר אלפי יהודי גליציה כינוהו בשם חדש „הרב מאוסטילה״.

## מאוסטילה לפשמישל

חמש שנים ישב ר׳ פינחס באוסטילה, עד אשר אילצוהו החסידים לעבור לפשמישל הגדולה אשר בגליציה. כאן התפתחה החצר האוסטילית בממדים גדולים. ר׳ פינחס שוב לא עשה כל נסיונות לדחות את חסידיו ומעריציו המרובים.

נאמן למסורת בית אביו, החל ר׳ פינחס לצאת למקום מגורי חסידיו מפעם בפעם. בכל מקום בואו התקבצו אלפי חסידים שקיבלו את פניו בהתלהבות וגיל. בכל מקום בואו נסך הרב מאוסטילה עידוד, ורושם ביקוריו היה עז ביותר.

פירסומו של הרב לא גרם לשום שינוי בהתנהגותו. הוא נשאר צנוע כמקודם. התרחק מכסף. כל רגע של פנאי היה קודש ללימוד ולעבודה ולהתמדתו לא היה גבול. נוהג היה להתייצב ליד השולחן בשעות הלילה המוקדמות, רגל אחת עומדת על הריצפה והשנייה נשענת על כסא, היה עומד ולומד כל הלילה, בלי להפסיק ולו לרגע. גם בערוב ימיו, שעה שנחלש והיה ידוע־חולי, לא פסק ממנהגו שהדהים את רואיו. פומיה לא פסק מגירסא.

## השואה

בעת שקלגסי הגרמנים ימ״ש כבשו את פולין בשלהי תרצ״ט, היה ר׳ פינחס בפשמישל. רבים מיהודי פשמישל מצאו את מותם בידי חיות טרף אלה בימים הראשונים לשלטונם — שלטון הדמים.

שליחי הנאצים החלו לחפש את „חשובי היהודים״, אם כדי להתעלל בהם או לשבור את רוחם של היהודים המעונים, או במטרה לסחוט מהם כספים. ר׳ פינחס נאלץ להתחפש. בחשאי עבר מפשמישל לסמבור.

כשנתיים וחצי ישב ר׳ פינחס בסמבור, בלי שהגרמנים ידעו עליו. סבל עם כל היהודים. אולם לא שינה במאומה ממנהגיו מאז ומתמיד. יומם ולילה ישב על התורה ועל העבודה. סבל רעב, ידע חולי, ופניו תמיד מאירים, מסבירים פנים לכל קשי נפש וסובל. מוכן תמיד לעזור לאחרים.

הגיעו ימי השחיטות האיומות, ור׳ פינחס המשיך בלימודיו כמאז. ששת בניו של הרב מאוסטילה התרכזו סביבו (בתו היחידה עברה לאמריקה יחד עם בעלה האדמו״ר מסקוירה). טבעת החנק הגרמנית התהדקה. מאמצי חסידיו להצילו עלו בתוהו ור׳ פינחס המשיך במסורתו להרביץ תורה וחסידות.

ביום י״ט אייר תש״ג, כשמלאו לר׳ פינחס אך ששים ושלוש שנה, ניספה בשואה, יחד עם אשתו וששת בניו.

(נכתב ע״י חבר סופרים)

משה מאוטנער
תל־אביב

# מיין זיידע ר׳ לוי דיין ז״ל

אין די 80־קער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, מיטן אויסברוך פון די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד, האָבן אַ סך רוסישע יידן „געגנבעט״ די גרענעץ און שוין געבליבן וווינען אין עסטרייך, וואָס האָט אונטער דעם קייזער פראַנץ־יאָזעפס הערשאַפט זיך באַצויגן ליבעראַל צו יידן. צווישן די גרענעץ־„שוואַרצער״ איז אויך געווען דער גאון ר׳ יחיאל, וואָס האָט זיך באַזעצט אין בראָד. ער איז געקומען מיט זיין משפחה און מיט זיין זון ר׳ לוי, וואָס איז שוין דאַן געווען פאַרהייראַט און אַ מטופל מיט קינדער. מיין טאַטע ע״ה, ר׳ נפתלי, איז אַלט געווען 7 יאָר ווען ר׳ יחיאל און זיין משפחה האָבן זיך באַזעצט אין גאַליציע.

קומענדיק קיין גאַליציע, האָט ר׳ יחיאל צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים געענדערט זיין פאַמיליע־נאָמען אויף מאַוטנער. אין דער רבנישער וועלט איז ר׳ יחיאל געווען באַרימט אַלס חריף און בקיא אין ש״ס און פוסקים און בכלל אין דער רבנישער ליטעראַטור, אויף אַזוי ווייט, אַז דער בעלזער רבי ר׳ יהושע רוקח זצ״ל, דער צווייטער פון דער בעלזער חסידישער דינאַסטיע (ער איז געווען ר׳ שלום רוקחס זון), האָט אים איינגעלאַדן אַלס דיין קיין בעלז. ר׳ יחיאלס נאָמען אַלס גרויסער למדן און שאַרפער קאָפּ איז געווען באַקאַנט ווייט אויסער די גרענעצן פון בעלז, און רבנים און דיינים פון אַזעלכע גרויסע און וויכטיקע קהילות ווי לעמבערג, בראָד, טאַרנאָפּאָל און פיל אַנדערע, פלעגן זיך צו אים ווענדן מיט שאלות און אים אויך איינלאַדן אין זייערע קהילות, ווען זיי זענען געשטאַנען פאַר האַרבע דין־תורהס.

ווען ר׳ יחיאל איז נפטר געוואָרן, האָט געירשנט זיין אַמט אַלס איינער פון די דריי בעלזער דיינים זיין זון ר׳ לוי (ווי באַקאַנט, איז דער בעלזער רבי אויך געווען מרא דאתרא, אָבער אַ חוץ אין אויסערגעוויינלעכע פאַלן פלעג ער נישט אויפנעמען קיין דין־תורהס, וועלכע ער האָט אינגאַנצן איבערגעגעבן אין די הענט פון די דיינים).

ר׳ לוי דיין (אַזוי האָט מען אים גערופן אין בעלז), אַ גרויסער בקי אין ש״ס און פוסקים, איז געווען זייער באַליבט און געאַכטעט צוליב זיין אויסער־געוויינלעך גוטן און ווייכן כאַראַקטער. ער איז געווען אַן איש תם וישר און זיין תמימות איז ממש געווען אַ שם דבר אין בעלז. אַלע יאָרן האָט ער אויס־

געפילט בשלמות זיין אמת אַלס דיין, אָבער ספּעציעל באַרימט געוואָרן איז ער אין דער גאַנצער חסידישער און סתם רעליגיעזער וועלט צוליב אַ מעשה וואָס איז פאָרגעקומען אין די ערשטע יאָרן פון דעם יאָרהונדערט, ווו ער האָט אַרויסגעוויזן אומבאַגרענעצטע געטריישאַפט דעם בעלזער רבין און קרבנות־גרייטקייט.

ומעשה שהיה כך היה: אין בעלז האָט געלעבט אַ ייד, וואָס צוליב פאַר־שטענדלעכע טעמים וועלן מיר אים רופן פ., וואָס האָט צוגעשטעלט דאָס גאַנצע מילכיקס פאַר דער ידישער באַפעלקערונג, מילך, פּוטער, קעז, סמעטענע, זויער־מילך אדג״ל. די פּראָדוקטן פלעג ער אָפּקויפן ביי די פּריצים און גוט־באַזיצער פון די אַרומיקע דערפער. האַנדלענדיק אין משך פון אַ סך יאָרן מיט מילך־פּראָדוקטן, האָט ער באַטראַכט דעם מסחר אַלס זיינעם אַ מאָנאָפּאָל. ביז אין אַ געוויסן טאָג איז אויפגעשטאַנען אַ קאָנקורענט. עס האָט זיך געפונען אַ ייד וואָס האָט געמאַכט אַ הסכם מיט אַ געוויסער צאָל גוטבאַזיצער זיי זאָלן אים פאַרקויפן די מילך־פּראָדוקטן. אויף אַ וועגעלע פלעג ער זיי צופירן צו זיינע קונים. פ. האָט נישט געוואָלט שלום מאַכן מיטן פאַקט, אַז אין בעלז, ווו ער האָט כביכול, געהאַט דעם מאָנאָפּאָל אויפן מילכיקס, זאָל אויף אים אויפ־שטיין אַ קאָנקורענט, איז ער אַוועק צו די פּריצים מיט וועלכע יענער ייד האָט געהאַנדלט און פאַר אַ גרעסערן פּרייז, וואָס ער האָט זיי פאָרגעשלאָגן האָט ער געבראָכן דעם ייד פון פּרנסה.

דער ייד איז אַוועק צום רב (דעמאָלט איז שוין געזעסן אויפן כסא הרבנות ר׳ ישכר דוב, ר׳ יהושע׳לעס זון), האָט זיך פאַר אים באַקלאָגט, הלמאי פ., וואָס איז אַ ייד אַ גביר, ברעכט אים פון פּרנסה. ער האָט געפאָדערט אַ דין־תורה.

ר׳ ישכר דוב האָט געשיקט רופן דעם רייכן מילכיקער, כדי אים צו דער־קלערן, אַז ער האָט נישט קיין חזקה אויפן גאַנצן מילכיקס, וואָס ס׳פאַרברויכט די בעלזער באַפעלקערונג, און אַז ס׳וועט אים גאָרנישט געשען, אַז נאָך אַ ייד וועט האָבן פּרנסה. פ. האָט זיך אויפגעפירט חוצפּהדיק און זיך אָפּגעזאָגט צו קומען צום רב. אַזאַ זאַך איז ביז דאַן אין בעלז נישט געהערט געוואָרן. דער רב האָט אים געשיקט זאָגן דורך זיין שמש, אַז אויב ער וועט נישט קומען און נישט אויפהערן מסיג גבול זיין יענעם ייד, וועט ער קעגן אים אָננעמען שטרענגע מיטלען.

פ. האָט זיך נישט דערשראָקן פאַרן רבס וואָרנונג און האָט אים געשיקט זאָגן, אַז די ענינים צווישן אים און זיין קאָנקורענט האָבן קיין שום שייכות נישט מיטן בעלזער רב. אין געציילטע טעג אַרום, נאָכדעם וואָס דער רב האָט אים געשיקט אַ צווייטע וואָרענונג, וואָס האָט אויך נישט געהאַט קיין פּעולה, האָט

שבת דער שמש אויסגערופן אין דער גרויסער שול, אַז דער בעלזער רב איז נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער כשרות פונעם מילכיקס וואָס פ. פאַרקויפט.

דאָס איז געווען, אַז צו מאָרגנס זאָל קיין שום ייד מער נישט איבער־טרעטן דעם תקיפס מילך־געשעפט. און נישט נאָר יידן, נאָר אויך גויים האָבן אויפגעהערט נוצן זיין מילכיקס. ווי באַקאַנט האָבן די רוב גויים פון דער סביבה געהאַלטן דעם בעלזער רבין פאַר אַ הייליקן און פלעגן קומען צו אים בעטן אַ רפואה פאַר זייערע קראַנקע.

ווי עס איז געווען צו דערוואַרטן, האָט פּ. געהאַט גרויסע געלט־היזקות, אָבער אַנשטאָט אָנצונעמען דעם רבס פסק און זוכן אַ פשרה, האָט ער באַשלאָסן „אָנצולערנען״ דעם רב און אים אָנגעקלאָגט אין געריכט, אַז צוליב דעם חרם וואָס ער האָט אַרויפגעלייגט אויף זיין מילכיקס, האָט ער אים פאַראורזאַכט גרויס געלט־שאָדן. דער ריכטער האָט אָנערקענט פ.־ס טענות פאַר גערעכטע און האָט געפסקנט 3 חדשים אַרעסט דעם בעלזער רב.

ר׳ לוי, וואָס איז געווען אָנוועזנד בעתן פּראָצעס האָט זיך אויפגעשטעלט און אָפּגעגעבן פאָלגענדע דערקלערונג: „אדוני ריכטער, איך בעט אַראָפּנעמען די שולד פון בעלזער רב, ווייל נישט ער נאָר איך, אַלס דיין, האָב געאַסרט, אין איינקלאַנג מיטן יידישן דין פ.־ס מילכיקס. און אויב לויט די געזעצן פון דער מדינה איז דאָס פאַרווערט, בין איך דער שולדיקער און דער פאַראַנטוואָרט־לעכער פאַרן פסק־דין וואָס איך האָב אַרויסגעטראָגן. איך בעט דערפאַר, אַז די שטראָף וואָס דער הער ריכטער האָט אַרויסגעטראָגן, זאָל אָנגעווענדעט ווערן אויף מיין פּערזאָן״.

דער ריכטער האָט אָנגענומען ר׳ לויס טענה, און אויפן פּלאַץ האָט ער פאַר־אָרדנט אים אַרעסטירן און אַוועקפירן אין תפיסה. ר׳ לוי איז אָפּגעזעסן גאַנצע דריי חדשים אין בעלזער תפיסה. היות אָבער דער בעלזער רב האָט געהאַט גוטע פאַרבינדונגען מיט די רעגירונגס־באַהערדן, האָט ער אויסגעפּועלט, אַז ר׳ לוי זאָל זיצן אין אַ באַזונדערן צימער, אין לייכטע באַדינגונגען, און יעדן טאָג אין דער פרי און פאַרנאַכט פלעג קומען צו אים אין תפיסה אַ מנין יידן כדי ער זאָל קענען מתפלל זיין בציבור שחרית, מנחה און מעריב.

ר׳ לוי איז געווען זייער אַ גוטער מענטש און אויך אין דער הלכה איז ער געווען אַ מקל. אין פיל פאַלן פלעג זיך דער רב מיט אים אָן עצה האַלטן, בעיקר אין ענינים וואָס זענען געווען פאַרבינדן מיט געלט־היזקות פאַר יידן. איך געדענק אַן אָוונט, ווען איך בין געווען ביים זיידן, איז אַריינגעלאָפן צעיאַכמערט, פאַרסאַפּעט אַ ייד אַ קצב, ווייזט אויס אויך אַן אָרעמאַן, און געהאַלטן אין דער האַנט אַ גרויסע לעבער פון אַ בהמה. „דער רב האָט מיך געשיקט צו אייך,

ר׳ לוי״, האָט ער זיך געווענדעט צו מיין זיידן, איר זאָלט בודק זיין די לעבער און פסקענען צי די בהמה איז כשר אָדער טריף״. דאָס איז געווען אַן אויסער־געוויינלעכער פאַל, ווייל געוויינלעך פלעג מען זיך צום רב נישט ווענדן מיט קיין שאלות וועגן כשר און טריף. אויף דעם זענען געווען אין בעלז דריי דיינים. ווי זשע קומט עס וואָס דער קצב איז געגאַנגען מיט דער שאלה צום רב? ווייזט אויס אַז דער קצב האָט געהאַט אַ חשד, אַז די בהמה איז טריף, אַ זאַך, וואָס האָט געקענט פאַר אים זיין עקאָנאָמיש קאַטאַסטראָפאַל. אין גרויסן יאוש איז ער אַוועק צום רב, האָפענדיק, אַז ער וועט געפינען אַ דרך אים צו העלפן. דער רב האָט אַ שמייכל געטאָן און אים געזאָגט: ,,גיי מיט דער שאלה צו ר׳ לוי דיין״. מיין זיידע האָט גענומען די לעבער אין דער האַנט, האָט זי באַטראַכט פון אַלע זייטן, צוגעגאַנגען צו דער פּאָליצע, אַרויסגענומען אַ יורה־דעה, אַריינ־געקוקט אַ פאָר מינוט, אַראָפּגענומען נאָך אַ ספר, און צום סוף געזאָגט דעם קצב: ,,גייט אַהיים בשלום, די בהמה איז כשר״. דאָס איז געווען זיין דרך. אַבי ער האָט נאָר געפינען דעם מינדסטן רמז ביי די פוסקים, האָט ער תמיד געפסקנט לקולא צו פאַרמיידן געלט־פאַרלוסטן.

איך געדענק נישט צי האָבן אַמאָל געזען מיין זיידן ר׳ לוין זיך בייזערן אויף עמעצן. פאַרקערט, ער פלעג יעדן דן זיין לכף זכות. נאָר איין מאָל האָב איך אים געזען אין כעס און געהערט אויסמוסרן אַן אָנגעזעענע בעלזער באַלע־באָסטע. איך געדענק, אַ נאָכמיטאָג, איז אַריינגעקומען צום זיידן אַ פרוי מיט אַ הון פרעגן אַ שאלה. דער זיידע האָט די הון טריף געמאַכט. מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט אים עמעצער צוגעטראָגן, אַז די פרוי איז מיט דער זעלבער הון געגאַנגען צום אַנדערן דיין ר׳ מ. און ער האָט געפסקנט אַז זי איז כשר. די יידענע, ווייזט אויס, וועלנדיק זיין צוויי מאָל זיכער, האָט זיך נישט באַגנוגנט מיטן ערשטן דיינס פסק און איז אַוועק מיט דער הון צו מיין זיידן (אַ האַנדלונג וואָס איז אסור לויט דער הלכה). הערנדיק די דאָזיקע מעשה איז מיין זיידע אין כעס געוואָרן און געשיקט רופן יענע באַלעבאָסטע און זי שאַרף אויסגעמוסרט. איך געדענק נאָך היינט ווי ער האָט איר געזאָגט: ,,נאַרישע יידענע, דער פסק פון איין דיין איז פאַר דיר נישט גענוג, וואָס ביסטו געגאַנגען צו נאָך אַ דיין?״

זעענדיק מיין גוטהאַרציקן, תמימותדיקן זיידן אַן אויפגערעגטן, האָב איך פאַרשטאַנען ווי גרויס עס איז געווען זיין צער, וואָס ער איז נכשל געוואָרן צוליב יענער יידענעס איבערגעטריבענער פרומקייט.

דער זיידע ר׳ לוי איז נפטר געוואָרן אין טיפן עלטער, ווינטער תרפ״ז (1927), אַ פאָר חדשים נאָך דער פטירה פונעם בעלזער רבין ר׳ ישכר דב זצ״ל. מיט מיין זיידנס טויט איז פאַרשווינדן איינע פון די שענסטע און באַליבסטע בעלזער געשטאַלטן.

**מרים אליאש**
בת הרב בן־ציון ורובל
תל־אביב

# תולדות אבי ונתיב חייו

כל תלמיד חכם שאומרים דבר שמועה מפיו בעולם הזה
שפתותיו דובבות בקבר... (יבמות צ״ו)

אבי, בן ציון ורובל, נולד בשנת תרל״ב (1872) בעיירה יאשניץ שבגליציה המזרחית לאביו הרב דוד אלימלך, בנו של הרב פנחס ורובל זצ״ל. אמו של אבי היתה הרבנית יהודית, בתו של הרה״ג אברהם גאללר, ראב״ד בקריבשץ. סבי, הרב דוד אלימלך נתמנה בהיותו אברך צעיר לרב בעיירה יאשניץ, בת כמה מאות משפחות יהודיות, שרובן חיו בדוחק ובצמצום, וגם פרנסתו של הרב לא היתה משופעת בהכנסות גדולות. את ילדיו גידל וחינך מתוך עוני והם קיימו בבשרם, פשוטו כמשמעו, את מאמר חז״ל „פת במלח תאכל... ובתורה אתה עמל״. אך שבעתיים התאכזר להם הגורל במות עליהם באורח פתאומי אביהם הרב דוד אלימלך והשאיר את אשתו יהודית אלמנה צעירה עם ארבעה ילדים קטנים — שלושה בנים ובת.

בן ציון, הבן השלישי והצעיר מאחיו, היה בן שבע כשנפטר אביו. גם שני אחיו הגדולים ממנו טרם הגיעו לגיל, בו יוכלו לפרנס את המשפחה וכולם היו תלויים באמם, האלמנה הצעירה, והקיצבה הקטנה שהקהילה פסקה לה לא הספיקה לקיום מינימלי של המשפחה בת חמש הנפשות.

אבי, בן ציון, היה המוכשר ביותר בין האחים. על כן זכה שסבו מצד אמו, הרב אברהם גאללר, לקח אותו תחת חסותו ודאג לחינוכו. ר׳ אברהם גאללר נחשב בין רבני גליציה ללמדן ופוסק מובהק והיה בנו של הגאון המופלג ר׳ דוד׳ל קריבשצ׳ר — דור חמישי לגאון המפורסם ר׳ יהושע חריף בעל „מגיני שלמה״, (רבה של לבוב ובסוף ימיו ועד לפטירתו בשנת ת״ח — ראב״ד בקראקא).

הרב אברהם גאללר ניהל „ישיבה״ בעירו והיה מגיד שיעור יומי בפני קבוצת תלמידים בני 13—14, ובלכתו לשעור היה לוקח אתו את נכדו הקטן בן ציון ומושיב אותו לידו. חיש מהר התבלט הילד בכשרונותיו, בתפיסת הבזק שלו ובזכרונו המזהיר. לא יצאו חדשים אחדים והנכד העילוי השיג בידיעותיו את רמת חבריו המבוגרים ממנו ב־6—7 שנים. כעבור שנתיים כבר לא יכול היה למצוא עוד את מקומו בישיבה זו ור׳ אברהם שלח אותו לבית־מדרשו של ידידו הגאון ר׳ יצחק שמלקיש, רבה של פשמישל. שתי שנים ומחצית השנה עשה

בן ציון במחיצתו של ר׳ יצחק שמלקיש, בעל שו״ת „בית יצחק״, יצק מים על ידיו והיה סמוך על שולחנו. בבית־מדרשו שקד על תלמודו בהתמדה גדולה ורכש לו בקיאות רבה בתלמוד ופוסקים, ורבו ר׳ יצחק שמלקיש חזה לו גדולות ונצורות.

לשבתות ולמועדים היה אבי נוסע, פעם אל אמו האלמנה ביאשניץ, ופעם לסבו בקריבשץ׳, שתפס אצל הנכד את מקומו של אביו ר׳ דוד אלימלך. ואכן, ר׳ אברהם, שהדריך אותו והיתווה לו מסלול חייו בעתיד, גם יעץ לו להקצות מספר שעות בשבוע ללימוד עצמי של „מדעים כלליים״ כגון: היסטוריה, גאוגרפיה, מתימטיקה, ובעיקר קריאה וכתיבה בגרמנית, בהזכירו את שאומרים בשמו של הגאון מווילנא: „כל שיחסר לו יד אחת בחכמה יחסרו לו עשר ידות בתורה״.

כשמלאו לאבי אחת־עשרה שנה ומחצית השנה, עבר ללמוד בישיבת טארנוב. כמו בקריבשץ׳, התבלט גם כאן מיד בבקיאותו ובחריפותו וביסס לעצמו מעמד מרכזי בקרב חבריו למרות גילו הצעיר. כבר אז גיבש לו השקפה דתית־קיצונית ונטיה יתרה לקנאות חרדית וכל סטיה קלה מהדרך שסללוה הרבנים הקנאים בדורות שקדמו לו היתה פסולה בעיניו וראה בה פרצה מסוכנת בשלמות חומתה של היהדות. בהשקפת עולם זו דגל כל ימי חייו.

אופייני להשקפת עולמו היהודית המעשה שסיפר לימים לידידו יוסף פאלק: „הייתי נער עני והתקיימתי בישיבה על לחם עוני. שלוש פעמים ביום אכלתי פרוסת לחם ומעט גבינה ושתיתי תה בלבד, כי לא רציתי „לאכול ימים״. שתי שבתות בחודש הייתי נוסע, פעם לאמי ביאשניץ ופעם לסבי בקריבשץ׳. שתי שבתות אכלתי על שולחנה של משפחה מכובדת, לא עשירה, בטארנוב. לבושי היה דל, אבל הקפדתי על נקיוני. עם זאת הייתי שמח בחלקי וידעתי שהכל כדאי למען לימוד תורה. והנה באו שני „דייטשליך״ וביקשו לעקור אותי מעולמי התמים ולהעבירני על דעת קוני. תחילה נדהמתי מדבריהם המפתים וההגיוניים לכאורה, לצאת, כפי שאמרו „מן החושך אל האור״, אך מיד התעשתתי והבינותי ש„השטן מדבר מגרונם״. כבר, לפני כן, שמעתי על אברכים, תלמידי „ישיבה״ שנסעו לגרמניה ללמוד, יצאו שם לתרבות רעה ושכחו את עמם ואת אלוקיהם. לא נתפתיתי ל„יצר הרע״, השבתי ריקם את פני ה„דייטשליך״ וויתרתי על תענוגי „העולם הזה״ שבכוחם רצו למשוך אותי לרשותם״.

בגיל חמש־עשרה, בלמדו עוד בישיבת טארנוב, נתפס אבא לחסידות, אם כי הדבר היה למורת־רוחו של הסבא ר׳ אברהם גאללר, שהיה מתנגד בן מתנגדים. אבל גברה עליו השפעת חבריו המבוגרים, בניהם של חסידי סאדיגורה־רוז׳ין, ואף הוא נכנס לעולמה של חסידות זו. עם זאת יש לציין שמעולם לא נסע לרבי, אם משום שסאדיגורה היתה רחוקה מטארנוב, ולאבי חסר כסף להוצאות נסיעה, אם משום שראה בכך ביטול זמן, שכן, לדעתו, תלמוד תורה עדיף אפילו מנסיעה לצדיק.

**אבא נושא לאשה בת בלז**

פרק חדש נפתח בחיי אבא בהגיעו לגיל שבע־עשרה, ששינה כליל את מצבו הכלכלי אבל לא את עולמו הרוחני. כעשר שנים לפני כן ביקר סבו, ר׳ אברהם גאללר בבלז, והנה, עכשיו, כשהתחילו לדבר נכבדות בבחור בן ציון, נזכר שעשירי בלז חיפשו לבנותיהם חתנים בני ישיבות. בדעתו שחרף למדנותו וחריפותו לא יוכל לזכות נכדו ברבנות בעיר גדולה, המפרנסת בכבוד את בעליה, גמר בלבו, שבן ציון ישתדך לבת עשירים והותנו יבטיח את פרנסתו למספר שנים, ובינתיים יוכל ללמוד ולהשתלם עד ששמו ילך לפניו. מבין השידוכים הרבים שהציעו לבן ציון בחר ר׳ אברהם בנערה בת 15, יוכבד, בתם של רחל ויוסף טויבה מתושבי בלז. יוכבד (אמי) אף היא התיתמה מאביה בהיותה בת שלוש. ר׳ יוסף נפטר ממחלת הטיפוס בהיותו בן 31 והשאיר אלמנה עם שלושה בנים ובת. אבל שלא כסבי מצד אבי, שהשאיר את אשתו יהודית בעירום ובחוסר כל, השאיר סבי מצד אמי ירושה גדולה — שתי אחוזות, בית חרושת לי״ש, נכסי דלא ניידי אחרים וגם כסף רב במזומנים. סבתי רחל, שהיתה אשת־חיל רבת תושיה, התמצאה היטב בניהול העסקים ושמרה על הרכוש שהשאיר לה בעלה. שש שנים ישבה באלמנותה עד שנישאה שנית לר׳ מרדכי פלץ מלבוב (קראו לו ר׳ מרדכי למברגר), אחד מראשי חסידי בלז, עוד מימי הרבי יהושע רוקח זצ״ל. ר׳ מרדכי היה טוב־לב וחיש מהר מצא מסילות אל לב ילדיו החורגים ורכש את אמונם. בעיקר היתה גדולה השפעתו על יוכבד הקטנה. ממנו רכשה אמי את סגולותיה והליכותיה הצנועות כראוי לבת ישראל כשרה ונועדה להיות בת זוג לחתן בן־טובים, מופלג בתורה. בנערה זו, שהיתה אז בת 15, בחר ר׳ אברהם גאללר כרעיה לנכדו בן ציון בן ה־17, שכבר הוסמך להוראה ע״י הגאון ר׳ ליבלה ברוידה, רבה של לבוב.

החתונה נערכה בבלז, והתקיימה ברוב פאר והדר. דאגות פרנסה לא הטרידו את הזוג הצעיר. שכן סבתא רחל הבטיחה לחתנה חמש שנים „קסט״, ושעתו היתה פנויה להמשיך ללמוד בהתמדה. בהתחלה הרגיש אבי את עצמו בודד ואומלל בסביבה הבלזאית שהיתה שונה מאד מחסידות רוז׳ין־סאדיגורה, בעלת „גינוני המלכות״, ולא בנקל השתלב באווירה של חסידי בלז.

ואילו הרבי ישכר־בר זצ״ל, שתהה על קנקנו והעריכו מאוד, החליט למשוך אותו לחברותא, ומקורבי הרבי באו אליו בהצעה קוסמת להעלות על הכתב את חידושי התורה של ר׳ ישכר־בר. הדבר נתקבל על דעת אבי והחל רושם את החידושים של הרבי, אם כי „החצר״ מעולם לא נתנה דעתה להוציא לאור את כתבי־היד האלו וכל הכתבים האחרים שהיו בידי הרבי. ואילו אבא שמר על ההעתקים כמו על תשמישי־קדושה, ולאחר מותו נשאר כל האוצר היקר הזה אצל אחי בקראקא.

## סרב לשמש ברבנות בעיירה קטנה

חייו התנהלו על מי מנוחות. דאגות פרנסה לא הטרידו אותו. רעיתו הצעירה, יוכבד, היתה אשת־חיל, פקחית וחרוצה מאוד ונטלה חלק פעיל בניהול עסקי המשפחה. והעסקים היו מסועפים ומגוונים. יערות, אחוזות ואח״כ גם בנק. אמי התנגדה שבעלה יהיה רב בעיירה קטנה ויהיה תלוי בפרנסתו בחסדי בעלי־בתים נדיבים. ואם כי עיקר מעיניו של אבא היו בש״ס ופוסקים, הרי היה בקיא גם בחשבון ובגרמנית ואף למד הנהלת חשבונות. אמי הציעה לו לנצל את ידיעותיו אלה לתועלת העסקים. ואכן, כאשר המשפחה יסדה בנק בשותפות עם עוד שני יהודים בלזאים, הפריש אבא שעתיים ביום מזמנו לניהול הבנק, בעוד יתר שעותיו הקדיש בעיקר ללימוד תורה ומקצתן לצרכי ציבור, כגון איסוף „מעות חטין״ לפני חג הפסח או במעשי צדקה אחרים. למותר לציין שהוא עצמו הפריש „מעשר״ מרכושו לצרכים אלה. גם עמד בקשר עם גאוני גליציה והחליף „שאלות ותשובות״ עמם, ביניהם הגאון ויידנפלד מצ׳ביין, הגאון אב״ד מטארנופול ועם בן דודי בנימין גאללר ואחרים.

אלא ש„אין כוס עדנים בלי טיפת רעל״, ואסונות החלו לפקוד את המשפחה. תחילה נפטר ר׳ מרדכי למברגר, אביה החורג של אמי, אח״כ פקד המוות את ביתם של הזוג הצעיר עצמו יוכבד ובן ציון. ארבעת ילדיהם הראשונים מתו, זה אחר זה, בפרקי זמן קצרים. אבא הצדיק עליו את הדין בהפטירו שזו „גזרה מן השמים ואין להרהר אחרי מידותיו של הקב״ה״... הורי התנחמו שכשנולדו להם ששה ילדים נוספים: ארבע בנות — פיסל, שרה, רעיה ואני, — ושני בנים — אברהם ופינחס. פסיל דומה היתה לאבי בהשקפותיה ובאמונתה התמימה, גם אברהם הלך בדרכי אבא, ואילו פינחס היה עילוי ובגיל 12—13 כבר ידע בעל־פה אלף דף גמרא ואף חיבר ספר על „קדושת הכוהנים״. כולנו ראינו בו את פאר המשפחה ואבא התגאה מאוד בבנו הגאון שעתיד לעלות ככוכב זוהר בשמי הלמדנות הגאליצאית.

## מלחמת העולם הראשונה ותלאותיה

פרצה מלחמת העולם הראשונה. גייסות הצאר הרוסי כבשו חלקים גדולים של גליציה והקוזאקים שדדו ובזזו בעיקר רכוש יהודי, שרפו בתים ואף על הנפש לא חמלו. רבבות יהודים מערי גליציה ועיירותיה נמלטו להונגריה ולבוהמיה, שאז עוד השתייכו לקיסרות ההאבסבורגית. גם יהודי בלז היו בין הבורחים ובתוכם משפחתנו, שהשתקעה בפראג עד יעבור זעם.

בראשית שנת 1916, גרשו האוסטרים את הפולשים הרוסים וכבשו מחדש מרבית שטחה של גליציה. אז החליטה אמא שהגיעה השעה לשוב לבלז, בה היה כל רכושנו. החזרה לבלז היתה בשבילנו טראגית מאוד. בגליציה ההרוסה השתוללו

מחלות שונות, ביניהן מחלת הטיפוס, בה נדבקה אמא ונפטרה בה' באדר אותה שנה. רבים באו ללוותה בדרכה האחרונה, ואבא הספיד אותה בדמעות שליש ואמר שנותן לה את כל שכרו המיועד לו בעולם הבא משקידה בתורה ובקיום מצוות, וסבתא רחל התפרקה מעדיה, ומיום מות אמי התנזרה מכל שמחה ועונג, עד לפטירתה בשנת 1926.

חזרנו לפראג ונשארנו שם עד לקיץ 1919.

משֶשבנו לבלז לא מצאנו דבר מרכושנו הרב שמלפני המלחמה. הבית ובנין הבנק היו שרופים, האחוזות הופקעו ע"י השלטון הפולני החדש וגם עסק היערות הופסק. הרכוש כולו ירד לטמיון. התפרנסנו ממכירת תכשיטים וחפצי־ערך אחרים שהצלחנו להחביאם מעין החמסנים והשודדים.

## סדר יומו של אבא

אבא סירב להתחתן שנית וטעמו ונימוקו עמו. הוא חידש את אורח חייו הקפדני והקנאי. היה משכים ב־4 בבוקר, אומר בעמידה פרקים מספר „שערי ציון", הולך לטבול במקוה, חוזר ושותה כוס חלב והולך לתפילת שחרית בבית־המדרש של הרבי. שם היה שוהה עד שעה 2 אחה"צ, חוזר הביתה, סועד ארוחת צהריים ונח כחצי שעה, שב לבית המדרש, ובין מנחה למעריב היה אומר שיעור גמרא לפרחי חסידים. אחר תפילת ערבית חזר הביתה, סעד ארוחת־ערב והתיישב ללמוד עד חצות, וכדי שלא תחטפהו השינה היה לומד את השעות האחרונות בעמידה. נתבקש להיות פעיל באירגון רבנות, אבל ראה בעיסוק זה ביטול זמן. עם זאת הסכים להתמנות כדיין בבלז מתוך מסירותו לרבי. על אף קנאותו, הקפיד שדיבורו יהיה בנחת. היה תמיד נקי ללא רבב.

בשנת 1924 הוצע לו לעבור לקראקא כדי לעמוד בראש ישיבה — הצעה שקיבל בחפץ לב. לחסידי בלז היה מעמד רב־השפעה בקראקא ובלילות שבת היו באים לשולחנו לשמוע תורה מפיו. אבא לא היה מרוצה מכך, מתוך חשש שהחסידים יראו בו „רבי". אחרי כשלוש שנות ישיבה בקראקא חזר לבלז.

## פורענות על גבי פורענות

מאז שובו לבלז מפראג ועד ליום פטירתו התרחשו על אבי אסונות כבדים. בשנת 1921 מתה הבת הבכירה פסיל. כמוהו היתה מחוננת בשכל חריף ועם זאת צדקנית ויראת־שמים. לפני מותה אמרה וידוי וביקשה מחילת עוונות, והוסיפה: „אני רוצה לעלות השמימה טהורה וזכה כראוי לבתו של בן ציון..."

עוד לא התאושש ממותה של פסיל והונחתה עליו מהלומה כבדה חדשה. תשעה חדשים לאחר מות הבת, נלקח ממנו בנו היקר והמחונן פינחס, והוא רק בן

ארבע־עשרה וחצי. בפינחס ראה אבא התגלמות דמותו וממשיך דרכו. הרופא אמר שפינחס נשרף מרוב להט אינטלקטואלי. הוא נפטר בליל שבת אחר הדלקת הנר. אבא לא רצה להשבית את קדושת היום ואמר: ,,שבת היום ואסור לבכות ולקונן". אותנו, הבנות, שלח לגיסו והוא עצמו נשאר בבית, הסב לשולחן ושר זמירות כאילו לא אירע דבר. רק למחרת, בצאת השבת, לבש בגדי אבל, נכנס לבית גיסו והתמוטט מרוב יגון וצער. זה היה בחודש אלול תרפ"א.

אחינו אברהם התגורר בקראקא. היו לו חמישה ילדים והתפרנס בצימצום ממסחר. היה קנאי כאבא והתנגד בחריפות לציונות. נספה יחד עם משפחתו בשואה. הי"ד.

מרורים השבענו את אבא, שרה, רעיה ואני. שלושתנו נתפסנו לרעיון הציוני, למדנו תנ"ך ועברית מפי חובשי בית־המדרש שהצטרפו לתנועה הציונית. אבא ייסר אותנו, אך החרשנו כדי לא לצער אותו יתר על המידה, אך לא זזנו מדעותינו. רעיה, האמצעית שבאחיות, עלתה לארץ־ישראל ואבא סירב להעניק לה ברכת פרידה. שרה הבכירה, עמדה להתחתן, ואם כי הבחור היה דתי ושומר מצוות, אך ציוני, מיסודו של הפועל המזרחי, נחשב אף הוא בעיניו כסוטה מדרך היהדות המקורית. לבסוף נתן הסכמתו לשידוך והיא התחתנה בשנת תרפ"ה אחרי חג השבועות. אבא היה מתנגד חריף ל,,אגודה" ובחינוך ,,בית יעקב" ראה ראשית הרפורמה ביהדות. ,,כל כבודה בת מלך פנימה" ואינה זקוקה לשום השכלה חיצונית מודרנית. עם זאת, לאחר שידולים רבים, הסכים לשלחני לסמינר ,,בנות יעקב" בקראקא, כדי להציל אותי מיציאה ל,,תרבות רעה".

זמן מה אחרי חתונתה של שרה חלה אבא במחלה אנושה שממנה לא החלים עוד. בעת מחלתו אמר לי: ,,מרים, אם את רוצה שאבריא וארקוד ריקוד של מצווה בחתונתך, הבטיחי לי שתחזרי בתשובה". המחלה גברה. העבירו אותו לבית־חולים בקראקא. הוא ידע שקצו מתקרב, על כן הכין צוואה וקיפל אותה בין דפי אחד הספרים שהיו תמיד ליד מיטתו. בצוואה ביקש שלא נלך אחר מיטתו ושאת קברו יכרו לצד קבריהם של יהודים עניים וישרים ולא בחלקת העשירים. כמו"כ ציווה שעל מצבתו לא יכתבו תוארים וציוני מעלות, אלא פשוט: פה נטמן המופלג בן ציון ב"ר דוד אלימלך, נולד בשנה פלונית ויום פטירתו. הוא הוציא את נשמתו בטהרה בי' בחשוון תרפ"ט (1928), והוא רק בן 56.

אבא היה גדול בחייו וגם במותו. ברחובות שעבר מסע ההלוויה נסגרו כל חנויות היהודים ולמעלה מעשרת אלפים איש, יהודי קראקא ומערים אחרות, הלכו אחר מיטתו. ארונו הוטמן בחלקת הקברים של רבנים וגאונים, כראוי לאיש שהיה דור שמיני לבעל ,,מגיני שלמה". בהיוודע דבר פטירתו בבלז הספידו האדמו"ר ר' אהרן רוקח, שאבא רגיל היה ללמוד ,,זוהר" בחברותא עמו. בהספדו אמר האדמו"ר מבלז: ,,נפטר הרבי שלי".

יהיו שפתותיו של אבא דובבות בקבר.

קלאַנגען, אַז גויים פון אַרומיקע דערפער גרייטן זיך צו באַפאַלן בעלז און ראַבעווען ייִדישע הייזער. עס האָט זיך אין שטעטל אָרגאַניזירט אַ מין זעלבשוץ. יונגע ייִדישע מענער פלעגן אין די נעכט אַרומגיין אין די גאַסן „באַוואָפנט״ מיט שטעקנס, און באַוואַכן דאָס שטעטל. מיין פעטער דוד דיאַמאַנט איז געווען אַ שטאַרקער מענטש, אין די דרייסיקער יאָרן, אַן אויסגעדינטער זעלנער פון דער פוילישער אַרמיי, און זייענדיק ביי אונדז איז ער געווען פון די אַקטיוו־סטע אין דער זעלבשוץ.

וועגן ביטערן גורל פון דוד דיאַמאַנט, זיין פרוי און קינדער, ביים סוף פון דער מלחמה, וועל איך דערציילן שפּעטער.

**די רוסן קומען! די רוסן קומען!**

דערווייל האָבן די דייטשן אַלץ מער זיך דערנענטערט קיין בעלז.

אַ געוויסן טאָג איז אין אונדזער שטעטל אַריין אַ פּאַטראָל פון דייטשע זעלנער. זיי האָבן אַנטוואָפנט די בעלזער פּאָליציאַנטן און אַנגעזאָגט אַ בשורה: מאָרגן טרעטן מיר אַריין אַהער! די ייִדישע באַפעלקערונג פונעם שטעטל האָט דער־וואַרט די דייטשן גאַנץ רויק; ביי דער אוקראַינישער באַפעלקערונג איז געווען אַ שמחה. מען האָט דערציילט, אַז עס האָט זיך אָרגאַניזירט אַ דעלעגאַציע פון דער אוקראַינישער אינטעליגענץ אין בעלז, וועלכע האָט געזאָלט אויפנעמען מיט בלומען די אַריינטרעטנדיקע היטלעריסטישע חיילות.

„מאָרגן קומען מיר!״ — האָבן, ווי געזאָגט, מבשר געווען די זעלנער פון דייטשן פּאַטראָל. צו מאָרגנס אין דער פרי האָט זיך טאַקע געהערט אַ גערויש פון מיליטערישע אויטאָס, האַרמאַטן און זעלנער־פוסגייער. אָבער נישט דייטשן זענען דאָס געווען. דאָס זענען די רוסן געקומען.

עס זענען געווען צווישן די אַריינמאַרשירנדיקע סאָוויעטישע זעלנער אָפיצירן־ייִדן. און באַלד, און במשך אַ גאַנצן טאָג, האָבן אַרום זיי זיך געשאַפן רעדלעך בעלזער. די בעלזער האָבן געשיט מיט פראַגן, און די סאָוויעטישע אָפיצירן האָבן געוואוסט צו דערציילן, אַז ביי זיי איז גוט, ייִדן זענען פריי און גלייכבאַרעכטיקט, מען איז טאַקע פאַרפליכטעט צו אַרבעטן, אָבער פון אַרבעט קאָן מען לעבן, און אַלץ איז פאַראַן. מען האָט יאָ געגלויבט אָדער נישט געגלויבט, אָבער געווען גליקלעך: געראַטעוועט זיך פון היטלערן, ימח שמו!

די רוסן האָבן געשאַפן אַ נייע מאַכט — אַ „רעווקאָם״ (רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט) און אַ מיליץ. זיי האָבן רעקווירירט געלט ביים רב און ביי די קריסט־לעכע גייסטלעכע, צעהאַנגען רויטע פענער.

אַ וואָך לערך נאָכן אַריינקומען פון די רוסן, האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז לויטן סאָוויעטיש־דייטשן אָפּמאַך וועט די גרענעץ זיין אויפן בוג, ד״ה מזרח־דיקער פון בעלז, און אונדזער שטעטל וועט אַזוי אַרום אָפּגעגעבן ווערן היטלערן. אַ מרה־שחורה איז באַפאַלן די ייִדן. מען איז געלאָפן אויפקלערן דעם אמת.

פון אונדז, געדענק איך, איז געגאַנגען מיין פעטער הענעך. ער איז צוריק־געקומען אַ באַרוזיקטער. ער איז געווען, מיט אַ דעלעגאַציע, דוכט זיך, ביים סאָוויעטישן קאָמענדאַנט, און יענער האָט דערקלערט: דאָרט ווו אַ הונדערט־און־אַכציק־מיליאָניק־פאָלק שטעלט אריין אַ פוס, נעמט ער אים נישט אַרויס!...

אַ טאָג שפּעטער האָט מען פון דער מאַגיסטראַט־געבידע אַראָפּגעצויגן די רויטע פאָן. דאָס הונדערט־און־אַכציק־מיליאָניקע־פאָלק האָט אָנגעהויבן פאַר־לאָזן בעלז. די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג מיטן רבס הויז בראש האָט אויך אָנגעהויבן גרייטן זיך אין וועג אריין. קיין שום הילף פון די רוסן אין דער עוואַקואַציע האָבן מיר נישט באַקומען. די הילף, וואָס מען האָט פון די סאָוויעטן יאָ באַקומען, איז געווען אַ סוחרישע: זיי זענען געווען גרייט אַרויסצופירן פון בעלז סחורה, וואָס האָט געהערט צו יידן, אויב מען וועט זיי אָוועקגעבן אַ העלפט. מיין טאַטע האָט געמאַכט מיט די סאָוויעטן אַזאַ געשעפט. מיט אַ סאָוויעטישן לאַסטאויטאָ זענען אַרויסגעפירט געוואָרן קיין סאָקאַל קוילן און קאָקס, מיט וועלכע מיין טאַטע האָט געהאַנדלט; אַ העלפט האָבן די רוסן זיך צוגענומען, די צווייטע העלפט האָבן זיי אונדז אין סאָקאַל אָפּגעגעבן

אין בעלז זענען געבליבן געציילטע יידן. צווישן זיי — מיין זיידע פישל. ער איז דאַן אַלט געווען העכער 70 יאָר. ער האָט געטענהט: „דאָס גאַנצע לעבן בין איך געווען דאָ און דאָ וועל איך בלייבן. אויב די דייטשן וועלן מיך הרגענען, וועל איך שטאַרבן אין דער היים"... ווי איך וועל ווייטער דערציילן — איז ער געשטאָרבן זייער, זייער ווייט פון דער היים.

## מען פאַרבעט אונדז אַלס אורחים

דער ערשטער טאָג אין סאָקאַל געדענקט זיך מיר לאו דווקא אַלס אַ טרויע־ריקער. פאַרקערט, מען איז געווען צופרידן מיטן געפינען אַ דאַך איבערן קאָפּ. אָבער אין אָוונט האָט מיין טאַטע געוויינט. ער איז געגאַנגען מיט מיר דאַווענען. אַן עטלעכע הונדערט יאָר אַלטע אינעטערסאַנטע שול איז געווען אין סאָקאַל, און יענעם אָוונט, ערב שמחת־תורה, איז זי געווען פול געפּאַקט מיט אָרטיקע יידן און יידן־פליטים — פון בעלז און אַנדערע שטעטלעך. ווי געוויינלעך אין אַן עת־צרה האָט מען געשמאַק און מיט געפיל געדאַוונט. נאָכן דאַווענען, ווען מיין טאַטע, האַלטנדיק מיך ביי דער האַנט, האָט זיך דערנענטערט צו דער אַרויסגאַנג־טיר, איז צו אונדז צו אַ סאָקאַלער ייד און זיך געבעטן: „קומט מיטן יינגעלע צו מיר, איר וועט זיין מיינע אורחים"... כאָטש אַ סך סאָקאַלער יידן האָבן יענעם אָוונט אין שול פאַרבעטן פליטים אַלס אורחים, אָבער פאַר מיין טאַטן איז דאָס געווען אַזוי אומגעריכט, אַז **אים** פאַרבעט מען אַלס אורח, אַז ער איז אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. ערשט דאַן איז דערגאַנגען צו זיין באַוווסטזיין, אַז ער איז געוואָרן אַ פליט.

עטלעכע טעג האָט נאָך געדויערט דאָס קומען פון פליטים קיין סאָקאַל.

פון זיי האָט מען זיך דערוואוסט, אַז קיין סאָוויעטישע מאַכט איז שוין אין בעלז נישטאָ, אָבער אויך די דייטשן זענען נאָך נישט אַריין. מיינע עלטערן האָבן אַלזאָ באַשלאָסן צו באַזוכן נאָך אַ מאָל בעלז. זיי האָבן געוואָלט איבערצייגן דעם זיידן, ער זאָל קועמן קיין סאָקאַל. דער טאַטע האָט אויך באַדויערט, וואָס ער האָט אין דער היים, אין בעלז, איבערגעלאָזט אַ סך ספרים. קיין בעלז זענען מיינע עלטערן געפאָרן. צוריק קיין סאָקאַל איז שוין נישט געווען מיט וואָס צו פאָרן. אין אַ רעגנדיקן קאַלטן טאָג זענען זיי געגאַנגען צופוס די העכער צוואַנציק קילאָמעטער פון בעלז קיין סאָקאַל, טראָגנדיק אויף די פלייצעס זעק מיט ספרים. עס איז זיי נישט געלונגען איבערצוצייגן דעם זיידן. אָבער עטלעכע טעג שפּעטער, אין דער לעצטער מינוט, איז דער זיידע געקומען קיין סאָקאַל. ער האָט געזאָגט, אַז ר׳האָט נישט געקאָנט אויסהאַלטן אין בעלז אויס בענקשאַפט נאָך זיין באַליבסטן אייניקל.

## אַ שטאָט אויף דער גרענעץ

סאָקאַל איז דאַן געווען אַ גרענעץ־שטאָט. ווי געזאָגט, איז די גרענעץ געווען איפן טייך בוג, וועלכער האָט געטיילט די שטאָט אויף צוויי: די באַפעלקערטע טייל אויף דער סאָוויעטישער זייט, די באַן־סטאַציע מיט איר אומגעגנט — ביי די דייטשן. עס האָט דאַן, ווי באַוואוסט, געפלאַמט די פריינדשאַפט צווישן סטאַלינען און היטלערן, און אָפט פלעגן מיר זען קאָלאָנעס אויטאָס מיט ווייץ און מעל פאָרן פון דער סאָוויעטישער זייט אויף דער דייטשער. פון דער דייטשער זייט זענען עטלעכע מאָל געקומען גרופּעס דייטשע זעלנער: דריי זעלנער מיט אַן אָפיציר. זיי זענען געקומען מיט מעסט־מכשירים, אַרומגעגאַנגען איבער דער שטאָט, באַגלייט דורך סאָוויעטישע אָפיצירן, און געמאָסטן. כלפּי די סאָוויעטן האָבן די דייטשן געוויס געהאַט אַ תירוץ פאַר דעם מעסטן, פאַקטיש איז דער ציל זיכער געווען שפּיאָנאַזש. מיר, קינדער, פלעגן די מעסטנדיקע דייטשן נאָכ־לויפן און צו זיי זיך צוקוקן. איין מאָל, געדענק איך, איז אין אונדזער גרופּע קינדער געווען אַ ייִנגל מיט פאות. איינער פון די דייטשע זעלנער האָט געמאַכט אַ „שפּאַס": אַ לאָז געגעבן זיך צו דעם ייִנגל, אַרויסגענומען אַ שער און אים אָפּגעשוירן אַ פאה. די סאָוויעטישע אָפיצירן־באַגלייטער האָבן כלל נישט רעאַגירט.

פאַר נישט־שפּיאָנען, ריכטיקער, פאַר שפּיאָנען לויט די סאָוויעטישע באַ־גריפן, איז די גרענעץ געווען שטאַרק באַוואַכט. „פּאָגראַניטשניקעס" זענען געשטאַנען אָן אויפהער אויף דער בריק פונעם בוג און פּאַטראָלן מיט הינט האָבן געשפּאַנט לענג־אויס דעם טייך. פון צייט צו צייט האָט פון דער ריכטונג פון דער גרענעץ זיך געהערט אַן איינצלנער שאָס און באַלד נאָך דעם — פון דער ריכטונג פון דער קאָמענדאַנטור אין שטאָט צוויי שאָסן. געהייסן האָט דאָס: די וואַך ביי דער גרענעץ סיגנאַליזירט, אַז זי דאַרף הילף (איין שאָס); די

קאָמענדאַנטור ענטפערט, אַז דער סיגנאַל איז אויפגענומען געוואָרן (צוויי שאָסן). עטלעכע מינוט שפּעטער פלעגט מען טאַקע זען ווי אַ גרופּע סאָוויעטישע „פּאַגראַניטשניקעס" לויפן צו דער גרענעץ. פאַרביי נאָך עטלעכע מינוט און מען פירט די „פאַרברעכער", די גרענעץ־שוואַרצער. ס'רוב זענען דאָס געווען פּויערים און פּויערטעס, צו וועמענס באַוווּסטזיין עס איז נאָך נישט דערגאַנגען, אַז דער בוג איז אַ מלוכה־גרענעץ און זיי האָבן געפּואווט קומען קיין סאָקאַל, ווי זיי זענען געווען געוואוינט צענדליקער יאָרן, עפּעס קויפן אָדער פאַרקויפן. געווען אויך פאַלן פון דערשיסן מענטשן, וועלכע האָבן געפּרואווט אַריבער די גרענעץ.

איין מאָל, אין שפּעטן האַרבסט, האָט זיך אין שטאָט געהערט, פון דער ריכטונג פון דער בריק איבערן בוג, אַ שרעקלעכער מענטשלעכער יאָמער, אַ וויינען, געשרייען, אַ וואַיען. אַלע, איך אויך, זענען געלאָפן צו דער בריק. עס איז שוין געווען טונקל, אָבער מיר האָבן געזען פון יענער זייט גרענעץ אַ מאַסע מענטשן, וועלכע דייטשן שטויסן צום טייך, צו דער בריק. מיר האָבן געזען ווי פון צייט צו צייט ווערן די אומגליקלעכע געשלאָגן פון די דייטשן מיט די קאָלבעס פון זייערע ביקסן. די געשלאָגענע לויפן צו צום טייך, גיבן זיך אַ ריס אויף צוריק און ווערן פאַרשוואונדן אינעם המון. אַזוי האָט עס געדויערט לאַנגע שעהען. און דערווייל פאָרן סאָוויעטישע אָפיצירן פון דער קאָמענדאַנטור צו דער גרענעץ און צוריק. דערוואוסט האָבן מיר זיך, אַז דער המון אויף יענער זייט — דאָס זענען יידן, וועלכע די דייטשן ווילן פאַרטרייבן קיין סאָקאַל. די סאָקאַלער סאָוויעטישע קאָמענדאַנטור האָט נישט געוואוסט וואָס צו באַשליסן און האָט זיך אַנגעפרעגט אין לעמבערג. שעהען האָט מען געוואַרט אויף אַן ענטפער פון לעמבערג. ענדלעך איז פון דאָרט געקומען אַ באַפעל: נישט אַריינ־לאָזן. עס זענען געוויס צווישן די געטריבענע פאַראַן שפּיאָנען!

אָבער שפּעט אין דער נאַכט זענען די געטריבענע פון דעסטוועגן אַריבער דעם טייך. לשבחם פון די סאָוויעטן זאָל געזאָגט ווערן, אַז זיי האָבן די אין יענער נאַכט קיין סאָקאַל אַנגעקומענע יידן נישט צוריקגעטריבן און אַפילו נישט אַרעסטירט. פאַרקערט: קראַנקע און פאַרפרוירענע פון צווישן זיי זענען גענומען געוואָרן אין שפּיטאָל. מיר פלעגן דערנאָך די דאָזיקע יידן טרעפן אין בית־מדרש, אויפן מאַרק, אאַז"וו. געווען צווישן זיי, געדענק איך, אַ פאָטער מיט זיין פערצן־יעריק יינגל. זיי זענען געווען פון הרוביעשאָוו. די צוויי, ווי אַלע אַנדערע אין יענער נאַכט געטריבענע יידן, זענען געווען אין סאָקאַל עטלעכע וואָכן און דערנאָך געשוואַרצט די גרענעץ... צוריק צום דייטש.

**ביעזשענצעס**

מיר האָבן אין סאָקאַל ביסלעכווייז זיך איינגעאָרדנט. אונדזער משפּחה איז אַריבער אין אַן אַנדער דירה, געדונגען ביי אַ פּאָליאַק, אַ באַקאַנטן אַנטיסעמיט, וואָס אין די אַלטע גוטע צייטן, פאַר דער מלחמה, וואָלט ער מיט אַ ייד אַפילו

נישט גערעדט. איצט האָט ער נעבעך געמוזט פאַרדינגען יידן אַ טייל פון זיין וואוינונג. אויך פרנסה איז געווען — אַ סטראַגאַן אין מאַרק. יעדנפאַלס, עסן האָבן מיר געהאַט. אונדזער גאַנצע בעלזער משפחה איז געווען אין סאָקאַל: מיינע זיידע־באָבע מיט זייער טאָכטער רישע און זון הענעך; מיין פעטער יהושע האַלצמאַן און די מומע ביילע מיט זייערע פיר קינדער; פון פריער נאָך האָט געוווינט אין סאָקאַל מיין מומע מלכה (דעם טאַטנס שוועסטער) מיט איר מאַן און קינדער. אויך אויסער זיי זענען מיר געווען צווישן אייגענע: דער גרעסטער טייל בעלזער יידן, צווישן זיי אונדזערע געוועזענע שכנים, זענען דאָן געווען אין סאָקאַל. ואחרון אחרון חביב: אין סאָקאַל האָבן דאָן געוואוינט אויך דער בעלזער רב מיט זיין גאַנצער משפחה. חסידים פלעגן קומען צום רב אפשר נאָך מער ווי קיין בעלז. דער סאָוויעטישער הערשער פון דער שטאָט, אַן אוקראַי־נער פון מזרח־אוקראַינע, מיטן נאָמען שליאַמאַ, האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט דעם „ראַווין", וואָס אַזוי פיל מענטשן פאַרערן אים. איז ער, שליאַמאַ, דעריבער איינמאָל געגאַנגען אַדורכשמועסן זיך מיטן בעלזער רב. צום שלום, אַזוי האָט מען אין שטאָט דערציילט, האָט שליאַמאַ געזאָגט: טי, ראַווין, או נאָס ראַבאָטי ניע פאָלוטשיש! (אויף פּראָסט יידיש: דו, רב, וועסט ביי אונדז קיין אַרבעט נישט באַקומען). מילא, איז דער בעלזער רב נישט געוואָרן קיין סאָוויעטישער אַנגעשטעלטער. העיקר, קיין שום אַנדערע רעפּרעסיעס קעגן אים זענען נישט אַנגענומען געוואָרן. מען האָט דערציילט, אַז דעם רבס מליץ יושר פאַר די סאָוויעטן איז דער אַרטיקער קאָמוניסטישער פירער, דער סאָקאַלער אוקראַינער שאַמבאַראַ. ער איז פאַר דער מלחמה געווען אַ פּיאַקער־פירער און האָט עטלעכע מאָל געפירט דעם בעלזער רב פון דער סאָקאַלער באַן־סטאַציע. מען פלעגט אים דאָן באַלוינען מיט אַ ברייטער האַנט און איצט האָט שאַמבאַראַ דעם דאָזיקן חסד געדענקט.

איך האָב אין סאָקאַל געלערנט. יידישע לימודים האָט מיט מיר געלערנט אַן עלטערער ייד, אַן איינזאַמער פּליט, וואָס לײדער געדענק איך נישט זיין נאָמען; אַלגעמיינע לימודים האָב איך געלערנט אין אַן אוקראַינישער שולע.

אָבער טראָץ דעם אַלעם „גוטן" זענען מיר געווען „ביעזשענצעס". פאַר דער מאַכט זענען מיר געווען צווייטראַנגיקע, רעכטלאָזע. אויסגעדריקט האָט זיך דאָס אין דעם וואָס די אַרטיקע תושבים פלעגן יאָ באַקומען פאַרשידענע פּראָדוקטן אויף קאַרטן, די ביעזשענצעס — נישט. אויך די תושבים האָבן אָנגע־הויבן קוקן קרום אויף אונדז. אַ ביטערער וויץ איז דאָן אַרומגעגאַנגען אין סאָקאַל, ווי אין אַנדערע ערטער: מען האָט געכאַפּט (אָדער: „איך האָב געטראָפן") דריי מענטשן און צוויי ביעזשענצעס...

קלאָר אַלזאָ, אַז מען האָט געשטרעבט אַרויסבאַקומען זיך פון סאָקאַל, פון סאָוויעטן־לאַנד בכלל. גאָר שנעל האָט זיך געשאַפן אַ געלעגנהייט" דערצו.

**מען פאַרשרייבט זיך קיין אַמעריקע**
**און פאָרן פאָרט מען קיין... סיביר**

עס איז געווען אַ „קעגנזייטיקייט" צווישן אונדז און די סאָוויעטן: מיר האָבן געוואָלט פּטור ווערן פון זיי, זיי האָבן געוואָלט פּטור ווערן פון אונדז. יעדנפאַלס האָבן זיי נישט געוואָלט די ביעזשענצעס נאָענט צו דער גרענעץ. תחילה איז געפירט געוואָרן אַ פּראָפּאַגאַנדע צו פאָרן פרייוויליק טיף קיין רוסלאַנד. איינמאָל איז אַראָפּגעקומען פון רוסלאַנד קיין סאָקאָל אַ פּראָפּאַגאַנ־דיסט אַ ייד און אין דער סאָקאָלער שול, אַ שבת נאָכן דאַווענען, האָט ער געהאַלטן אַ לאַנגע דרשה וועגן דעם ווי גוט עס איז אין רוסלאַנד — ממש גאָלדענע גליקן דערוואַרטן אונדז דאָרט. די פּראָפּאַגאַנדע האָט געווירקט.

מיין טאַטע האָט שוין געהאַט פאַרשריבן זיך, און אונדז, צו פאָרן קיין דאָנבאַס. אָבער ער האָט גאַנץ שנעל חרטה באַקומען. אַנדערע זענען יאָ געפאָרן פרייוויליק. פון די בעלזער, וועלכע זענען געפאָרן קיין רוסלאַנד פריי־וויליק, די וועלכע איך געדענק, זענען געווען הערש און שמואל שטיגליץ (נאָך אַ קורצער צייט זענען זיי צוריקגעקומען קיין סאָקאָל); ישראל דינטער מיט זיין משפחה (זיי האָבן דערוואַנדערט ביז סווערדלאָווסק, הויפּשטאָט פון אוראַל, און פאַרבליבן דאָרט ביזן סוף פון דער מלחמה).

זעענדיק, אַז די פרייוויליקע עמיגראַציע קיין רוסלאַנד האָט ווייט נישט אויסגעליידיקט די גרענעץ־געביטן פון ביעזשענצעס, האָבן די סאָוויעטן אָנגע־נומען אַן אַנדערן שריט: זיי האָבן מודיע געווען, אַז די ביעזשענצעס דאַרפן אויסקלויבן איינס פון דיביידע — ווערן סאָוויעטישע בירגער, ד"ה נעמען סאָוויעטישע פּאַספּאָרטן, און אָוועקפאָרן לכל הפּחות הונדערט קילאָמעטער מזרח־דיק פון דער גרענעץ; אָדער פאַרשרייבן זיך צוריצופאָרן אויף דער דייטשער זייט. דער בעלזער רב האָט באַשלאָסן צו נעמען אַ סאָוויעטישן פּאַספּאָרט, פאַר־לאָזן סאָקאָל און באַזעצן זיך אין פּרעמישלאַן. אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן. אָבער דאָס מאָל האָבן גאָר ווייניק בעלזער דעם רב נאָכגעטאָן. די מערהייט בעלזער האָט, אמת, נישט באַשלאָסן צוריקצופאָרן צום דייטש, אָבער מען האָט אויך נישט געוואָלט ווערן סאָוויעטישע בירגער און פאָרן הונדערט קילאָמעטער פון סאָקאָל. געוואָלט האָט מען פאָרן קיין... אַמעריקע. אַזוי האָט מען טאַקע מודיע געווען ביים פאַרשרייבן זיך אין דער נקוו"ד. צווישן אַנדערע בעלזער האָט אויך מיין טאַטע דערקלערט פאַר דער נקוו"ד אַזוי צו זאָגן: רבותי, צום דייטש, ימח שמו, וויל איך נישט צוריקפאָרן; איך האָב ליב אייך, די סאָוויעטן, און וואָלט געוואָלט ווערן אייער בירגער און בלייבן ביי אייך, אלא מאי? דאָ האָב איך קיינעם נישט; דאַקעגן האָב איך קרובים אין אַמעריקע, וויל איך אַלזאָ עמיגרירן אַהין.

דער טאַטע איז אַהיים געקומען און דערציילט וואָס עס האָט געזאָגט דער

נאַטשאַלניק פון דער נקוו״ד: „כאַראַשאָ״, פּאַזשאַלויסטאַ, מירן מאַכן אַן אָפּמאַך מיט רוזוועלטן און אירט פאָרן קיין אַמעריקע״...

נישט לאַנג האָט די נאַאיווע אילוזיע געדויערט. אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז אַלע, וואָס האָבן זיך פאַרשריבן צוריקצופאָרן צום דייטש אָדער קיין אַמעריקע וועלן פאַרשיקט ווערן אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן. אַ מרה־שחורה איז אונדז באַפאַלן. מען האָט די דאָזיקע קלאַנגען געגלויבט. ווייל אין צווישן האָבן די רוסן דערוויזן, אַז וואָס שייך פאַרשיקונגען מעג מען זיך פאַרלאָזן אויף זיי. עס האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשיקונגען פון סאָקאַלער פוילישער און אוקראַיִנישער אינטעליגענץ, פון אָנהייב בלויז מענער, שפּעטער — גאַנצע משפחות.

באַלד טאַקע איז געקומען די ריי פון די ביעזשענצעס, וועלכע האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען סאָוויעטישע פּאַספּאָרטן. איין נאַכט זענען פאַרשוואונדן — אַרעסטירט און פאַרשיקט געוואָרן — די איינזאַמע פּליטים, צווישן זיי דער עלטערער ייד, וועלכער האָט מיך געלערנט יידישע לימודים. דערנאָך האָט מען זיך אַ נעם געטאָן צו די משפחות. איינעם אַ שבת גאַנץ פרי — דאָס איז געווען כמעט אַ יאָר נאָך אונדזער אַנטלויפן פון בעלז קיין סאָקאָל — האָב איך זיך אויפגעוועקט צוליבן וויינען און קרעכצן און ברעכן די פינגער פון מיינע עלטערן און צוויי שוועסטער. איך האָב געעפנט די אויגן און דערזען אַ רוס, אַ נקוו״דיסט, וועלכער איז אַרומגעגאַנגען איבער דער שטוב, און אַ פייערלעשער, וועלכער איז אַ פאַרשעמטער געשטאַנען מיט אַ ביקס ביי דער טיר. דער נקוו״דיסט האָט געיאָגט מען זאָל זיך שנעל פּאַקן („סקאָראָ, סקאָראָ! ביסטראָ, ביסטראָ!״); דער פייערלעשער איז מאָביליזירט געוואָרן אַלס וואַך (צענדליקער טויזנטער מענטשן זענען יענעם שבת פאַרשיקט געוואָרן, עס האָבן נישט גע־סטייעט קיין מיליציאָנטן און זעלנער, האָט מען גענומען צו הילף פייערלעשער).

איך האָב געפרעגט: „וואָס איז געשען?״ מיין מאַמע האָט מיר געענטפערט: „מען איז געקומען אונדז פאַרנעמען״.

עס איז אונדז דערלויבט געוואָרן צו נעמען בלויז אַ געוויסע צאָל קילאָגראַם באַגאַזש פאַר יעדן מענטש. אַ טייל זאַכן האָבן מיר דעריבער געמוזט איבער־לאָזן. צוליב דעם, און כדי קאָנען זיך געזעגענען, האָבן מיינע עלטערן אָנגעהויבן בעטן זיך ביים נקנ׳דיסט דערלויבן וועמען פון זיי גיין צו וויסן געבן מיין מומע מלכה. נאָך אַ לאַנגן בעטן זיך האָט דער נקוו׳דיסט באַוויליקט אַז דער „מאַל־טשיק״, דאָס יינגל, ד״ה איך, זאָל גיין. אָבער נישט חלילה אַליין, נאָר צוזאַמען מיטן פייערלעשער. לויטן סאָוויעטישן שטייגער האָט מיך דער פייערלעשער געפירט אַזוי: איך פאָרויס, ער עטלעכע שפּאַן הינטער מיר מיט דער לופע פון דער ביקס אָנגעצילט אין מיינע פּלייצעס. איך האָב זיך געפילט אַ וואַזשנער פאַרברעכער... ווען איך בין צוריקגעגאַנגען, האָב איך געזען פאָרן אַ פור און אויף איר זענען געזעסן מיין באָבע און זיידע, לאה און פישל האַלצמאַן. זייער

טאָכטער רישע און זון הענעך זענען נאָכגעגאַנגען. אויך זיי האָט מען יענעם פרימאָרגן פאַרנומען.

עטלעכע מינוט שפּעטער האָבן מיר, נאָכגייענדיק „אונדזער" פור, אויך געררירט אין וועג אַריין.

מיר זענען אָנגעקומען נאָענט צום נקוו"ד־אַמט, אין צענטער פון שטאָט. עס האָבן זיך דאָרט אָנגעזאַמלט הונדערטער יידן. מען האָט אונדז אַלע אַרויפ־געשטופּט אויף לאַסטאויטאָס צו פאָרן צו דער באַן־סטאַציע.

ווען מיר זענען שוין געווען אויף אַן אויטאָ, האָט מען געברענגט צו פירן יאָשען (מען האָט אים גערופן יאָשע דער בעלזער). ער איז געווען פון אַ דאָרף נאָענט פון בעלז, פון אַן אָרעמער משפחה. ער האָט געלערנט עטלעכע יאָר אין ישיבה און געהאָט סמיכות אויף רב. אים האָט מען סתם געכאַפּט אויף דער גאַס, ווען ער איז געגאַנגען פון דער מקווה. ער איז אַלזאָ געקומען צום אויטאָ אַן וועלכן עס איז באַגאַזש, נאָר אין די בגדים וואָס ער האָט געטראָגן. איך געדענק, מיין שוועסטער מירל האָט זיך ביי אים געבעטן: „אַנטלויפט!" ער האָט אָבער נישט געוואָלט אַנטלויפן. יאָשע איז מיט אונדז געווען עטלעכע יאָר אין רוסלאַנד, קודם אין סיביר, דערנאָך אין בוכאַרע. ער האָט די דאָזיקע אַלע יאָרן נישט געאַרבעט כדי נישט מחלל שבת זיין. ער האָט געליטן שרעקלעכע דחקות און הונגער, אַבי צו קאָנען זיצן און לערנען תורה.

ווי געזאָגט, די סאָקאַלער באַן־סטאַציע איז דאַן געווען אויף דער דייטשער זייט. האָט מען אונדז דעריבער געפירט צו אַן אַנדערער סטאַציע, איר נאָמען געדענק איך נישט, עטלעכע קילאָמעטער פון סאָקאַל.

מיטאָגצייט זענען מיר אַריין אין לאַסטוואַגאָנען, אָבער געררירט פונעם אָרט האָבן מיר ערשט שפּעט אין דער נאַכט.

מיר האָבן נישט געוואוסט וואו מען פירט אונדז. נאָך אין סאָקאַל, פאָרן אָפּפאָרן, האָט מען זיך געפרעגט ביי די נקוו"דיסטן וואו מען פירט אונדז, איינער, אַ נאַטשאַלניק זייערער, האָט געענטפערט: „איר האָט נישט געוואָלט פאָרן 100 קילאָמעטער, וועט איר איצט פאָרן הונדערט און צוואַנציק!" דער דאָזיקער ענטפער האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט. אומגעלומפּערט, אָבער אַ פאַקט, מען האָט געגלויבט און זיך געטרייסט: זאָל זיין 120 קילאָמעטער, אַבי נישט רוסלאַנד!...

דעם צווייטן טאָג, נאָכמיטאָג, זענען מיר אָנגעקומען קיין קאָוועל. דאָס איז נאָך געווען אין תחום פון די 120 קילאָמעטער, און די אילוזיע האָט נאָך אָנגעהאַלטן. אָבער נאָך איין טאָג פאָרן איז אַריבער, און מיר זענען אַדורך די אַלטע סאָוויעטיש־פּוילישע גרענעץ און אַריין קיין רוסלאַנד.

קרוב צוויי וואָכן זענען מיר געפאָרן — אַן עשאַלאָן פון עטלעכע צענדליק וואַגאָנען — איבער רוסלאַנד. אין אונדזער וואַגאָן זענען געווען, אין איין טייל — עטלעכע יידישע משפחות, אַלע בעלזער; אין צווייטן טייל — עטלעכע גוייִשע

משפחות. צווישן די צוויי טיילן איז געווען אַ מין פּרימיטיווער בית־כסא, פאַר־האַנגען מיט אַ ליילעך. איין מאָל אין טאָג, אויף די גרעסערע סטאַציעס, פלעגט מען אונדז ברענגען געקעכטס און ברויט.

רוסלאַנד איז גרויס, אָבער די וועלט איז קליין, און מענטשן טרעפן זיך. איין טאָג, ווען אונדזער עשאַלאָן איז געשטאַנען אויף דער סטאַציע פון סווערדלאָווסק — זייער אַ גרויסע באַן־סטאַציע, מיט פיל־הונדערטער מענטשן אין איר — האָבן מיר געטראָפן אַ בעלזערין. דאָס איז געווען רחל דינטער („רחל די וואַרזשערינס"). ווי כ'האָב שוין דערמאָנט איז איר משפחה אַוועק־געפאָרן קיין רוסלאַנד פרייוויליק, עטלעכע חדשים פריער. רחל איז פּונקט געגאַנגען צו דער אַרבעט און אָנגעטראָפן אויף וואַגאָנען מיט בעלזער. איך געדענק: זי האָט דערציילט וועגן איר אַרבעט, וועגן דער אַרבעט פון איר מאַן, וועגן לערנען פון זייערע קינדער און האָט אויסגעזען צו זיין צופרידן. אָבער צום סוף האָט זי געזאָגט: ווען מען קאָן, וואָלט איך אַלץ איבערגעלאָזט, געפאָרן מיט אייך ווער ווייסט וואוהין, אַבי צו זיין מיט אייגענע.

## אין דער סיבירער טייגע

נאָך קרוב צוויי וואָכן פאָרן מיט דער באַן, זענען מיר אָנגעקומען אין אַ קליין סיבירער שטעטל **אַסינאַ**, עטלעכע הונדערט קילאָמעטער צפון־דיקער פון נאָוואָסיבירסק. דאָ איז געווען „עק וועלט", יעדן פאַלס פון שטאַנד־פּונקט פון באַן־פאַרקער. ווייטער איז קיין באַן־ליניע נישט געווען. אָבער דאָ איז נאָך נישט געווען אונדזער מקום מנוחה. אין אָסינאַ זענען מיר אַרויף אויף אַ שיף — איר נאָמען איז געווען „קאָמסאָמאָלעץ", אַ פּאַסאַזשיר־שיף, אַ גאַנץ מענטשלעכע — און מיט איר געשווימען דריי טעג איבער די טייכן יעניסיי און טשולים. מיר זענען איצט געווען טיף אין דער סיבירער טייגע, אין „נאַרימסקי קראַי" — אַ מאָל זענען דאָרט געווען פאַרשיקט אונדזערע גוטע באַקאַנטע סטאַלין און פּילסודסקי.

פון דער שיף זענען מיר אַראָפּ אין אַ דערפל **זאַלאָמנאַיאַ**. אויך זאַלאָמנאַיאַ איז געווען בלויז אַן איבערגאַנגס־פּונקט. ביז דאַן זענען די דריי משפחות האַלצמאַן — מיר, דער זיידע און פעטער יהושע — געווען צוזאַמען. אין זאַלאָמנאַיאַ האָט מען אונדז צעשיידט. דעם זיידנס און פעטער יהושעס משפחות זענען געשיקט געוואָרן אין איין פּאָסיאָלאָק, מיר — אין אַן אַנדערן. אונדזער פּאָסיאָלאָק האָט געהייסן **פּראַכאַראָווקאַ**. דער וועג אַהין — נישט קיין געפלאַס־טערטער — האָט געפירט איבערהאַלב אַ געדיכטן וואַלד. איבער אונדזערע קעפּ איז צו די ביימער געווען צוגעטשעפּעט אַ שטעכיקער דראָט, אַן איין און איינציקער, און דאָס איז געווען די טעלעפאָן־ליניע. געפאָרן אַהין זענען מיר אין אַ לאַסטאויטאָ, וואָס זיין ברענשטאָף זענען געווען... קוביקעס האָלץ.



ילדים־פליטים בסיביר
קינדער־פליטים אין סיביר

פראָכאָראָווקע איז געווען אַ „ישוב" פון 3—4 קליינע באַראַקן, נאָך צוויי גוטע הילצערנע געביידעס, מאַסיוו געבויט פון קלעצער און 2—3 ריזיק־גרויסע געצעלטן, ווי צירק־געצעלטן. די באַראַקן זענען געווען געבויט אַזוי: דאָפּלטע ווענט פון דינע ברעטער און צווישן זיי זעגעכץ. אין די צוויי מאַסיווע הילצערנע געביידעס האָבן געוואוינט צוויי רוסישע משפחות, וואָס די מענער זייערע זענען געווען וואַלדוועכטער („לעסניטשעס"). אויסער זיי איז געווען אויפן אָרט נאָר נאָך איין רוס, דער קאָמענדאַנט אונדזערער. מען האָט דערציילט וועגן אים, אַז אין די צאַרישע צייטן איז ער געווען אַ גענעראַל. אויך האָט מען דערציילט, אַז נישט ווייט פון פראָכאָראָווקע (אין רוסלאַנד, באַזונדערס אין דער טייגע, קען „נישט ווייט" באַדייטן 500—600 קילאָמעטער) געפינט זיך אַלס אַרעסטאַנט קאַרל ראַדעק. פון די צוויי רוסישע משפחות און דעם געוועזענעם גענעראַל איז באַשטאַנען די גאַנצע באַפעלקערונג פון פראָכאָראָווקע ווען מיר זענען אַהין

געקומען. פאַר אונדז זענען דאָרט געווען אַרעסטאַנטן. היות ווי מיר זיינען גע־קומען פון צווישן די ניי־פאַרשיקטע די ערשטע, האָבן מיר פאַרכאַפּט איינעם פון די ווינציקע באַראַקן. איין, נישט באַזונדערס גרויס צימער און אַ קיך זענען געווען אין דאָזיקן באַראַק. באַזעצט האָבן זיך אין אים דריי בעלזער משפחות: מיר, דוד־מאיר און לאה רייס מיט זייער טאָכטער רחלע און זון ישראל, איטשע און טויבע קענער מיט זייער טאָכטער זלאַטע און זין ליפּע און פּינטשע.

די פאַרשיקטע, וועלכע זענען אָנגעקומען אַ טאָג־צוויי נאָך אונדז, האָט מען באַזעצט — צענדליקער משפחות אין יעדן פון די „צירק"־געצעלטן. עס איז נאָך געווען זומער און מען האָט דערוויל נישט געליטן פון קעלט. אָבער וואָס וועט זיין ווינטער? ווי אַזוי וועט מען דעמאָלט וואוינען אין די געצעלטן און אַפילו אין די באַראַקן? ווען מען האָט אַ מאָל וועגן דעם געפרעגט דעם קאָמענ־דאַנט, האָט ער געענטפערט: ס'וועט אַראָפּפאַלן אַ געדיכטער שניי, וועט ער פאַרדעקן די געצעלטן — און ס'עט זיין וואַרעם...

### פרויען אַנטלויפן פון אַ בער

די דערוואַקסענע מענער און פרויען האָט מען באַלד גענומען צו דער אַרבעט אין וואַלד.

די מענער פלעגן גיין 5—6 קילאָמעטער פון פּראַכאַראָווקע אויף אַן אָרט, נאָענט צו אַ טייך, וואו עס זענען געלעגן אָנגעזאַמלט הויפנס אָפּגעזעגטעביימער. די אַרבעט איז געווען: אַראָפּקייקלען די ביימער אין טייך אַריין. אינעם טייך זענען אַרומגעפאָרן אין שיפלעך אַרעסטאַנטן, זיי האָבן די ביימער געבונדן אין טראַטועס, וועלכע זענען דערנאָך געשוואומען אַ מהלך פון פיל הונדערטער קילאָמעטערס, צו באַן־סטאַציעס, טאַרטאַקעס אאַז"וו.

אויך די פרויענס אַרבעט, אַ לייכטערע, איז געווען אין וואַלד עטלעכע קילאָמעטער פונעם ישוב. איין מאָל, אין מיטן טאָג, זענען אַלע פרויען, צווישן זיי מיין מאַמע, געקומען צו לויפן, פאַרסאָפּעטע און דערשראָקענע, קיין פּראָ־כאַראָווקע. זיי האָבן דערציילט, אַז פּלוצלונג האָבן זיי דערזען אַ בער — ער האָט אויף זיינע צוויי גראָבע פיס אָנגעהויבן שפּאַנען אין זייער ריכטונג. די דערשראָקענע פרויען האָבן געמאַכט אַ ויברח און דעם גאַנצן לאַנגן וועג ביז פּראָכאַראָווקע זענען זיי געלאָפן מיט אַן אָלימפּישער שנעלקייט. נאָך מיטאָג זענען די צוויי רוסישע וואַלדוועכטער אַרויס מיט ביקסן צום אָרט וואו די פרויען האָבן געזען דעם בער. צוריקקומענדיק האָבן די רוסן דערציילט, אַז דעם בער האָבן זיי נישט געכאַפּט, אָבער זיי האָבן געטראָפן אויף יענעם אָרט אַ דורך אַ חיה־רעה צעפּרעסענעם פערד.

מיר יונגוואַרג — ישראליקל רייס, פּינטשע קענער, איך און אַנדערע — זענען עטלעכע מאָל געגאַנגען באַזוכן אונדזערע טאַטעס ביי זייער אַרבעט אין וואַלד. שיין און קאָלירפול איז געווען דער וועג אַהין: גרינע ביימער פון

פאַרשידענע מינים, צווישן זיי גראָזן און יאַגדעס, קוואַלן און סטאַוועס, און אין דער לופט — זינגענדיקע און צוויטשערנדיקע פייגל.

ווי מיר וואָלטן געווען אויף אַ זומער־קאָלאָניע...

## צוויי וואָכן אויף סיבירער טייכן

בלויז 4—5 וואָכן האָט געדויערט אונדזער „זומער־קאָלאָניע" אין פּראָכאָ־ראַווקע. פּלוצלונג איז געקומען אַ באַפעל: אַ טייל פון די נישט לאַנג אָנגעקומענע פאַרשיקטע — אַוועקשיקן. עטלעכע טעג האָבן מיר געלעבט אין נערוועזער שפּאַנונג. מיר האָבן געהאַט די מעגלעכקייט אויסצוקלויבן: אַוועקפאָרן אָדער בלייבן. אָבער מען האָט נישט געוואוסט וואוהין מען וועט אונדז שיקן און צי וועט דאָרט זיין בעסער צי ערגער ווי אין פּראָכאָראַווקע. ענדלעך האָבן אַלע בעלזער משפּחות באַשלאָסן יאָ אַוועקצופאָרן. ווידער האָבן מיר זיך געפּאַקט, ווידער אַרויף אויף די פּרימיטיווע לאַסטאויטאָס און אַוועק צוריק קיין זאַלאַמנאַי. דאָ האָט מען אונדז אויסגעלאָדן, נישט אין הייזער נאָר גראָד ביים ברעג פון טייך, אונטערן פרייען הימל, בעת ס'איז כמעט אָן אויפהער געפאַלן אַ רעגן. מיר האָבן דאָ ווידער געטראָפן די משפּחות פון מיין זיידן און פעטער יהושע. זיי האָבן שוין געוואַרט דאָרט עטלעכע טעג.

געוואַרט האָט מען אויף אַ שיף, וואָס האָט אונדז געזאָלט פירן ווייטער. די שיף איז ענדלעך אָנגעקומען, אָבער, ערשטנס, איז דאָס געווען נישט קיין פּאַסאַזשיר־שיף ווי דער „קאָמסאָמאָלעץ", מיט וועלכער מיר זענען אַהער געקומען, נאָר אַ לאַסטשיף, און צווייטנס, איז זי געווען שוין פול — קיין שפּילקע נישט אַריינצושטעקן. זי האָט געפירט טויזנטער מענטשן פון פּאָסיאָלקעס אין דעם מער צפונדיקן קראַסנאַיאַסקי קראַי. געווען צווישן זיי אויך בעלזער משפּחות. איך געדענק פון זיי שמואל זאַפּט מיט זיין פרוי און צוויי טעכטער, מאַניע און רבקה.

אַזוי ווי עס איז שוין פאַר די אַלע הונדערטער נפשות, וועלכע האָבן געוואַרט אין זאַלאַמנאַיאַ, נישט געווען קיין אָרט אינעווייניק אין דער שיף, האָט מען אונדז אַלע „איינגעאָרדנט" אויפן דעק. צוויי וואָכן זענען מיר מיט דער דאָזיקער שיף געשווימען איבער די טייכן טשולים, אָב, יעניסיי, טאָם און כמעט די גאַנצע צייט איז געפאַלן אַ רעגן. כדי זיך צו שיצן פאַר אים האָבן מיר באַדעקט די קעפּ מיט בעקנס און טעפּ. דאָס עסן אונדזערס איז באַשטאַנען פון ברויט מיט צוקער. וואַסער פלעגט מען שעפּן פון טייך מיט אַ פּושקע, צוגעבונדענע מיט אַ שטריק אָדער אַ דראָט. וועגן קאָכן האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין.

שרעקלעך זענען געווען די סאַניטאַרע באַדינגונגען. עס איז געווען איינער אָדער צוויי בתי־כסא אויפן דעק פון דער שיף און שטענדיק זענען ביי זיי

געשטאַנען רייען פון צענדליקער מענטשן. פיל אַנדערע האָבן געטאָן זייערע הצטרכותן בפרהסיה אין פאַרשידענע ווינקלען אויפן דעק.

מיר, אויפן דעק, האָבן געליטן פון רעגן, אָבער כאָטש געהאַט פרישע לופט. די טויזנטער מענטשן אין דער שיף אינעווייניק האָבן נישט געליטן פון רעגן, אָבער די לופט איז געווען אַ דערשטיקנדיקע. כדי עטוואָס אָפּפרישן זייער לופט, זענען אויפן דעק געמאַכט געוואָרן עפענונגען. איינמאָל, גייענדיק אויפן דעק, בין איך אַריינגעפאַלן אין אַזאַ עפענונג. צום גליק בין איך אַריינגעפאַלן אין אַ קינדער־וועגעלע און דאָס קינד איז גראַד נישט געווען אין אים. איך האָב בלויז צעהאַקט זיך אַ פוס. נאָך מיר, ביי נאַכט, איז אין אַזאַ עפענונג אַריינ־געפאַלן דער נאַטשאַלניק פון די שומרים אונדזערע. געווען איז ער אַ גוי אַ ריז מיט אַ געשטופלט פּנים. ער האָט געטראָגן שטיוול מיט פּאָדקאָוועס. ער איז געפאַלן אויף אַ שלאָפנדיקן בחור און אים שווער פאַרוואונדעט. דער דאָזיקער נאַטשאַלניק האָט איין מאָל געזען מיין טאַטן דאַוונען. האָט ער אַראָפּגעריסן פון מיין טאַטנס קאָפּ דעם של־ראש און אים אַריינגעוואָרפן אין טייך אַריין.

געווען אויף דער שיף אַ טויטפאַל: עס איז געשטאָרבן אַ פרוי אַ פּוילישע. די פּאָליאַקן אויף דער שיף האָבן געמאַכט פון צוויי ברעטער אַ צלם, זיך אָנ־געטאָן אין זייערע בעסערע קליידער און איינגעאָרדנט אַ לוויה אויפן ברעג פון טייך, אין וואַלד.

די שיף האָט לאַנג זיך געשלעפּט, נישט נאָר צוליבן לאַנגן וועג, נאָר אויך צוליב איר זייער שוואַכער שנעלקייט. דערצו נאָך איז זי עטלעכע מאָל אַרויף אויף מיעליזנעס. אין אַזעלכע פאַלן פלעגט מען פיל מענער אַראָפּנעמען אויפן ברעג (כדי די שיף זאָל זיין לייכטער) און דאָרט האָבן זיי געוואַרט עטלעכע שעה ביז מען האָט די שיף אַראָפּגעשלעפּט פון דער מיעליזנע.

## געשטאָרבן מיינע קוזינען מאַלטשעלע און חנוך

נאָך צוויי וואָכן פאָרן אויף דער שיף זענען מיר אָנגעקומען אין אַ ישוב **טשערעמאַשניקי**, 7 קילאָמעטער פון דער שיינער אַנטוויקלטער סיבירער שטאָט **טאָמסק**. דאָ האָט מען אונדז, די פּראָכאָוועקער און פון אַנדערע פּאָסיאָלקעס, אַראָפּגענומען. אַן אַנדער טייל, צווישן זיי מיין זיידנס און פעטער יהושעס משפּחה, האָט מען געפירט ווייטער. ווי מיר האָבן זיך דערוואוסט, זענען זיי דערפאָרן אין אַ פּאָסיאָלעק, בערך 30 ק״מ פון טאָמסק.

אין טשערעמאַשניקי האָט מען אונדז באַזעצט אין באַראַקן, וואָס האָבן ביז אונדז געדינט פאַר אַרעסטאַנטן. די באַראַקן זענען געווען געטיילט אין צימערן. אין איינעם פון די צימערן זענען מיר געווען דריי בעלזער משפּחות: מיר; שלמה שטיגליץ מיט זיין פרוי און דריי זין — הערש, וואָלף און סרולטשע; מאַטעלע גראָסמאַן מיט אירע צוויי זין: אברהם און יהושע. אין שכנותדיקן צימער האָבן געוואוינט די משפּחות פון דוד־מאיר רייס און איטשע קענער.

אַ קורצע צייט נאָך אונדזער קומען קיין טשערעמאָשניקי זענען מיין טאַטע און שוועסטער מירל געגאַנגען קיין טאָמסק. זיי האָבן זיך נאָכגעפרעגט צום שמש פון דער איינציק פאַרבליבענער טאָמסקער שול. דעם שמשס הויז איז געווען אַ מין בית־ועד פאַר די פוילישע יידן פון די אַרומיקע פּאָסיאָלקעס. דער שמש האָט מיין טאַטן און שוועסטער דערציילט, אַז עטלעכע טעג פריער איז צו אים געקומען פון אַ פּאָסיאָלעק אַן עלטערע פרוי מיט אַ מיידעלע. דאָס מיידעלע איז געווען קראַנק, מען האָט עס גענומען אין שפּיטאָל אַריין און דאָרט איז עס געשטאָרבן. דער שמש האָט נישט געדענקט די נעמען פון דער פרוי און מיידעלע, אָבער לויט די פּרטים, וואָס ער האָט איבערגעגעבן, איז פאַר מיין טאַטן און שוועסטער קלאָר געוואָרן, אַז די פרוי איז געווען מיין מומעביילע, און דאָס מיידעלע — איר טעכטערל מאַלטשעלע. מאַלטשעלע איז געווען קראַנק נאָך אויף דער שיף, אויף וועלכער מיר זענען געווען צוזאַמען. דאָס היילן אין טאָמסקער שפּיטאָל האָט זי שוין נישט געקאָנט אָפּראַטעווען. זי איז געשטאָרבן אין עלטער פון 11 יאָר.

איינעם אַ זונטיק, עטלעכע וואָכן שפּעטער, בין איך געגאַנגען מיט מיין שוועסטער מירל קיין טאָמסק. גייענדיק אויפן טראָטואַר האָבן מיר געזען אויפן שאָסיי פאָרן אַ פור, עמעצער ליגט אויף איר, און אָנהאַלטנדיק זיך ביי דער פור, לויפט איר נאָך אַ פרוי אין אַ לאַנגן מאַנטל. פון הינטער איר קאָפּטיכל זעען זיך ווייסע האָר.

„דאָס איז די מומע ביילע!" — האָט מיין שוועסטער אויסגערופן.

מיר זענען ביידע צוגעשפּרונגען און צוזאַמען מיט דער מומע ביילע אָנגעהויבן נאָכלויפן די פור. אויף איר איז געלעגן דער מומע ביילעס זון חנוך מיט אַ פאַרפלאָמט פּנים און גערעדט פון היץ. מיר האָבן אים געברענגט אין שפּיטאָל. אין אונדזער אָנוועזנהייט האָט אים אַ דאָקטאָר באַהאַנדלט. ער האָט נישט געוואוסט אונדז גענוי צו זאָגן אין וואָס עס באַשטייט חנוכס קראַנקייט: אַ לונגען־אָנצינדונג, טיפוס, און אפשר ביידע. חנוך האָט די גאַנצע צייט גערעדט פון היץ און אונדז נישט דערקענט.

די מומע ביילע איז מיט דער פור צוריקגעפאָרן אין איר פּאָסיאָלעק (אויף ד'ער פור איז געווען אָרט בלויז פאַר איין מענטש, אויסערן פורמאַן; דעריבער איז קיין טאָמסק, ווען חנוך איז געלעגן אויף דער פור, די מומע ביילע געגאַנגען צופוס דעם 30־קילאָמעטערדיקן וועג, און ווען די פור איז געפאָרן שנעל — געלאָפן). מירל און איך זענען צוריקגעגאַנגען קיין טשערעמאָשניקי.

ווען אייניקע טעג שפּעטער זענען מיין מאַמע און טאַטע געגאַנגען קיין טאָמסק באַזוכן חנוכן, איז ער שוין געלעגן אַ פאַרפרוירענער אין מתים־שטיבל פון שפּיטאָל. מיט דער הילף פון טאָמסקער שמש האָבן אים מיינע עלטערן געברענגט צו קבר־ישראל. צוואַנציק יאָר איז ער אַלט געווען ווען ער איז געשטאָרבן.

**ערשטער (און לעצטער) סיבירער ווינטער**

טשערעמאָשניקי איז געווען אַ ריזיקער האָלץ־קאָמבינאַט. פון דער טייגע, הונדערטער קילאָמעטער אַרום, זענען אַהער דערשווימען טראַטוועס האָלץ. אַ טייל פון דעם האָלץ איז פון דאַנען באַלד מיט דער באַן געשיקט געוואָרן אין פאַר־שידענע ערטער פון רוסלאַנד. אַן אַנדערע טייל איז דאָ איבערגעאַרבעט געוואָרן אויף ברעטער און שפּאָלעס.

ביי די דאָזיקע אַרבעטן זענען געווען באַשעפטיקט די אָרטיקע באַפעלקערונג און אויך די פריש־אָנגעקומענע. די אַרבעט איז געווען אַ שווערע, אָבער יידישע פאַרשיקטע בחורים זענען כלל נישט אָפּגעשטאַנען — פיל פון זיי זענען געווען סטאַכאַנאָווצעס.

אין אונדזער משפּחה איז נישט געווען ווער עס זאָל קאָנען גיין צו די שווערע אַרבעטן. האָבן אונדז דעריבער געדראָט די געפאַרן פון נישט באַקומען ברויט אָדער אָוועקגעשיקט צו ווערן ווער ווייס וואוהין. נאָך דער השתדלות ביי אַ וויכטיקן אָרטיקן נאַטשאַלניק אַ ייד, האָט מיין שוועסטער מירל באַקומען אַרבעט אַלס געהילף ביי אַ בוכהאַלטער, און דער טאַטע — אַלס נאַכטוועכטער. שפּעטער האָט דער טאַטע געאַרבעט אין אַ פאַבריקל פון טשוועקעס.

מיר זענען געווען נאָענט פון טאָמסק, אָבער אַלס פאַרשיקטע איז אונדז געווען פאַרבאָטן צו גיין אַהין. אין אָנהויב האָט מען אויף דעם פאַרבאָט נישט מקפּיד געווען. שפּעטער האָט זיך די פּאָליטיק געענדערט, מען האָט אונדזעריקע אין טאָמסק געכאַפּט און אַרעסטירט. מיין שוועסטער מירל איז פאַרן פאַרברעכן פון גיין קיין טאָמסק געזעסן 10 טעג אין תפיסה. מען האָט אָבער געמוזט פון צייט צו צייט גיין קיין טאָמסק, ווייל אין טשערעמאָשניקי זענען נישט שטענדיק געווען צו באַקומען די נויטיקסטע פּראָדוקטן. פלעגן דערפאַר גיין אין שטאָט אַריין נאָר קינדער, און איך בתוכם. מיר פלעגן גיין גרופּנווייז, נאָכ־שפּירן מיט די אויגן מיליציאַנטן, און דערזענדיק איינעם אַזעלכן, אַנטלויפן זיך באַהאַלטן.

אין טשערעמאָשניקי האָבן מיר איבערגעלעבט אַ סיבירער ווינטער. די פרעסט פלעגן דערגרייכן ביז 50 גראַד אונטער נול. דער שניי פלעגט צו מאָל אָנפאַלן ביז איבער די פענצטער. אין דער פרי האָט מען געדאַרפט קאָפּען אַ מין טונעל לענג־אויס די ווענט, אין וועלכע עס זענען געווען פענצטער, כדי דאָס ליכט זאָל אַריינדרינגען אין די שטובן. אונדזער קליידונג איז נישט געווען צוגעפּאַסט צו די סיבירער קעלטן. די רוסן, אַלע אין פעלצן און אויף די פיס וואַלאָנקעס, האָבן זיך געוואונדערט ווי אַזוי מיר, די „פּאָליאַקן", האַלטן אויס אין געווייגלעכע מאַנטלען און שיך אָדער שטיוול. אָבער דער אמת איז, אַז מיר האָבן נישט באַזונדערס געליטן פון קעלט. ווי באַוואוסט, פון שווערע קלימאַטישע באַדינ־גונגען — קעלט אָדער היץ — הייבט מען אָן ליידן נישט באַלד דאָס ערשטע יאָר. אויך אין סיביר ענדיקט זיך — אמת גאַנץ שפּעטלעך — דער ווינטער.

דער פרילינג האָט פאַר אונדז געברענגט אַ פאַרבעסערונג. מען האָט אונדז פון די באַראַקן איבערגעפירט אין גוטע הייזער, וואו יעדע משפחה האָט באַקומען אַ גאַנץ צימער פאַר זיך (אָבער אַ קיך אַ בשותפותדיקע פאַר דריי משפחות).

די לאַגע האָט בכלל זיך סטאַביליזירט. פאַר מיר פּערזענלעך האָט דאָס זיך אויסגעדריקט אין דעם, וואָס כ׳האָב ווידער אָנגעהויבן לערנען אין אַ שולע. דאָס מאָל, פאַרשטייט זיך, אין אַ רוסישער. איך בין געווען דער איינציקער יידישער שילער אין קלאַס. די באַציאונג צו מיר איז געווען אַן אויסגעצייכנטע, הן מצד די לערער, הן מצד די שילער. באַזונדערס געדענק איך מיין שכן אויף דער שולע־באַנק, וואַסקאַ. מיין „רוסיש״ איז דאַן געווען מער אַ מישמאַש פון פּויליש און אוקראַיִניש. וואַסקאַ האָט מיר פיל און גערן געהאָלפן. נאָך יעדער מיינס אַ הצלחה אין קלאַס פלעגט וואַסקאַ מיט שטאָלץ פרעגן זיינע פריינד־חברים: „נו, קאַק מאַי יעוורעיטשעק?״

יידישע לימודים האָט מיט מיר געלערנט יאָשע דער בעלזער. דער שכר־לימוד איז געווען — אַלע פאַר טעג אַ ברויט. איך בין יענעם זומער, 1941, געוואָרן בר־מצווה. יאָשע האָט מיך צוגעגרייט, און אין טאָג פון אָנהייבן לייגן תפילין בין איך געגאַנגען צום טאַטן צו דער אַרבעט, און פאַר אים און נאָך צוויי יידן, וועלכע האָבן מיט אים געאַרבעט, געזאָגט אַ דרשה.

### מען פאָרט אין די וואַרעמע לענדער

300 טויזנט, און אפשר אַ האַלבער מיליאָן, פּוילישע יידן און פּאָליאַקן זענען אין די יאָרן 1940־41 געווען פאַרשיקט אין סיבירער פּאָסיאָלקעס און לאַגערן. זיי זענען געווען צעזייט און צעשפּרייט איבער טויזנטער קוואַדראַט־קילאָמעטער. עס זענען נישט געווען און האָבן נישט געקאָנט זיין קיין קאָנטאַקטן צווישן פאַרשידענע פּאָסיאָלקעס און לאַגערן. פונדעסטוועגן, ווי נאָר די דאָזיקע געוועזענע פּוילישע בירגער זענען אַ דאַנק דעם אָפּמאַך מיט דער שיקאָרסקי־רעגירונג באַ־פרייט געוואָרן פון סיביר, האָבן זיי אַלע זיך אַ לאָז געטאָן אין די „וואַרעמע לענדער״, ד״ה אין די מיטל־אַזיאַטישע סאָוויעטישע רעפּובליקן. גלייך ווי מען וואָלט וועגן דעם באַשלאָסן אויף אַ גרויסן עפנטלעכן קאָנגרעס און דעם באַשלוס באַקאַנט געמאַכט מיט דער הילף פון די מאָדערנסטע קאָמוניקאַציע־מיטלען...

אויך פון טשערעמאָשניקי זענען אַלע פאַרשיקטע, חוץ געציילטע משפחות, אַוועק. מען האָט געדונגען, גרופּעס משפחות, לאַסטוואַגאָנען און געלאָזט זיך אין וועג. מיר זענען געפאָרן קרוב צוויי וואָכן קיין דרום, נישט וויסנדיק אייגנטלעך וואוהין. מיר זענען אַדורכגעפאָרן קאַזאַכסטאַן, אַריין קיין אוזבע־קיסטאַן, אַדורכגעפאָרן טאַשקענט, סאַמאַרקאַנד, און צום סוף אָנגעקומען אויף אַ סטאַציע מיט אַ יידיש־כוזרישן נאָמען — קאַגאַן. דאָ האָט מען אונדז געהייסן אויסשטייגן. קאַגאַן איז אַ גרויסער באַנקנופּ, אָבער אַ קליינע שטאָט. דאָ האָט מען נישט געקאָנט פאַרבלייבן. אלא מאַי? ווען מיר זענען אַרויס פון סיביר,

אויגוסט צי סעפּטעמבער, האָט שוין דאָרט שטאַרק געשנייט. דאָקעגן אין קאַגאַן, אין אוזבעקיסטאַן, איז נאָך געווען זומער און מחיהדיק וואַרעם. זענען אַלזאָ טויזנטער מענטשן געלעגן אונטערן פרייען הימל אַרום דער סטאַציע — און געוואַרט. עס איז דאָן טעטיק געווען אין קאַגאַן, ווי אין אַנדערע ערטער, אַן „עוואַקאַ־פּונקט". זיין אויפגאַבע איז געווען איינאָרדענען די עוואַקויִרטע, די פּליטים. באַמערקן דאַרף מען, אַז מיר, די פאַרשיקטע פון פּוילן, זענען געווען בלויז אַ טראָפּן אין דער ריזיקער פילמיליאָניקער כוואַליע עוואַקויִרטע פון די סאָוויעטישע געביטן, פאַרכאַפּטע דורך די דייטשן. דער עוואַקאַ־פּונקט האָט די עוואַקואירטע צעשיקט אין אַרומיקע שטעטלעך, דערפער און קאָלכאָזן. די סאָוויעטישע בירגער, אָנגעלערנטע און דיסציפּלינירטע, זענען געפאָרן וואו מען האָט געהייסן. מיר, די פּוילישע, זענען אויף אייגענער אחריות אַוועק 12 קילאָ־מעטער פון קאַגאַן אין דער פאַרהעלטעניסמעסיק גרויסער היסטאָרישער שטאָט **בוכאַרע**.

מיר האָבן אין בוכאַרע געדונגען אַ דירה צוזאַמען מיט דוד־מאיר רייס' משפחה. פיל טויזנטער פּליטים זענען דאָן געווען אין דער דאָזיקער שטאָט — סאָוויעטישע בירגער און געוועזענע פּוילישע. צווישן די פּוילישע זענען געווען נישט בלויז משפחות באַפרייטע פון פּאָסיאָלקעס, ווי מיר, נאָר אויך איינצלנע, באַפרייטע פון די לאַגערן. די לעצטע זענען געווען אָפּגעריסענע, פאַרשוואַרצטע, אויסגעדאַרטע, פאַרלייזיקטע. איין מאָל האָט דוד־מאיר רייס געברענגט צו פירן צו אונדז אַזאַ לאַגערניק, וואָס ערשט נאָך אַן אָנשטרענגונג האָבן מיר אין אים דערקענט דעם בעלזער **יאַנקל ראַזנגאַרטן**. ער איז געווען ביי אונדז עטלעכע טעג, געקומען אַ ביסל צו זיך און דערנאָך געפאָרן זוכן זיינע עלטערן, וועלכע זענען צוזאַמען מיט אונדז באַפרייט געוואָרן פון אַ פּאָסיאָלעק.

די דערוואַקסענע אין אונדזערע משפחות האָבן געזוכט אַרבעט. אָבער קיין אַרבעט איז דאָן אין בוכאַרע פאַר די פיל טויזנטער ניי־אָנגעקומענע נישט געווען. מילא, האָט מען נישט געאַרבעט... מען האָט הנאה געהאַט פון דער פרייהייט, פונעם וואַרעמען קלימאַט, פון דער שפע אויף די באַזאַרן און אין די געשעפטן (אין סיביר איז אַלץ געווען אויף קאַרטן).

אָבער — נישט לאַנג.

## קיין קאַטאַ-קורגאַן און צוריק

נאָך עטלעכע וואָכן אין בוכאַרע איז פּלוצלונג געקומען אַ פּריקאַז, מיר זאָלן פאַרלאָזן די שטאָט. געהייסן האָט עס, אַז אַלע פּליטים וועלן אַרויסגעפירט ווערן, אָבער מיר זענען געווען דער ערשטער טראַנספּאָרט. ווידער האָט מען אונדז אַריינגעפּאַקט אין לאַסטוואַגאָנען און ווידער זענען מיר געפאָרן נישט וויסנדיק וואוהין. נאָך צוויי טעג זענען מיר אָנגעקומען אין שטעטל קאַטאַ־קורגאַן. דאָרט האָבן מיר געזאָלט פאַרלאָזן די וואַגאָנען און פון דאַנען האָט

מען אונדז געזאָלט פירן אין קאָלכאָזן. דערווייל איז מען עטלעכע שעה געשטאַנען אויף דער באַן־סטאַציע. אין דעם, האָט מיין שוועסטער מאַלטשע ז״ל, נעבן דער סטאַציע, געטראָפן אַ באַקאַנטע. יענע האָט איר דערציילט, אַז אונדזער זיידע־באָבע. מיט רישען און העניאַכן זענען ביז מיט אַ וואָך צוריק געווען אין קאַטאַ־קורגאַן. פאַר אַ וואָך צוריק האָט מען זיי אַרויסגעפירט. אָבער דער פעטער יהושע און מומעביילע זענען נאָך אין קאַטאַ־קורגאַן. זיי האָט מען נישט אַרויסגעפירט, ווייל זייערעביידע זין, בער און חיים, ליגן אין שפּיטאָל קראַנק אויף טיפוס. די באַקאַנטע האָט צו וויסן געגעבן דעם פעטער יהושע, אַז מיר זענען אויף דער סטאַציע. ער איז באַלד געקומען צו לויפן און אונדז גענומען צו זיך. נאָך עטלעכע בעלזער משפחות זענען אויך אַראָפּ אין קאַטאַ־קורגאַן.

נאָך אַ קורצער צייט, צוויי־דריי וואָכן, האָבן מיר באַשלאָסן צוריקפאָרן קיין בוכאַרע. קודם זענען אַהין געפאָרן מיין שוועסטער מירל און רחלע רייס — דערוויסן זיך צי קאָן מען צוריקקומען קיין בוכאַרע. זיי האָבן זיך אומגעקערט און דערציילט, אַז נאָך אונדז האָט מען מער נישט אַרויסגעשיקט קיין פּליטים פון שטאָט. אַלץ איז דאָרט ווי געווען און אַפילו די דירה, וועלכע מיר האָבן געהאַט געדונגען, שטייט ליידיק, און איר אייגנטימער, אַן אַלטער טאַדזשיק, איז גרייט ווידער זי אונדז צו פאַרדינגען. מיר האָבן זיך אַלזאָ געגרייט אין וועג אַריין. קודם איז געפאָרן מירל אַליין, און אַ טאָג שפּעטער — מיינע עלטערן, מאַלטשע און איך. מיר זענען אַרויסגעפאָרן ביי נאַכט און געזעסן אויף אונדזערע פּעקלעך אין אַ טונקעלן ווינקל פון וואַגאָן. שפּעט אין דער נאַכט איז צו אונדז צו אַ באַנדיט מיט אַ מעסער און געפּראָוווט צונעמען די פּעקלעך. דער קאָנדוקטאָר האָט אים צוגעלויכטן מיט אַ האַנט־לאַמטערן. די אַנדערע פּאַסאַזשירן האָבן זיך צוגעקוקט פון זייערע ווינקלען און קיינער פון זיי האָט נישט גערירט זיך פון אָרט. דער טאַטע האָט געפּרואווט פאַרטיידיקן די פּעקלעך, די מאַמע, מאַלטשע און איך האָבן געשריגן. פּלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ פייף פון לאָקאָמאָטיוו — די באַן האָט זיך דערנענטערט צו אַ סטאַציע. דער באַנדיט איז אַרויסגעשפּרונגען פונעם וואַגאָן.

מיר האָבן זיך אומגעקערט קיין בוכאַרע און פאַרבליבן דאָרט כמעט פינף יאָר, פון סוף 1941 ביז מיט 1946. דאָס זענען געווען יאָרן פון שווערן הונגער און נויט, אָבער אויך פון אינטערעסאַנטע געשעענישן. דאָס באַשרייבן זיי וואָלט געקאָנט אויספילן אַ גאַנץ בוך.

מיר האָבן די אַלע יאָרן נישט געהאַט קיין שום ידיעות וועגן אונדזערע נאָענטע אין אויסלאַנד. אָבער אַפילו מיט די זיידע־באָבע און פעטער יהושעס משפחה, וועלכע זענען געווען אין רוסלאַנד, האָבן מיר נישט קאָרעספּאָנדירט. נישט געווען קיין קאָפּ דערצו. בלויז איין מאָל, אין 1944, האָבן מיר באַקומען אַ קאַרטל פון מיין פעטער העניאַך. ער האָט מודיע געווען, אַז דער זיידע איז

געשטאָרבן. אין אַ פאַרוואָרפענעם קאָלכאָז, אין ווייטן טורקעסטאַן, איז ער אויסגעגאַנגען פון הונגער. עטלעכע חדשים שפּעטער איז אין שווערע ליידן געשטאָרבן די באָבע. אַלע עלטערע בעלזער, וועלכע זענען מיט אונדז פאַר־שיקט געוואָרן קיין רוסלאַנד, האָבן נישט זוכה געווען צוריקצוקומען. אין אוראַל איז געשטאָרבן איציק־לייב שטאָקהאַמער; אין אוזבעקיסטאַן — שלמה שטיגליץ און זיין פרוי זיסעלע; אין טורקעסטאַן — מאַטעלע גראָסמאַן און נפתלי פרידמאַן. אויך יונגע האָבן זייערע ביינער איבערגעלאָזט אין רוסלאַנד. אין בוכאַרע איז געשטאָרבן, אין 1942, די שיינע מאַניע זאַפּט, אין עלטער פון 20 יאָר. כ׳האָב שוין דערמאָנט מיינע קוזינען הענאָך און מאַלטשעלע, וועלכע זענען געשטאָרבן אין טאַמסק. נישט וועגן אַלע געשטאָרבענע בעלזער אין רוסלאַנד האָב איך ידיעות.

**זומער 1946: צוריק קיין פוילן**

זומער 1946 זענען מיר צוריקגעפאָרן קיין פוילן. דורכגעפאָרן הונדערטער רוסישע און דערנאָך פּוילישע שטעט, זענען מיר אָנגעקומען קיין גלייוויץ, אויבער־שלעזיע. מיר האָבן געזאָלט פון דאָרט פאָרן ווייטער, אָבער פּלוצלונג האָט מען פון איין וואַגאָן צום צווייטן איבערגעגעבן, אַז עמעצער פרעגט זיך וועגן די האַלצמאַנס. מיר זענען געגאַנגען זען צי אונדז מיינט מען און ווער איז דער ווער עס זוכט אונדז. יאָ, אונדז האָט מען געמיינט — מיין פעטער הענאָך האָט אונדז געזוכט. ער האָט זיך אומגעקערט פון רוסלאַנד עטלעכע חדשים פריִער און געוווינט איצט אין גלייוויץ צוזאַמען מיט רישען און איר מאַן, הערש סאַפּראַן. מיר זענען אַראָפּ צו זיי און זיך באַזעצט אין גלייוויץ.

פון אונדזערע קרובים, וועלכע זענען געבליבן אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע, איז געבליבן בלויז איין קוזין פון מיין טאַטן. ער האָט פאַר דער מלחמה געוואוינט אין אַ דאָרף, געווען זייער רעליגיעז, און גויִם האָבן אים גערופן „סוויאַטי" (הייליקער). צוזאַמען מיט זיינעם אַ יינגערן ברודער האָבן זיי געוואַנדערט אין דערפער אַלס פּאַסטעכער, אָנגעבנדיק זיך אַלס שקצים. הענאָך דער סוויאַטי האָט נישט געקענט קיין פּויליש אָדער אוקראַיִניש. דעריבער, כדי מען זאָל אים נישט דערקענען אַז ער איז אַ ייד, האָט ער די אַלע מלחמה־יאָרן געשפּילט די ראָל פון אַ שטומען. די רוסן האָבן אים און זיין ברודער באַפרייט. דער ברודער איז מאָביליזירט געוואָרן און געפאַלן אויפן פראָנט. פון מיין טאַטנס שוועסטער מלכהס משפחה איז קיינער נישט געבליבן. איר מאַן, אביגדור, איז געשטאָרבן אין סאָקאָלער געטאָ; זי אַליין, אירע דריי טעכטער — דבורה, ריווטשע און הענטשע — און זון יאָסעלע, זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אין א טויטלאַגער. פון מיין מאַמעס משפחה איז קיינער נישט געבליבן. אומגעקומען דער מאַמעס ברודער משה מיט זיין פרוי און צוויי זין. אומגעקומען מיין באָבע גיטל, דער מאַמעס מוטער. טראַגיש איז געווען דער גורל פון מיין מאַמעס שוועסטער אסתר, איר מאַן דוד דיאַמאַנט,

וועגן וועלכן איך האָב דערציילט אויבן, און זייערע צוויי קינדער, לייבוש און נעשע. זיי האָבן עטלעכע יאָר — אַזוי האָט מען אונדז דערציילט — זיך אויס־באַהאַלטן אין וואַלד. אַ טאָג־צוויי פאַר דער באַפרייאונג זענען זיי דורך אוקראַיִנישע באַנדיטן דערמאָרדעט געוואָרן.

## אין בעלז נאָך צען יאָר

איך בין אין די נאָך־מלחמה־יאָרן געווען אַ פאַנאַטישער ציוניסט. געהאַסט דעם גלות, דאָס גלות־לעבן, די גלות־שטעטלעך. אָבער דאָס איז געווען אידעאָ־לאָגיע. דאָס געפיל האָט זיך געבונטעוועט קעגן האָס צום יידישן שטעטל. אַ געוואַלדיקע קראַפט האָט מיך געצויגן קיין בעלז. עס איז אָבער געווען סכנות־נפשות אַהין צו פאָרן. דאָרט זענען אָנגעגאַנגען קאַמפן צווישן דער פוילישער מאַכט און אוקראַיִנישע וואַלד־כנופיות, און אויסער דעם האָט מען „פאַרשטייט זיך" געמאָרדעט יידן.

פונדעסטוועגן בין איך נישט בייגעקומען דעם דראַנג. אָנהויב אַפּריל 1949 בין איך געווען אויף אַ באַזוך אין לובלין. דאָ האָב איך זיך דערוואוסט, אַז ס'איז פאַראַן אַ דירעקטע באַן ביז בעלז. אין דער פרי בין איך אַרויף אויף דער דאַזיקער באַן און מיטאָגצייט אָנגעקומען קיין בעלז. עטלעכע קילאָמעטער פאַר בעלז האָט די סאָוויעטיש־פּוילישע גרענעץ זיך געצויגן לענג־אויס דער באַן־ליניע. אויף דער גרענעץ איז געווען אַ פאַרקאַן פון שטעכלדראָט, און איבער אים — טורעמס פאַר וועכטער. פּאַגראַניטשניקעס זענען געגאַנגען לענג־אויס דעם פאַרקאַן. ווייניק מענטשן זענען מיר געווען אין דער באַן, און ביי אַלע האָט, נאָענט פאַר בעלז, אַ פּוילישער אָפיציר געפּאָדערט די פּערזענלעכע דאָקומענטן און אויפמערקזאַם זיי קאָנטראָלירט.

די בעלזער באַן־סטאַציע האָב איך געטראָפן אַזוי ווי נאָכן באָמבאַרדירן אין יאָר 1939 — האַלב רואיִנירט. נאָך פאָרן אַראָפּשטייגן פון דער באַן האָב איך גענומען דאָס גאַנצע שטעטל ווי אויף דער האַנט־פלאַך. פון דער ווייטנס האָט עס אויסגעזען ווי פאַר דער מלחמה. עס האָבן זיך אָבער געוואָרפן אין די אויגן הויכע רואינעס פון דריי ווענט. איך האָב נאָך זייענדיק אין באַן באַשלאָסן קודם־כל דורכגיין דאָס גאַנצע שטעטל אין דער לענג — פון דער סטאַציע ביזן בית־הקברות, כדי באַלד באַקומען אַן איינדרוק פון בעלז נאָך 10 יאָר. אָבער דערגייענדיק צו די רואינעס פון די דריי ווענט בין איך געבליבן שטיין, ווי די פיס וואָלטן מיך מער נישט געטראָגן. דאָס איז געווען אַלץ, וואָס איז פאַרבליבן פון דער היסטאָרישער שיינער בעלזער שול. דער גרויסער בית־מדרש דערנעבן איז בכלל פאַרשוואונדן. אויף זיין אָרט איז געווען אַ הויפן ערד און מיסט — אַ תל. פון דער שול זענען געבליבן דריי ווענט — וויס־שטיינערנע, אָפּגעהאַקטע, און זיי האָבן אויסגעזען, ווי אַלטע ווייסבערדיקע יידן הויבן די הענט צום הימל אין אַ ווייגעשריי.

מיט שווערע, ווי מיט בליי אָנגעגאָסענע פיס, בין איך געגאַנגען ווייטער, ביז צום בית־עולם. די מויער אַרום איז געווען דורכגעבראָכן, פיל מצבות זענען נאָך געשטאַנען, פיל אַנדערע האָבן זיך געוואַלגערט. נישט ווייט פון בית־עולם, אויפן וועג צוריק אין שטאָט אַריין, האָט זיך געפונען דאָס הויז פון מיין פעטער יהושע. די ווענט זענען געשטאַנען גאַנץ, אָבער אָן פענצטער און טירן. איך האָב אַריינגעקוקט, אַרומגעגאַנגען דאָס הויז, און דערנאָך אַוועק אין דער ריכטונג פון שטאָט. גייענדיק האָב איך געפילט ווי עמעצער לויפט מיר נאָך. כ׳האָב געמאַכט זיך פאַר אַ גיבור, אַריינגערוקט די האַנט אין קעשענע — זאָל דער נאָכלויפנדיקער מיינען, אַז איך האָב אַ רעוואָלווער. ער האָט מיך דעריאָגט: דאָס איז געווען אַ יונגער גוי און ער האָט מיך געפרעגט, וואָס איך האָב דאָרט געזוכט. דערנאָך, הערנדיק, אַז מיין פעטער יהושע האָט שוין פאַרלאָזט פוילן און איז אין דייטשלאַנד, האָט ער זיך באַרואיקט.

איך בין אַרומגעגאַנגען אין מאַרק. פון זיינע אַמאָליקע פיר גאַסן איז איינע, די צפונדיקע, פאַרשוואונדן. זי איז אָפּגעברענט געוואָרן אין דער צווישנצייט ווען די סאָוויעטן האָבן פאַרלאָזט די שטאָט און איידער די דייטשן זענען אַריין. איצט זענען דאָרט געווען גרינצייג גערטנער. בכלל, האָט דאָן בעלז אויסגעזען מער דאָרף איידער שטאָט. איך בין געגאַנגען צו דער שולע, ווו איך האָב אַ מאָל געלערנט, געפונען מיין אַמאָליקע קלאַס און אַפילו די שולבאַנק. איך בין, פאַרשטייט זיך, געווען ביי אונדזער אַמאָליקער שטוב, אויף די גראַנצעס. מיין זיידעס הויז איז געשטאַנען גאַנץ. מען האָט דאָרט געוואוינט, אָבער איך בין נישט אַריין אינעווייניק. אונדזער שטוב, הינטער דעם זיידנס הויז, איז געווען חרוב. אויף איר אָרט איז איצט געלעגן אַ קופּע ברעטער, קאַלך, מיסט. ווידער בין איך געבליבן שטיין, ווי פריער ביי די רואינירטע דריי ווענט פון דער שול, צוגעשמידט צו דער ערד. איך ווייס נישט ווי לאַנג איך בין אַזוי געשטאַנען ווי אַ געפּענטעטער. פּלוצלינג זענען צו מיר צוגעקומען צוויי גויעס און געפרעגט ווער איך בין און וואָס זוך איך דאָ. איך האָב געענטפערט, אַז איך האָב אַמאָל דאָ געוווינט. ווער בין איך — האָבן זיי ווייטער געפרעגט, און איך האָב זיי געזאָגט. די גויעס האָבן זיך צעוויינט, זאָגנדיק, אַז זיי געדענקען מיך אַלס אַזאַ „מאַציופּענקי" (אַ קליינינקער). זיי האָבן אויסגעפרעגט וועגן מיינע עלטערן און שוועסטער און דערנאָך דערציילט וועגן זייערע צרות. ביז מיט אַ קורצער צייט צוריק, האָבן זיי דערציילט, זענען אין דער בעלזער געגנט אָנגעגאַנגען ביטערע שלאַכטן מיט די אוקראַיִנער. די פּוילישע באַפּעלקערונג האָט געמוזט פאַרלאָזן בעלז און זיי, די צוויי פאָלקעס, אונדזערע אַמאָליקע שכנטעס, און זייערע משפּחות, זענען ערשט נישט לאַנג צוריקגעקומען פון ראַוואַ־רוסקאַ, ווו זיי האָבן געוווינט אין צייט פון די קאַמפן מיט די אוקראַיִנער.

די צוויי גויעס האָבן מיר אויך דערציילט וועגן ביטערן גורל פון מיין קוזינע דבורה, די טאָכטער פון מיין מומע מלכה פון סאָקאַל. אין יאָר 1943

אָדער 1944 האָט מען געפירט אַ טראַנספּאָרט סאָקאָלער יידן אין אַ טויט־לאַגער. דבורה איז נאָענט פון בעלז אַרויסגעשפּרונגען פון דער באַן. זי איז, ווייזט אויס, געווען צעטומלט און געקומען צו גיין אין הויז פון מיין זיידן, כאילו דער זיידע וואָלט דאָרט געווען. זיי, די גויעס — אַזוי האָבן זיי מיר דערציילט — האָבן דבורהן געוואָרנט זי זאָל שנעל אַנטלויפן. זי איז אַוועק אויף דער לאַנקע און זיך באַהאַלטן אין אַ סטערדע היי. אָבער אונדזער אַ שכן, דער אוקראַינער סידאָר, האָט וועגן דעם זיך דערוואוסט, געבראַנגט אוקראַינישע פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן דבורהן געכאַפּט און ערגעץ פאַרפירט.

איך בין אַרומגעגאַנגען איבער בעלז ביז ס'איז טונקל געוואָרן. במילא נישט געווען קיין מעגלעכקייט דעם זעלבן טאָג אַרויסצופאָרן. איך האָב צו קיינעם נישט געוואָלט גיין נעכטיקן. אין דער פינצטערניש בין איך אַריין אין אַ קעלער פון אַ חורבה אויפן מאַרק און דאָרט איבערגענעכטיקט.

גאַנץ פרי בין איך אַוועק צו דער סטאַציע. דער גאַנצער פּערסאָנאַל פון דער באַן־סטאַציע איז באַשטאַנען פון איין מענטש. ער איז געשלאָפן אויף אַ מיליטערישן בעטל אין צימער פון דער קאַסע. אַ שעה שפּעטער בין איך צוריקגעפאָרן קיין לובלין.

אין אַ האַלב יאָר אַרום בין איך נאָך אַ מאָל געפאָרן קיין בעלז, ווידער פון לובלין. אָבער דאָס מאָל בין איך געווען אין לובלין פרייטיק און יענעם טאָג איז קיין באַן קיין בעלז נישט געווען. בין איך געפאָרן מיט אַן אויטאָבוס. דורכגעפאָרן קראַסניסטאַוו, זאַמאָשטש און אַנדערע אַ מאָל יידישע שטעט. עס זענען נאָך געווען אין זיי יידישע שילדן און אויפשריפטן, אָבער נישט קיין יידן. איך בין דערפאָרן ביז הרוביעשאָוו. ווייטער איז דער אויטאָבוס נישט געפאָרן. אין הרוביעשאָוו האָבן דאַן געוואוינט צוויי יידן. איינער פון זיי איז אַוועקגעפאָרן אויף שבת קיין לובלין. דעם צווייטן האָב איך געפונען און ביי אים איבערגענעכטיקט.

אויף צו מאָרגנס, שבת אין דער פרי בין איך מיט אַ פּאָסטאויטאָ געפאָרן ביז וואַרענזש. אין וואַרענזש האָב איך געדונגען אַ פור און מיט איר דערפאָרן קיין בעלז. דאָס שטעטל האָט אין משך פון האַלבן יאָר זינט מיין פריערדיקן באַזוך, היפּש זיך געענדערט. די באַן־סטאַציע איז צוריק אויפגעבויט געוואָרן, אויף די גאַסן האָבן זיך געזען מענטשן. דאָס שטעטל האָט ווי אויפגעלעבט.

ווידער בין איך אַרומגעגאַנגען איבער בעלז אין דער לענג און אין דער ברייט. אָבער אויך דאָס „אויפגעלעבטע" שטעטל איז געווען גאָר אַנדערש ווי פאַר דער מלחמה. אין דמיון האָב איך עס געזען ווי אַ מאָל, אין די קינדער־יאָרן. מיר האָט זיך געדוכט: אָט וועל איך דערזען מיין חבר נחמיה, מיין חבר העשעלע, מיין חבר טולוש, מיין חבר מונדעק — אָבער בלויז דמיון איז דאָס געווען.

בעלז — אָן יידן...

שבע רנר (מאוטנר)
תל-אביב

# בגיטו, בכפר, בין פרטיזנים

בקיץ 1941 גרנו, המשפחה כולה, בפרמישלן: הורי — איטה ויחזקאל (חאצקל) מאוטנר, אחי אברהם וקופל, אחותי צפורה, בעלה שלום שולנברג ובנם לונק, ואני.

כולנו — שתי המשפחות — התגוררנו בחדר אחד מרווח ומטבח. את הדירה שכרנו אצל „מלמד" מקומי.

## מותו האכזרי של משה'לה בן הרבי

באחד או שניים בחודש יולי 1941, כעשרה ימים אחר פרוץ המלחמה הגרמנית־סובייטית, כבשו הגרמנים את פרמישלן. שבוע או שבועיים לאחר כניסת הגרמנים לעיירה, ביום ששי אחרי־הצהריים, שמענו כי הגסטפו יחד עם האוקראינים מתושבי המקום, הציתו את בית־הכנסת הגדול, ולא עוד אלא גם חוטפים יהודים ומשליכים אותם חיים לתוך בית־הכנסת הבוער. פרצה בהלה והיהודים התחילו לנוס לאן שנשאום רגליהם להתחבא מפני הרוצחים. הגברים של משפחתנו הסתתרו במחסן עצים קטן ליד דירתנו, ואנחנו, הנשים, חסמנו בגופנו את דלת המחסן. מבעד לחלון ראינו את הלהבות העולות מבית־הכנסת הבוער ומבתים יהודיים אחרים שהוצתו אף הם.

כעבור שעה יצאתי החוצה לקלוט ידיעות מפורטות יותר על הנעשה בעיר. כשרק עברתי את מפתן הבית ראיתי יהודי רץ, פניו חרוכי־אש, שותתים דם, וכולו מוכה ופצוע. המון גויים רדפו אחריו והוא צעק: „יהודים, הצילו!". תפסתי את היהודי בכנף בגדו וניסיתי להכניסו לבית פנימה, אלא שהגויים הוציאו אותו בכוח מידי והוסיפו להריץ אותו. אין אני זוכרת מה היתה תגובתי, אך כנראה שפרצתי בצעקה, שכן אמי זינקה מן הבית, בחשבה שנפגעתי. אמי עוד הספיקה לראות את היהודי הנרדף המוכה, היא הכירה אותו וזעקת שבר פרצה מגרונה: „הרי זה ר' משה'לה!".

אז נודע לי שהיהודי האומלל היה משה'לה, בנו של הרבי מבלז.

לבסוף תפסו אותו הבריונים והשליכוהו לתוך בית־הכנסת הבוער, שם נשרף עם עוד ארבעים יהודים.

**במו ידיהם חפרו קבריהם**

עד נובמבר 1941 היה המצב נסבל יחסית בפרמישלן. היהודים נצטוו לענוד על השרוול סרט לבן עם מגן־דוד צהוב, ומזמן לזמן היו חוטפים לעבודת כפיה. אף אני נחטפתי פעמים אחדות לעבודה כגון: שטיפת רצפות, ניקוי רחובות וכדומה. יש לציין שהעבודות לכשעצמן לא היו נחוצות, ומגמתן היתה להשפיל את היהודים. ברם, לעומת המאורעות שהתרחשו החל מחודש נובמבר היה המצב נסבל.



יחזקאל מאוטנר הי״ד, אבי המשפחה. התמונה מעת שהותו בלונדון לפני המלחמה.
יחזקאל מאוטנער הי״ד. דאָס בילד איז אַראָפּגענומען בעת זיינס אַ באַזוך אין לאָנדאָן.

בימים הראשונים של חודש נובמבר נתקבל צוו ב„יודנראט", שכל היהודים מגיל 18 עד 60 חייבים להירשם. סבורים היינו שהרישום כרוך בעבודה. אבי, אחי אברהם וגיסי, שלא עבדו החליטו לא להירשם. הם ברחו מפרמישלן והסתתרו באחד הכפרים שבסביבה. ואילו אחי קופל שעבד בקואופרטיב אוקראיני הלך להירשם, מתוך אמונה שבתור אדם עובד ירשו לו הגרמנים להשאר במקום. משראינו שלא בא הביתה לארוחת צהריים, יצאתי לחפש אותו. הגעתי לבית־הספר, שהיתה בו חצר גדולה, בה ראיתי מאות גברים יהודיים מוקפים אנשי ס.ס. ניגשתי לאחד מהם וביקשתיו שישחרר את אחי.

הוא ענה לי באדיבות: „גבירתי, היי שקטה, את יכולה לחזור הביתה, לא יאונה לו כל רע. הם רק יוקחו לעבודה..."

בשעות שלאחר הצהריים הובלו כל היהודים שהיו במקום הריכוז ליער סמוך לפרימשלן. עקבתי אחריהם בריחוק מה לראות לאן מובילים אותם תחת משמר כבד של אנשי ס.ס. ושוטרים אוקראינים.

כשהגיעו ליער קיבל כל אחד את־חפירה וכל היהודים נצטוו לחפור בידיהם את קבריהם. קרוב לאלף יהודים מפרמישלן וממקומות אחרים שמצאו מקלט ארעי בה, ביניהם יהודים מבלז, כולל אחי קופל, נורו באותו יום ביער ונקברו בקבר־אחים ענקי.

למחרת הגיעתנו בשורת האיוב שכל היהודים שהלכו להירשם נעצרו ונרצחו ביער. נשים אחדות, תושבות פרמישלן, הלכו ליער לחפש את יקיריהן. כשהגיעו לעיבורו של היער פתחו עליהן הגרמנים באש. ארבע נשים נורו בו במקום.

### קפצו מרכבת דוהרת

באביב 1942 שרר בפרמישלן רעב כבד. ילדים פשטו ברחובות העיר והתחננו לפני הגויים שיתנו להם פרוסת לחם או רבע תפוח־אדמה. נפוחי רעב גוועו אנשים באמצע הרחוב. בעיני ראיתי עשרות אנשים נפוחי רעב יושבים על המדרכה, מתחממים בשמש, ומבלי להגות מלה עצמו עיניהם לנצח.

יחד אתנו היו בפרמישלן דודי בריש פישלר, אשתו שרה ושלוש בנותיהם: שיינדל, גליקל ורוז'ה. משכבד הרעב עזבו את פרמישלן וחזרו לסוקאל. מאז לא ראיתים. לימים סופר לנו שבאחת ה„אקציות" בגיטו סוקאל תפסו את דודתי שרה ואת בנותיה שיינדל ורוז'ה והובילו אותן לבלז'ץ, שם היה מחנה השמדה. לא רחוק מראווה־רוסקה קפצו שיינדל ורוז'ה מהרכבת הדוהרת, ירו אחריהן והן נפצעו. שמחנו מאוד כשנודע לנו ששתי הנערות הפצועות נמצאות בראווה־רוסקה. אך לא זמן רב ארכה שמחתנו. זמן קצר לאחר מכן ערכו הגרמנים „אקציה" בראווה־רוסקה והראשונים נלקחו הפצועים והחולים שהיו מאושפזים בבית־החולים. ביניהם היו שתי דודניותי. לא עברו ימים מרובם ודודי בריש, דודתי שרה ובתם השלישית ניספו אף הם.

### „יודנריין אקציה"

בסוף מאי 1943 בוצעה בפרמישלן ה„יודנריין אקציה". בשם זה קראו הגרמנים למבצע הרצח אשר אחריו נשארה העיירה נקיה מיהודים. יום לפני „המבצע" נמלטו אמי, אחי אברהם, אחותי, בעלה ובנם לכפר אוסטולוביצה, 12 ק"מ מפרמישלן, שם מצאו מסתור אצל גוי מכר. אבי נשאר בגיטו. הוא טען שאין טעם ותכלית לברוח, שכן בכל מקום ישיג אותנו האויב.

זוכרתני שאחרי מות אחי קופל לא השתעשע אבי באשליות שנצליח להציל את נפשנו. הוא היה אומר: כלום חושבים אתם שרק לקופל התכוון היטלר? הוא שם לו למטרה להכחיד את כל היהודים. משום כך לא נאות אבי לעזוב את הגיטו והסתתר שם בבונקר. כעבור ימים אחדים, יצא מן הבונקר ובראותו שאין עוד יהודים בפרמישלן, עזב את העיר ופניו מועדות לאוסטולוביצה. בהגיעו לכפר אמר לו גוי מכר, שאתמול היה אצלו אחי וגם היום יבוא. אין הוא יודע היכן נמצא אחי, אולי ביער, אולי בכפר, אבל מזמן לזמן בא אליו. ואכן שעות אחדות לאחר מכן, כשעלטה עטתה את הכפר בא אחי אברהם ולקח עמו את אבי.

למחרת נרצחה כל משפחתי. זה היה בראשית יוני 1943. על אודות גורלה הטרגי של משפחתי סיפרו לי אחרי כן גויים בני אותו כפר. אני ניצלתי משום שבאותה תקופה הייתי במחנה העבודה בקורויצה. בקיץ 1943, כשהגרמנים חיסלו את המחנה הצלחתי להימלט ולהסתתר ביער, שם הצטרפתי לפרטיזנים שפעלו מתוך אותו יער. שהיתי בין הפרטיזנים עד שהרוסים שיחררו את האיזור בקיץ 1944.

שבע רענער (מאוטנער)
תל־אביב

## אין פּרעמישלאַן און דער אומקום פון מיין משפחה

זומער 1941 האָבן מיר געוווינט אין פּרעמישלאַן, די גאַנצע משפחה: מיינע עלטערן — ייטע און יחזקאל (האַצקל מאוטנער), מיינע ברידער אברהם און קאָפּל, מיין שוועסטער צפורה און איר מאַן שלום שולנבערג און זייער יינגל לאַנעק און איך.

מיר האָבן אַלע —ביידע משפחות — געוווינט אין אַ דירה וואָס איז באַשטאַנען פון איין גרויס צימער און אַ קיך. די דירה האָבן מיר געדונגען ביי אַן אָרטיקן מלמד.

### דער גרויזאַמער טויט פון משה׳לע דעם רב׳ס

דעם ערשטן אָדער צווייטן יולי 1941, אַן ערך צען טעג נאָכן אויסברוך פון דייטש־סאָוויעטישן קריג, האָבן די דייטשן פאַרנומען פּרעמישלאַן. אַ וואָך אָדער צוויי נאָכן קומען פון די דייטשן, אַ פרייטיק נאָכמיטאָג, האָבן מיר געהערט, אַז די געסטאַפּאָ צוזאַמען מיט די אוקראַינער פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג, האָבן אונטערגעצונדן די גרויסע שול, און אַז מען כאַפּט יידן

און מען וואַרפט זיי אַריין לעבעדיקערהייט אין דער ברענענדיקער שול. עס איז אויסגעבראָכן אַ פּאַניק און יידן האָבן אָנגעהויבן לויפן ווי די אויגן האָבן זיי געטראָגן, זיך אויסבאַהאַלטן. די מענער פון אונדזער משפחה האָבן זיך באַהאַלטן אין אַ האָלץ־קעמערל, נעבן אונדזער דירה, און מיר, די פרויען, האָבן פאַרשטעלט די טיר פונעם קעמערל. דורכן פענצטער האָבן מיר געזען די פלאַמען פון דער ברענענדיקער שול און יידישע הייזער.

לערך אַ שעה שפּעטער בין איך אַרויס אין גאַס זען וואָס ס׳הערט זיך.

אַרויסגייענדיק פון שטוב האָב איך געזען אַ לויפנדיקן ייד מיט אַ פאַר־סמאַליעט פּנים, אַ צעבלוטיקטן, אַ צעשלאָגענעם. אַ המון גויים איז אים נאָכ־געלאָפן און דער ייד האָט געשריגן: יידן, ראַטעוועט! איך האָב אָנגעכאַפּט דעם ייד ביי די בגדים און געפרוווט אים אַריינשלעפן אין אונדזער שטוב. די גויים האָבן דעם אומגליקלעכן ייד אַרויסגעריסן פון מיינע הענט און געיאָגט אים ווייטער. ווייזט אויס, אַז איך האָב דאַן געשריגן, — ווייל מיין מאַמע איז אַרויס פון שטוב, מיינענדיק, אַז עפּעס האָט פּאַסירט מיט מיר. מיין מאַמע האָט נאָך באַוויזן צו זען ווי מען יאָגט דעם צעשלאָגענעם ייד. זי האָט אים דערקענט און אויסגעשריען פאַרצווייפלט: — דאָס איז דאָך ר׳ משה׳לע!

דאַן האָב איך זיך דערוויסט, אַז דאָס איז געווען משה׳לע דעם בעלזער רב׳ס זון.

די כוליגאַנעס האָבן צום סוף אים געכאַפּט און אַריינגעוואָרפן לעבעדיקער־הייט אין דער ברענענדיקער שול, ווו ער איז אומגעקומען מיט נאָך 40 יידן.

## אַליין פאַר זיך געגראָבן קברים

ביז נאָוועמבער 1941 איז אין פּרעמישלאַן געווען פאַרהעלטנישמעסיק רויִק. מען האָט געמוזט טראָגן אויפן אַרבל אַ ווייסן באַנד מיט אַ געלן מגן־דוד, און פון צייט צו צייט האָט מען געכאַפּט אויף אַרבעט. מיך אַליין האָט מען עטלעכע מאָל געכאַפּט אויף אַרבעט, ווי וואַשן בריקן, רייניקן גאַסן א.א.וו. די אַרבעטן זענען נישט געווען באַזונדער נויטיק און זייער ציל איז געווען בעיקר דערני־דעריקן יידן. אָבער אין פאַרגלייך מיט דעם, וואָס עס איז געשען שפּעטער, איז די צייט געווען דערטרעגלעך.

אָנהויב נאָוועמבער 1941 האָט דער „יודנראַט" באַקומען אַ באַפעל, אַז אַלע יידן אין עלטער פון 18 ביז 60 יאָר דאַרפן זיך רעגיסטרירן. מיר האָבן געגלויבט, אַז די רעגיסטראַציע איז פאַרבונדן מיט אַרבעט. מיין טאַטע, מיין ברודער אַברהם און מיין שוואָגער האָבן נישט געאַרבעט, האָבן זיי דעריבער באַשלאָסן זיך נישט צו רעגיסטרירן. זיי זענען אַנטלאָפן פון פּרעמישלאַן און זיך באַהאַלטן אין אַ דאָרף. אַזוי ווי מיין ברודער קאָפּל האָט זיך יאָ רעגיסטרירט, ווייל ער האָט געאַרבעט אין אַן אוקראַאינישן קאָאָפּעראַטיוו, איז ער געווען זיכער,

אַז אַלס אַרבעטנדיקן, וועלן די דייטשן אים אין ערגעץ נישט פאַרפירן. זעענדיק, אַז ער איז נישט געקומען אַהיים אויף מיטאָג, בין איך אים געגאַנגען זוכן. צוקומענדיק צו אַ שולע וווּ עס איז געווען אַ גרויסער הויף, האָב איך געזען הונדערטער יידישע מענער אַרומגערינגלט דורך ס.ס.־לייט. איך בין צוגעגאַנגען צו איינעם פון זיי און אים געבעטן באַפרייען מיין ברודער. ער האָט מיר געזאָגט: „פרוילייך, זי קענן רויִק נאָך האַוּזע גיין, עס ווירד אים ניכטס פאַסירן, מאַן ווירד זי נור צוּ אַרבייט נעמען...”

נאָכמיטאָג האָט מען די אַלע צוזאַמענגעטריבענע יידן אַרויסגעפירט אין אַ וואַלד נישט ווייט פון פּרעמישלאַן. איך בין זיי נאָכגעגאַנגען פונדערווייטנס אויף צו זען וווּ מען פירט זיי, באַוואַכט דורך דייטשע ס.ס.־לייט און אוקראַיִנישע פּאָליציאַנטן.

אין וואַלד האָט מען די יידן געגעבן רידלס (לאָפּעטעס) און זיי באַפוילן פאַר זיך אַליין גראָבן קברים. קרוב צו טויזנט יידן פון פּרעמישלאַן, זענען יענעם טאָג דערשאָסן געוואָרן אין וואַלד און באַגראָבן געוואָרן אין אַ ריזיקן ברידער־קבר. צווישן זיי איז געווען מיין ברודער קאָפּל און נאָך בעלזער יידן, וואָס ליידער געדענק איך נישט זייערע נעמען.

צומאָרגנס איז צו אונדז דערגאַנגען די ביטערע בשורה, אַז אַלע פאַר־האַפטעטע מענער זענען אויסגעמאָרדעט געוואָרן. עטלעכע פּרעמישלאַנער פרויען זענען געגאַנגען אין וואַלד אַריין זוכן זייערע נאָענטע. פון וואַלד האָט מען אויף זיי געעפנט אַפייער. פיר פרויען זענען דערשאָסן געוואָרן.

## אַרויסגעשפּרונגען פון לויפנדיקן צוג

פרילינג 1942 האָט אין פּרעמישלאַן געהערשט אַ שרעקלעכער הונגער. קליינע קינדער פלעגן אַרומלויפן איבער די גאַסן און בעטן ביי די גויים אַ שטיקל ברויט אָדער אַ פּערטל קאַרטאָפל. געשוואָלענע פון הונגער זענען מענטשן געשטאָרבן אין די גאַסן. איך אַליין האָב געזען צענדליקער מענטשן, געשוואָלענע, זיצן אויף דער גאַס, וואַרעמען זיך אַקעגן דער זון, און פּלוצים פאַרמאַכן די אויגן אויף אייביק.

מיט אונדז אין פּרעמישלאַן איז געווען מיין פעטער בעריש פישלער, זיין פרוי שרה און זייערע דריי טעכטער: שיינדל, גליקל און רוזשע. אין יענער שווערער הונגער־צייט האָבן זיי פאַרלאָזן פּרעמישלאַן און צוריקגעפאָרן קיין סאָקאָל. פון דאַן האָב איך זיי מער נישט געזען. שפּעטער האָט מען אונדז איבערגעגעבן, אַז אין איינע פון די אַקציעס אין סאָקאָלער געטאָ, האָט מען געכאַפּט מיין מומע שרה און אירע טעכטער שיינדל און רוזשע און זיי געפירט קיין בעלזשעץ. נאָענט צו ראַוואַ־רוסקאַ זענען שיינדל און רוזשע אַרויסגע־שפּרונגען פון דער לויפנדיקער באַן. מען האָט זיי נאָכגעשאָסן און זיי זענען

פאַרווונדעטע געוואָרן. מיר האָבן זיך זייער געפרייט דערוויסנדיק זיך, אַז די צוויי פאַרווונדעטע מיידלעך געפינען זיך אין ראַוואַ־רוסקאַ. אָבער נישט לאַנג האָט געדויערט אונדזער פרייד. אַ קורצע צייט שפּעטער איז אין ראַוואַ־רוסקאַ פאָרגעקומען אַן אַקציע און די ערשטע האָט מען גענומען די קראַנקע און פאַרווונדעטע פון שפּיטאָל. צווישן זיי זענען געווען מיינע צוויי קוזינעס. שפּעטער זענען אויך אומגעקומען דער פעטער בעריש, די מומע שרה און זייער דריטע טאָכטער — איך ווייס נישט גענוי ווו און ווען.

### „יודען־ריין אַקציע"

סוף מאַי 1943 איז אין פּרעמישלאַן דורכגעפירט געוואָרן די „יודען־ריין"־אַקציע. דאָס איז געווען דער נאָמען וואָס די דייטשן האָבן געגעבן דער אַקציע, נאָך וועלכער עס זענען מער נישט פאַרבליבן קיין יידן אין שטעטל. אַ טאָג פאַר דער דאָזיקער אַקציע, זענען מיין מאַמע, מיין ברודער אברהם, די שוועסטער מיטן מאַן און קינד אַנטלאָפן צו אַ באַקאַנטן גוי אין דאָרף אסטאלאוויצע, 12 ק"מ פון פּרעמישלאַן. דער טאַטע איז געבליבן אין געטאָ. ער האָט געטענה'ט: עס האָט נישט קיין זין צו אַנטלויפן, סייווי וועט דער שונא אונדז דערגרייכן.

איך געדענק, אַז זייט די ערשטע טעג האָט מיין טאַטע זיך נישט געמאַכט קיין אילוזיעס. ער האָט נישט געגלויבט, אַז עס וועט אונדז געלונגען זיך צו ראַטעווען. באַלד ווען מ'האָט דערהרגעט מיין ברודער קאָפּל האָט דער טאַטע געזאָגט: בלויז אים האָט היטלער געמיינט? אַלע יידן וויל ער אומברענגען.

דער טאַטע איז דערפאַר נישט אַוועק אין דאָרף, ער איז געבליבן אין געטאָ און זיך באַהאַלטן אין אַ בונקער. נאָך עטלעכע טעג, ארויסגייענדיק פון בונקער, און נישט טרעפנדיק מער קיין יידן, האָט ער זיך געלאָזט גיין קיין אסטאלאוויצע. דאָרט האָט אים אַ באַקאַנטער גוי געזאָגט, אַז נעכטן איז ביי אים געווען מיין ברודער און היינט וועט ער נאָכאַמאָל קומען. ער ווייסט נישט — האָט געזאָגט דער גוי — ווו דער ברודער געפינט זיך, אפשר אין וואַלד, אפשר ערגעץ אַנדערש — אין דאָרף, אָבער ער קומט צו אים, צום גוי, פון צייט צו צייט. עטלעכע שעה שפּעטער, אין דער פינצטער, איז טאַקע מיין ברודער אברהם געקומען און גענומען דעם טאַטן מיט זיך.

צומאָרגנס האָט מען מיין גאַנצע משפּחה אויסגעמאָרדעט. דאָס איז געווען אָנהויב יוני 1943. וועגן טראַגישן גורל פון מיין משפּחה האָבן מיר דערציילט מיט אַ צייט שפּעטער גויים פון דעם זעלבן דאָרף.

איך האָב זיך געראַטעוועט, ווייל אין יענער צייט בין איך געווען אין צוואַנגס־אַרבעטס־לאַגער קוראָוויצע. זומער 1943, בעת דער ליקווידאַציע פון לאַגער, בין איך אַנטלאָפן אין וואַלד און זיך אָנגעשלאָסן אָן די פּאַרטיזאַנער. כ'בין געווען מיט די פּאַרטיזאַנער ביז זומער 1944, ווען די רוסן האָבן אונדז באַפרייט.

אהרן משה קוק
בני־ברק

# בעלזער אין ראַוואַ־רוסקאַר געטאָ

ר׳ הערש־לייב האָט געאַרבעט ביי ר׳ אהרן שיע אין דער סאָדעוואַסער־פאַבריק. ר׳ הירש־לייבס זון (ליידער געדענק איך נישט ווי ער האָט געהייסן) האָט געאַרבעט ביי ר׳ אהרן סאַמבול אַלס קאָטלער. ווען אַלע יידן זענען אַנטלאָפן פון בעלז איז ער, צוזאַמען מיט דער פאַמיליע סאַמבול אַוועק קיין ראַוואַ־רוסקאַ און אויך דאָרט געאַרבעט אַלס קאָטלער. ער איז געווען אין געטאָ. שפעטער האָט מען אים אַוועקגעשיקט קיין בעלזשעץ.

✶

יהושע שמש׳ס איידעם איז געווען ביז דער לעצטער צייט שמש אין בעלז. ער האָט געשטאַמט פון פאָטעליטש. צוזאַמען מיט זיין פרוי און פיר קליינע קינדער איז ער געווען אין געטאָ ראַוואַ־רוסקאַ. פון דאָרט האָט מען אים אַרויסגעשיקט קיין בעלזשעץ.

✶

אהרן קלמן רייזער, דער זון פון מאיר וואַסערפירער איז געווען צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינדער אין געטאָ ראַוואַ רוסקאַ. אַלע האָט מען זיי אַרויס־געשיקט קיין בעלזשעץ.

✶

ר׳ נחמן שמש איז אויך געווען אין געטאָ ראַוואַ רוסקאַ. צוזאַמען מיט זיין פרוי הינדע און זיינע 2 קינדער האָט מען אים אוועקגעשיקט קיין בעלזשעץ.

✶

ר׳ אַהרן סאַמבולס פרוי פרימטשע מיט אירע דריי קינדער — וואַלטשע, משה׳לע און סערקעלע — זענען געווען אין ראַוואַ־רוסקער געטאָ. פון דאָרט האָט מען זיי אַרויסגעפירט קיין בעלזשעץ.

✶

אַזשע שטאַלהאַמער, שמואל יוסף״ס זון (שמואל יוסף איז געווען דער הויפט פריזירער אין בעלז, בעיקר פאַר די פרומע און אויך דער ראש פון די כלי־זמרים. ער איז געווען אַ פידלער) איז אויך געווען אין ראַוואַ־רוסקאַ, צוזאַמען מיט

זיין פרוי און 2 קינדער. אויך אין געטאָ איז ער געווען אַ פריזירער. **בעת דער ליקווידאַציע פונעם געטאָ האָט מען אים צוזאַמען מיט דער משפחה געשיקט קיין בעלזשעץ.**

✶

משה שטאַנגער מיט זיין פרוי און 2 קינדער, יינגלעך, **האָבן געלעבט אין געטאָ און געאַרבעט אין פאַטעליטש, אין קוילנגרובן. בעת דער ליקווידאַציע** פונעם געטאָ האָט מען זיי אַרויסגעשיקט קיין בעלזשעץ.

✶

העשעלעס מיט פרוי און קינדער איז געווען אין ראַוואַ־רוסקאַ. **פון דאָרט** זענען זיי אַוועק קיין לעמבערג, ווו מ׳האָט זיי אַלע דערשאָסן אויפן יאַנאָווער בית־עולם.

מלכה רוזנבלום

## „שמע ישראל" בדרך לבית הקברות

בסתיו 1939 ברחתי יחד עם הורי מבלז לסוקאל. כעבור חודש עברנו ללבוב. התפרנסנו שם ממסחר. קשים היו החיים תחת שלטון הרוסים. הסובייטים פירסמו צו כי הפליטים שרוצים להישאר באיזור שלטונם חייבים לקבל אזרחות סובייטית, ואילו האנשים שביקשו לחזור למקומות מגוריהם הקודמים נעצרו והוגלו לסיביר. אנחנו נסענו מרצוננו למגניטוגורסק. זה היה בשנת 1940. עקב התנאים הקשים ששררו שם החלטנו לחזור לפולין, כלומר לאיזור הגרמני. הגענו לעיירה קאז׳ובה הסמוכה לטרנופול.

הגרמנים הקימו גיטו בעיירה, ובלזאים רבים היו שם. בין השאר פגשתי את הירש מטישקוב, דומני — יחד עם אמו; את יהושע רוזן ואשתו, את משפחת דורנברג ואת יצחק השען עם משפחתו.

מצאתי עבודה בבית־חולים שהקימו הרוסים בזמן שהעיירה היתה תחת שלטונם. עבדו בו גם יהודים, אבל משהשתלטו הגרמנים על העיר סולקו העובדים היהודים. לי נתנו להמשיך בבית־החולים בשל היותי אחות טובה ומנוסה.

בשנת 1942 החלו ה„אקציות" בגיטו. מפעם בפעם באו אנשי הגסטפו ויחד עם המשטרה היהודית הלכו מבית לבית ואסרו קודם את הפליטים ואחר־כך גם את אנשי המקום.

ב,,אקציה" הראשונה נספתה משפחתי.

בית־החולים בו עבדתי היה קרוב לתחנת המשטרה, לשם הביאו את היהודים החטופים. בהתמלא המכסה שקבעה הגסטפו, סידרו את האנשים ארבעה בשורה והוליכום לבית־העלמין. בדרך ספגו מכות בלי הרף.

בעיני ראיתי את אמי, את אחותי ושני ילדיה ואת אחי, בדרכם לבית־הקברות. גם רב העיר היה בין הנידונים למוות וכל הזמן קרא ,,שמע ישראל". כשעברו לפני בית־החולים הרימה אחותי עיניה אל המקום בו עבדתי, וגם אני הבטתי אליה. לבי נחמץ מרוב יסורים ופרצתי בבכי. האחיות והרופאים סילקוני מהחלון.

אוקראיני אחד סיפר לי אחר־כך, שבבוא האנשים אל בית־העלמין ציוו עליהם אנשי הגסטפו לחפור בורות, לאחר מכן הורו להם להתפשט ערומים כביום היוולדם ורצחום ביריה. הוא עצמו, אמר לי, השתתף יחד עם אוקראינים אחרים באותה ,,אקציה".

אני רשאית לומר שרק בדרך נס ניצלתי, אולי תודות לכך שהייתי עובדת טובה ומסורה, והאחיות והעובדים הפולניים בבית־החולים עזרו לי להתחמק מה,,אקציות" כאשר היהודים נדרשו להתייצב. הם ציידו אותי במסמכים אריים, שאיפשרו לי לנסוע לעבוד בגרמניה. הם אף ליוו אותי לתחנת הרכבת.

ניירותי היו על שם שיקסה אוקראינית שבאה הביתה לכמה ימי חופש. הואיל והוריה היו מרוצים שתמורת המסמכים לא תצטרך לחזור לגרמניה, הסכימה ברצון למסור לי את ניירותיה. בשבילי היה למסמכים אלה ערך מיוחד, משום שהיה כתוב בהם שכבר ,,הייתי" בגרמניה, ועובדה זו הקלה בהרבה את הביקורת במעבר לגרמניה.

ואכן בגרמניה ,,החזירו" אותי מיד לבית־החרושת בו עבדה הנערה אשר את שמה נשאתי עתה. זה היה בית־חרושת לסוכר בהאלה, בקירבת לייפציג, בו עבדו פולנים ואוקראינים. הפולנים עבדו מאונס, הם הובאו לגרמניה בעל כורחם, ואילו האוקראינים באו מרצונם הטוב. הייתי יהודיה יחידה בין 800 איש שעבדו באותו בית־חרושת.

התגוררתי בביתן יחד עם 80 שיקסות. דיברתי אתן אוקראינית. התנהגותן של הנשים הפולניות היתה תקינה, שהרי אף הן נמצאו כאן בעל כורחן. לעומתן, לא פסקו הנשים האוקראיניות לדבר סרה ביהודים. המלה ,,ז'יד" שתמיד הגו אותה באיבה לא פסקה מפיהן.

שכר העבודה שקיבלנו הספיק ללחם צר ומים לחץ. בכל ימות השבוע צריכות היינו להיות בבית מגורינו בשעה תשע בערב, ורק ביום ראשון הותר לנו לחזור בשעה אחת־עשרה. הפולניות חייבות היו בכל שבעת ימי השבוע להיות בביתן בשעה שבע בערב.

האוכל במחנה היה דל ותפל, אך היה בו כדי להחזיק מעמד. עבדנו 12

שעות ביום. עבודתי היתה שקילת סוכר לחבילות בנות קילו. אצבעותי נצרבו מרוב שימוש בסוכר ששרף ממש את בשרן.

כל הזמן הייתי שרויה בפחד. כל ביקורת הטילה עלי אימה. כדי להתחמק ככל האפשר מהביקורת הקדמתי לשכב לישון. פעם אחת העיר אותי מפקד המחנה ושאל אותי לשמי. אמרתי לו את שמי המזוייף. הוא הוסיף לשאול על שם אבי ואמי, ודווקא השמות האלה שהיו רשומים בניירותי נשכחו מלבי. נבוכותי. יצאתי איכשהו מהביקורת בשלום, אך שיקסה אחת, שכנתי, שהרגישה במבוכתי התחילה לעקוב אחרי יתר על המידה. כנראה חשדה בי כי אני יהודיה. כעבור זמן מה, בגלל איזה חטא שחטאה, שולחה למחנה. כל הזמן פחדתי שמא תלשין עלי, כדי להקל בכך על עונשה. אך לשווא פחדתי. היא לא הסגירה אותי.

מלכה ראָזענבלום

## פון רוסלאַנד צוריק קיין פוילן

אין יאָר 1939 האָב איך, צוזאַמען מיט מיינע עלטערן, פאַרלאָזן בעלז און מיר זענען געקומען קיין סאָקאַל. אין אַ חודש אַרום זענען מיר אַוועקגעפאָרן קיין לעמבערג. דאָרט האָבן מיר געצויגן אונדזער חיונה פון האַנדל. מען האָט זיך זייער געמוטשעט. שווער איז געווען דאָס לעבן ביי די רוסן.

די סאָוויעטן האָבן אָנגעהויבן איינפירן פּאַספּאָרטן. די, וואָס האָבן באַשלאָסן צו בלייבן, האָבן באַקומען פּאַספּאָרטן, דאַקעגן די מענטשן, וואָס האָבן געוואָלט צוריק אַהיימפאָרן, האָט מען אַרעסטירט און געשיקט קיין סיביר. מיר זענען אַליין געפאָרן קיין מאַגניטאָגאָרסק. דאָס איז געווען אין יאָר 1940. צוליב די שווערע באַדינגונגען, האָבן מיר באַשלאָסן צוריקצופאָרן קיין פוילן. מיר זענען אָנגעקומען קיין קאַזשובאַ, ביי טאַרנאָפּאָל.

די דייטשן האָבן איינגעאָרדנט אין שטעטל אַ געטאָ פאַר יידן. דאָרט זענען געווען אַ סך בעלזער. צווישן זיי האָב איך געטראָפן הערש טישקאָווער, דוכט זיך — מיט זיין מוטער, יהושע ראָזען מיט זיין פרוי, די משפחה דאָרנבערג, איציק זייגערמאַכער מיט זיין משפחה.

איך בין אַוועק אַרבעטן אין אַ שפּיטאָל, וואָס די רוסן האָבן איינגעאָרדנט. ווען די רוסן זענען דאָרט געווען האָבן דאָרט אויך געאַרבעט יידן, אָבער ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען די שטאָט, האָט מען זיי באַזייטיקט. מיך האָט מען איבערגעלאָזט אַרבעטן ווייל איך בין געווען אַ גוטע קראַנקן־שוועסטער.

אין יאָר 1942 האָבן זיך אָנגעהויבן די „אַקציעס" קעגן יידן. יעדע פּאָר חדשים איז געקומען געסטאַפּאָ. צוזאַמען מיט יידישער פּאָליציי זענען זיי געגאַנגען פון שטוב צו שטוב און געכאַפּט מענטשן, קודם־כל די פּליטים, די נישט־אָרטיקע איינוווינער.

אין דער ערשטער „אַקציע" איז אויך אומגעקומען מיין פאַמיליע.

דאָס שפּיטאָל, ווו איך האָב געאַרבעט, איז געווען נעבן דער פּאָליציי. אַהין האָט מען געבראַכט די געכאַפּטע יידן, און ווען עס איז שוין געווען אויפן פּלאַץ די געהעריקע צאָל מענטשן, וואָס זיי האָבן באַשטימט, האָט מען זיי אויסגעשטעלט צו פיר אין אַ ריי און זיי אַוועקגעפירט אויפן הייליקן אָרט. אויפ׳ן וועג האָט מען זיי אָן אויפהער געשלאָגן.

איך האָב געזען ווי מען פירט מיין מאַמען, מיין שוועסטער מיט אירע צוויי יינגעלעך, מיין ברודער. מען האָט אויך געפירט דעם רב. ער האָט כסדר געשריען „שמע ישראל". ווען זיי זענען צוגעקומען צום שפּיטאָל האָט מיין שוועסטער אַרויפגעקוקט אין דער הויך, וווּ איך האָב געאַרבעט. איך האָב אַראָפּגעקוקט אויף איר. עס האָט מיך פאַרקלעמט ביים האַרצן און איך האָב אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. די קראַנקן־שוועסטער און די דאָקטוירים האָבן מיך אַוועקגעריסן פונעם פענצטער.

אַן אוקראַינער האָט מיר דערציילט, אַז מען האָט זיי אַלע אַוועקגעפירט אויפן בית־עולם. דאָרט האָט מען זיי געהייסן אויסגראָבן גריבער. דערנאָך האָט מען זיי געהייסן זיך אויסטאָן נאַקעט און דאַן האָט מען זיי אַלע דערשאָסן. אַזוי האָט מיר דערציילט דער אוקראַינער, וואָס איז אַליין געווען דערביי און זיך באַטייליקט אין דער „אַקציע" צוזאַמען מיט אַנדערע אוקראַינער.

איך האָב זיך געראַטעוועט מיט ניסים. איך בין געווען אַ גוטע אַרבעטערין. ווען די יידן האָבן זיך געדאַרפט צושטעלן, האָבן די פוילישע קראַנקן־שוועסטער און אַרבעטער מיר געהאָלפן. מען האָט מיר געשאַפן אַרישע פּאַפּירן, אויף וועלכע איך בין געפאָרן אַרבעטן אין דייטשלאַנד. זיי האָבן מיך אפילו באַגלייט צו דער באַן.

די פּאַפּירן זענען געווען אויפן נאָמען פון אַ שיקסל, וואָס איז געקומען אויף אורלויב. דאָס האָט גוט געקלאַפּט. די עלטערן פונעם שיקסל זענען געווען

צופרידן, וואָס זייער טאָכטער דאַרף נישט צוריקפאָרן, און זיי האָבן וועמען איבערצוגעבן אירע פּאַפּירן. פאַר מיר זענען די פּאַפּירן געווען געווונטשן, ווייל אויף זיי איז געווען אָנגעמערקט, אַז איך בין שוין געווען אין דייטשלאַנד, האָט מען ביים אַריינפאָרן נישט שטאַרק קאָנטראָלירט.

אין דייטשלאַנד האָט מען מיך גלייך אָפּגעפירט אין דער פאַבריק, ווו דאָס שיקסל האָט געאַרבעט. דאָס איז געווען אַ צוקער־פאַבריק, ווו עס האָבן געאַרבעט פּאָליאַקן און אוקראַינער. די פּאָליאַקן האָט מען געבראַכט מיט צוואַנג און די אוקראַינער זענען געקומען פרייוויליק. אויף 800 פּערזאָן, וואָס האָבן געאַרבעט אין דער צוקער־ראַפינעריע, בין איך געווען די איינציקע יידישע. די פאַבריק האָט זיך געפונען ביי לייפּציג־האַלע.

איך האָב געוווינט צוזאַמען מיט 80 שיקסעס. גערעדט האָב איך מיט זיי אוקראַיניש. מיט די פּוילישע פרויען איז געווען לייכטער אויסצוקומען. זיי האָט מען דאָך געבראַכט אַהער מיט צוואַנג. דאַקעגן די אוקראַינקעס האָבן כסדר גערעדט שלעכטס אויף יידן. מען האָט אָן אויפהער געהערט פון זיי: „זשידי. זשידי״.

פאַר דעם לוין וואָס מיר האָבן באַקומען, האָבן מיר געהאַט קוים אויף צום לעבן. אַ גאַנצע וואָך האָבן מיר געדאַרפט זיין צוריק אין אונדזער צוזאַמענוווינונג 9 אַ זייגער אין אָוונט. זונטיק איז אונדז געווען דערלויבט זיך אומצוקערן ביז 11 אַזייגער. די פּאָליאַטשקעס האָבן געמוזט קומען אַ גאַנצע וואָך ביז 7 אָוונט.

דאָס עסן אין לאַגער איז נישט געווען גוט, אָבער מען האָט געקענט בלייבן לעבן. געאַרבעט האָט מען ביז 12 שעה אַ טאָג. מיין אַרבעט איז באַשטאַנען אין וועגן צוקער צו קילאָדיקע פּעקלעך. דער צוקער האָט אויסגעברענט לעכער אין די פינגער.

איך האָב געלעבט אין כסדרדיקן פּחד. בעת יעדער קאָנטראָל האָב איך זיך געשראָקן. איך פלעג גיין פרי שלאָפן. איין מאָל איז געקומען דער לאַגער־פירער און מיך אויפגעוועקט פון שלאָף. ער האָט מיך געפרעגט, ווי איך הייס. איך האָב אים געזאָגט דעם פאַלשן נאָמען. דאַן האָט ער מיך געפרעגט, ווי מיין פאָטער און מוטער הייסן. דאָס האָב איך פאַרגעסן פון מיינע פּאַפּירן. איך האָב זיך צעמישט. אַ שיקסל דערלעבן האָט דערפילט, אַז עפּעס איז מיט מיר נישט אין אָרדענונג, און פון דעמאָלט אָן האָט זי מיך געהאַלטן אויפן אויג. זי האָט זיכער פאַרשטאַנען, אַז איך בין אַ יידישע. אין אַ צייט אַרום האָט מען זי אַרעסטירט פאַר עפּעס אַ חטא און מען האָט זי אַוועקגעשיקט, מסתמא אין אַ לאַגער. איך בין געווען כסדר אומרויִק, אַז זי וועט מיך אויסגעבן, כדי זיך צו ראַטעווען. זי האָט דאָס, ווייזט אויס, נישט געטאָן.

**חנה פרוינדליך**
**הרצליה**

# 20 חודש בבונקר

עזבנו את בלז לפני הימים הנוראים. היינו ששה אנשים: בעלי שלום ז״ל, בתי לאה תבל״א, שהיתה אז בת שנתיים וחצי, אבי (נפתלי מאוטנר) ע״ה, גרשון ז״ל, בנו של שלום מאשתו הראשונה, ואחי אברהם.

סוקאל היתה התחנה הראשונה בפרשת נדודינו. בסוקאל ישבנו חודש ימים בלבד. העיר היתה מלאה פליטים ופרצה מגיפת טיפוס שהפילה קרבנות רבים. החלטנו לעזוב את סוקאל ועברנו למוסט, שם שהינו 10 חודשים. האיכרים של הכפרים הסמוכים שהכירו את בעלי מקודם אגב מסחר התבואה, חידשו את הסחר עמו, ומצבנו הכלכלי שוב היה משביע רצון.

בסתיו 1940 הוצא צו מטעם השלטונות שהפליטים שלא יקבלו אזרחות סובייטית ייאלצו לעזוב את איזור הגבול הרוסי־גרמני עד 100 ק״מ. הואיל ולא היה בדעתנו להוציא דרכונים סובייטיים, נטשנו את מוסט ועברנו לזלוצ׳וב. בחרנו בזלוצ׳וב, כי שם גר אחי אמי חיים־לייב ז״ל. לא קבענו את דירתנו בזלוצ׳וב גופא, אלא בכפר קטן, בריחוק ארבעה ק״מ מהעיירה. אותו כפר שימש גם מקום קייט. שם נשארנו עד לשיחרורנו ע״י הצבא האדום בשנת 1944.

כשפרצה המלחמה הגרמנית־סובייטית לא ברחנו עם הצבא הרוסי הנסוג. היפשנו דרך להישאר באיזור הכיבוש הגרמני. נשארנו באותו כפר, חורודילוב, בו התגוררנו 10 חודשים. עד לפרוץ המלחמה מצאו בו מקלט מספר ניכר של יהודים, אבל עם נסיגת הצבא האדום נסו כולם. היינו המשפחה היהודית היחידה שנשארנו בכפר. למזלנו לא הסגירה אותנו האוכלוסיה המקומית לגרמנים. כן הוספנו לגור בביתו של הגוי בו גרנו כל הזמן, תמורת שכר דירה גבוה.

18 חודשים התהלכנו חופשיים, אם כי מפקידה לפקידה היו חיילים גרמניים באים לכפר להחרים תוצרת חקלאית אצל האיכרים. מדי פעם, כשהגרמנים עמדו לפקוד את הכפר, היה בעל־הבית שלנו מקדים להזהירנו. הגברים התחבאו בבית אחר, ריק, שהיה בקירבת מקום, רק אני והילדה לא הסתתרנו. אני לבשתי בגדי איכרה ואת הילדה מסרתי לבתו של הגוי (עליה יסופר להלן) שחיבבה אותה מאוד. אין זאת שבתור איכרה לא עוררתי חשד אצל הגרמנים.

הסיבה, או אחת הסיבות, שהאוכלוסיה הכפרית לא הסגירה אותנו, היתה שהיינו בני חסותו של ראש הכפר, וטעמו ונימוקו עמו. שכן מדי פעם היה אבי ז״ל מביא לו דורון — קילו טבק, אשר בימי המלחמה היה זה מוצר יקר־ערך מאוד. זה היה המחיר שנקב לא לרשום אותנו כתושבי הכפר. רשמית

לא היינו קיימים. כנראה שהשפעתו על תושבי כפרו היתה כה רבה שאיש מהם לא העז להלשין עלינו.

מזמן לזמן ערכו הגרמנים „אקציות" בזלוצ׳וב והסביבה, עד שהאיזור כולו הפך „יודענריין" (נקי מיהודים). רק יהודים מעטים הצליחו להמלט מידי הגסטפו ולהסתתר אצל גויים.

עם חיסולו של גיטו זלוצ׳וב בא אלינו ראש־הכפר ואמר לנו בצורה חד־משמעית שעלינו לעזוב את הכפר, מכיוון שהסתרת יהודים דינה דין מוות. ניצבנו בפני מצב טראגי ביותר: לא יכולנו להשאר בכפר ואילו עזיבתו משמעותה נפילה בידי הגרמנים.

האיכר אשר בביתו התגוררנו במשך כל הזמן היה אדם זקן, וחוץ מאשתו גרה אתם בת נשואה שבעלה נטש אותה. לא היו לה ילדים. כמסופר לעיל אהבה מאוד את לאה׳קלה שלי, ובכל עת שהגרמנים ערכו חיפושים בכפר היתה נוטלת את הילדה והולכת עמה לכפר אחר.

כנאמר, היה עמנו גרשון, בן בעלי מאשתו הראשונה. הוא היה בחור יפה והיטיב לרקוד. באחד הימים אירגן הכפר נשף ריקודים וגרשון היה בין המוזמנים. בנשף פגש את כלתו של בעל־הבית שלנו, סיפר לה על המצב בו אנו שרויים וביקש ממנה עצה. היא הסכימה להסתיר בביתה אותו ואת בעלי, ולא עוד אלא גם השפיעה על בעלה, בנו של בעל הבית שלנו, שישכנע את אביו להסתיר אותי ואת בתי. לצורך זה בנו בונקר עבור שתינו. בהסתר העברנו אל הבונקר גם את אבי. אחי אברהם התחבא במקום אחר, והנה, כעבור יומיים בא אלינו משום שלא יכול היה להשאר עוד במקום שהיה. בעל־הבית התנגד בכל תוקף לתת מחסה גם לאחי. באין כל אפשרות לרכך את התנגדותו של הגוי, אמרתי לו: שמע, אם לא תרשה לאחי להיות בבונקר יחד אתנו, מאיים הוא להלשין על כולנו, והלא אתה יודע שבעד הסתרת יהודים יהרגו הגרמנים גם אותך ואת בני משפחתך. הגוי נבהל ומחוסר ברירה נאות שאחי יימצא אתנו בבונקר.

לא בחינם החזיק אותנו הגוי בחצרו. במשך הזמן סחט מאתנו עד לפרוטה האחרונה (יש לציין שעם בואנו לכפר היה עמנו סכום כסף ניכר). כשאזל הכסף רצה הגוי לגרש אותנו. נקטתי באמצעי האחרון שהיה בידי. ביודעי מה רבה היתה אהבת בתו לילדתי הבטחתי לה את בתי כמתנה אם אביה יתן לנו להמשיך בבונקר. נימוקי היה: בין כך, במצב הקיים אין כל סיכויים שנשאר בחיים, ואם נגזר עלי למות מידי הגרמנים אתנחם בכך שבתי תשאר בחיים ותהיה בידיים טובות ונאמנות. הבת קיבלה את הצעתי, כי אף היא היתה בטוחה שלא נשאר בחיים.

עשרים חודש היינו, אני, בתי, אבי ואחי אברהם, בבונקר אחד, ובעלי וגרשון בבונקר אחר. לילה אחד העז בעלי, בחסות החשכה, לצאת ממחבואו ולהגיע אל הבונקר שלנו כדי לדעת אם שלום לנו. מעשה שטן הבחין בו גוי

אחד. הוא היה בסכנה גדולה, ושוב תודות להתערבותה הנמרצת של בת בעל־הבית שלנו, כלומר „אמא של לאה׳קלה״, לא הסגירו הגוי. השבעתי את בעלי לבל יעז לעשות עוד נסיון כזה. כך היינו במשך עשרים חודש נפרדים זה מזה באותו כפר.

זמן מה לפני כניסתנו לבונקר, בהרגישנו שהמצב הולך ומחמיר, פשטנו, אני ואחי, בכפרים הסמוכים וקנינו כמויות עצומות של מצרכי מזון: תבואה, דוחן, שעועית, עדשים ועוד. בהיותנו בבונקר מסרנו את המצרכים לבעלי־הבית שלנו, והם החזירו לנו משהו ממה שנתנו להם, אפוי ומבושל, רק כדי להחזיק את הנשמה. וגם זאת בזכותה של הילדה, שהגויה הצעירה קיוותה שתהיה שלה.

אבי, שכבר אז היה אדם זקן, היה צם כל יום שני וחמישי, וכל היום אמר תהילים, כדי לחסוך פרוסת לחם וכף תבשיל. כוחותיו תשו עד כדי כך שעשרה ימים לפני השיחרור גווע מרעב. אחי והגוי הוציאוהו מן הבונקר ובלילה כרו לו קבר בפינה סמויה בחצר.

בחודש יולי 1944 כבשו הרוסים את זלוצ׳וב. הגויה הצעירה באה לבשר לנו כי הרוסים שולטים בסביבה וכי אנחנו יכולים לצאת מן הבונקר. לא האמנו לה, חשבנו שהיא זוממת להוציאנו במרמה. אחריה בא אביה ואף הוא אמר לנו שאנו חופשיים. לא נתנו אמון גם בדבריו ופהדנו לעזוב את מסתורנו. בראותו שאין הוא יכול לשכנענו שלח אלינו סרן של הצבא האדום, יהודי, שדיבר אלינו יידיש. הוא אמר לנו שאנו חופשיים, שכן הצבא האדום כבש את האיזור כולו. רק למשמע דבריו יצאנו מן הבונקר בו ישבנו עשרים חודש.

ועוד אמר לנו הסרן: מכיוון שבאיזור עוד ניטשים קרבות, יבוא אלינו לעת ערב, אם יראה שיש צורך בכך יקח אותנו לברוד. אלא שבמשך היום התקדמו הרוסים במהירות והקרבות בסביבה שככו. החלטנו להשאר לעת־עתה בכפר.

במשך כל הזמן הבטחתי לגוי שאשלם לו טבין ותקילין, בדולרים, עבור החסד הרב שעשה עמנו. אמרתי לו שיש לי אחים עשירים באמריקה ועם תום המלחמה ישלחו לנו כסף ואשלם לו. עפ״י דרישתו חתמתי על נייר, בו התחייבתי לשלם לו אלף דולר.

לאחר השיחרור עוד נשארנו תשעה חודשים באותו כפר. הגוי הפציר בנו להשאר. הוא טען: „אני הצלתיכם, עכשיו אתם צריכים להשאר אתנו״. התחלנו לסחור עם האוכלוסיה המקומית, הרווחנו יפה וגמלנו לגוי ביד רחבה.

סו״ס עזבנו את הכפר ועברנו לזלוצ׳וב. בזלוצ׳וב שהינו זמן קצר ועברנו לגלייוויץ (שלזיה העליונה). היינו בגלייוויץ עד שנת 1949. משפחתנו בארגנטינה שלחה לנו רשיונות הגירה לפאראגוואי, וכך יכולנו לעזוב את פולין. הגענו לפריז, ושם נתברר כי הממשלה הפאראגוואית שינתה את דעתה ואינה מכירה ברשיונות הכניסה שהיא עצמה הוציאה לפני כן. בינתיים קמה מדינת ישראל והחלטנו לא להמתין עוד ולעלות לארץ. רק גרשון נשאר בפריז, שם נשא בת למשפחה בלזאית והקים משפחה. לפני כשלוש שנים מת אחרי מחלה ממושכת. יהי זכרו ברוך.

**חנה פרוינדליך**
**הרצליה**

# 20 חדשים אין בונקער

מיר האָבן פאַרלאָזט בעלז נאָך פאַר די ימים טובים. מיר זענען געווען 6 פערזאָן: מיין מאַן שלום ז״ל, מיין טאָכטער לאה׳קעלע צו לענגערע יאָר, וואָס איז דאַן אַלט געווען צוויי און האַלב יאָר, מיין טאַטע (נפתלי מאונטער) ע״ה, גרשון ז״ל, שלום׳ס זון פון דער ערשטער פרוי, און מיין ברודער אברהם.

מיר זענען אַוועק קיין סאָקאַל. דאָרט זענען מיר געווען נישט מער ווי איין חודש. צוליב דעם אַנגעלויף פון אַ סך פּליטים, איז אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע, וואָס האָט פאַראורזאַכט נישט ווייניק קרבנות. מיר האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן סאָקאַל און זענען אַוועק קיין מאָסט. אין מאָסט זענען מיר געווען 10 חדשים, געוווינט באַ א גוי. קיין פרנסה האָט אונדז נישט געפעלט. די גויים פון די אַרומיקע דערפער האָבן גוט געקענט שלום׳מען, האָבן מיט אים פריער געהאַנדלט און אַגב, שולדיק געבליבן אַ סך געלט. מיר האָבן פּאַקטיש באַנייט דעם האַנדל מיט די דאָרפישע גויים, בעיקר מיט תבואה, אונדזער מסחר פון פריער.

הערבסט 1940 האָבן די רוסן אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז די וואָס וועלן נישט אָננעמען סאָוויעטישע בירגערשאַפט און אַרויסנעמען סאָוויעטישע פּאַס־פּאָרטן, דאַרפן זיך דערווייטערן לפחות 100 קילאָמעטער פון דער רוסיש־דייטשער גרענעץ. נישט וועלנדיק אָננעמען סאָוויעטישע בירגערשאַפט, זענען מיר אַוועק קיין זלאָטשעוו. מיר האָבן אויסגעקליבן זלאָטשעוו, ווייל דאָרט האָט געוווינט מיין מאַמעס ברודער חיים לייב ז״ל. מיר האָבן זיך נישט באַזעצט אין זלאָטשעוו גופא, נאָר אין אַ קליין דאָרף, 4 קילאָמעטער פונעם שטעטל. דאָס דאָרף האָט אויך געדינט זומער אַלס דאַטשע. דאָרט זענען מיר געווען ביז צו דער באַפרייונג, ד.ה. ביז די רויטע אַרמיי האָט אין 1944 פאַרנומען פּוילן.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די דייטש־רוסישע מלחמה, זענען מיר נישט אַנטלאָפן מיט דער זיך צוריקציענדיקער רויטער אַרמיי, נאָר זיך געזוכט ווי עס איז איינצואָרדענען אין דער זאָנע פון דער דייטשער אָקופּאַציע.

מיר זענען געבליבן אין זעלבן דאָרף ווו מיר האָבן געוווינט די פריערדיקע 10 חדשים. אין דאָזיקן דאָרף, כאָראָדילאָוו, האָבן זיך אויפגעהאַלטן אַ גרעסערע צאָל יידן, אָבער מיטן אויסברוך פון דער דייטש־רוסישער מלחמה, זענען זיי אַלע אַנטלאָפן. מיר זענען געבליבן די איינציקע יידישע פאַמיליע אין דאָרף. צום גליק האָט אונדז די אָרטיקע באַפעלקערונג נישט אויסגעגעבן. מיר זענען

געבליבן ווינען ביים זעלבן גוי ווו מיר האָבן געוווינט פריער, פאַרשטייט זיך פאַר אַ גוטן פרייז.

אין משך פון 18 חדשים האָבן מיר געלעבט אויף דער פריי, נישט קוקנדיק וואָס יעדעס מאָל פלעגן דאָס דאָרף באַזוכן דייטשע סאָלדאַטן צו נעמען פּראָדוקטן ביי די פּויערים. יעדעס מאָל ווען עס האָבן זיך באַוויזן דייטשן אין דאָרף פלעג דער גוי אונדז מודיע זיין צייטלעך. די מענער פלעגן זיך באַהאַלטן אין אַן אַנדער שטוב וואָס איז דאָרט געווען. איך בין געווען די איינציקע, וואָס האָב זיך נישט באַהאַלטן. איך בין געגאַנגען אָנגעטאָן ווי אַ פּויערטע און דאָס קינד פלעג איך אַוועקגעבן דעם גוי׳ס טאָכטער (וועגן וועלכער איך וועל שפּעטער דערציילן), וואָס זי האָט עס זייער ליב געהאַט. ווייזט אויס, אַז מיין אויס־זען האָט נישט אַרויסגערופן קיין פאַרדאַכט ביי די דייטשן.

די סיבה, אָדער איינע פון די סיבות, וואָס די דאָרפישע באַפעלקערונג האָט אונדז נישט אויסגעגעבן איז געווען, וואָס מיר האָבן געהאַט אָפּגעקויפט דעם וויט (עלטסטן פון דאָרף). אַלעמאָל פלעג מיין טאַטע ע״ה אים אַוועקטראָגן אַ קילאָ טאַבאַק (וואָס איז געווען אין דער צייט פון דער מלחמה אַ יקר־המציאות). דאָס איז געווען דער פּרייז ער זאָל אונדז נישט איינמעלדן אַלס איינוווינער פון דאָרף. אָפיציעל האָבן מיר נישט עקזיסטירט. זיין השפּעה אויף דער באַפעלקערונג פון זיין דאָרף איז געווען, ווייזט אויס, גענוג גרויס, אַז קיינער האָט נישט געוואָגט אונדז אויסצוגעבן.

פון מאָל צו מאָל האָבן די דייטשן דורכגעפירט „אַקציעס״ אין זלאָטשעוו און אין דער סביבה, ביז די גאַנצע געגנט איז געבליבן „יודנריין״ אַ חוץ געציילטע, וואָס סע איז זיי געלונגען זיך אויסבאַהאַלטן ביי גויים.

נאָכן ליקווידירן דאָס זלאָטשעווער געטאָ, איז צו אונדז געקומען דער וויט פונעם דאָרף און אונדז געזאָגט קלאָר, אַז מיר מוזן פאַרלאָזן דאָס דאָרף, ווייל פאַר אויסבאַהאַלטן יידן דראָט טויט־שטראָף.

מיר זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר זייער אַ שווערער דילעמע: בלייבן אין דאָרף האָבן מיר נישט געקענט, און פאַרלאָזן עס האָט געהייסן אַריינפאַלן אין די הענט פון די דייטשן.

דער פּויער ביי וועמען מיר האָבן געוווינט די גאַנצע צייט איז געווען שוין אַן עלטערער מענטש. אויסער דער פרוי איז מיט אים געווען אַ טאָכטער וואָס דער מאַן האָט זי פאַרלאָזט. זי איז געווען קינדערלאָז. זי האָט זייער ליב געהאַט מיין לאה׳קעלען, אויף אַזוי ווייט, אַז בעת די אָבלאַוועס וואָס די דייטשן האָבן פון מאָל צו מאָל געמאַכט אין דאָרף, פלעג זי נעמען ס׳קינד און אַוועקגיין דערמיט אין אַן אַנדער דאָרף.

ווי איך האָב שוין דערציילט, איז מיט אונדז געווען גרשון. ער איז געווען זייער אַ שיינער בחור און האָט געקענט זייער שיין טאַנצן. איינמאָל האָט דאָס

דאָרף אָרגאַניזירט אַ באַל און אויך אים איינגעלאָדן. אויפן באַל האָט ער דערציילט דער שנור פון אונדזער באַלעבאָס וועגן דער שווערער לאַגע אין וועלכער מיר געפינען זיך און ביי איר געבעטן אַן עצה. זי האָט מסכים געווען אים און מיין מאַן אויסצובאַהאַלטן ביי זיך. זי האָט אויך משפיע געווען אויף איר מאַן, אונדזער באַלעבאָס זון, ער זאָל פּרוּוון איבערצייגן זיין פאָטער ער זאָל אונדז, ד.ה. מיך און מיין קינד אויסבאַהאַלטן ביי זיך. זיי האָבן אויפגעבויט אין הויף אַ בונקער פאַר מיר און מיין קינד, און מיר האָבן אַהין אויך אַריינגעגנבעט מיין פאָטער. מיין ברודער אברהם האָט זיך געהאַט באַהאַלטן אויף אַן אַנדער פּלאַץ, און נאָך צוויי טעג איז ער געקומען צו אונדז, ווייל ער האָט דאָרט נישט געקענט בלייבן. ער האָט געבעטן מיר זאָלן אים אַריינגעמען אין בונקער. דאָ אָבער האָט זיך דער גוי אַוועקגעשטעלט און געזאָגט ניין. נישט זעענדיק קיין אויסוועג האָב איך זיך געווענדעט צום גוי און אים געזאָגט: הער זיך איין, אויב דו וועסט נישט אַריינלאָזן מיין ברודער, דראָט ער אונדז אַלעמען אויסצוגעבן, און זיי וויסן, אַז פאַר אויסבאַהאַלטן יידן וועלן די דייטשן אויך דיך און דיין גאַנצע משפּחה אומברענגען. דער גוי האָט זיך דערשראָקן און בלית ברירה מסכים געווען אַז מיין ברודער זאָל זיין מיט אונדז אין בונקער.

זייענדיק אין בונקער האָט דער גוי פון אונדז אויסגעצאַפּט די לעצטע פּרוטה וואָס מיר האָבן געהאַט. ווען עס האָט זיך אונדז געענדיקט דאָס געלט האָט ער אונדז געוואָלט משלח זיין. דאָ איז אונטערגעקומען די טאָכטער. נישט זעענדיק קיין שום אויסוועג האָב איך געזאָגט דער טאָכטער, אַז איך וועל איר אַוועקגעבן דאָס קינד, ווייל סיידוי זענען די אומשטענדן אַזעלכע אַז עס זענען כמעט נישט פאַראַן קיין שום אויסזיכטן מיר זאָלן בלייבן לעבן. זי האָט אָנגענומען מיין פאָרשלאַג, ווייל זי איז געווען זיכער, אַז מיר וועלן נישט איבערלעבן.

20 חדשים זענען מיר, ד.ה. איך מיטן קינד, מיין טאַטע און אברהם, געווען אין איין בונקער, און שלום מיט גרשונען אין אַן אַנדער בונקער. איינמאָל האָט מיין מאַן געוואַגט ביינאַכט זיך צושלייכן צו אונדזער בונקער, און אַ גוי פון דאָרף האָט אים דערקענט. ער איז געווען אין אַ גרויסער געפאַר, און נאָר אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון אונדזער באַלעבאָס טאָכטער „לאה׳קאַלעס מאַמע״, האָט ער אים נישט אויסגעגעבן. איך האָב באַשווירן שלום׳ען ער זאָל מער נישט וואַגן צו קומען. אַזוי זענען מיר במשך פון די גאַנצע 20 חדשים געווען צעטיילט.

אַ לענגערע צייט פאַרן אַריינגיין אין בונקער, זעענדיק, אַז די לאַגע ווערט מיט יעדן טאָג שווערער און געפערלעכער, בין איך צוזאַמען מיט מיין ברודער געגאַנגען אין די אַרומיקע דערפער און אויפגעקויפט מאַסן מיט פּראָדוקטן,

ווי תבואה, הירזש, פּראָסע, באַבעלעך א.אַ.וו. מיר האָבן, שוין זייענדיק אין בונקער, די פּראָדוקטן אַוועקגעגעבן אונדזערע באַלעבאַטים, און זיי האָבן אונדז עפּעס צוריקגעבן, אָפּגעבאַקן און אָפּגעקאָכט, נאָר צו דערהאלטן די נשמה. אויך דאָס עסן וואָס זיי האָבן אונדז געגעבן פון אונדזערע פּראָדוקטן, איז געווען אַ דאַנק דעם קינד, וואָס די יונגע גויע האָט געהאָפט, אַז עס וועט זיין אירס.

דער טאַטע, שוין אַן עלטערער מענטש, פלעג פאַסטן יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק, און זאָגן תהילים, כדי איינצושפּאָרן אַביסל ברויט און אַ לעפל געקעכטס. ער איז אַזוי אָפּגעשוואַכט געוואָרן און געפאַלן פון די כוחות, אַז 10 טעג פאַר דער באַפרייונג איז ער אויסגעגאַנגען פון הונגער. מיין ברודער און דער גוי האָבן באַנאַכט אין אַ פאַרבאָרגן ווינקל פון הויף אים מקבר געווען.

יולי 1944 האָבן די רוסן פאַרנומען זלאָטשעוו. די גויע איז אונדז געקומען אָנזאָגן די בשורה, אַז די רוסן זענען שוין דאָ און מיר קענען שוין אַרויסגיין פון בונקער. מיר האָבן נישט געוואָלט גלויבן, מיינענדיק, אַז זי וויל אונדז אַרויסנאַרן. דאַן איז געקומען איר פאָטער, האָט אויפגעעפנט דאָס טירל פונעם בונקער און אונדז געזאָגט, אַז מיר זענען פריי. מיר האָבן נאָך אַלץ מורא געהאַט אַרויסצוגיין. ער האָט צו אונדז געשיקט אַ קאַפּיטאַן פון דער רויטער אַרמיי, אַ ייד, וואָס האָט מיט אונדז גערעדט יידיש. ער האָט אונדז געזאָגט, אַז מיר דאַרפן מער נישט קיין מורא האָבן, די רויטע אַרמיי האָט שוין פאַרנומען די גאַנצע זאָנע און מיר זענען אויף אַן אמת באַפרייט. ערשט דאַן האָבן מיר פאַרלאָזן דעם בונקער, ווו מיר זענען געזעסן גאַנצע 20 חדשים.

דער קאַפּיטאַן האָט אונדז געזאָגט, היות די געגנט איז אַ קאַמפס־זאָנע, און אַזוי ווי ער בלייבט דאָ ביז ביינאַכט, וועט ער אונדז מיטנעמען קיין בראָד אויב עס וועט נויטיק זיין. במשך פונעם טאָג האָבן די רוסן ווייטער אַוואַנסירט און אין אונדזער געגנט איז געוואָרן שטיל. מיר האָבן באַשלאָסן דערווייל בלייבן אין דאָרף.

אין משך פון דער גאַנצער צייט האָב איך כסדר פאַרזיכערט דעם גוי, אַז מיר וועלן באַצאָלן מיט דאָלאַרן פאַרן אויפהאַלט. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך האָב ברידער אין אַמעריקע, און זיי וועלן אונדז גלייך נאָכן סוף פון דער מלחמה שיקן געלט. איך האָב אים אַפילו אונטערגעשריבן אַ פּאַפּיר, ווו איך האָב זיך פאַרפליכטעט אים צו באַצאָלן 1000 דאָלאַר.

נאָך דער באַפרייונג זענען מיר נאָך געבליבן אין דאָזיקן דאָרף 9 חדשים. דער גוי האָט אונדז שטאַרק געבעטן צו בלייבן. ער האָט געטענה'ט: „איך האָב אייך געראַטעוועט, אַצינד דאַרפט איר בלייבן מיט אונדז". מיר האָבן אָנגעהויבן האַנדלען מיט דער אַרטיקער באַפעלקערונג און אים גוט פאַרגיטיקט פאַרן אויפהאַלט.

פונעם דאָרף זענען מיר אַוועק קיין זלאָטשעוו און פון זלאָטשעוו קיין גלייוויץ (אויבער שלעזיע). אין גלייוויץ זענען מיר געווען ביז 1949, ווען מיט דער הילף פון אונדזער משפחה אין אַרגענטינע האָבן מיר באַקומען אויסוואַנדערונגס־פּאַפּירן פון פּוילן. נאָך אַ פּאָר חדשים זיין אין פּאַריז זענען מיר אין מיטן 1949 געקומען קיין ישראל. נאָר גרשון ז״ל איז געבליבן אין פּאַריז, ווו ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פון אַ בעלזער משפחה, און דאָרט אויפגעבויט אַ פאַמיליע. מיט דריי יאָר צוריק איז ער געשטאָרבן נאָך אַ לאַנגער קראַנקהייט. ערע זיין אָנדענק.

**אהובה שמאי (גרוספלד)**

**פתח־תקוה**

## חמש שנים נאבקתי עם הנאצים

זמן קצר לפני פרוץ המלחמה באנו לגור בבלז, משום שאמי היתה ילידת בלז, בתו של יהודה אייזן. בהתחלת המלחמה ברחו כמעט כל היהודים מבלז. שתי משפחות בלבד נשארו בעיירה: אנחנו ומשפחת צאן וכמה יהודים זקנים.

לראשונה באו הרוסים. אז חזרו לעיר חלק ניכר של היהודים שעזבוה לפני כן. משהרוסים נטשו את בלז הצטרפו אליהם יהודים רבים. אחר פינוי הרוסים נכנסו לעיירה הגרמנים. אבי היה מן הראשונים שהגרמנים עצרוהו, היכוהו מכות רצח, וכשחזר הביתה פצוע ושותת דם, כמעט שלא היכרנוהו.

כבר בימים הראשונים לשלטון הגרמנים בבלז אסרו את האינטליגנציה הפולנית של העיירה, הגלו אותם ועקבותיהם נעלמו. באותו זמן אספו הגרמנים והאוקראינים את היהודים הזקנים שנשארו בבלז, גזזו את זקניהם בסכינים קהות, וכך הובילו אותם בחוצות העיר. אך לא הסתפקו בכך, גם עינום והיכו אותם מכות נמרצות, וציוו עליהם לנקות את המחראות בידיים ממש. ביניהם היו גם ד״ר ליאון טאובה (עו״ד) וד״ר באדר (אף הוא עו״ד), שהיה מומר.

אחר מעשה זה התחילו לבוז את הבתים היהודיים ולשרוף אותם. גם את בית־הכנסת הגדול והמפואר הציתו. זוכרתני, שגוי אחד בא לבית־הכנסת, כנראה לבוז בו או לחלל ספרי־תורה, אך משעבר את מפתן בית־הכנסת נסתמא. לימים אני עצמי דיברתי עם אותו גוי והוא אישר את הדבר. ואכן הוא נתעוור לכל ימי חייו.

גרנו סמוך לנהר ולעתים קרובות ראינו יהודים גולים שהגרמנים גרשום מערים ומעיירות שונות, בעיקר מהרובישוב וחלם, לודז׳ ולובלין. בוקר אחד נפוצה שמועה מפי הגויים שמגלים קומוניסטים. כעבור רגעים מעטים ראיתי מיהם

„הקומוניסטים" האלה: יהודים מוכים ורצוצים, רבים מהם אף מזוקנים. הגויים עמדו, הסתכלו בהם, ונראה היה בפניהם שהם נהנים מן המחזה. את היהודים האלה, סחופים ודוויים, מכוסי בוץ מכף רגלם ועד ראשם הוליכו אל הנהר, שנקבע כגבול בין האיזור הגרמני והרוסי.

היה כבר חורף, והמים היו קרים וגושי קרח צפו עליהם. הגרמנים דחפו את היהודים אל תוך המים. היהודים זעקו „שמע ישראל!", ואילו הרוסים שבגדה ממול, בראותם מחנה יהודים הנדחף אל הנהר בגערות, פתחו עליהם באש רובים. כך נקלעו היהודים הנרדפים בין הפטיש והסדן.

יהודי אחד הצליח לברוח וכל עוד נפשו בו הגיע לביתנו רטוב ורועד מקור. שכן שלנו נתן לו מקלט, העלה אותו על התנור החם, שם התאושש ויבשו בגדיו.

לאחר מכן נתברר שאחרי משא־ומתן בין הרוסים והגרמנים, הסכימו האחרונים לקבל בחזרה את היהודים שנשארו בחיים. הגרמנים איכסנו אותם בבתים יהודיים. גם בביתנו אוכסנו כעשרה יהודים נמלטים. כולם היו פצועים וחולים. רובם נפחו נשמתם כעבור זמן מה. מר מנדלבוים מפתח־תקוה הוא אחד היהודים שהתגורר אז בביתנו.

אותו חורף ראשון של המלחמה היה ארוך וקשה. לא היה מה לאכול ובבית שררה צינה עזה כזאת שצריך היה לגרד את הכפור מן הקירות. מדי פעם היתה אמא הולכת אל העיר לקושש מעט עצים, שרידים מבתי היהודים ההרוסים. אבא הוסיף לשכב במיטה, ולגימת מים חמים היתה עבורו בחזקת תרופה.

יום אחד לקחו הגרמנים את היהודים לעבודה. נכנסו לביתנו וציוו לאבא לקום וללכת לעבודה. אולם אבא היה כה תשוש שנבצר ממנו לרדת מן המיטה. הגרמנים שלפו את אקדחיהם ואיימו להרוג אותו. אמא התחננה לפניהם שירפו ממנו, אך הם הדפו אותה בכוח והיא נפלה. אני נתקפתי בהיסטריה ופרצתי בצחוק פרוע. הגרמנים השליכו אותי החוצה. למזלנו הופיע באותו רגע גרמני שבא מאי־שם וציווה על החיילים לא לפגוע באבא. בפעם הזאת היו לו חייו לפליטה.

לעתים קרובות מאד היו הגרמנים עורכים אצלנו חיפושים. הם חיפשו זהב, כסף וחפצי ערך. גרנו אז בדרך בואכה לכפר ויטקוב. לא נוח היה לגרמנים ללכת בדרך הזאת לבדם, והאוקראינים שימשו להם מורי־דרך. הילכך ציוו עלינו לעבור לעיר, שם התגוררו שאר היהודים.

בינתיים שפר מצב בריאותו של אבי והוא התחיל לעבוד כמנהל חשבונות אצל גלזרמן ודלושנוב. בשל עבודתו צריך היה להעדר מן הבית. אמא, אחי ואני נשארנו לבדנו וזמן מה הפסיקו הגרמנים להציק לנו.

כעבור זמן נלקחתי לעבודה במשטרה. במשטרה זו היו 3—2 גרמנים, שני אוקראינים ומספר „פאָלקס־דויטשע" (גרמנים עממיים, כלומר, גרמנים שנולדו והיו במשך דורות מחוץ לגרמניה). משטרה זו לא טיפלה ביהודים בתור יהודים, אלא בעבריינים פליליים, כלומר, במפרי חוק. איכר שמכר תבואה ללא רשיון

